# אינהאלט



זײַט



## ליטעראטור און קונסט





# סאָוועטיש היימלאַנד

צווייכאָדאָשימדיקער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון ססר

פערטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

6

נאָיאַבער • דעקאַבער

1964

יעכיעל פאַליקמאַן

# די מישפּאָכע גיטעלים

I

פולווער אונטער שמאַטעס.
פאַר וועמען שפּילט ליאַליע גיטעלים?

1



לייזער קרעמעז האָט שוין עטלעכע כאָדאָשים געאַרבעט אין דער געהיימער דרוקערײַ אַפן פאַרוואָרפענעם קאָדנוווער מאַרמאָר־סקלאַד, אין סאָד לעבן דעם מאַרשאַלעק־בערגל. אַראָפּגעלאָזט האָט ער זיך אין קעלער אָנהייב זומער, ווען דאָס כאַרעווע הויז האָט אײַנגאַנצן זיך באַהאַלטן אין דער געדיכטעניש פון הויכע קאַשטאַן־ביימער, און איצט איז שוין געווען סענטיאַבער — פון דער צעטראַסקעטער שטעכיקער שאָלעכץ האָבן זיך אַרויסגעקײַקלט אין גראָז און אַף די ערשטע צוגעזשאַווערטע בלעטער אַף דער ערד גלאַנציקע ברוינע קאַשטאַנעס...

די פענצטער פון קעלער זײַנען געווען פאַרמאַכט, מע האָט געאַרבעט בא דער שײַן פון א קאַנעצל, און בלויז טיף אין דער נאַכט פלעגט מען זיך דערלויבן אַרויסגיין אין סאָד, די אויגן זאָלן אָפּרוען. אָט די גאַנצע צײַט האָט לייזער געזען בלויז פאַרשריבענע זײַטלעך פּאַפּיר, זאַץ־קאַסעס, דאָס פּרימיטיווע דרוק־מאַשינדל, געזען דעם בלאַסן אײַנגעהויקערטן כאַווער זײַנעם, וועלכער האָט שטיל געהוסט, מע זאָל כאָס־ווע־כאָלילע אויבן ניט דערהערן. וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, האָבן לייזער און זײַן כאַווער געוווּסט בלויז פון די פלוגבלעטלעך און פון דער קליינינקער צײַטונג, וועלכע זיי האָבן דאָ געדרוקט אַף פּאַפּיראָס־פּאַפּיר און אין צונויפגעפּרעסטע פּעקלעך איבערגעגעבן דער פאַרבינדלערן.

לייזער האָט זיך שטאַרק באַאומרויִקט פאַר די עלטערן. די עטלעכע קאָרעספּאָנדענצן וועגן דער לאַגע אין געטאָ, וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט, האָבן געמאָלט גאָר א פינצטער בילד: הינטער דער ציגלנער וואַנט קומען פאָר גרויליקע סצענעס, כוץ אַלעמען הונגערט מען דאָרט.

בייס א באַגעגעניש מיט טשעסלאַוו, דעם אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן, האָט לייזער געבעטן, מע זאָל אים דערלויבן באַזוכן די עלטערן. טשעסלאַוו איז אײַנגעגאַנגען און געזאָגט דערבײַ, אַז עס וואָלט זײַן געוווּנטשן, לייזער זאָל זיך פאַרהאַלטן אין געטאָ אַף עטלעכע טעג, טרעפן זיך דאָרט מיט יערוכעמען און זײַנע נאָענטע כאַווירים. יולעק בערול גיט איבער, אַז אין דער אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט דאָרט געשאַפן, זײַנען פאַראַן מיינונגס־פאַרשיידנהײַטן וועגן דעם אויפן פון פירן דעם קאַמף און וועגן זײַנע צילן; איז נייטיק, אַז אויך ער, לייזער, זאָל אונטערהאַלטן יולעקן.

באַקומען אַזא אויפגאַבע, איז לייזער אַוועק צו א באַקאַנטן פויער, יוזעף קאַטשור, וועלכער האָט געוווינט הינטער קאָדנוווּ, און גענומען מיט אים איינינעם באַקלערן, וואָס און וויאַזוי אַרײַנברענגען אין געטאָ פאַר די עלטערן. קאַטשור האָט דערציילט, אַז א קילאָמעטער דרײַ פון זײַן נאָכלע, אַף דעם אַזויגערופענעם פּיעסטשאַן פאַרגרייט א גרופּע יידן האָלץ פאַר דער געטאָ — מע קאַרטשעוועט די אַלטע פּניאַקעס. צוויי מאָל אין וואָך נעמען די דײַטשן וועגענער בא די היגע פויערים אַף אָפּפירן דאָס אָנגעהאַקטע האָלץ. בא קאַטשורן אַליין האָט מען שוין איין מאָל אויך גענומען דעם וואָגן.

צוזאַמען מיטן האָלץ שמוגלען די יידן עפּעס־וואָס אַרײַן אין געטאָ. יוזעף האָט געייצעט אויסדלובען אין א בערווענע א לאָך, אַרײַנשטופּן אַהין א ביסל האַרטן צוקער, פּוטער, זאַלץ, קנאָבל, דערנאָך פאַרהאַקן דעם לאָך. די קאָנוואָירן דערלויבן יעדן פון די האָלץ־פאַרגרייטער, אַפילע דאַן, ווען מע פירט ניט קיין פּניאַקעס, מיטנעמען א בערווענע, א קלעצל פאַרן אייגענעם געברויך. לייזער וועט מיט זײַן קלאָץ זיך אַרײַנדרייען אין דער גרופּע האָלצהעקער. קעדיי ניט

זײַן קיין איבעריקער, וועט ער זיך דערליידן מיט עמעצן פון די אַרויסגעפירטע, יענער זאָל אָפּטלעכע טעג פאַרבלײַבן בא קאַטשורן — א באַלן אָף אָפּרוען א ביסל וועט זיך אוודע געפינען.

לייזער האָט אַזוי טאַקע געטאָן. פון אָנהייב איז אַלץ צוגעגאַנגען גוט. נאָר ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, פאַלט אומגעריכט דורך אפילע דער בעסטער פּלאַן. די האַלצהעקער, א מענטשן עטלעכע און זיבעציק, האָט מען דאָס מאָל אַוועקגעפירט אין שטאָט א ביסל פריִער, ווי געוויינלעך. זייער גיך האָט מען זיך אָבער אַרומגעקוקט, אַז מע פירט ניט אין געטאָ. מע איז גאָר אַרויסגעקומען צו דער פּראַכט־סטאַנציע. מע פירט ניט אַהיים, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, מע פירט אין אַרבעטס־לאַגער, וווּ מע בויט א באַן־ליניע...

2

לייזער האָט שוין געהאַט די דערפאַרונג פונעם לאַגער פאַר קריגסגעפאַנגענע, וווּ ער איז אָפּגעוועזן העכער א יאָר און ערשט הײַנטיקן פרילינג זיך קוים אַרויסגעריסן פון דאָרט. דער דאָזיקער לאַגער, וווּהין ער איז איצט אַרײַנגעפאַלן, איז געווען ניט קיין ערגערער פון אַנדערע — צו שלעכטס, האָט ער געוווּסט, איז קיין שיר ניטאָ, און יעדער צאָרע איז א צאָרע פאַר זיך, — די דײַטשן האָבן זיך דאָ אופגעפירט פּרעכער, עס האָט זיי שוין פאַרשיקערט דער טשאַד פון דעם דערפאָלגרײַכן מאַרש אָף מיזרעך... אַלנפאַלס, פאַר די דאָזיקע, וואָס מע האָט געבראַכט אַהער, האָבן די פאַשיסטן שוין אפילע ניט געפּרוווט אויסבאַהאַלטן, ווי ווייניק זייער לעבן באַטרעפט.

דער לאַגער האָט זיך געפונען אָף דער טעריטאָריע פון א געוועזענער מילך־פערמע. אין די פּי־שטאַלן, וואָס מע האָט א נאָמען געגעבן ווין־בלאָקן, פלעגט מען נאָכן טאָג אַרבעט פאַרשפאַרן די מענטשן. דער פּלאַץ אַרום ברונעם מיט די קאָרעטעס, אין וועלכע מע פלעגט פּוען דאָס פּי, איז געוואָרן דער אַפּעל־פּלאַץ. צוויי רייען שטעכדראָט: איינע פון יענער זײַט ברעטלדיקן פלויט און איינע פון אינווייניק, אָפּגיך צונויפגעקלאַפּטע פון האָרבילעס מעגושעמדיקע וואַכטורעמס בא די ווינקלען — און דאָס גאָר...

פון די ערשטע צוויי הונדערט פּופציק מאַנצבלען, וואָס מע האָט אַהער פאַרטריבן מיט דרײַ כאָדאָשים צוריק, איז שוין ווינציק־ווער לעבן געבליבן. די נײַע, וועלכע מע האָט פון צײַט צו צײַט אַהער געבראַכט, זײַנען אויך גאַנץ שנעל ענלעך געוואָרן אָף די „טוישווים"... וועגן דעם האָט שוין געזאָרגט דער שעף פון לאַגער רומבאַך — א דײַטש אַריבער די פופציקער, מיט א ווײַבעריש־פּול, ניט באַוועגלעך געזיכט און אומנאַטירלעך־קורצע פינגער, ווי סאָסיסקעס; די לאַגערשוצער זײַנען ניט אָפּגעשטאַנען פונעם שעף. אַלע האָבן זיי געהאַט א סאַדיסטישן פאַרגעניגן פון דעם, וואָס די אַרעסטירטע ווערן דאָ דערפירט ביזן לעצטן גראַד אויסגעשעפּטקײַט, און טאַקע אין דעם געזען די באַשטעטיקונג פון זייער ווערט.

אָפּן סאַמע אויסטערלישן אויפן שטאַרבן דאָ מענטשן. איינער טראָגט א שטיין, טוט א פאַל אָף אים — און ס׳איז דער סאָף. א צווייטער גייט אָן מאַסע, ער האָט זי ערשט אַוועקגעלייגט און דאַרף נעמען א נײַע, פּלוצעם בלײַבט ער שטיין, טוט זיך א וואַקל, פאַלט און שטייט מער ניט אוף. א דריטער וויל זיך אָנטרינקען פון א קאַליוזשע, ער פאַלט צו צום וואַסער און האָט קיין קויעך ניט זיך אופהייבן — ווערט ער דערטרונקען. מע שטאַרבט בייסן אַפּעל, ווען עס קומט אויס שטיין אויסגעצויגן, אפילע ווען דער גומי־שטעקן פײַפט איבערן קאָפּ, און מע מוז ווידער און ווידער אויסרופן דעם אייגענעם פאַרהאַסטן נומער, אויסהערן די ווילדע זידלערײַען...

א מענטש טוט, ווי א בלינדער, א שפּאַן פון דער ריי און פאַלט אָף דער ערד א באַפרײַטער פון אַלע פּײַנען. און וויפל קומען אום, ווײַל דרעזינעס שנײַדן זיי איבער, ווײַל עס דערהאַרגענען זיי ברוכשטיקער, וואָס פליִען פונעם באַרג, וועלכן מע האַקט דאָ דורך פאַר דער באַן, — בייס אָן אופרײַס וואָרנט מען ניט די לאַגערניקעס. און וויפל האָט מען פּאַשעט צעשאָסן, ווײַל זיי האָבן מער קיין קויעך ניט געהאַט צו אַרבעטן?

ס׳איז געווען נאַס און קאַלט. א מאָדנער סענטיאַבער האָט זיך אויסגעגעבן. רעגנס און רעגנס, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פּײַן פון די פאַרשפּאַרטע אין לאַגער. די פאַרזשאַווערטע רעלסן, די בלוילעכע פעטס־פלעקן אָף דער ערד, די ווילדע בליקן פון די לאַגערשוצער, זייערע טעמפּע, זאַטע צורעס, די בלאַסע, שרעקלעך אויסגעדאַרטע פּענעמער פון די אַרעסטירטע — דאָס אַלץ איז אויסגעמישט געוואָרן אין איין קנויל און פאַרטונקלט דעם באַוווּסטזײַן. ס׳קאָן זיך אַמאָל אפילע דוכטן, אַז ביסט אַליין שוין ניט מער ווי א שטיק נאַסע ערד, א שווערע שפּאַלע צי א שאָטן פון א באַשעפעניש, וואָס האָט אַמאָל געלעבט און שלעפּט זיך איצט אַרום ווי אָפּן אוילעם־האַטויהו... לייזער האָט געזען, אַז מענטשן פאַלן דאָ נידעריק, ווערן שאָפּל, געזען אָבער אויך, ווי א סאַך פון זיי ווערן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דעם גרויסן אומגליק און מיט דעם שוידערלעכן אומרעכט פאַרהאַרטעוועט.

די פיצינקע ברויט־פּײַקע, וואָס מע פלעגט ארויסגעבן אינדערפרי, איז געווען דער מיני־מום, וואָס האָט ניט געלאָזט שטארבן פון הונגער. איינמאָל איז געשען אזוינס: אן עלטערער מאַן, דול פון הונגער, האָט אויסגעריסן די פּײַקע בא א ייִנגל און אײַנגעשלונגען זי, איידער מע האָט אים באוויזן אָפּשטעלן. דאָס ייִנגל האָט פארצווייפלט גענומען יאָמערן, געזעגנט זיך מיטן לעבן, מיט טאטע־מאמע, וואָס זײַנען געבליבן אין געטאָ. דאַן האָט איינער פון די לאגער־ארבעטער, ניסן כײַטין, א נידעריקער, א געזעצטער, א ברייטפּלייציקער, איצט, עמעס, הויט און ביין, מיט פיבערדיקע אויגן, אָפּגעבראָכן פון זײַן פּײַקע א שטיקעלע, די גרייס ווי א נאָגל, און שווײַגנדיק עס אוועקגעלייגט אויף דער נארע, לעבן דעם ייִנגל. נאָך עמעצער האָט צוגעטראָגן א ברעקל, לייזער איז געווען דער דריטער. קימאט אלע, וואָס האָבן די פּײַקע נאָך ניט אופגעגעסן מיטן זופּ, האָבן אָפּגעגעבן צו א שטיקעלע, ניט גרעסערס פון אזא, וואָס א שפּערל קאָן אוועקטראָגן אין שנאָבל, און עס האָט זיך באקומען א פּײַקע...

3

ווי נאָר לייזער איז ארײַנגעפאלן אין לאגער, האָט ער גלײַך גענומען באקלערן, וויאַזוי פון דאָרט אנטלויפן. ער האָט זיך אָבער גאנץ שנעל איבערצײַגט, אז ס'איז ניט קיין פּאָשעטע זאַך. א מענטש א דערפארענער, האָט ער ניט אָנגערופן זײַן עמעסן נאָמען, בייס מע האָט איבערגע־שריבן יעדן און ארויסגעגעבן א לאגער־נומער. דאָס מאָל האָט ער געהייסן עליע גאָרבאטאָק. באם אנטלויפן איז דאָס געווען א מײַלע. אָבער ווי וועט זײַן, אז טשעסלאוו וועט אים נעמען זוכן? און זוכן וועט ער דאָך קרעמעזן? געבן צו וויסן די עלטערן, אז ער איז אהער ארײַנגעפאלן, האָט לייזער זיך ניט געײַלט — ניט געוואָלט זיי מעצאער זײַן. כאָטש צוליב טשעסלאוון וואָלט מען דארפן אָנשרײַבן די עלטערן. ער, הייסט עס, עליע גאָרבאטאָק, פרעגט זיך קלוימערשט נאָך בא די שכיינים, די קרעמעזס, פארוואָס די אייגענע שרײַבן אים ניט. דער טאטע וועט דערקענען דעם קסאַוו און צו וויסן געבן יולעקן, דורך יולעקן וועט שוין די יעדיִע אוועק אויף יענער זײַט פון דער געטאָ־וואנט. דערווײַל אָבער האָט לייזער נאָך אלץ ניט באשלאָסן שרײַבן אזא בריוול צי ניט.

אנטרינען פון לאגער איז אייגנטלעך געווען גאָר ניט אזוי שווער, איבערהויפּט בייס דער ארבעט. מע האָט זיך אָבער געמוזט רעכענען דערמיט, וואָס די דײַטשן האָבן דאָ אײַנגעשטעלט די זייער פארשפּרייטע בא זיי אָרוועס־סיסטעם — פאר איין אנטלאָפענעם פלעגן דעם זעלבן טאָג, בייסן אפעל, צעשאָסן ווערן צען אנדערע. לייזער האָט שוין איבערגעלעבט אזוינס: דעם לאגער־שעפס רומבאכס נאהײַקע, מיט וועלכער יענער האָט, גייענדיק פּאמעלעך לענגויס דער ריי, אָנגע־מערקט אזא צענדליק, האָט זיך א רעגע פארהאלטן הארט קעגן זײַן ברוסט, נאָר באם שאָכן, ווען דער פאשיסט האָט שוין געמיטן, האָט זיך ארויסגעריסן א שטילער קרעכץ: „אוי, גאָטעניו!״ — און די נאהײַקע האָט זיך אומגעקערט...

איינס איז לייזערן קלאָר געווען — ווי די זאך זאָל ניט זײַן, דארף מען זיך נעמען עפּעס טאָן: שאפן א קאמף־גרופּע אָדער אײַנשליסן זיך אין אזא גרופּע, אויב עס וועט זיך ארויסווײַזן, אז זי עקזיסטירט שוין. ווי צו זוכן כאַווירים, האָט מען אים ניט געדארפט לערנען. אין א פּאָר טעג ארום (באלד נאָכן צופאל מיט דעם ייִנגלס פּײַקע ברויט) האָט ער זיך שוין נעענטער צונויפ־געכאוועט מיט ניסן כײַטינען. יענער איז, עמעס, געווען ניט פון די באריידעוודיקע, נאָר מיילע, אבי אן אָרנטלעכער מענטש, א שליסל צו זײַן הארץ וועט ער שוין געפינען. נאָך א זאך האָט לייזער באמערקט: כײַטין קען קימאט קיין פּויליש ניט. זײַן ייִדיש איז אויך געווען ניט אזא, ווי מע רעדט הי. לייזער האָט אים דאָס געגעבן אָנצוהערן. ניסן האָט געענטפערט, אז ער איז פון בעסאראביע. געקומען אהער צוגאסט ביז דער מילכאָמע און שוין געבליבן דאָ שטעקן. נאָר צו לייזערן איז דערגאנגען עפּעס אנדערש: א סוואָרע, אז דאָס איז א סאָוועטישער פּליִער...

לייזער האָט געוווּסט — אָפּנהארציקײַט איז די פּרײַז פון צוטרוי. אָט פארוואָס לייזער האָט דערציילט כײַטינען, אז ער איז ערשט מיט א האלב יאָר צוריק געלאָפן פון א לאגער פאר קריגסגעפאנגענע, דערציילט וועגן דער „געזונטער קאָמאנדע״, וואָס האָט אויסגעארבעט פאר די אָפּגעשוואכטע די נאָרמע באם האקן שטיינער, וועגן די פינגערלעך און בראסלעטן פון פער־דישע האָר, וואָס מע פלעגט פארקויפן אויסערן לאגער און קויפן מעדיקאמענטן פארן אָפּגעלייזטן געלט, דערציילט וועגן דעם, ווי מע האָט געקריגן געווער און אנטלאָפן.

— דאָ גילט עס ניט, — האָט כײַטין געענטפערט, — אונדזער לאגער איז מיטן נאָפּל צוגעבונדן צו דער געטאָ: מאכט דאָ ווער א טאראראם, וועלן דאָרטן פליִען קעפּ.

לייזער האָט שוין געהערט אזעלכע רייד. נאָר כײַטין זאָל אויך אזוי האלטן? ס'הייסט, אויב זאָגן דעם עמעס, האָט דאָך לייזער זיך אויך געמוזט דערמיט רעכענען. איין מעגלעכקײַט איז אָבער

פאַרט געבליבן, און ער האָט געוואַרט, עפּשער וועט כײַטין אַליין זיך אָנשטויסן. דערפאַר האָט ער פאַרענדיקט דעם שמועס מיט אַ פראַגע:

— וואָס זשע וואָלט איר געוואָלט? אַן אויסוועג מוז דאָך זײַן.

כײַטין האָט, זעט אויס, געדאַרפט אַ טראַכט טאָן. ווען מע האָט אויף מאָרגן זיך ווידער גע־טראָפן הינטערן באַראַק (אויף דער נאָרע האָט מען וועגן אַזעלכע זאַכן ניט געטאָרט ריידן, כוץ דעם זײַנען זיי ניט געשלאָפן בײַשכניס, געאַרבעט האָט מען אויך אין פאַרשיידענע ערטער — ניסן איז גאָר געווען אין אַ קאָמאַנדע טרעגער אויף דער פראַכט־סטאַנציע), האָט כײַטין, קענטיק אַן אויפגערודערטער, געזאָגט:

— ס'איז געפרעגט, וואָס וואָלט איך אייצענען? אײַנציקווײַז אויסריכטן פונדאַנען מענטשן — ניט אין געטאָ, ניין — אָנטאַפּן, ווו מע דאַרף זיי... נאָר אַהין דאַרף מען קומען ניט מיט קיין ליידיקע הענט. פאַרשטייסט?

בײַ לייזערן האָט דעם אָטעם פאַרכאַפּט פאַר פרייד — אַלעמאָל אַזוי, ווען ער טרעפט אַן עמעסן מענטשן. זײַן פּנים האָט אָבער, ווײַזט אויס, אויסגעדריקט ניט בלויז פרייד, נאָר אויך כידעש. „ניט מיט קיין ליידיקע הענט?“

ניסן כײַטין האָט אַ שמייכל געטאָן:

— הונדערט פראַגן, יאָ? נו, נישקאָשע. איינער אַ באָכער, כילעק פּאַרקמאַן, וויל זיך מיט דיר דורכריידן. כ'אַרבעט מיט אים אויף דער סטאַנציע. ער זאָגט, דו דאַרפסט אים קענען... מאָרגן, בײַם פאַנאַנדערטיילן די באַלאַנדע וועט ער צו דיר צוגיין.

„כילעק פּאַרקמאַן?“ לייזער האָט זיך בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ווער דאָס איז. ערשט ווען יענער האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים אויפן קופּקעלע ציגל, האָט ער זיך דערמאָנט: „אַהאַ, פון יורידישן פאַקולטעט, אויף איינעם צי אויף צוויי קורסן עלטער געווען“.

לייזער האָט פון אַ צעבויגענער קאָנסערוון־פּושקע געכליעפּטשעט דעם מוטנעם אָקרעפּ, אין וועלכן עס זײַנען אומגעשווומען שטיקלעך פּוילער בורעק און קײַקעלעך מאַקוכע (קיין לעפל האָט מען ניט געטאָרט באַניצן). פּאַרקמאַן האָט, קאָמיש אַרויסשטעלנדיק די אונטערשטע ליפּ, געזופּט די „גאָלדענע יויך“ פון אַ בלײַענער שיסל מיט אַ לעכעלע אין איר. כאָטש ער האָט מיט אַ פינגער זיך באַמיט פאַרשטעלן דאָס לעכעלע, האָט אַ דין שטרעמעלע דאָך געזײַט זיך אויף די צעריסענע, מיט זשאַווער באַדעקטע הויזן, אויפן אַרבל און אויף דער פאַרבלאָטיקטער פּאָלע פון דער פּאַלטאָ.

— צוליב וואָס איז די מיסטיפיקאַציע? — האָט ער אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו לייזערן, — שוין אַ צײַט, אַז כ'וויל זיך דערמאָנען דײַן עמעסע פאַמיליע, און ערשט נעכטן איז זי מיר אַרויף אויפן זינען... ס'ט געהאַט אַ ברודער אַלטער?

לייזער האָט ניט געדענקט, פּאַרקמאַן זאָל געהערן צו אַ פּראָגרעסיוון סטודענטישן קרײַז. נאָר דאָס האָט גראָד גאָרנישט ניט באַטײַט — אַ קאָמוניסט צי אַ קאָמיוגיסט האָט געדאַרפט זײַן גוט פאַרקאָנספּירירט. פּאַרקמאַן האָט געקענט אַלטערן, דאָס איז וויכטיק. ניסן כײַטינס רעקאָ־מענדאַציע האָט אויך געהאַט אַ היפּשן ווערט. כאָטש עפּשער האָט גאָר ער, פּאַרקמאַן, רעקאָ־מענדירט כײַטינען, אַז יענער זאָל זיך באַקאַנען מיט לייזערן?

— ענדיק עסן, — האָט לייזער אַ ווונק געטאָן אויף דער שיסל, און באַטײַט האָט עס: „נו, מירן שוין ריידן“.

פּאַרקמאַן האָט דערלאַנגט מיטן צונג אַ שטיקל מאַקוכע, צעקײַט זי, פאַרקרימט זיך פון דער ביטערקײַט.

— האָט דען אַ באַדײַט, צי דער אייגענער נאָמען, צי דער אויסגעטראַכטער וועט פאַר־שריבן ווערן אינעם מייסים־צעטל?

לייזער האָט אָפּגעמערקט בײַ זיך: „דער איז פּעסימיסטישער געשטימט, איידער ניסן. און עפּשער איז עס בלויז אַן אָנשטעל?“. ער האָט געענטפערט:

— אַ סקעפּטיקער שטאַרבט נאָך פריִער, איידער מע ברענגט אים אום.

— הם... ביסט טאַקע אַלטערס אַ ברודער: יענער האָט אויך געקאָנט אָפּענטפערן. מיילע, נו, איך בין נאָך דערווײַל בײַ זיך ניט קיין מעס, און בײַ מײַן מאַמען — אוואַדע ניט...

ניט קיין הויכער, מיט אַ גרויסן קאָפּ און שיטערע האָר, וואָס האָבן שוין בײַ די שטערן־ווינקלען אָנגעהויבן אויסקריכן, שטאַרק אַן אויסגעבלייכט געזיכט, שמאָלע פּלייצעס מיט אַן אײַנ־געפאַלענער ברוסט — אַזאַ איז געווען כילעק פּאַרקמאַן. „ווי האַלט ער זיך גאָר אויף די פיס?“ — האָט לייזער אַ טראַכט געטאָן. נאָר באַלד האָט ער אַ קוק געגעבן אין כילעק פּאַרקמאַנס אויגן — טונקל־קאַרע, זײַנען זיי געווען ווי אָנגעגליטע קוילן, צוגעזשמורעטע אַ קאַפּל, ווי קעדיי ניט אַרויסלאָזן דעם פלאַם, וואָס האָט זיך פון זייער טיף געריסן. אָט די אויגן האָבן עפּעס אין אים

גופע, אין לייזערן, אָפּגעוווּיגן. „וואַרט, וואַרט, באַלד וועל איך דיר אונטערוואַרפן נאָך א גע־וויכטל", — האָט געזאָגט פאַרקמאַנס פאַרשערישער שמייכל.

— כ'ווייס, אַז ביסט אין געטאָ ניט אַוועק, געבליבן אין שטאָט. און ווי דו ביסט אומגע־לומפּערט אַהער אַרײַנגעפאַלן, איז מיר אויך באַוווּסט. זאָג דעם עמעס: דײַנע פאַרבינדונגען אין שטאָט זײַנען עפּעס ווערט? נו, פאַרשטייסט דאָך...

— יאָ, איך פאַרשטיי...

— האָסט געפּרוּווט געבן צו וויסן וועגן זיך?

— כ'קלײַב זיך דאָס טאָן.

— איז פאַרליר ניט קיין צײַט... א שאָד, אָן־אַ רופט מען שוין צום אַפּעל. — כילעק האָט אין איין אָטעם אויסגעטרונקען דאָס פאַרבליבענע ביסל זופּ און איז אופגעשטאַנען. פאַרבאַ־האַלטנדיק די שיסל אין בוזעם, האָט ער געזאָגט: — מע דאַרף, זאָלסט אַריבער אין דער גרופּע טרעגער... אומבאַדינגט.

דעם שמועס האָט מען פאַרענדיקט אין אָוונט. ווען מע האָט זיך געגומען פאַנאַנדערגיין איבער די שטאַלן, האָט כילעק פאַרקמאַן אָנגעיאָגט לייזערן אינעם בלענדנדיקן דרײַעק — די שײַן פון צוויי פּראָזשעקטאָרס, צוגעפּעסטיקטע צום שטאַם פון א בוים, איז געווען גערײַכטעט אַף די טירן, — זיך א כאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַר די אויגן און אויסגעשריגן:

— אוי, עפּעס האָט מיר פאַרפּאַראַשעט דאָס אויג... טו נאָר א קוק!

פון די פּראָזשעקטאָרס איז פיל ליכטיקער געווען, ווי פונעם שוואַכן לעמפּל אין שטאַל, דערפאַר האָט ניט געקאָנט אַרויסרופן קיין כשאַד, וואָס לייזער האָט דאָ טאַקע זיך געגומען פאַרען מיט פאַרקמאַנס אויג.

— סטאַרע זיך ניט אַזוי, — האָט פאַרקמאַן שטיל געזאָגט, — ס'איז דאָרט גאָרנישט ניטאָ... כ'האָב געטראַכט, וויִאַזוי דיך אַריבערפּעקלען אין אונדזער טרעגער־קאָמאַנדע, און זע דערווײַל נאָר איין אויסוועג. ס'איז מיר ניט שטאַרק צום האַרצן, נאָר וואָס קאָן מען טאָן. ווענד זיך צו ליאָליע גיטעליסן, ער קאָן ווערן דײַן מײַליץ־יושער פאַר זײַוועלע בענצן... ניט קיין וואַזשנע מענטשל אָט דער גיטעליס. כ'מיין, מע דאַרף זיך פאַר אים אַפּילע היטן, נאָר כײַטין זאָגט, אַז דו פאַרהאַלטסט זיך אַפּילע פרײַנטלעך מיטן פּיאַניסט... טו מיט אים א רעד, אַז די אַרבעט אַף דער פּראַכט־סטאַנציע איז דיר מער צום האַרצן, זאָל ער דיך נעמען מיט זיך. מײַלע, וואָס ער אַרבעט זיך שוין דאָרט אָן, אַף דער סטאַנציע. ס'טרעפט, ער פאַרשמירט אַפּילע די הענט ניט, נאָר דאָס זײַנען מיר אים גראַד מויכל, וואָלט ער כאָטש דעם געוויסן ניט פאַרשמירט... — און העכער: — נו, דאָס אויג טוט שוין ניט ווי, א גוטע נאַכט!

4

לייזער און ליאָליע גיטעליס זײַנען געווען גאָר קנאַפּע גוטפרײַנט. נאָר לייזער האָט ניט דערוויידערט פאַרקמאַנען, ערשטנס, ווײַל בייס יענער האָט גערעדט, איז טײַער געווען יעדער רעגע, און צווייטנס, ווײַל ער האָט געהאַלטן, אַז וואָס מע דאַרף, וועט ער בא גיטעליסן פונדעסט־וועגן פּויעלן אויך בא די באַציִונגען, וואָס האָבן זיך צווישן זיי אײַנגעשטעלט. ער האָט אויך ניט געפרעגט, נאָך וואָס מע דאַרף, ער זאָל אַריבער אין דער טרעגער־קאָמאַנדע, — שוין פּראָסט אויס דיסציפּלינירטקײַט: מע זאָגט ניט, איז, הייסט עס, פרי צו וויסן, די צײַט וועט ווײַזן.

יענעם אָוונט האָבן פיל געשריבן בריוולעך אהיים, ווי מע האָט דאָ גערופן די געטאָ. דער אַרבעטס־לאַגער איז געווען א מין פיליִאַל פון דער געטאָ, געשפּײַזט זיך אַפּן כעזשבן פון דעם, וואָס די דײַטשן האָבן אויסגעטיילט פאַר די פינף אָפּגעצאַמטע גאַסן. איין מאָל אין וואָך פלעגן אַהין אויסגעריכט ווערן נאָך שפּײַז ביידע בלאָק־עלטסטע — זײַוועלע בענץ און נאָך עפּעס א קרימינאַל. מאַכמעס באַניצן זיך מיט דער געווײַנלעכער פּאָטשט איז די יידן געווען פאַרווערט, האָבן די דאָזיקע צוויי פאַר א געוויסן לוין אַוועקגעפירט אויך בריוו און געבראַכט ענטפערס. אַף מאָרגן איז פאַרגעשטאַנען אַזא יאַזדע אין געטאָ. לייזער האָט אַפּילע געבעטן בא ליאָליע גיטע־ליסן א בלעטל פּאַפּיר. יענער האָט געטראָגן א צעפליקט העפטל אין בוזעם־קעשענע. ליאָליע האָט שווײַגנדיק געגעבן דאָס פּאַפּיר, נאָר געווען איז ער פאַרמאַרעשכוירעט. בא אים, דעם שאַכן לויט דער נאַרע, האָט ביכלאַל אַזוי אָפּט זיך געענדערט די שטימונג, אַז מע האָט קיינמאָל ניט געקאָנט וויסן, ווו האַלט מען מיט אים. דעריבער האָט לייזער וועגן דעם איקער מיט אים דערווײַל ניט גערעדט — אין טראַנס קאָן ליאָליע נאָך אָפּזאָגן.

ליאָליע גיטעליסן, דעם באַרימטן פּיאַניסט, האָט לייזער דאָ באַמערקט שוין אינעם ערשטן אָוונט, ווען מע האָט די קאַלאָנע האַלץ־פאַרגרייטער פאַרטריבן אין לאַגער.

א ציגײַנעריש־שוואַרצער, א פולבלעכער און א גאַנץ הויכער, מיט אָפּגעצויגענע באַקן און זעקעלעך אונטער די אויגן, אין א נישקאָשעדיקן אַנצוג פון טאַבאַק־קאָליר און א בערעט, וואָס איז געווען אַנגערוקט אַף די צו לאַנגע, געקרײַזלטע האָר, האָט ליאַליע זיך גלײַך געוואָרפן אין די אויגן. ווי קומט ער אַהער? ליאַליעס פרוי, דאַניע, האָט לייזער זיך דערמאָנט, האָט דאָך אים דערציילט, אז דער מאַן בלײַבט אַף דער „ארישער" זײַט, ווו גוטפרײַנט וועלן אים אויסבאַ־האַלטן. צוערשט האָט זי געדערט וועגן דעם מיט געבייזער, נאָר באַלד שוין — מיט הייסער באַוויליקונג, כאָטש טרערן זײַנען איר געשטאַנען אין די אויגן. אריע גיטעליסעס, ליאַליעס טאַטנס, מיט ווייטעק ארויסגעבראַכטע ווערטער, אז יעדערער קלײַבט זיך אַליין אויס זײַנע דראָ־כים אַף דער ערד, אפילע א טאַטע און א זון, — זײַנען אויך אופגעשווומען אין זיקאָרן. דערקענט האָט אים לייזער, פאַרשטייט זיך, גלײַך. כאָטש ליאַליע איז שוין דאָ, ווי עס האָט געשײַנט, געווען א טוישעוו, האָט ער דאָך נאָך געהאַט אַן אַנשטענדיקן אויסזען און, ווי לייזערן האָט זיך גע־דאַכט, זיך געהאַלטן אומאָפּהענגיקער, איידער אַלע אַנדערע לאַגערניקעס. א פאַרכידעשטער פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש, האָט לייזער אוואַדע דאַן לענגער א ביסל פאַרהאַלטן זײַן בליק אַף ליאַליען. דער פּיאַניסט זאָל אים דערקענען, איז ניט געווען וואָס מוירע צו האָבן. יענער האָט אפילע אקוראַט ניט געוווסט, אז לייזער לעבט אַף דער וועלט. נאָר גיטעליס האָט אים אויך באַמערקט.

מיט א צונויפגעדרייטן זאַק אונטערן אָרעם איז ליאַליע צוגעגאַנגען צו לייזערן, וועלכער האָט זיך געבעט אַף דער אונטערשטער נאַרע, בא דער סאַמע טיר (אַלץ הייסט געבעט! פּאַשעט, אויסגעשפּרייט דאָס רעקל און פון די שיך, פאַרוויקלטע אין א צײַטונג, געמאַכט א צוקאָפּנס), און פלעגמאַטיש, נאָר מיט אזא טאָן, ווי קיין שום דערווידערונגען וואָלט ער ניט דערוואַרט צי ניט דערלאָזט, געזאָגט:

— כ'וועל זיך לייגן לעבן דיר, צו דער וואַנט. זעסט מיר אויס צו זײַן ריינער, ווי די אַלע שנאָרערס. לעבן וועמען כ'לייג זיך דאָ ניט, איפּעשט פון אים מיט פּעגירע.

לייזער האָט ווידער פאַרכידעשט א קוק געטאָן אַף אים. אָבער דאָס איז געווען שוין גאָר אַן אַנדער כידעשן זיך: ליאַליעס ביטלדיקער טאָן האָט אים אופגערעגט. נאָר ליאַליע האָט אַף זײַן אויפן אויסגעטײַטשט דעם באַכערס בליק און באַרויגעזלעך, נאָר דאָך גאַדלעסדיק, א בורטשע געטאָן:

— יאָ, כ'בין ליאַליע, ליאַליע...

די פאַמיליע האָט ער שוין ניט געפונען פאַר נייטיק אָנרופן.

דער זאַק, וואָס דער פּיאַניסט האָט געהאַלטן א צונויפגעדרייטן אונטערן אָרעם, איז, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, געווען א מאַטראַץ מיט א קאָפּל שטרוי. דעם מאַטראַץ האָט ער פאַר־שפּרייט אַף די הוילע ברעטער, דאָס קאָפּל שטרוי צונויפגעשאַרט צוקאָפּנס. לייזער האָט א טראַכט געטאָן: „צוגעפּאַסט זיך און האָט אפילע דאָס, וואָס אַנדערע דאָ האָבן ניט"...

יענעם ערשטן אָוונט איז מען אין באַראַק לאַנג ניט געשלאָפן. מע האָט בא די נײַ־אָנגעקו־מענע זיך געוואָלט דערוויסן, וואָס הערט זיך אין געטאָ, נאָכגעפרעגט זיך אַף אייגענע און פרײַנט. די נײַע ווידער האָבן געוואָלט וויסן, וואָס טוט זיך דאָ, אין לאַגער. לייזערן האָט גע־וווּנדערט, וואָס ליאַליע גיטעליס פרעגט גאָרניט וועגן זײַן מישפּאָכע. אויסגעקערעוועט זיך מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, האָט דער פּיאַניסט זיך באַמיט אײַנשלאָפן, נאָר, זעט אויס, ניט געקאָנט. ענדלעך האָט ער א צערייצטער זיך אויסגעקערעוועט צו לייזערן:

— אָט אַן אומגליק, איצט וועל איך שוין מיסטאַמע ניט קאָנען אײַנשלאָפן ביז פאַרטאָג! ווי די דאָזיקע מאַקאַקעס האָבן זיך עס צעפּלאָכעט. יעדערער מיינט, אז ארום זײַן פינגער דרייט זיך די וועלט.

— נאָר ארום אײַער פינגער דרייט זי זיך שוין אקוראַט? — האָט לייזער באַמערקט נאָך א קורצער וואַקלעניש.

געסאָפּעט עטלעכע רעגעס, האָט גיטעליס אומדערוואַרט געענטפערט מיט געבראָכנקײַט אין שטים:

— מײַנע פינגער, ווען זיי רירן זיך צו צו די קלאַווישן, ווערט אונטער זיי געבוירן א וועלט...

„מעליצעדיק, נאָר א שטיקל עמעס שטעקט דערין", — האָט לייזער א טראַכט געטאָן און מיט ביטערניש זיך דערמאָנט ביידע מאָל, ווען ער האָט גיטעליסן געהערט שפּילן. דאָס ערשטע מאָל — נאָך גאָר אַלס ייִנגל, דאַן האָט אים דאַניע מיטגענומען אַף א קאָנצערטמאַרקע, ווײַל אַלטער האָט ניט געקאָנט צי ניט געוואָלט גיין (עפּשער האָט ער זיך שוין דעמלט אָנגעשטויסן, אלטער, אז ער פאַרלירט דאַניען), און דאָס צווייטע מאָל — מיט אַנעליען. און אַף ביידע קאָנצערטן האָט ער איבערגעלעבט אזוינס, וואָס דערקלערן איז עס קימאַט אומעגלעך: ווי א קישעפמאַכער וואָלט באַפרײַט א זוניק־ליכטיקן און ווילד־צעבושעוועטן שטראָם פון קלאַנגען, פון ווינט, פון בלעטער־

געווימל; בליצן, וואָס ברעכן זיך אין פעלדזן, און דאָס גרילצן פון שטיינער אין דער קאָכיקער יאַם־טיפעניש, דער פליעסק פון שוימיקע כוואַליעס באַם ברעג, און דער וויי־געשריי פון מענטשן... און דעם אַלעמען האָט געגעבן אַ טיקן אַ גרווינלעכער באַכער מיט אַ שניפּסל, ווי אַ שוואַרץ באַבעלע, אונטערן קין, מיט געפּענטעטע באַוועגונגען, אַ ביסל אַן אַפּאַטישער, וואָס ווענדעט ניט דעם בליק אין זאַל, פּונקט אַלץ, וואָס דאָרט קומט פאָר, בייס זײַנע הענט פלאַטערן אום, ווי שטיקער פּײַער, איבער די קלאַווישן, זאָל אים ניט אָנגיין צי אַפילע זײַן דערוווידער... אַזאַ איז געווען ליאַליע גיטעליס אַף די קאָנצערטן, און גאָר ווייניק איז פון דעם געבליבן אין אים איצט, כוץ עפּשער די ביידלעך־גאַדלעסדיקע פלעגמאַטישקײַט.

לייזער האָט ניט געוואָלט פאַרזעצן דעם שמועס מיט ליאַליען אין אָט דעם צעלאָכעסדיקן טאָן. ס'האָט אים אפילע פאַרדראָסן אַף זיך אַליין פאַרן האָזעדיקן ענטפער. דאָס אומפּרײַנטלעכע געפיל, האָט לייזער אַ טראַכט געטאָן, קומט דאָך פון דעם, וואָס דער־אָ גיטעליס האָט אַמאָל פאַרשאַפט אַזאַ הארצווייטעק זײַן ברודער אַלטערן, צוגענומען בא אים דאַניען. נאָר צוריק גערעדט, וואָס פאַר אַ זין האָט עס איצט, ווען אַלטער איז שוין לאַנג אומגעקומען ערגעץ אין שפּאַניע? און פאַרוואָס האָט ער, לייזער, די זעלבע אומפּרײַנטלעכקײַט ניט געפילט צו דאַניען? זי איז דאָך גיכער פון אַלץ אַליין אַוועק צו ליאַליען?..

נו, יאָ, אַמאָל האָט דער דאָזיקער גיטעליס געהאַט אַ גרויסע צוציִונגס־קראַפט. שוין די ראָמאַנטישע ביאָגראַפיע זײַנע אַליין, וואָס געוווּסט האָט מען זי ניט נאָר אין פּוילן, האָט צוגע־געבן גאָר אַ באַזונדערס רייצנדיקן בײַטאַם זײַן ווירטואָזער שפּיל. אַן אָרעמען כאַזנס אַ ווײַב האָט געשוואַנגערט גרעט אין דער ווײַסל. פלוצעם האָט זי דערהערט אַ געשריי — אַ מיידל איז אַרויסגעפאַלן פון אַ שיפל און טרינקט זיך. זי האָט געראַטעוועט דאָס מיידל. ערשט דאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז גאָר אַ געהויבענעם פאָרעצס אַ טאָכטער. דער טאַטע אירער און דער כאָסן האָבן געוואָלט פון דער ברייטער האַנט באַלוינען די כאַזנטע. זי האָט אָבער פאַר־לאַנגט נאָר איינס: אויב די יאַסנאָוועלמאָזשנע פּאַנסטוואָ ווילן איר צוליב טאָן, זאָלן זיי דערלויבן איר יינגעלע, לייבושן, ליאַליען, לערנען זיך פּיאַנע באַם טשעך, וועלכער לערנט די געראַטעוועטע פּאַניענקע. אַזוי איז אויסגעוואַקסן דער וווּנדער ליאַליע.

„פון אַ קאָפּשווינדלענדיקער הייך איז ער אַראָפּגעפאַלן, גיטעליס, נאָר די, וואָס לײַדן דאָ מיט אים, זײַנען דאָך אין דעם ניט שולדיק", — האָט לייזער געטראַכט, אײַנשלאָפנדיק.

טאַקע יענע נאַכט צי עפּשער אַף מאָרגן האָט לייזער זיך אופגעכאַפּט פון אַ שרעקלעך ריטשען.

— דרײַ הונדערט זיבעטער! דרײַ הונדערט זיבעטער! מוזיקער, צום טײַוול, אוף! שנעלער, אוף!

אַ לאַגערשוצער איז מיט אַ קעשענע־לאַמטערנדל אַרומגעלאָפן איבערן באַראַק און מיט אַ רימען געפּאַטשט איבער די פיס, וואָס האָבן געסטאַרטשעט פון די נאַרעס.

— דאָ ביסטו, דומפּקאָפּ! — האָט נאָך העכער זיך צעריטשעט דער דײַטש, ווען גיטעליס האָט אַ מעוווּלוועלער זיך אופגעזעצט און געגומען רײַבן די אויגן. — שנעלער, קאָם!

געלאָזט דעם זאַק אַף דער נאַרע, איז דער פּיאַניסט אַוועק.

— אַ ליאַמע פאַר אַ נאָוועגע! — זײַנען געפאַלן עמעצנס ווערטער אין האַלב־טונקל.

— און שפּילן זאָל ליאַליע. ניט אַבי־וועער. ס'איז זיי דאַפקע אַרײַן אין נאָז זײַן שפּילן, — האָט אַ צווייטער זיך אָפּגערופן.

אַן עלטערע שטים מיט אַ נאָכקרעכץ:

— נו, וועט שוין מאָרגן זײַן אַן אַפּעל, גאָט מײַנער.

אַ פּערטער — מיט כשאַד:

— מע רופט אים אַלץ אָפּטער... צי איז עס ניט, קעדיי עפּעס אויסטאַפּן, אַ?

עמעצנס אַ ביטלדיק געלעכטער:

— ער ווייסט טאַקע, ווער ס'האָט אים געשלייערט... אַזאַ איינער זעט בלויז זיך!

נאָר ווידער דער, וואָס איז כוישעד:

— אַזאַ איינער שוינט בלויז זיך אַליין, דאָס יאָ... האַלעוויַ זאָל איך ליגן זאָגן.

און עמעצער האָזעדיק, מיט דראָונג:

— אַנו, פאַרבײַס די צונג! ווער איז דאָרט אַזאַ כאָכעם? קיין אַגיטאַטאָרס דאַרפן מיר דאָ ניט!

לייזער האָט נאָך דעמלט ניט געוווּסט, ווער איז עס דער, וואָס איז ליאַליען כוישעד, און וועמעס איז די האָזעדיק־דראָענדיקע שטים. איצט איז עס אים קלאָר געווען: דאָס זײַנען ניסן כײַטין און זײַוועלע בענץ.

ווען מע האָט זיך ווידער געטראָפן אַף דער נאַרע (ערשט אַף מאָרגן אין אָוונט, ליאַליע האָט ביז אינדערפרי זיך ניט אומגעקערט), האָט לייזער געפרעגט:

— אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס האָט מען אײַך געהייסן שפּילן?
ליאַליע האָט געענטפערט ניט גערן:
— ס'מיר אַלצײַנס... כ'באַקום אַ מעגלעכקײַט אַ ביסל מוזיצירן.
— נו, בעטהאָווען, לעמאַשל, שאָפּען, ס'גייט אָן?
— שטענדיק שפּילט מען פאַר טויזנט אייזלען און פאַר איין מענטשן, און דער איינער איז אָפטער פון אַלץ — דער מוזיקער אַליין.
— שטענדיק?
— שטענדיק, שטענדיק! — ווידער ליאַליעס געוויינלעכער פלעגמאַטיש־גײַוועדיקער טאָן.
לייזער האָט אים באַשטימט אַ פּיק טאָן:
— און ווי הילעל האָט געזאָגט, געדענקט איר: אויב כ'בין בלויז פאַר זיך, איז צוליב וואָס זשע דאַרף מען מיך?
בא ליאַליען האָבן קאַלט און אכזריעסדיק אַ פינקל געטאָן די אויגן. אַזאַ איז ער, האָט לייזער דערפילט, פּונקט ווי עמעצער וואָלט פון אינווייניק אָפּגעשאַרט אַ פאַרהאַנג בא ליאַליען פון די אויגן.
— אַמאָל איז אַ מענטש בלויז פאַר זיך, נאָר דער וועלט איז גוט שוין דערפון גופא, וואָס ער איז דאָ.
ליאַליע האָט זיך געוואָלט אויסקערעווען צו דער וואַנט, נאָר לייזער האָט אים פאַרהאַלטן מיט אַ נײַער פראַגע:
— אין געטאָ ווייסט מען, אַז איר זײַט דאָ? דאַניע ווייסט?
— קענסט דאַניען?
— נו, זי איז דאָך אַ דיכטערין, און דעם מאַנס נאָמען...
— מײַן נאָמען האָט שוין צו איר קיין שײַכעס ניט — מיר זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.
— אין אַזאַ צײַט?
— וואָס איז דער כילעק — ווען? עפּשער איז גראַד איצט די עמעסע צײַט אַ קלער צו טאָן, וואָס דו אַליין האָסט די ווערט.
„און עגאָיִסט אַף דורך און דורך", — איז געווען לייזערס רעזיומע.
ס'איז פאַר אים קיין וווּנדער ניט געווען, וואָס גראַד אָט דער עגאָיִסט און גײַוועניק האָט געקאָנט זיך זעצן שפּילן מיט זײַוועלע בענץ אין קאָרטן — ער האָט זיך דאָך אין באַראַק אומגעקערט פון דער אַרבעט ניט אַזאַ אויסגעמאַטערט, ווי די איבעריקע, און דערצו האָט ער דאָ קיינעם ניט געהאַלטן פאַר זײַן גלײַכן, איז נישקאָשע אויך דער ניוזעק זײַוועלע, אַבי אָפּשטופּן די צײַט. און ווידער טאַקע האָט יענער דאָ די אויבערהאַנט אין באַראַק. אים, זײַוועלען, האָט ליאַליע באַאַריכעס דערציילט, ווי ער איז אַרײַנגעפאַלן אַהער: ער איז געפאָרן מיט אַ גאַנץ אָנגעזעענער פּערזאָן אין אַ „מערסעדעס". יענער האָט אים פאַרגעלייגט אָן אינקאָגניטאָ־שפּאַציר איבער דער שטאָט. בענץ ווייסט ניט, וואָס עס הייסט אַזוינס אינקאָגניטאָ? נו, אַזוי, מע זאָל ניט וויסן, ווער דו ביסט. נאָר יענער באַקאַנטער האָט געמוזט אַף אַ פּאָר מינוט אַרײַנגיין אין פּאָטשט און געלאָזט אים, ליאַליען, וואַרטן אין מאַשין. און דאָ האָט אים באַמערקט אָן עסעסאָוועץ, מאַמעש דערשמעקט, ווי אַ שפּיר־הונט, צעפּראַלט דאָס טירל, און: „יודע, קאָם!"
— אָבער ער וועט מיך געפינען, מײַן באַקאַנטער. כ'צווייפל ניט! — האָט גיטעליס געזאָגט הויך, אַלע זאָלן הערן.
— און עפּשער האָט ער פּראָסט געוואָלט פּאָטער ווערן פון דיר, מאַעסטראָ?
— שווײַג שוין, קרימינאַל, ווייסט, וועגן וועמען דו רעדסט? ווייסט כאָטש?! — צעקאָכט זיך ליאַליע און וואַרפט די שפּיל.
מיט אַ צווייטן, אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע, אַ שוואַרצן, מיט אָן אויסגעדאַרט פּאָנעם, ווי בא דאַנטען, האָט ער געקאָנט פאַרפירן אַ וויקועך וועגן דעם באַגריף פאָלק, באַשטייענדיק אַף דעם, אַז יעדער אינדיווידוום איז אַליין פאַר זיך אַ וועלט, און אַז אַ פאָלק לעבט אַמאָל צוליב איינער־צוויי אויסשליסלעכע פּערזענלעכקײַטן.
— עס גייט אוועק אַ דאָר, — האָט ער גערעדט מיט זײַן הויכן טענאָר, ווי עס ריידן געוויינלעך אײַנגעשפּאַרטע און זעלבסטזיכערע מענטשן, — אָפּגעהאָוועט, אָפּגעהאַרעוועט, הונדערט מאָל פאַרזייט די פעלדער און אופגעגעסן די גערעטעניש, געמאַכט פאַרשיידן צײַג און צעריסן די קליידער, וואָס מע האָט פון דעם געניית, און אוועק, פרײַ געלאָזט דאָס אָרט פאַר אָן אַנדער דאָר. וואָס זשע בלײַבט? עטלעכע נעמען אין דער ענציקלאָפּעדיע. צוויי־דרײַ געניעס, אָט ווער עס לאָזט אין דער געשיכטע אַ שפּור סײַ פון זיך, סײַ פון זײַן דאָר און פון זײַן פאָלק.
— און דאָס זײַנען אײַערע איבערצײַגונגען? — האָט דער פּראָפעסאָר באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. — וווהין זשע קאָן עס אײַך פאַרפירן? אַ ליאַדע פאַשיסט טראַכט דאָס זעלבע.

מע פֿויעלט באַ זיך, אַז מע איז אַן אויסשליסלעכע פּערזענלעכקייט, און דאָס גיט שוין דאָס רעכט פֿאַרניכטן אַנדערע!

יענעם אָוונט, ווען לייזער האָט געשריבן דאָס בריוול צו די עלטערן, האָט מען ליאַליע גיטעליסן ווידער אָוועקגעפֿירט צו רומבאַכן שפּילן. אומגעקערט האָט ער זיך טיף אין דער נאַכט, געווען אַוואַדע שיקערלעך. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָף דער פּאַראַשע באַ דער טיר (אָף נאַכט פֿלעגט מען דעם באַראַק פֿאַרשליסן), אַרײַנגעפֿאַלן אַהין מיט בײדע הענט און שטאַרק זיך צע־קלאַפּט דעם שטערן אינעם אויסגעשטשערבעטן ראַנד. די, וועמען דער טומל האָט אופֿגעוועקט, בעסויכעם אויך לייזער, האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, געהאָלפֿן אים אופֿשטיין, אָפּגעווישט דאָס בלוט פֿון פּאָנעם, נאָר ער האָט פּלוצעם אָפּגעשטויסן פֿון זיך אַלעמען און זיך צעשריגן אַ ווילד־אופֿגערייצטער:

— כ'קען אײַך ניט, כ'וויל אײַך ניט קענען! כ'האָב צו אײַך קײן שײַכעס ניט! כ'דאַרף זיך ניט באַברען אינעם קויט מיט אײַך אינייִנעם! יעדערער, וואָס הייבט זיך עטוואָס אוף, לויפֿט פֿון אײַך, ווי פֿון אַ פּעסט! ווי אַ שאָטן גייט איר מיר נאָך!

דער גאַנצער באַראַק איז שוין איצט געווען אוף. עמעצער האָט געזאָגט:

— עפּשער פֿאַרשטופּן אים דאָס מויל?

כײַטין האָט געענטפֿערט:

— ניין, זאָל ער שרײַען, זאָל ער נאָך אַ ביסל שרײַען...

אַ סאָף געמאַכט האָט צו אַלץ זײַוועלע בענץ. ער איז צוגעגאַנגען צו גיטעליסן, אַ זעץ גע־טאָן אים מיטן פֿויסט אונטערן לעפֿעלע, און יענער איז געפֿאַלן אַ שטומער.

— ער דאַרף זיך אויסשלאָפֿן, — האָט דער בלאָק־עלטסטער געזאָגט, — אַ גוטע נאַכט, מאַעסטראָ!

## 5

לייזערס בריוול איז אוועק אין געטאָ — זײַוועלע בענץ און זײַן כאַווער זײַנען אַרויסגעפֿאָרן פֿון אויבן אָף דער דײַטשישער פּראַכט־מאַשין און שטאַרק אופֿגעלײגטע געפּאַקעט מיט די הענט דער קאָלאָנע אַרבעטער, וועלכע איז מיט אַ פּאָר מינוט פֿאַר ד'עם אַרויס פֿון לאַגער. וויפֿל צײַט איז דערנאָך אוועק? עפּשער אַ האַלבע שאָ. באַ אַ צוויי הונדערט אויסגעמאַטערטע מענטשן האָבן פּאַמעלעך זיך געשלעפּט איבער די ראַנד־גאַסן, געטיאַפּקעט אין בלאָטע מיט די צעריסענע שיך, ווער אַפֿילע באָרוועס. פּלוצעם האָט לייזער דערהערט אַ געלעכטער באַ דער זײַט וועג, אַ ביז ווייטעק באַקאַנט מיידלש געלעכטער, אומגעקוקט זיך און דערזען אַנעליען. קלאָר, דאָס האָט זי געלאַכט בעקיוון, געוווּסט, אַז ער דאַרף דאָ ערגעץ זײַן אין דער קאָלאָנע, און געוואָלט אים געבן צו פֿאַרשטיין, אַז זי איז דאָ ספּעציִעל צוליב אים. זי איז געשטאַנען לעבן דער פּאָרטקע פֿון עפּעס אַ הייפֿל, געאָרעמט מיט אַן אומבאַקאַנטן יונגן אײַזנבאַנער. לייזער האָט זיך געכאַפּט — עפּשער צו שפּעט, — אַז ער מוז צוציִען איר אופֿמערקזאַמקייט. ער האָט אופֿגעהויבן דאָס היטל און אַ פּאָך געטאָן מיט דעם, ווי קעדיי אָפּטרייסלען די רעגן־טראָפּנס, כאָטש עס האָט ערשט געגומען פֿאַלן אַ רעגן. ווען מע האָט פֿאַרקערעוועט אָף אַן אַנדער גאַס, זײַנען ווידער געקומען אַנטקעגן דער קאָלאָנע אַנעליע מיטן יונגן אײַזנבאַנער, און לייזער האָט גענומען זיך פֿאַריכטן דעם שאַליק. ער האָט געוואַרט אָף עפּעס אַ צייכן אַנעליעס, נאָר גאָרנישט ניט באַמערקט און האָט ערשט איצט באַקוקט דעם יונג: יענער איז געווען אַ בלאָנדער, מיט אַ טשובּיקל.

לייזערן האָט זיך געדאַכט, אַז ער פֿאַרשטייט גוט, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. ער האָט זיך אָבער פֿאָרגעשטעלט די זאַך איינפֿאַכער, ווי עס איז געווען אין דער עמעסן. שפּאַנענדיק אין דער ריי, האָט לייזער אַלץ אויסגעסאַדערט פּינקטלעך און געגנוי: אַנעליע איז געקומען קיין קאָדנוו, אָפּגעשטעלט זיך באַ קאַטשורן, יענער ווידער איז שוין שטאַרק אומרויִק, פֿאַרוואָס לייזער קומט ניט פֿאַרבײַטן דאָס ייִנגל פֿון געטאָ, וועלכן דער פֿויער האָט אָף אַ צײַט גענומען צו זיך. און עפּשער ווייסט שוין קאַטשור, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די האָלץ־פֿאַרגרייטער, האָט ער עס דערציילט אַנעליען; דאָס קומען אירס אַהער איז אַן אָנצוהערעניש, אַז זי ווייסט, וואָס מיט אים איז געשען, און באַמיט זיך עפּעס טאָן פֿונזײַנטוועגן. פֿאַר דעם, וואָס מיט איר איז געווען דער אײַזנבאַנער, האָט לייזער אויך אַ באַרעכטיקונג: אָדער ס'איז אַ מענטש, וועלכער דאַרף איר העלפֿן פֿאַרבינדן זיך מיט אים, אָדער, גיכער פֿון אַלץ, איז עס איר פּעטער יאַן דוזשיס, דעם מאַשיניסטס, אַ באַקאַנטער און אינצווייען איז באַקוועמער באַווײַזן זיך דאָ.

אַלץ איז געווען ווירקלעך קימאַט אַזוי. איין זאַך האָט אָבער לייזער ניט געוווּסט, און טאַקע דאָס וויכטיקסטע, אַז אַנעליע קען טשעסלאַוון.

אף דער טעריטאָריע, ווו די לאַגערניקעס האָבן געאַרבעט, פלעגט זיך גאַנץ אָפט באַוויַיזן א קליין לאָקאָמאָטיוול, וואָס האָט אהער געפירט רעלסן, שפּאַלעס, שטיינברוך. דעם זעלבן טאָג, ווען לייזער האָט געזען אַנעליען, איז שפּעטלעך, — די אַרבעט האָט שוין אינגיכן זיך געדאַרפט פאַרענדיקן, — אָנגעפאָרן דאָס לאָקאָמאָטיוול, ווי געוויינלעך, מאַנעווּרירט א ביסל, אָפּגעטשעפּעט די געלאָדענע פּלאַטפאָרמעס, גענומען אַנדערע, ליידיקע. פּלוצעם האָט עס זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם אָרט, ווו לייזער און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן געטראָגן שפּאַלעס אָפן אַנשיט. פונעם לאָקאָמאָטיוול איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען דער בלאָנדער יונג, אַנעליעס באַגלייטער. נאָך אים האָט זיך אַף דער ערד אַראָפּגעלאָזן דער מאַשיניסט — אַן עלטערער מענטש, וועלכער ליַידט, ווי עס ויַיזט אויס, אַף ראַדיקוליט, דער רוקן איז בא אים געווען עטוואָס איַינגעבויגן. ביידע איַיזנבאַנער זיַינען אַראָפּ פונעם אַנשיט, גענומען באַטראַכטן ניט קיין גרויסן פאַרזשאַווערטן איַיזערנעם באַלקן, וואָס האָט זיך דאָ געוואַלגערט. דער מאַשיניסט האָט אים איבערגעמאָסטן מיט די פינגער און הויך געזאָגט:

— ס'טויג.

דער יונג האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער זאָל זוכן, ווער וועט אים דאָ קאָנען העלפן. לייזער האָט א שפּאַן געטאָן צו אים. דער לאַגערשוצער איז געווען ניט וויַיט. דער יונג האָט מיט דער האַנט באַוויזן דעם דיַיטש, אַז ער דאַרף, מע זאָל אים העלפן, און א טיַיטל געטאָן אַף לייזערן. דערביַי האָט ער אַליין אָנגענומען איין עק פונעם איַיזערנעם באַלקן. דער לאַגערשוצער האָט צושטימענדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, נאָר מיט א זשעסט באַוויזן, אַז ער הייסט, לייזער זאָל טראָגן אַליין.

— נאָך בעסער, — האָט שטיל געזאָגט דער יונג, ווען לייזער האָט אונטערגעהויבן די גאַנץ שווערע מאַסע, — כ'דאַרף, זאָלסט אַרוף אָפן לאָקאָמאָטיוו.

דער מאַשיניסט איז דערוויַיל אַוועק צו דער מאַשין און גענומען זיך פּאָרען בא די רעדער.

לייזער האָט קוים אַרופגערוקט דעם באַלקן איבער די שטיַילע טרעפּלעך. דער יונג איז פאַר אים אַרויף אין בודקע און געהאָלפן. דער לאַגערשוצער האָט דאָס צוגעקוקט און געשוויגן, אפילע ווען לייזער איז אַריַין אין בודקע אַוועקלייגן די מאַסע, ווו מע וועט באַפוילן.

— קרעמעז? — האָט געפרעגט דער יונג.

— יאָ.

— און ווי רופט דיך טשעסלאַוו?

— ווינצענט.

— גוט... נייטיקסט זיך אין עפּעס?

לייזער איז א רעגע געבליבן שטיין א געפּלעפטער. דער יונג, לאָזט זיך אויס, קען טשעסלאַוון! וואָס זאָגט מען אים? ציַיט איז אַזוי ווינציק. דערוויַיל וועט ער ענטפערן אַף דער פראַגע:

— א פּאָרל גרעט וואָלט איך דאַרפן, — האָט ער געענטפערט, — א וואַרעמען בעגעד עפּשער אויך.

דער איַיזנבאַנער האָט אים דערלאַנגט א קליין פּעקעלע:

— דאָ האָסטו א ביסל שפּיַיז, באַהאַלט. אַנטשולדיק, וואָס אַזוי ווייניק. פאַרשטייסט אַליין...

לייזער האָט זיך אָנגעבויגן, קעדיי אַוועקשלעפּן וויַיטער דעם באַלקן, און געזאָגט, ניט אויסגלייַיכנדיק זיך:

— כ'מוז אַוועק פונדאַנען.

— האָסט עפּעס א פּלאַן?

— לויפן קאָן מען. נאָר כ'מוז פאַרשווינדן אַזוי, מע זאָל מיינען, אַז איך בין טויט. קיינער דאַרף ניט ליַידן.

לייזער האָט זיך אויסגעגליַיכט. א רעגע האָט זיך אים געדוכט, אַז דער יונג וועט באַלד א מאַך טאָן מיט די הענט, ווי איינער זאָגט: „אויב אַזוי, וואָס קאָן איך העלפן?". דעם איַיזנ־באַנערס גרויע אויגן האָבן געקוקט אַף אים פאַרזאָרגט. נאָר באַלד האָט א פיַיערל א פלאַם געטאָן אין זיי.

— און פאַר עמעצנס זעלבסטמאָרד שטראָפט מען ניט קיין אַנדערע?

— שטאַרבן איז דערלויבט אַף אַלע אופאַנים.

— מירן עפּעס צוטראַכטן. זע, זאָלסט אַלעמאָל זיַין נאָענט צום לאָקאָמאָטיוו... נו, גיי...

שוין באַם טירל האָט לייזער באַוויזן זאָגן:

— כ'האָב דאָ נאָך א פּאָר גוטע כאַווירים.

דער יונג האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסלען. ס'האָט געזאָלט הייסן: „לאָמיר כאָטש מיט דיר זיך אָפּפאַרטיקן". נאָר באַלד האָט אַף זיַין קיַילעכדיק געזיכט זיך באַוויזן א שמייכל, א פאַר־שיַיטער און א דערמונטערנדיקער.

## 6

דעם זעלבן אָוונט האָט לייזער באַקומען אַן ענטפער פונעם טאַטן. זײַוועלע בענץ, ווען ער האָט אים אָפּגעגעבן דאָס בריוול מיטן פּעקעלע, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, ווי לייזער זאָל ערשט איצט באַקומען אין זײַנע אויגן אַ שטיקל ווערט.

— לאָמיר נאָר, יינגעלע, אַ קוק טאָן, מיט וואָס מע איז דיך מעכאַבעד געווען, און זיך צעצאָלן...

אַזוי אַן ערעך האָט זײַוועלע בענץ זיך געוווּנדערט צו יעדן, וועמ עס האָט באַקומען אַ פּעקל פון דער היים, וואָריזירנדיק בלויז די צונעמענישן: „יינגעלע", „פֿײַנער מענטש", „אַלטער פּאַנפּאַטש", „יאַסנאָוועלמאַזשני פּאַן".

אַ גאַנץ אייגנס האָט דער צימער, ווו לייזערס עלטערן האָבן געוווינט, אויסגעטיילט פאַר אים — טאַקע דער צימער, אַלע זײַנע אײַנוווינער: אין אַ שמאַטקעלע זײַנען געווען פּאַרנייט דרײַ געקאָכטע אייער (לעבן נאָך, הייסט עס, נעכטע בײַביקעס הינער), אַ ציבלקע (פונעם גערטנדל, וואָס איז געווען אין הויף), צוויי מאָנפּאַסיע (אַזעלכע האָט ער געזען בא די קראַוסעס) און אַ שטיקל גוטאַ־ברויט. דאָס אַלץ האָט מען פון אייגענעם מויל אָפּגעריסן. אַ שאָד, ער האָט דאָך הײַנט באַקומען עטלעכע שטיקלעך בעקאָן — אנעליעס פּעקעלע. יאָ, טאַקע זיך צוגעזײַלט מיטן בריוול.

איין איי און אַ צוקערקע זײַנען אַריבער צו זײַוועלע בענצן.

— אַלפּי יוישער וואָלט מען באַדאַרפט אַלץ טיילן אויף העלפט, — האָט זײַוועלע געזאָגט, — נאָר מיילע...

ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעטשעפּעט, און לייזער האָט געקאָנט איבערלייענען דאָס בריוול. דער טאַטע האָט אים געטרייסט בעלאָשן־סאַגענאַר: זאָל ער זיך ניט באַאומרויִקן, אין דער היים איז אַלץ ווי געווען. מיט יולעקן האָט ער זיך געזען אויף דער אַרבעט און איבערגעגעבן אים דעם גרוס. יולעק זאָגט, אַז ער האָט נאָך פריִער געהאַט פון אים, פון עליען, אַ גרוס — דורך איינעם אַ שול־כאַווער.

כאָטש דאָס אַלץ האָט קיין פּראַקטישע ווערט פאַר לייזערן ניט געהאַט, האָט עס אים דאָך דערפרייט: די פאַרבינדונג צווישן דער געטאָ און די כאַווײרים אין שטאָט ווערט אונטערגעהאַלטן. אָבער ווי קומט אַנעליע צו די דאָזיקע כאַווײרים? ס׳הייסט, דאָס איז אויך געווען ניט אַזוי אומ־דערוואַרט, אויב נעמען אין אַכט איר כאַראַקטער, אירע אָנשויונגען. נאָר ווי איז עס פאַרגע־קומען קאָנקרעט? אַוודע דורך איר פעטער, עפּעס האָט זי נאָך ביז דער מילכאָמע דערציילט וועגן אים, און עפּשער האָט זי זיך ווי־ניט־איז פאַרבונדן מיט יולעקן? אַ שאָד נאָר, וואָס די עלטערן האָבן הארצוויטעק. אָט האָט דאָך יולעק געוווּסט, וווהין ער איז אַרײַנגעפאַלן, און זיי גאָרנישט ניט געזאָגט. נאָר מעגלעך, אַז דער באַכערעץ האָט געשוויגן אויך דערפאַר, ווײַל ער האָט געהאַט יעדיִעס, אַז מע קלײַבט זיך אים אַרויסשלעפּן פונדאָנען.

יענעם אָוונט האָט מען אין באַראַק לאַנג זיך ניט געלייגט שלאָפן. זײַוועלע בענץ, אַ צו־פרידענער פונעם טאָג, האָט ניט געשטערט די מענטשן טיילן זיך מיט די נײַעס. לייזער האָט אָפּגעפירט ניסן כײַטינען אין אַ זײַט, באַוויזן אים דאָס בריוול און דערציילט וועגן דעם איקער: וועגן אַנעליען (ער האָט זי אָנגערופן „אַ באַקאַנט מיידל") און וועגן דעם שמועס אין לאַקאַמאַטיוו. כײַטין האָט געשוויגן עטלעכע מינוט, ער האָט פאַמעלעך געצופּט די וואָנצעס. לייזער האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל בעקאָן — דאָס איז געווען דער איינציקער באַווײַז, אַז אַלץ, וואָס ער דער־ציילט, איז ניט קיין באָבעמײַסע. כײַטין האָט מאַשינעל אַראָפּגעלאָזט דעם בעקאָן אין קעשענע, ערשט איצט האָט ער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און געזאָגט:

— מע דאַרף, זאָלסט אינדערפרי זיך אומבאַדינגט טרעפן מיט כילעקן. און ווו האָלסטו מיט ליאַליען? האָסט אים געזאָגט וועגן דײַן ביטע?

— נעכטן איז מיר ניט אויסגעקומען, און הײַנט...

— כ׳פאַרשטיי, הײַנט וואָלסטו שוין ניט דאַרפן ענדערן דאָס אַרבעטס־אָרט. ס׳איז אָבער אויך וויכטיק, וואָס ליאַליע וועט דיר ענטפערן. מאָרגן וועלן מיר וועגן דעם זיך אַן אייצע האַלטן אינדרײַען.

אינדערפרי, ווען מע האָט נאָכן אַפּעל באַקומען דאָס ביסל אָקרעפּ, האָט לייזער דערזען כײַטינען מיט כילעק פאַרקמאַנען. לייזער איז אומיסטן טייקעף ניט צוגעגאַנגען צו זיי — זאָל כײַטין דערציילן. לייזער איז צוגעגאַנגען בלויז, ווען פאַרקמאַן האָט אויפגעהויבן זײַן גרויסן קאָפּ און אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן אויף אים פונדערווײַטנס.

— איז עלײִאָהו־האַנאַוויס פײַערדיקער רײַטוואָגן שוין עפּשער געשפּאַנט? — האָט כילעק אַ שמייכל געטאָן, ווען לייזער איז צוגעגאַנגען.

לייזער האָט פאַרשטאַנען דעם מיין: מע פאַרלאַנגט פון אים ניט, ער זאָל דערציילן אַלע פּראַטים. וועגן וואָס ער דאַרף שווײַגן, זאָל ער שווײַגן.
פּאַרקמאַן האָט פאַרגעזעצט:
— זאָלסט אַף יענער זײַט דערציילן וועגן אונדז. מיר זײַנען דאָ ניט אינצווייען. מיט אונדז איז די גאַנצע טרעגער־קאָמאַנדע, אַכט מאַן, אויסער גיטעליסן. יעדערער פון אונדז האָט שוין עפּעס צושטײַער. מיר לאָדן דאָך אויס צעקלאַפּטע מיליטערישע טעכניק, וואָס גייט פון מיזרעך, פאַרשטייסט... הײַנט וועלן מיר אויך פונדײַנטוועגן עפּשער עפּעס אָפּשפּאָרן. וועסט אין אָוונט זיך בײַטן מיט כײַטינען מיט די רעקלעך. דאָרט קאָן זײַן א גראַנאַטע — גאָר א קליינינקע, אַן איטאַליענישע. און ביכלאַל זאַמלען מיר אַפילו דעם צעשאָטענעם פּולווער, ווו נאָר מיר געפינען אים... כ׳מיין, אַז דער לאַקאָמאָטיוו באַדינט ניט ספּעציעל די בוויונג, אַנדערש וואָלטן דאָרט געוועזן דײַטשן. ס׳קאָן טרעפן, אַז ער קומט אויך אַף דער פראַכט־סטאַנציע. דעם נומער האָסטו פאַרגעדענקט?
— ניין.
— א שאָד. און ווי זעען אויס דער מאַשיניסט, דער געהילף?
לייזער האָט זיי אינקורצן באַשריבן.
— נאָך דיר וועט אוודע גיין כײַטין, — האָט פּאַרקמאַן פאַרגעזעצט, — לעס־ברייִרע וועט ער ווי־ניט־איז אריבער אין דער בוי־קאָמאַנדע. אויב עס וועט אים אויסקומען אַליין זיך ווענדן צום מאַשיניסט אָדער צו זײַן געהילף, וועט ער זיך פאַרופן אַף גאַרבאַטאָקן. איצט וועגן ליאָליען: עס ווערט געשטעלט די פראַגע...
כײַטין האָט אָנגענומען כילעקן פאַרן אַרבל:
— מע דאַרף איצט ניט ריידן וועגן דעם. אין אָוונט וועט מיר זײַן באַקוועמער דערציילן אים אַלץ.
לייזער האָט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס דאָ גייט.
— דער כשאַד באַשטעטיקט זיך? — האָט ער שטיל געפרעגט. — עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַזאַ איינער איז פּאָשעט א ביסל א מאָדנער...
פּאַרקמאַן, ניט אויסקערעוועדיק דעם קאָפּ צו לייזערן:
— וועמען דערציילסטו דאָס? מיר נעמען שוין עפּשער צו לאַנג אין אַכט, אַז ער האָט גערוי־טענע פינגער...
און כײַטין:
— כ׳וועל דיר אין אָוונט דערציילן וועגן איינעם — צווי פאַקטן... אויב ס׳איז בא דיר א גוט געהער, וועסטו גלײַך זאָגן — ס׳א דיסאָנאַנס...

נאָר אין אָוונט איז שוין דאָס געשפּרעך ניט פאָרגעקומען.
באַלד נאָך דעם, ווי מע איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט לייזער באַמערקט דאָס לאָקאָ־מאָטיוול, וואָס האָט געבראַכט עטלעכע פּלאַטפאָרמעס, געלאָדענע מיט שפּאַלעס. ער האָט זיך אַרײַנגעדרייט צווישן די, וועמען מע האָט געשיקט זיי אויסלאָדן. דער מאַשיניסט, דער זעלבער פּאָליאַק מיטן געבויגענעם רוקן, איז אַראָפּ אַף דער ערד און צוגעגאַנגען צו דער ערשטער פּלאַטפאָרמע. דערזען לייזערן, האָט ער אַראָפּגענומען און ווידער אָנגעטאָן די קאָנפע־דעראַטקע. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט לייזערן סיגנאַליזירט, אַז ער דאַרף אים עפּעס זאָגן. מע האָט לייזערן פונקט אוועקגעלייגט א שווערע שפּאַלע אַפן אַקסל, דערצו האָט געמאַראַקעט א רעגנדל, און דאָס שטעגעלע לענגאויס דער באַן־ליניע איז געווען גליטשיק, יעדער טראָט האָט געקאָסט מי. דאָך האָט ער זיך ניט אַראָפּגעלאָזן איבערן אַנשיט, ווו די פיס וואָלטן געהרוזנעט אין זאַמד. ער האָט געמאַכט נאָך עטלעכע טריט, פּילנדיק, אַז די קני בייגן זיך אים שוין אונטער, און ערשט לעבן מאַשיניסט גענומען בײַטן דעם אַקסל. דער אַלטער האָט שטיל געפרעגט:
— מע האָט טאַקע ניט אַרויסגעשלעפּט דעם דערטרונקענעם פון ברונעם?
איין רעגע בלויז האָט לייזער ניט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אָבער אין א מינוט אַרום האָט ער שוין געוווּסט — דאָס איז די רעטונג! מיט דרײַ טעג צוריק האָט א לאַגער־ניק זיך אַרײַנגעוואָרפן אין א פאַרלאָזטן פעלד־ברונעם, א שפּאַן פּופצן פון דער באַן־ליניע, און די דײַטשן האָבן זײַן קערפּער ניט דערלויבט אַרויסשלעפּן.
— כ׳פאַרשטיי, — האָט לייזער געזאָגט.
— נו, איז לאָז ניט דורך דעם מאָמענט, ווען כ׳וועל שטיין ניט ווײַט פון יענעם ברונעם... כאַפּ זיך דאַן גלײַך אַרוף אַפן לאָקאָמאָטיוו...
דאָס רעגנדל, וואָס האָט א גאַנצן טאָג קוים געמאַראַקעט, האָט גענומען גיסן שטאַרקער. ס׳האָט טאַקע זיך דורכגעריסן אַן עמעסער רעגן דורך דעם לײַכטן נעפּל, וואָס האָט צוגעדעקט

די ערד, פונקט ווי פון איר, א לעבעדיקער, און אָטעמענדיקער, א באוואשענער מיט קאלטע שטראָמען, זאָל די גאנצע צײַט גיין א דאמף.

לייזער האָט אין א קאָרב געטראָגן שרויפן צום אײַזנבאַן-בריקל, וואָס מע האָט געבויט ניט ווײַט פונעם ברונעם. מיטאמאָל האָט ער דערהערט דאָס הוקען פונעם לאָקאָמאָטיוול, וואָס איז ענלעך געווען צו א האַנען-קריי. דורך די פּאַסמעס רעגן האָט זיך קוים געזען דער סילועט פונעם לאָקאָמאָטיוול, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן ברונעם. מיט א שטארק קלאַפּנדיק הארץ איז לייזער אוועק אהין. מענטשן האָבן דאָ מיט דרענגלעך אויסגעלאָדן בעטאָנירטע באַלקנס, וואָס דער לאָקאָמאָטיוו האָט געבראַכט. דער מאשיניסט איז געשטאַנען אויף דער ערד, דער בלאָנדער באָכער, זײַן געהילף, האָט ארויסגעקוקט פון פענצטערל. און ערעך בא דער דריטער פּלאַט-פאָרמע האָט לייזער באמערקט א לאַגערשוצער אין א רעגן-מאַנטל מיט אן אָנגערוקטן קאַפּיו-שאָן, איז ער אריבער אויף דער צווייטער זײַט, די פּלאַטפאָרמעס זאָלן אים פארשטעלן. דאָ איז געווען א ריוו, אויף האלב א פארפולטער מיט וואסער, האָט ער פאַרזיכטיק אוועקגעשטעלט דאָרט דעם קאָרב מיט די שרויפן און מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט צום לאָקאָמאָטיוו. דער געהילף-מאשיניסט האָט אים באמערקט, ווען ער האָט מאַמעש זיך ארײַנגעקײַקלט אין בודקע. דער יונג האָט פאַריכט דאָס שטיק ברעזענט, וואָס האָט געדינט אלס טירל, געהייסן לייזערן אראָפּוואַרפן דאָס רעקל, דאָס היטל האָט ער אליין פון אים אראָפּגעכאַפּט, אלץ צונויפגעוויקלט אין א קנויל און ארויסגעוואָרפן דעם מאשיניסט.

אין פינף מינוט ארום איז לייזער שוין געלעגן אינעם טענדער, איבערן קאָפּ פארשאָטן מיט קוילן, און געהערט, ווי דער מאשיניסט טײַנעט אויף א געבראָכענעם דײַטש צו עמעצן, מיט וועמען ער שפּאַנט אײַליק פארבײַ דעם לאָקאָמאָטיוו:

— אוועקגעשטעלט אָט דאָ דעם קאָרב, און — צום ברונעם. איידער כ'האָב זיך ארומ-געקוקט, איז ער שוין געווען אינוויניק... זײַן היטל שווימט דאָרט ארום...

— אײַן דומער יודע! — האָט זיך געהערט די גלײַכגילטיקע שטים פונעם לאַגערשוצער.

## 7

לייזער איז אומגעפאָרן אין טענדער צווישן די קוילן, ביז עס איז פינצטער געוואָרן. ענד-לעך האָט ער דערהערט, אז דער געהילף-מאשיניסט רופט אים, ער איז ארויסגעקראָכן פון צווישן די הרודעס און דערפילט, ווי דורך די נאָזלעכער, פולע מיט שטויב, פליצט א כיעסדיקע, פרישע, פײַכטלעכע לופט.

ס'איז אין דער בודקע פאר אים געווען צוגעגרייט אן אלטע קאָנפעדעראטקע, וואָס האָט געשמעקט מיט נאַפט, און א פארשמאָלצעוועטע ספּעצאָווקע. האָט ער זיך איבערגעטאָן, און מע איז אוועק.

דעם גאנצן וועג האָט דער געהילף-מאשיניסט בעקיוון הויך דערציילט דעם אינהאלט פון עפּעס א העכסט שפּאַנעוודיקן באַנאַלן דײַטשישן פילם. אינגיכן איז מען ארויס אויף דער גאַס, לייזער האָט זי גלײַך דערקענט: דאָ האָט נעכטן געשפּאַנט די קאָלאָנע וועג-ארבעטער. מע איז שטיין געבליבן בא דער זעלבער פּאַרטקע, בא וועלכער אַנעליע און דער יונג זײַנען געשטאַנען. אין הויף, אונטער א קרומער ברעזע, עטלעכע טריט פון דער פּאַרטקע, האָט דער באָכער געהייסן לייזערן צוּוואַרטן. ער האָט זיך אינגיכן אומגעקערט, אָנגענומען לייזערן פאר א האַנט און אים אוועקגעפירט אין שטוב.

שײַן האָט א בלענד געטאָן, כאָטש געווען איז עס סאכאַקל א פּערציקער עלעקטריש לעמפּל, וואָס איז אָן אן אבאַזשור אראָפּגעהאַנגען נידעריק איבער א ניט פארשפּרייטן טיש פון צעטראַס-קעטע, פיל מאָל געשאָבענע ברעטער. באַם טיש איז געזעסן א היפּשע מישפּאָכע, מע האָט, ווײַזט אויס, געענדיקט עסן וועטשערע. די טעלער און די לעפל זײַנען נאָך געווען אפן טיש, עמעצער פונעם קליינוואַרג האָט זיך געקוויקט מיט דער טיי.

— נו, אָט זײַנען מיר, — האָט היימישלעך געזאָגט דער געהילף-מאשיניסט.

א פרוי מיט א בלאַס פארזאָרגט געזיכט און א מאַנצבל, צו זען אן ארבעטער, אויך מיט אן אויסגעמאַטערט פּאָנעם, האָבן העפלעך-אָנגעשטרענגט געענטפערט אויף דער באַגריסונג. אויף די קינדער גראָד האָט דער באַזוך קיין באַזונדערן אײַנדרוק ניט געמאַכט, זעט אויס, מע איז גע-ווויינט צו אַזוינס.

די געסט האָט מען אײַנגעלאַדן צום טיש, פאַרגעלייגט עסן. דער יונג האָט זיך אָפּגעזאָגט: „ס'וואַרט אויף מיר דען אין דער היים קיין וועטשערע ניט?" לייזער האָט אפגיך אָפּגעוואַשן די הענט, דאָס פּאָנעם און געזעצט זיך צום טיש, ווו מע האָט פאר אים אוועקגעשטעלט א טעלער הירזשענע קאַשע. א ווײַסע קאַץ איז פון עמעצנס קני אריבערגעשפּרונגען אויף לייזערס, א

לאשטשע זיך געטאָן מיט דער זײַט אין זײַן האַנט, אין דער ברוסט, דערלאַנגט מיטן עק ביז זײַן קין, א שטאַרק פאַרוואַקסענעם, אַזוי אַז ס'איז שוין קימאַט געווען אַ בערדל. די באַלעבאָסטע האָט זיך אָנגערופן:

— אָ, פּירטשע האַלט אײַך שוין פאַר אַן אײגענעם...

די אָנגעשטרענגטקײַט איז פאַרשוונדן. אַ מיידעלע מיט לײַנענע האָר האָט גענומען דער־ציילן, ווי פלינק און קלוג פּירטשע איז; האָט שוין עמעצער געזאָגט עפּעס אויך וועגן דעם הונט און וועגן דעם כאַזערל, וואָס מע פאַרמאָגט. ס'איז אַוועק אַ געוויינלעכער שמועס, ווי אַלעמאָל, ווען אַ געזינד פאַרזאַמלט זיך באַם טיש. דער בלאָנדער באָכער האָט מידלעך צוגעבאָמקעט, לייזער האָט פלײַסיק אויסגערייניקט דעם טעלער. דערנאָך האָט ער דאָ טאַקע באַם טיש זיך אַרומגעראַזירט מיטן באַלעבאָס' גאָלמעסער. און ערשט דאַן איז מען אַרויס אין פּירהײַזל און פון דאָרטן אַריבער אין אַ זײַטיק קעמערל, ווו עס זײַנען געשטאַנען עטלעכע פולע זעק און עס האָט זיך געוואַלגערט פאַרשיידן ברוכוואַרג. דער באַלעבאָס האָט באַלויכטן די זעק מיט זײַן קעשענע־לאַמטערנדל:

— אַף זיי וועט איר זיך אויסבעטן. ס'איז דאָרטן טירסע צום הייצן. צודעקן מעגט איר זיך מיטן פעלצל, וואָס הענגט אָן־אָ אַפּן צוואָק.

ווען ער איז אַוועק, האָט דער יונג געזאָגט צו לייזערן:

— ווייסט דאָ מוזן איבערזײַן אַ פּאָר טעג. טשעסלאַוו האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך זען מיט דיר, ווי נאָר ער וועט קאָנען. כ'ווייס, אַז עס שטייט דיר פּאָר אַ יאַזדע. באַלד וועט דאָס מיידל דיר ברענגען אַהער דײַנע קליידער און אַן „אויסווײַז". כ'האָב געמיינט זיך דערוואַרטן אַף איר, נאָר ס'וועט שפּעט. מיסטאָמע וועט זי אַף מיר קיין גרויסן פאַריבל ניט האָבן...

דער יונג האָט געשוויגן אַ ווײַלע. ער האָט אָוואַדע געוואַרט, לייזער זאָל עפּעס זאָגן, נאָר לייזער האָט אויך געשוויגן, קוים האַמעוונדיק די פרייד. באַם געזעגענען זיך האָט ער דערמאָנט דעם באָכער:

— וועגן מײַנע כאַוויירים פון לאַגער האָסטו געזאָגט וועמען מע דאַרף?

— ווייסט דאָס אויך באַהאַנדלען מיט טשעסלאַוון. מיר האָבן דיך ניט צופעליק געבראַכט גראָד אַהער. אויב ס'וועט נייטיק זײַן, וועסטו אונדז אָנווײַזן דורכן פענצטער, מיט וועמען מע דאַרף זיך פאַרבינדן. דער באַלעבאָס דײַנער איז אויך אַ געהילף־מאַשיניסט.

אַנעליע און לייזער האָבן געזען איינס דאָס צווייטע בלויז די קורצע עטלעכע ווײַלעס, וואָס דער באַלעבאָס איז דאָ געווען, בייס ער האָט זי אַרײַנגעפירט אין קעמערל און צוגעלויכטן מיטן קעשענע־לאַמטערנדל. ער האָט דאָ דאַפקע געלאָזט דאָס לאַמטערנדל, נאָר ווער דאַרף עס?

געזעגענענדיק זיך, האָט דער באַלעבאָס געזאָגט צו אַנעליען:

— דעם הונט האָב איך ניט אָפּגעלאָזט פון קייט, איר זאָלט אומגעשטערט קאָנען אַוועקגיין.

און צו לייזערן:

— ווי צו פאַרמאַכן די טיר פון אינווייניק, ווייסט איר.

און צוביידן, מיט אַ באַזונדערער, אַפילע צאַרטער פאַרטרוילעכקײַט אין שטים:

— מיר לייגן זיך שלאָפן געוויינלעך פרי און שטייען אויף פרי.

ס'איז געווען קלאָר: ער גלייבט ניט, אַנעליע זאָל גאָר אינגיכן אַוועקגיין פונדאַנען.

אין דער פינצטער, אָפּגעטיילט פון דער גאָרער וועלט מיט פיר ניט קיין געקאַלכטע ווענט, האָבן לייזער און אַנעליע יענע נאַכט נאָך מער דערקענט איינס דאָס אַנדערע, נאָך טיפער פאַרשטאַנען דעם פײַן און גליק פון זייער ליבע.

אַנעליע האָט דורך זײַן העמדל, אַ האַרטס פון שווייס און קויט, אָנגעטאַפּט זײַנע ריפּן, די שלאָס־ביינער, די דאַר געוואָרענע הענט און שוין עטלעכע מאָל געזאָגט:

— ווי אויסגעצערט דו ביסט.

לייזער האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם לאַגער, די כאַוויירים זײַנע, ווי מע שלאָפט דאָרט אין די פּי־שטאַלן אַף די דרײַגאָרנדיקע נאַרעס. די ביינער האָבן זיך שוין באַ אַלעמען ווי צוגעהובלט צו די ברעטער. און דאָס איז דאָך בלויז איין קליין לאַגערל... ווײַ, וויפל טויזנטער, וויפל מיליאָ־נען עס מוטשען זיך איצט! איז עפּשער ניט די צײַט פאַר גליק, עפּשער האָט ער קיין רעכט ניט דערויף? ניין, רעכט האָט ער, און מע דאַרף עס נאָך מערער שאַצן!

ער האָט אין דער פינצטער אָנגעטאַפּט דאָס שאַלעכל אַף אַנעליעס אַקסל, עס איז געווען פײַכט — אין דרויסן האָט ווידער גערעגנט. אָפּגעזוכט מיט די פינגער איר פּאָנעם: דאָס עטוואָס פאַריסענע נעזל, די ברעמען, די צוגעמאַכטע ווי׳עס... די ליפּן האָט ער אָפּגעזוכט מיט זײַנע ליפּן.

— נישקאָשע, — האָט ער שטיל געזאָגט, — כ'בין שוין איינמאָל נאָך דאַרער געווען, הויט־און־ביין, נאָר כ'בין געקומען צו זיך, אָ־האָ!

ער האָט איר דערציילט וועגן זיך, אָנגעהויבן פון דעם, ווי ער איז פּרילינג אַרויס פון לאַ־גער פאַר קריגסגעפאַנגענע, ווי ער האָט דאָ, אין קאַדנוו, אָנגעטראָפן אין דער געהיימער דרו־קעריַי, וועגן די כאַווערים אין צווייטן לאַגער, אַלץ, אַלץ, ביזן היַינטיקן טאָג... און זי האָט אויך דערציילט — וועגן אירע רײַזעס קיין קאַדנוו לויט דעם פּעטער יאַנס אויפטראַג און ווי זי האָט זיך דאָ געטראָפן מיט טשעסלאַוון.

ס'איז געווען די שטאַרקסטע שווע, וואָס צוויי־יען קאָנען זיך נאָר געבן, — פאַרטרויען דעם גרעסטן סאָד, דאָס, פאַר וואָס מע איז גרייט אָפּגעבן דאָס לעבן.

— איז קענסטו גאָר טשעסלאַוון?

— איך קען א מענטשן מיט א שוואַרץ צעצוויייט בערדל, מיט עטלעכע טיפע שטופּלען אָפּן פּאָנעם, אין א מאַקינטאָש מיט גרויסע געלע קנעפּ, — האָט זי שטיפעריש געענטפערט, נאָכ־מאַכנדיק א שילערן, וועלכע האָט גוט אויסגעכאַזערט דעם לימעד.

— און ווי הייסט דער דאָזיקער יונג, דער בלאָנדער, ווייסטו ניט?

— דאָ קאָן מען טאַקע וויסן, וויאַזוי ווער עס הייסט?! מיר האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אַלס רודעק, און א באַקאַנטער זײַנער, וועלכן מיר האָבן באַגעגנט אין גאַס, ווען מיר האָבן געוואָרט אָף דער קאָלאָנע, האָט אים אָנגערופן זבישעק... הײַנט גיי טרעף, ווער עס ווייסט בעסער, ווי מע רופט אים — ער אַליין צי זײַן באַקאַנטער... און ווען מע זאָגט מיר נעכטן אשטייגער — ווינצענט, וואָלט איך דען געוווּסט, אַז דאָס ביסטו?

ער האָט שטיל געלאַכט.

— עפּעס איז גאָר רודעק, דאַכט זיך, מײַן אָנעלקע געפעלן. ער האָט דאָ געוואָרט אָף דיר און זיך ניט דערוואַרט.

— וואָס זשע, ס'קאָן זיך מאַכן... מיינסט, נאָר א מיידלש האַרץ איז נאַריש, ס'טרעפט מיט א באָכער אויך, און אַפילו מיט גאָר א גוטן באָכער...

— זשאַלעוועסט אים?

— און דו אוואַדע ניט?.. נאָר זעסט דאָך, אַז ער האָט זיך ניט דערוואַרט. וואָס פאַר א ווערט קאָנען שוין האָבן אַזעלכע געפילן...

א ווײַלע האָט זי געשוויגן, דערנאָך א קלער געטאָן, ווײַזט אויס, אַז לייזער קאָן טאַקע עפּעס מיינען, און צוגעגעבן:

— אויב ניט גלייבן, קאָן מען קיינמאָל ניט זײַן זיכער. ס'איז דאָך דאָ א וועלט מיט באָ־כערים און א וועלט מיט מיידלעך.

ער האָט זיך געכאַפּט:

— וואַרט, כ'האָב געלאָזט א באָכערל באַ קאַטשורן, פּײַוּוקע נימאַן. ער איז נאָך דאָרט?

— נו, יאָ, ווייסט דאָך, וואָס פאַר א מענטש קאַטשור איז. ס'אַרבעטן שוין דאָפּקע ווידער די האָלצהעקער פון געטאָ, נאָר דאָס יינגל זאָגט, אַז ער וועט אין דער קאָלאָנע זײַן אָן איבעריִ־קער... און ביכלאַל האָט ער קיינעם ניט אין געטאָ. ווען מע קאָן, וואָלט ער זיך גאָר אַהין ניט אומגעקערט. באַ אים איז רעכט צו גיין, וווהין די פּיס טראָגן...

— אַז ער איז א יאָסעם, ווייס איך. ער איז אַמאָל געווען א שיק־יינגל אין דער דרוקערײַ, ווו איך האָב געאַרבעט. ווהין די פּיס טראָגן... און מיר שטייט דאָך פאָר א רײַזע, טשעסלאַוו האָט איבערגעגעבן. וואָס זשע טוט מען מיט פּײַוּוקען?

— ווידער וועל איך ניט וויסן, ווו דו ביסט... זאָלסט כאַטש באַ דער ערשטער געלעגנהײַט געבן צו וויסן אין גאַרליטשינע. כ'קער זיך מאָרגן אום אַהין. ס'הייסט, אייגנטלעך, שוין הײַנט אינדערפרי. אגעוו האָב איך טשעסלאַוון דערציילט וועגן פּײַוּוקען. ווייסט, וואָס ער האָט געזאָגט? דאָס באָכערל האָט דערווײַל ווו צו זײַן, זאָל ער זיך דאָרט זײַן. לאָמיר אָקאָרשט ווינצענטן אַרויס־פּלאָנטען, און דאַן וועלן מיר אים זאָגן: „האָסט אַראָפּגעפירט א יונג פון וועג, איז פיר אים ווײַטער..."

אנעליע האָט אַרומגענומען לייזערן פאַרן האַלדז און א צי געטאָן אים צו זיך.

— שלאָף, לייג אוועק דעם קאָפּ צו מיר אָף די קני, כ'בין זיך באַטאָג גוט אויסגעשלאָפן.

נאָר לייזער האָט איצט ניט געקאָנט שלאָפן — פאַרלירן די געציילטע שאָען, וואָס זײַנען זיי אויסגעפאַלן זײַן צוזאַמען. עס האָט זיך אים גאָר פאַרוואָלט זיך איבערטאָן, ניטאָ וואָס צו וואַרטן ביז אינדערפרי. מע קאָן דאָס טאָן אין אנעליעס אָנוועזנהײַט — ס'איז דאָך שטאָק פינצטער.

ער האָט איר געזאָגט וועגן דעם, און זי האָט אײַנגעשטימט מיט אים.

— כ'וועל צומאַכן די אויגן.

— נאָך וואָס? מע זעט דאָך דאָ אַלציינס גאָרניט.

ער איז אָפּגעגאַנגען אין א זײַט, אײַליק אַראָפּגעריסן פון זיך די שמאַטעס און גענומען

אַנטאָן די קליידער, וועלכע אַנעליע האָט געבראַכט. מיטאַמאָל האָט א פּראַקטיקער ציטער דורכגענומען זײַן לײַב, א ציטער, וואָס ער האָט שוין אים עטלעכע מאָל אויך ביז דעם געשטילט.

— אַנעליע?

— וואָס איז, ליבער?

— כ׳וועל צוגיין צו דיר...

— מע דאַרף ניט... טו זיך אָן...

— און עפּשער זאָל איך צוגיין, אַ?

נאָר אָט דער „עפּשער" האָט שוין גערעדט וועגן דעם, אַז ער פאַרשטייט זי, ער איז מסכים מיט איר.

— מע דאַרף ניט, ליבער, ס׳איז נאָך פרי... מיר טאָרן ניט...

קאַיאַר איז זי אוועקגעגאַנגען פון אים — א ריינע, א דערהויבענע, א נאָך מער געליבטע.

באַם געהילף־מאַשיניסט אין שטוב איז מען טאַקע פרי אופגעשטאַנען. דעריבער איז לייזער, פילנדיק אַן ערעך די צײַט, ווען די קאָלאָנע לאַגערניקעס דאַרף פאַרבײַגיין, אַרײַן אין צימער און זיך געשטעלט לעבן פענצטער, וואָס האָט געקוקט אין גאַס אַרײַן.

אָט איז די קאָלאָנע. די מענטשן שלעפּן זיך פאַמעלעך, פּונקט ווי מע זאָל זיך שוין אומקערן נאָך א שווערן אַרבעטס־טאָג, און דער דאָזיקער טאָג, ער שטייט דאָך ערשט פאָר... לייזער האָט אַן אָנגעשטרענגטער זיך אײַנגעקוקט אין קאָפּ פון דער קאָלאָנע: נאָכן עלטסטן לאַגער־שוצער, וועלכער פאָרט פאָרויס אף א וועלאָסיפּעד, און נאָך די צוויי וואַכלײַט מיט אווטאָמאַטן, גייט געוויינלעך די ערשטע ריי: ליאָליע גיטעליס, דער געשיכטע־פּראָפעסאָר, א באַקאַנטער מאָלער און אַן אַלטיטשקער אַרכעאָלאָג. דאָס זײַנען אַמאָל געווען די כאַשעווסטע מענטשן אין שטאָט. מע שטעלט זיי דאָ אומיסטן, — זאָל זי זען, די שטאָט, וואָס פאַר א ווערט זיי האָבן איצט. אָבער אָנשטאָט גיטעליסן האָט הײַנט געשפּאַנט אַן אַנדער מענטש. און אין די ווײַטערדיקע צוויי רייען, אין וועלכע ס׳זײַנען שטענדיק געגאַנגען די פּראַכט־אַרבעטער — פּאַרקמאַן, כײַטין און זייערע כאַווירים, זעט ער אויך גאָר אַנדערע פּנעמער... לייזער האָט דורכגעקוקט די גאַנצע קאָלאָנע, נאָר קיינעם פון די פּראַכט־אַרבעטער ניט געזען.

אין גרויסן אומרו האָט ער פאַרבראַכט דעם טאָג אין קאַמערל, געפּרוווט אײַנריידן זיך, אַז עפּשער האָט ער פאָרט פאַרזען די פּראַכט־אַרבעטער, ווײַל דער אײַנגעשטעלטער סיידער איז געענדערט געוואָרן. פאַרנאַכט האָט ער אָפּסנײַ געטשאַטעוועט באַם פענצטער, נאָר ווידער דאָס זעלבע — די פּראַכט־קאָמאַנדע איז פאַרשוווּנדן.

דער באַלעבאָס האָט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט שפּעטער, ווי די קאָלאָנע איז פאַרבײַגעגאַנגען. נאָך דעם, ווי מע האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, האָט ער באַגלייט לייזערן אין קאַמערל, אַראָפּגעלאָזט זיך אף א קעסטל, פאַררייכערט, פאַרגעלייגט אויך לייזערן א ביסל טוטין און א פּאַפּיראָס־פּאַפּירל. לייזער האָט אַלעמאָל זייער ניט גערן נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג רייכערן, דאָך האָט ער גענומען דעם טוטין. דעם געהילף־מאַשיניסט האָט, קענטיק, עפּעס געערגערט. נאָר געפרעגט האָט ער, רייכערנדיק ניט געײַלט, צי איז קיינער ניט געקומען פאַרן טאָג צו לייזערן, צי האָבן אים די קינדער ניט דערקוטשעט. ענדלעך האָט ער אָנגעשפּיגן אפן רעשט ציגאַר, דאָרט, וווּ דאָס פײַערל האָט געטליִעט, אַרויסגעוואָרפן אים אין פאָר־הײַזל און שטיל געזאָגט:

— שלעכטע נײַס: געסטאַפּאָ האָט פאַרנומען נעכטן פון לאַגער אַלע אײַערע, וועלכע האָבן געאַרבעט אף דער פּראַכט־סטאַנציע... עמעס, קיין סאַך האָבן דאָרט ניט געאַרבעט — נײַן אָדער צען מענטשן.

לייזער האָט א פאַרציטערטער געהערט.

— מיר האָט עס דערציילט א באַקאַנטער צוניפשטעלער פון צוגן. נו, האָט זיך עס א ביסל געטומלט נעכטן... האָסט ניט געהאַט קיין באַקאַנטע אף דער פּראַכט־סטאַנציע?

לייזער האָט ניט וואָס ניט געוואָלט, ער האָט ניט געקאָנט ענטפערן, געפילט זיך אַזוי, ווי ער זאָל פליִען אין א פינצטערן גרוב: ער וויל שרײַען, נאָר קראַמפּן פאַרפרעסן דעם האַלדז. „דורכגעפאַלן, טאַקע דורכגעפאַלן!"

— כעוורע, דערציילט מען, זײַנען עס גראָד געווען ניט קיין פאַרשלאָפענע, — האָט פאַרגעזעצט דער אײַזנבאַנער, — די דײַטשן באַרימען זיך, אַז זיי האָבן דאָרט געפאַקט א סאָוויעט, א פליִער... אָט האָסטו דיר, אַ! ניט קיין פאַרשלאָפענע, און דאָך עפּעס פאַרזען. עמע־צער האָט דערשמעקט, וואָס זיי נישטערן אינעם ברוכוואַרג. ווען מע האָט זיי גענומען, האָט איינער אפילו געוואָרפן א גראַנאַטע — צעיושעט א פאָר זשאַנדאַרמען, קאַליע געמאַכט א מאַשין.

„א גראַנאַטע, אַן איטאַליענישע אַוואַדע“, — האָט שמערצלעך געפּיקט לייזערן אין מויעך.

— נו, האָט מען זיי אַוועקגעטריבן צופוס.

„צופוס“... — זײַן מויעך האָט פיקסירט בלויז איינצלנע ווערטער. — „צופוס“ — און געזען האָט ער: עס גייען ניסן כײַטין, כילעק פאַרקמאַן און די איבעריקע, וואָס ער ווייסט ניט, ווי מע רופט זיי, און ליאָליע גיטעליס שפּאַנט אַן אָנגעבראָגעזטער, א טויט־בלאַסער. אָט־אָ באַלד וועט ער נעמען שרײַען: „כ׳קען אײַך ניט, כ׳וויל אײַך ניט קענען!“

לייזער האָט שוין דערוואַכט פונעם שווערן פלעט, ער איז ווידער אימשטאַנד געווען טראַכטן: „ווי זשע איז מיטן כשאַד, וואָס איז אָף גיטעליסן געפאַלן? אָט האָט מען דאָך אים פאַרנומען מיט אַלעמען... כאָטש“...

דער אײַזנבאַנער האָט זיך אופגעהויבן אָף אַוועקגיין:

— געבן דיר פּײַער, וועסט רייכערן?

— ס׳ווילט זיך ניט, — האָט לייזער געענטפערט. — מע דאַרף דאָ עפּשער זײַן געהיט מיט פּײַער...

## 8

פאַני סאָפּי איז אין אָוונט געקומען פון באַדען־באַדען. בעפּיירעש העפלעך פון עריכס זײַט (כאָטש העפלעכקײַט איז ניט דאָס וואָרט), א גוטער אײַנפאַל: עריך האָט זי באַגעגנט אָף זײַן מאַשין הונדערט פופציק קילאָמעטער פון קאָדנוווו, און אין אָנדערהאַלבן שאָ אַרום איז מען שוין געווען אין דער היים, אָנשטאָט דעם זי זאָל מיטן צוג אָנקומען ערשט נאָך האַלבער נאַכט.

און דאָס, וואָס ער פאַרלאָזט שוין דאָס צווייטע מאָל אין מעשעך פון א כוידעש זײַנע איניאָנים אין בערלין און קומט אַהער אַרויסבאַגלייטן זי און באַגעגענען? עריך זאָגט דאַפקע, אַז ער האָט דאָ, אין קאָדנוווו, אויך וואָס צו טאָן. נאָר זי פאַרשטייט דאָך וווּל, אַז וואָס צו טאָן זוכט זיך שטענדיק אָפּ גראָד דאָרטן, ווו מע וויל זײַן...

און דאָס, וואָס ער האָט דעם אַלטן קאָפּליין ניט דערציילט, וווהין זי איז געפאָרן?

„אַלטער קאָפּליין“ — אַזוי רופט זי אַלע יאָרן פאַר מענטשן אין די אויגן קלוימערשט גוטמוטיק דעם מאַן, וועלכער איז אָף א קנאַפּן פערטל יאָרהונדערט עלטער פון איר, קעדיי אַנדערע זאָלן פאַרשפּאָרן זיך ווערטלען וועגן דעם באַ איר הינטער די אויגן; אַזוי רופט זי אים אויך פאַר עריכן — באַם זון דאַרף אויסקומען, אַז זי אַכטעט דעם מאַנס כאָכמע און דערפאַרנ־קײַט; פאַר זיך אָבער און פאַר אייניקע דינסטן, מיט וועלכע מע מעג זיך ניט רעכענען, רופט זי אים מיט גאָר, גאָר אַנדערע נעמען, וואָס פּאַסן אַלע מיטן וואָרט „אַלטער“...

טאַקע גוט, וואָס ער האָט זיך אין באַדען־באַדען ניט אַראָפּגעכאַפּט, ניט פאַרפאָלגט זי מיט זײַנע מוטנע, רויטלעך־גרויע, אייגנטלעך, ראָזע אויגן, וואָס טרערן א קאַפּעלע און דריקן אויס דעם שטומען פאַרלאַנג, וואָס זי באַפרידיקט אים שוין לאַנג ניט, דריקן אויס די דאָזיקע גלוס־טונג, וואָס עפּשער איז עס שוין אַפילע קיין גלוסטונג ניט... פאַרוואָס קאָן זי אים אַזוי ניט לײַדן, טאָמאַס קאָפּליינען, איבערהויפּט די לעצטע יאָרן? ווײַל ער איז דער אויסדרוק פון אַלטקײַט, וואָס גאַנוועט זיך שוין צו איר אַליין אויך, לויערט איבער איר קאָפּ, ווי א רויב־פויגל...

יאָ, טאָמאַס וואָלט זיך געוויס אַראָפּגעכאַפּט צו איר און געפּאַטערט דעם אָפּרו. באַדען־באַדען איז שוין עפּשער ניט דער גאָר פּעשענעבעלער קוראָרט, ער האָט אָפּגעבליט סאָף פאַריקן יאָרהונדערט, נאָר די ביטערלעך־געזאַלצענע וואַסער פאַרמאָגט די זעלבע אַכט און זעכציק גראַד וואַרעמקײַט, ווי אַמאָל, און די שוואַרצוואַלדער בערג זײַנען די זעלבע... וואָס זשע דאַרף זי בעסערס, אויב דער דאָקטער אייצעט באַדען־באַדען? ניט קיין אָנגענעמע זאַך, עס הייבט זיך אָן אָפּלייגן זאַלץ אין די געלענקען. איז עפּשער אַן אַלטער קוראָרט אַפילע בעסער, ווי א נײַער, אַלנפאַלס, איז ער כאָטש אַן אויסגעפּרוווטער. מאָדערנע קוראָרטן — דאָס איז אַן איניען פאַר גאָר יונגע און שטאַרק קראַנקע.

אָף קיין ראָמאַן האָט זי שוין באַזונדערס ניט אויסגערעכנט. כאָטש עפּעס איז געווען. א דײַטשישער גענעראַל, וואָס שפּאַרט זיך אָן אָף א שטעקעלע, — די וווּנד, וועלכע ער האָט באַקומען הינטער קיִעוו, פאַרציט זיך ניט. געזאָגט האָט זי אים, סאָפּי, די פּראָזע, וואָס איז שוין לאַנג באַ איר פאַרגרייט: „כ׳האָב געשווירן געהערן בלויז איין דײַטש, — און מיט בוילעטער איראָניע, — בלויז איין אַלטן דײַטש“... דערמיט איז זי אָפּגעקומען און האָט דעריבער געקאָנט גאַנץ רויִק קוקן ליאָליען אין די אויגן. כאָטש אים גייען ווייניק אָן אַזעלכע זאַכן, ער טראַכט גאָר דערפון ניט... אָט קאָפּליין — דער וואָלט זי א ביסל אויסגעפּרעגט. עס וואָלט טאַקע זײַן א שאָד, ווען ער שטעלט זיך אַרײַן אין באַדען־באַדען און צעשטערט איר דעם אומשולדיקן

פלירט. ער וואָלט אויך, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרמיטן אונטערצושטרײַכן, אַז געקומען איז ער בלויז דערפאַר, וואָס זי געפינט זיך נאָענט פון אים, און זײַנע קאָלעגן קאָנען שלעכט אויסטײַטשן דאָס, וואָס ער פאָרט ניט צו, נאָר געמאָנט וואָלט ער דאָס, וואָס שטענדיק בייס אַ באַזוך. און כאָטש ער האָט שוין לאַנג ניט צו טאָן מיט אויסאַרבעטן זייף, ברענגט ער נאָך אַלץ מיט זיך יענעם כיילעוו־רייעך, וואָס זי קאָן אים ניט פאַרלײַדן.

אָט דער רייעך האָט זי אַמאָל אַרופגעפירט אויף אַ פאַרצווייפלטן געדאַנק, דערמאָנט איר, ווי די וועשערנס פאַרשמעקן מיט זייף דעם ברעג, ווען זיי שווענקען דאָס גרעט אין טײַך, דערמאָנט איר אינעם טײַך. און מאָדנע — אַרויסגעשלעפּט האָט זי פון דער טיף, פון דעם קאַלטן בורשטין־גרינעם סוידעספּולן קיניגרײַך, וווהין זי האָט שוין אַראָפּגעגנידערט, אויך אַ וועשערן, און ווידער איז געווען דאָס געררוך פון זייף. נאָר עס האָט ניט געהאָלפן דאָס טרינקען זיך — טאָמאַס קאָפּליין איז געוואָרן איר מאַן. נו, יאָ, אַז טאָמאַס קלאַמערט זיך אין עפּעס אײַן... אירע נײַנצן יאָר און די שיינקײַט אירע זײַנען בלויז געווען אַ צוגאָב. ער האָט געדאַרפט זיך פאַרבינדן מיטן אַלטן, כאָשעוון, עמעס שוין היפּש פאַראָרעמטן, אַדל־שטאַם. פאַר אים, אַן אופגעקומענעם פאַרפומען־פאַבריקאַנט, האָט עס דאַן געהאַט אַ באַדײַטונג. איצט קאָן עס אים אויסזען, ווי אַ יוגנט־פאַרבלענדעניש (אויב עס קאָן הייסן, אַז צו דער כאַסענע איז ער געווען יונג), ווײַל צו וואָס האָט ער איצט באַדאַרפט איר פּויליש אַדעליק בלוט, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ קליינעם צומיש פון דײַטשישן?..

פאַני סאָפּי האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ ביסעלע שאָדנפרייד: דער פּראַקטישער טאָמאַס, וועלכער איז איצט דירעקטאָר פון אַן אַקציאָנערן־געזעלשאַפט, וואָס הערשט איבער עטלעכע כימישע זאַוואָדן אין פּוילן, דײַטשלאַנד און עסטרײַך, איז באַ צוויי און פערציק יאָר באַגאַנגען אַזאַ נאַרישקײַט!

שוין אַ גוטע האַלבע שאָ פאַרברענגט פאַני סאָפּי אין וואַנע־צימער. די דאָזיקע ניט פריילעכע דערמאָנונגען און געדאַנקען האָט אָנגעווייעט טאַקע דער רייעך פון זייף. וואָס איז דאָ צו ריידן, געווען צײַטן, ווען פון דעם זעלבן שפּיגל, באַ וועלכן זי ווישט זיך איצט, האָבן אַרויסגעקוקט קאַרע אויגן, ניט אַזעלכע מידע ווי איצט, און אויפן האַלדז זײַנען ניט געווען אָט די צוויי פאַלדן, עמעס, ניט קיין דיקע, נאָר דאָך פאַלדן, און די האָר... זיי זײַנען טאַקע אַלץ נאָך פּרעכטיק־בלאָנדע, נאָר מע מוז שוין אָנקומען צו פאַרב... דער קערפּער גראָד האַלט זיך נאָך באַ איר, זי ווערט ניט צעשוואומען, נאָר פאַר קיין יונגער וועט זי שוין ניט אָנגיין, אַזוי — אַ ביסל אין רובענסעס סטיל, נאָר יענער געניאַלער פלאַמאַנדער האָט דאָך דורכויס געמאָלט ראָזלײַביקע מעלקערנס... גענוג, עס דרייט זיך שוין טאַקע אַ קאַפּעלע דער קאָפּ פון די וואַנע־רייכעס!

זי טוט אָן דעם זײַדענעם כאַלאַט, פאַני סאָפּי, און באַקלערט זיך, אַז טאַקע גוט, וואָס זי האָט אים ניט אוועקגעשענקט דער פּאָקאָיאָוועַ[1] אין באָדען־באַדען. מע דאַרף זיך ניט וואַרפן מיט אַזעלכע געשאַנקען, און עס איז טאַקע מילכאָמע־צײַט אויך. טאָמאַס שיקט איר אַרויס אַקוראַט צו דער צײַט די אײַנגעשטעלטע סומע, נאָר פון מאָל צו מאָל מוז זי דאָך דערמאָנען וועגן זיך מיט אַ בריוו. ער זאָגט, ס'איז נייטיק, מע זאָל זען אין ביוראָ, אַז זיי שרײַבן זיך דורך...

דער ניט אָפיציעלער אײַנרײַס מיט טאָמאַסן האָט זיך אָנגעהויבן מיט קנאַפּע צען יאָר צוריק. ער האָט שטענדיק געוווּסט, אַז זי איז אים ניט גאָר טרײַ, און ער אַליין איז אויך קיין הייליקער ניט געווען, דאָך, ווען ער האָט געפונען פאַר נייטיק, האָט ער אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מאָטיוו די אומטרײַשאַפט אירע. און געייפערט האָט ער זי (דאַן בעפּיירעש אָן שום גרונט) צו ליאָליע גיטעליסן. ער האָט אים באַשולדיקט אין ניט דאַנקבאַרקײַט, ליאָליען. דאָס האָט דאָך ער, טאָמאַס קאָפּליין, אים געגעבן אַ מעגלעכקײַט שטודירן און ווערן באַרימט. ערשט דער פּיאַניסט צאָלט מיט שלעכטס פאַר גוטס. אַגעוו, האָט קאָפּליינס מעצענאַטשאַפט אים שוין אַרײַנגעטראָגן אַ היפּש ביסל רעווע: ליאָליעס אַנטרעפּרעניאָרן האָבן אַלעמאָל זיך אָפּגערעכנט פאַר קאָפּליינען, און דאָס איז געווען ניט קיין שלעכטער צושטײַער אויף אַרײַנצובאַקומען זיך אין דער כימישער אַקציאָנערן־געזעלשאַפט.

אָבער אויג־אויף־אויג האָט קאָפּליין איר געזאָגט אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט: ער וויל מער ניט קענען דעם ייִדן, דעם פּיאַניסט, דאָס מאַכט ניט קיין גינסטיקן אײַנדרוק אין די קרײַזן, מיט וועלכע ער האָט לעצטנס צו טאָן. סאָפּי האָט געהאַלטן, אַז דאָס זײַנען נידערטרעכטיקע פאָרורטיילן. כאָטש אַלעמען איז ליאָליע געווען איר רום, דאָס, וואָס איז דורך איר אומגליק געשאָנקען געוואָרן דער וועלט.

ס'הייסט, אויב זאָגן דעם עמעס, איז איר אין ליאָליען אויך ניט אַלץ געפעלן: די גרויסע אייגנליבע זײַנע, די היפּערטראָפירטע אופמערקזאַמקײַט צו זיך אַליין. אָפּט דאַכט זיך, אַז ער

---

[1] שטוב־מיידל.

ווערט, ווי אין א וואלד, פארבלאָנדזשעט אין די אייגענע געפילן און שטימונגען. נאָר זי איז עס אים מוחל, ער איז פאַר איר — א גרויס קינד, אן אומגעלומפּערטס, נאָר ניט קיין געוויינלעכס, אן אויסטערלישס, און כאָטש ס'איז א צעבאַלעוועטס, פארדינט עס אי די ליבע, אי די אופמערקזאַמקייט, וואָס מע שענקט דעם...

כוץ אלעמען ווייסט זי גוט, סאָפי, אז ניט גיטעליס — זי גופא איז די סיבע דערפון, וואָס טאַמאַס קאַפּליין האָט ניט לאַנג פאַר דעם, ווי היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, נאָר מע האָט זיך שוין געקאָנט אָנשטויסן, אז אזוי וועט זײַן, אריבערגעצויגן זיך אין דײַטשלאַנד און זי געלאָזט אין פוילן. ער האָט מיטגענומען מיט זיך עריכן, דערצויגן אים אין יענעם נײַעם גײַסט, וואָס איז איר, סאָפי, פרעמד און דערווידער. און דאָך האָט זי דער זון ליב, און דעם פאַסטן, וואָס עריך פאַרנעמט אין בערלין, האָט ער, אגעוו, באקומען ניט נאָר מאַכמעס דעם טאַטנס לאַגע, — דער מאַמעס אָפּשטאַם איז אויך גענומען געוואָרן אין אכט. ער איז אין פוילישן אָפּטייל פון עפּעס א וויכטיקן אמט, — זי דערפרעגט זיך אפילע ניט אזוי שטאַרק, וואָס דאָס איז פאַר אן אנשטאַלט, נאָר זי איז זיכער, אז ער פאַרטיידיקט דאָרט די אינטערעסן פון איר געווידעפּטן פאָלק.

נאָר בעטן עריכן, ער זאָל קריגן פאַר ליאָליען פּאַפּירן, וואָס וואָלטן אים געגעבן א מעגלעכקײַט מיטפאָרן מיט איר אין באַדען־באַדען אונטער א פרעמדן נאָמען, — דאָס איז שוין טאַקע עפּשער געוועזן צופיל גוט, וואָס זי האָט אפילע ניט פאַרפירט וועגן דעם קיין רייד. ווי אייראָפּעיִש ליאָליע זאָל ניט אויסזען, — א ביסל אן איטאַליענער, א ביסל א שפּאַניער, קאָן מען זיך דאָך אָנשטויסן. און ניט נאָר דאָס — געוויסע היסכײַוועסן פאַרן טאַטן האָט דאָך עריך... גענוג שוין, וואָס ער דולדעט ליאָליען דאָ, אינעם גוט, אוודע אויס אכטונג צו איר אַמאָליקן כּיוו און אויס פּאַשעטער פרײַנטשאַפט אויך — ער קען דאָך דעם פּיאַניסט פון וויגל אָן.

אָט האָט ער אפילע געזאָרגט וועגן דעם, אז ליאָליע זאָל אין איר אָפּוועזנהײַט גוט פאַרברענגען — ער האָט אָף א כּוידעש אים אײַנגעאָרדנט אין א וואלד, בא זײַנעם א כאַווער. ליאָליע פלעגט אפילע גיין אָף יאַגד און פישפאַנג. דאָס איז גוט פאַר אים, בא איר אין הויז מוז ער זיך דאָך אויסבאַהאַלטן אפילע פון די זעלטענע געסט, וואָס קומען צו איר. און ארויסגיין שפּאַצירן אין סאָד, וואָס לאָזט זיך אראָפּ צו דער ווײַסל, מעג ער בלויז שפּעט אין אָוונט. ער איז אפילע היפש א טעל געוואָרן אין וואלד, ליאָליע, נאָר דאָס שאַדט ניט. דער טיפער שניט אָפּן שטערן האָט זי אָף אן עמעסן אָנגעשראָקן. ערשט, לאָזט זיך אויס, ער האָט באַנאַכט אָנגעטראָטן אָף א צווײַג, איין קלייניקײַט! און ווען עס טרעפט אין אויג?!..

— ס'האָט טאַקע געקאָנט טרעפן, — איז ליאָליע, ווי זײַן שטייגער, מאַסקים געוועזן א ביסעלע פלעגמאַטיש, — כ'האָב ביכלאַל געקאָנט זיך ניט אומקערן...

דאָס מיינט ער צו זאָגן, אז עריך האָט געקאָנט פאַרגעסן קומען נאָך אים א טאָג פאַר דעם, ווי זי האָט זיך אומגעקערט.

— איך פאַרגעס קיינמאָל קיין זאַך ניט, — האָט מיט א שמייכל געזאָגט עריך, — כ'האָב אפילע קינדווײַז קיינמאָל ניט פאַרגעסן קיין שפּילכל אין הויף... איאָ, מוטערכען!

צומאָל דערלויבט זיך עריך גאַנץ גראָב א פּיק טאָן ליאָליען, נאָך גוט, וואָס יענער באַמערקט עס ניט. א פאַרטיפטער אין זיך, נעמט ער אוף דעם אָרום א קאַפּעלע צעשטרייט. בא א געלעגנהײַט וועט מען דאַרפן אופמערקזאַם מאַכן עריכן אָף זײַן אומטאַקטישקײַט.

פאַני סאָפי איז אין ווייכע פאַנטאָפל, שטיל שורשענדיק מיטן כאַלאַט, געגאַנגען צו זיך אין שלאָפצימער. עריך האָט אין קאַבינעט געשמועסט מיט עמעצן דורכן טעלעפאָן. די שווערע געשניצטע טיר איז געוועזן ניט פעסט צוגעמאַכט. א העל־ברוינע טאַקסע, אָף צו באַוווּנדערן א פרידלעכע און א סטאַטעטשנע, מיט לאַנגווײַליק־אומעטיקע אויגן, וואָס טרערן א קאַפּעלע, — עריכס א נײַער ליבלינג, — האָט דורכגערוקט זיך מיטן גאַנץ פולן גוף אין דער עטוואָס צעעפנטער טיר און איז אָף די גאָר קורצע פיס, וויגנדיק זיך ווי א קאַטשקע, אוועק איבערן קאָרידאָר. פאַני סאָפי האָט זיך אָפּגעשטעלט א לאַשטשע טאָן דאָס הינטל, וואָס דער זון האָט איר נאָך נעכטן באַוויזן, נאָר זי האָט שוין פאַרגעסן, ווי מע רופט עס. דערעך־אגעוו האָט זי זיך גענומען צוהערן צום געשפּרעך. זי קען אין פלוג דעם זון אזוי ווייניק, האָט קיין אנונג ניט וועגן זײַנע געשמאַקן. עפּשער שמועסט ער איצט מיט א מיידל? ניין, ס'איז, דאַכט זיך, א מאַנצבל, און דער שמועס איז א געשעפטלעכער. מע רעדט זיך צונויף וועגן א באַגעגעניש אין באַנק. און ווי עס קומט פאַר געוויינלעך, ווען מע איז מיטן געשעפטלעכן פּאַרטיק, שוין אין א לײַכטן טאָן:

— יאָ, נו יאָ, ער שווײַגט, וואָס פרעגט איר גאָר, הער רומבאַך! וועגן דעם האָבן מיר זיך פעסט צונויפגערעדט מיט אים... נו, ער פאַרשטייט דאָך, פון וואָס פאַר א פײַנעם אָרט איך האָב אים ארויסגעשלעפּט... טאַקע, טאַקע, ער מיינט, אז דאָס האָב איך אים דערזען שפּאַנען אין

גאַס צווישן די דאָזיקע, נאָכגעפּאָרן און אויסגענוצט אַלע מײַנע פאַרבינדונגען... יאָ, יאָ, אַ ריטער, כאַ, כאַ... נישקאָשע, ער האָט מיט נוצן פאַרבראַכט דעם כוידעש, כאָטש אָפּגעאַרבעט אַ ביסל פאַרן ברויט, וואָס ער עסט דאָ... כ׳זאָג, כאָטש אָפּגעאַרבעט אַ ביסל... איר האָט אים ניט געלאָזט זיך איבערהאָרעווען?.. יאָ, יאָ, אַף יאַגד... אָ, נאָך וועלכע געגנדז... אַ, רעלסן? פון וועלכער, פון וועלכער מאַרקע? כ׳וועל פאַרשרײַבן... ניין, הער רומבאַך, שטעלט מיר בעסער צונויף אַ צוגאָב־צעטל, כ׳וועל אין בערלין פּרווון קריגן... כ׳ווייס, כ׳ווייס, מיר זאָגט מען זעלטן אָפּ. איז — איינס אַזייגער אין באַנק!

פאַני סאָפי האָט לײַכט געגלעט דאָס הינטל. עס האָט פאַר האַנאָע זיך אוועקגעלייגט פריִער אַף אַ זײַט, דערנאָך אַפן רוקן, צונויפגעבויגן די קורצע פיסלעך, פאַנאַנדערגעוואָרפן די ווייכע אויערן אַפן טעפּיך, עטוואָס געעפנט דעם פּיסק און מיט דאַנקבאַרקײַט געקוקט איר אין די אויגן. ערדיך האָט, ווײַזט אויס, געזוכט דעם הונט, ער האָט אַ פײַף געטאָן. צוגעוואַרט אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך, איז די טאַקסע גויוער געווען דעם פאַרלאַנג בלײַבן ליגן, איבערגע־קײַקלט זיך אַף די פיס און וויגנדיק זיך אוועק אין קאַבינעט. סאָפי איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ מילד־אופגערוימטן שמייכל אַפן געזיכט. דערבײַ האָט זי פאַריכט מיט איין האַנט דעם שווערן קובלעק, עס זאָל אויסקומען, אַז זי איז די רעגע אַרויס פון וואַנע־צימער. אינערלעך אָבער איז זי געווען אינגאַנצן אָנגעשטרענגט: „ער האָט גערעדט וועגן ליאָליען, נאָר וועגן ליאָליען! סאַראַ טאָן, סאַראַ פרעכהײַט! וועגן עפּעס מוז ליאָליע שווײַגן... און יענער קען שווײַגן. אָ, דאָס ווייסט זי... וואָס זשע טוט מען? און פון וואָס הייבט מען איצט אָן?״ — זי האָט פאָרשעריש, דורכן שמייכל, אַ קוק געטאָן אַפן זון. ערדיך איז געזעסן אַפן ברעג פון שרײַבטיש, פונקט אַזוי אַוואַדע, ווי ווען ער האָט גערעדט דורכן טעלעפאָן, געהוידעט מיט די פיס, אַף וועלכע עס זײַנען געווען אָנגעצויגן פײַנע, גלאַנציקע שטיוול. ער איז געווען אין זײַן עלעגאַנטער אוניפאָרם פון העל־גרויען קאָליר מיט צייכנס, אין וועלכע סאָפי קלײַבט זיך ניט פאַנאַנדער. ערדיך האָט איר בלויז געזאָגט, אַז ער איז געגליכן צו אַן אָבערלייטענאַנט. אַ דאַרלעכער, איז ער איצט ענלעך געווען אַף אַן אויסגעבויגענעם סטעק („טאָמאַס איז אויך פון שטענדיק אָן אַ דאַרלעכער״), די גלאַט־צוגעקעמטע שיטערלעכע האָר האָבן איבערגעכאַזערט די פאָרם פון זײַן אומאָנגענעם פאַר־שפּיצטן שאַרבן („טאָמאַס מיט דיביינער״), ער האָט אַ קאָסיע געטאָן די אויגן אַף דער מוטער, רויטלעך־גרויע, עטוואָס אויסגעגלאָצטע („די אויגן אויך״), געענטפערט אַף איר גוטן שמייכל מיט אַן אָנגעשטרענגט־ליבלעכן.

— ביסט געוואָרן אַזאַ געשעפטסמאַן, ערדיך, רעדסט וועגן רעלסן, גייסט אין באַנק...

— אָ, מוטי, איך בין גליקלעך, איר הייבט זיך אָן אינטערעסירן מיט מײַנע געשעפטן!

ער האָט עטוואָס פאַרלוירן אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, און סאָפי האָט פאַרשטאַנען: עס באַאומרויִקט אים, צי האָט זי געהערט דעם גאַנצן שמועס, פון סאַמע אָנהייב, צי בלויז דעם סאָף? און נאָך איז איר קלאָר געוואָרן: ער איז טאַקע ניט צוליב איר, אַלנפאַלס, ניט נאָר צוליב איר, אַזוי אָפּט אין קאָדנוו... און באַגעגנט האָט ער זי ווײַט הינטער דער שטאָט אויך מיט אַ פאַרבאָרגענעם מיין — קעדיי זי זאָל מער גלייבן אין זײַן זאָרג וועגן ליאָליען...

באַגריפן דאָס, האָט פאַני סאָפי גאָר רויִק אַ שמייכל געטאָן, אופגעהויבן די ברעמען, צו־נויפגעצויגן עטוואָס דאָס מויל, ווי עס זאָל איר שטאַרק האַנאָע טאָן, וואָס דער זון וויל איר דערציילן, מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך.

— ווי מיינט איר, מוטערכען, באַ פיר און צוואַנציק יאָר איז שוין צײַט אַ טראַכט טאָן, אַז ניט שטענדיק וועט זײַן קריג און ניט שטענדיק וועט מען מיך דאַרפן אין דעם צי אין אַן אַנדער אַנשטאַלט? אַף וויפל מיר איז באַוווסט, האָט דער פאָטער אויך אָנגעהויבן גאָר ניט פון קיין גרויסע געשעפטן — פון צושטעלן זייף דער אַרמיי, געוויינלעכע באָד־זייף... און איך האָב דאָ, אין קאָדנוו, מײַן קליין געשעפט — כ׳האָב זיך אונטערגענומען אויסבויען אַן אָפּווײַכונג פון דער אײַזנבאַן־ליניע. ניט איך בוי, נאַטירלעך, מײַן זאַך איז פינאַנצן און מאַטעריאַלן. איינער מײַנער אַ גוטער עלטערער פרײַנט, טאַקע פון יענעם אַנשטאַלט, וווּ איך דין, האָט מיר דעם געדאַנק אופגעגעבן, און דער פאָטער האָט מיר געהאָלפן מיט אַ האַלוואָע — ער האַלט, אַז עס לוינט... און מיר בלײַבט קעשענע־געלט, אייגן קעשענע־געלט... אַלזאָ, מוטערכען?..

פאַני סאָפי האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, איצט שוין טרויעריק־פאַרקלערט:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ערדיך? אַ שאָד, וואָס כ׳האָב ניט געהאַט קיין צוויי קינדער, עפשער וואָלט דאָס צווייטע געווען ענלעך אַף מיר...

— און וואָלט ליב געהאַט פּיִאַנאָ־שפּיל?

דאָס איז געווען ניט בלויז אַ שטאָך, ס׳איז געווען אַן אַרויסרוף. פאַני סאָפי האָט אַ זיפץ געטאָן, און עס איז איר שוין אַלציינס געווען, וויִאַזוי דער זון וועט עס אויסטײַטשן, זי האָט זיך אירס געוווסט: „ערדיך איז דעם פאָטערס זון, פון אים קאָן מען אַלץ דערוואַרטן, ליידער — אַלץ!״

II

# דעם מאלער־האמאָוועסעס אפטייקער.

## דאַניע קומט צו א באשלוס



שעסלאוו האָט געהאלטן, אז כאָטש לייזערס פארשווינדן פון לאגער איז אָרגאניזירט געוואָרן ניט שלעכט, טאָר ער פאָרט די נאָענטסטע צײַט זיך ניט באווײַזן אין שטאָט. דערפאר האָט לייזער באקומען א פאראָרדענונג אוועק אין איינעם א וואלד דאָרעם־צו פון קאָדנוו. דאָרט איז געווען א קליינער פוילישער פארטיזאנישער אָטריאד, וועלכער האָט עקזיסטירט קלוימערשט ווי א טעפער־אַרטעל. אזויווי לייזער איז שוין געהאט געווען בא יענע טעפער פרילינג, נאָך דעם, ווי ער איז אנטלאָפן פונעם לאגער פאר קריגסגעפאנגענע, האָט ער איצט געדאַרפט דורכפירן מיט זיך אהין צוויי קינפטיקע פארטיזאנער — א שטאָטישן כאוואר, וועלכער האָט אויך געמוזט נעלעם ווערן, און פײַוּוקע נימאנען, דאָס באָכערל, וואָס איז געבליבן שטעקן בא יוזעף קאטשורן. געגאנגען איז מען דורך די נעכט, מיט אומוועגן און שטעגן, און אין א וואָך ארום בעשאָלעם זיך דערקליבן אין וואלד.

לייזער האָט דאָ געדאַרפט זיך פארהאלטן ניט לאנג — א כאדאָשים צוויי, אזויפיל, וויפל עס האָט געקאָנט דויערן אײַנאָרדענען אין א פארלאָזטער מיל ניט ווײַט פון א פארוואָרפענעם פאָלוואַרק א קלייניקע געהיימע דרוקערײַ. פײַוּוקע נימאן האָט אים מיטגעהאָלפן: ווײַט ניט קיין געשולטער ארבעטער, איז ער כאָטש געווען א שיק־ייִנגל אין א טיפּאָגראפיע און געהאט אן אנונג אין דעם פאך.

אין א קאלטער פינצטערער דעקאַבער־נאכט האָט מען געמאָלדן לייזערן, אז ער ווערט ארויסגערופן קיין קאָדנוו. אין דער דרוקערײַ וועט שוין דאָ זיך ווי־ניט־איז מוזן ספראווען פײַוּוקע אליין.

צוריק אין שטאָט האָט לייזער זיך דערקליבן מיט דער אײַזנבאן אף דעם זעלבן אויפן, ווי ער איז ארויסגעפאָרן פונעם ארבעטס־לאגער: זיכערע מענטשן האָבן אים אריבערגענומען פון איין לאָקאָמאָטיוו־טענדער אפן צווייטן. אינעם וואך־שטיבל פון דעפּאָ האָט אים באגעגנט טשעסלאווס א פארבינדלער און אָנגעזאָגט אזעלכע נײַעס, אז לייזער איז מאמעש שיקער געוואָרן פאר פרייד: הינטער מאָסקווע האָט די רויטע ארמיי אָנגעהויבן א קאָנטער־אָנגריף און מע טרײַבט דעם דײַטש אף מײַרעוו; אין קאָדנוו און אין דער אומגעגנט זײַנען עטלעכע אנטיפאשיסטישע קאמפּס־גרופּעס שוין פארייניקט אונטער איין אָנפירונג, און מע דערוואַרט, אז די טעג וועט געשאפן ווערן אן ארבעטער־פארטיי.

טשעסלאווס שאַליעך האָט איבערגעגעבן לייזערן א באפעל אוועקלאָזן זיך אין געטאָ. אין אָוונט וועט יערוכעם ליכטציִער וואַרטן אף אים בא זיך אין קעלער, פונוואַנען עס פירט אן אונטערערדישער ארויסגאנג אף יענער זײַט געטאָ־וואנט. לייזער איז שוין איין מאָל געהאט ארויס אף דער „ארישער זײַט" דורך יענער הייל, אזוי אז געפינען וועט ער זי לײַכט. דער כאַווער האָט באטאָנט, אז לייזער ווערט געשיקט אין געטאָ, קעדיי מיטהעלפן דער קאמפס־אָרגאניזאציע צוקלײַבן מענטשן, וועלכע וועלן מיט דער צײַט אָפּגעשיקט ווערן אין וואלד צו די פארטיזאנער. אין געטאָ ווערט די לאגע אלץ שווערער, די דײַטשן גרייטן זיך ארויסשיקן אן עשעלאָן קאָדנווער ייִדן קלוימערשט אף מיזרעך, נאָר ווו איז די זיכערקײַט, אז מע וועט די מענטשן ניט ארײַנוואַרפן אין נאָך אן ערגערן גענעם? קיין גוטס פון די פאשיסטן איז, פארשטייט זיך, ניטאָ וואָס צו דערוואַרטן.

מיט אָט דעם סכום נײַעס, פריידיקע און ביטערע, איז לייזער טכילעס נאכט אוועק אינעם קליין־וויסליאנער געסל, צו די פעלדזן אפן הויכן ווײַסל־ברעג, געפונען דאָרט דעם קונציק באהאלטענעם ארײַנגאנג אין הייל, און אין עטלעכע מינוט ארום האָט ער שוין אָפּגעטרייסלט פון זיך די ערד בא יערוכעמען אין קעלער. באם קאַנעצל, וואָס דער שווארצער כמורנער יונג האָט אן אײַנגעהויקערטער געהאלטן אין האנט, ווײַל אויסגלײַכן זיך דאָ איז ניט שײַעך געווען, האָט לייזער גענומען וואַשן זיך די הענט אין א טעפּל וואַסער.

2

נאָך א געניטעם שמועס מיט יערוכעמען איז לייזער אוועק אהיים. יערוכעם האָט אים באגלייט. די נײַעס, וועלכע לייזער האָט געבראַכט, האָבן טיף אופגערודערט דעם דאָזיקן גאנץ געצוימטן, צוריקגעהאלטענעם מענטשן. עס האָט זיך אים געוואָלט נאָך און נאָך א מאָל הערן

אַלץ, וואָס לייזער האָט דערציילט, — סײַ וועגן רוסלאַנד, סײַ וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט און אין וואַלד. ער האָט פון מאָל צו מאָל שטיל עפּעס איבערגעפרעגט און אַליין באַלד אָפּגעשטעלט לייזערן:

— אַהאַ, נו, יאָ, שווײַג...

די שמאָלע טיר פונעם צימער אָפן צווייטן שטאָק, וווּ די קרעמעזס האָבן געוווינט, האָט זיך געעפנט, ווען לייזער און יערוכעם זײַנען נאָך געגאַנגען איבער די הילצערנע צעבראָכענע טרעפּ. זיי האָבן דערזען אַ הויכן, דאַרן מאַנצבל, דעם אַדוואָקאַט לעאָן קראַוס, איינעם פון קרע־מעזס שכיינים אין צימער. קראַוס האָט מיט אַ פאַררייכערטן נאַפט־לעמפּל צוגעלויכטן עפּעס אַ מענטשל, אַ ווײַזעלע, אין אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל און מיט אַ היפּשער פּאַטלע זאַרגזאַם־פאַר־קעמטע האָר.

— וואַרט צו, ביטע, הער אַדוואָקאַט, נאָך אַ ווײַלע, — האָט געזאָגט דאָס ווײַזעלע, — באַ אײַך זײַנען אַזעלכע טרעפּ, אַז מע קאָן ברעכן רוק־און־לענד...

לייזער און יערוכעם האָבן זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט און דורכגעלאָזט דעם אומבאַ־קאַנטן. באַ דער שוואַכער שײַן האָבן זיי באַמערקט, אַז יענער האָט אופמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אין זיי, וואָס דאָס איז ביידן ניט געפעלן, און באַגריסט זיך סטאַם אַזוי, פון העפלעכקײַט וועגן...

קעדיי לעאָן קראַוס זאָל פאַר דער צײַט ניט באַמערקן, ווער עס איז געקומען, האָט לייזער אָנגעכאַפּט יערוכעמען פאַר דער האַנט און פאַרהאַלטן אים אױף די טרעפּ נאָך אַ ווײַלע, ביז דער פרעמדער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער און קראַוס האָט זיך אומגעקערט אין צימער. דעמלט האָבן זיי געמאַכט די עטלעכע שפּאַן איבערן קאָרידאָר, און לייזער האָט זיך אָנגענומען פאַר דער קליאַמקע פון דער טיר קימאַט אין דער זעלבער רעגע, ווען קראַוס האָט זי פון אינ־ווייניק צוגעמאַכט.

דער צימער איז געווען אַ שמאָלער און אַ לאַנגער, און ווײַל דאָ האָבן געוווינט, כּוץ די קרעמעזס, נאָך פינף מענטשן, איז ער פאַרשטעלט געווען מיט שירמעס: איינע האָט אָפּגעצאַמט דאָס ווינקל, וווּ ס'האָבן זיך געפונען לייזערס עלטערן, די צווייטע, לעבן פענצטער — דאָס ווינקל פון דעם יונגן פּאָרפּאָלק — מייער און ראַשעלע סאָקאָל, נעענטער צו דער טיר איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ לײַלעך דאָס ווינקל פון לעאָן קראַוס און זײַן גײַסטיק־קראַנקן ברודער עמיל, און לאַכלוטן ניט פאַרשטעלט איז געווען דער אַלטיטשקער נעבע בײַביקס טאַפּטשאַנדל באַם סאַמע אַרײַנגאַנג. כּוץ לעאָן קראַוסן, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיטן לעמפּל אין האַנט, זײַנען אין צימער געווען נעבע בײַביק, ראַשעלע סאָקאָל, לייזערס מאַמע, עסטער, וואָס האָט אין אָנטאָן זיך צוגעשפּאַרט אַף דער בעט. באַם טיש איז אין מאַנטל און אין אַן אָפּגעקראָכענעם שמויסענעם היטל געזעסן אַריע גיטעליס. זײַן שפּיציק בערדל, וואָס איז נאָך גאָר ניט לאַנג געווען שוואַרץ, בלויז דורכגעוועבט מיט איינציקע זילבערנע האָר, איז איצט געווען שניי־ווײַס, די ברעמען — אויך. פאַרכושטקײַט פון אַ טיף־לײַדנדיקן מענטשן און אַ ביסל אויך אָפּגעטאָנענ־קײַט פון דער וועלט — אָט וואָס עס האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אַף אַריע גיטעליסעס שטאַרק געעלטערט פּאָנעם.

באַ לייזערן האָט אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ, ווען ער האָט דערזען אַריען. די פרייד פון זײַן קומען אַהיים, אָט די קנאַפּע פרייד, אַזוי אויך שטאַרק אַ געמיינערטע פון דעם אַלעמען, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער לאַגע אין געטאָ, און דאָס טיפע גליק, וואָס ער האָט פאַרט געטראָפן די מאַמע אַ לעבעדיקע (דעם טאַטן און מייער סאָקאָל איז ניט געווען צו זען — אוודאי זײַנען זיי נאָך פון דער אַרבעט ניט געקומען), — דאָס אַלץ איז מיטאַמאָל פאַרשטערט געוואָרן. לייזער האָט זיך דאַפקע אין דעם זעלבן אויגנבליק אָפּגעגעבן אַ כעזשבן: „ס'איז אַ פּאַשעטע צופעליקײַט, אַריע גיטעליס איז לעאָן קראַוסעס אַ באַקאַנטער, ער וווינט ערגעץ דאָ בישכיינעס און איז סטאַם אַרײַנגעקומען שפּילן אַ פּאַרטיע שאָך, אָן־אָ שטייט טאַקע אָפן טיש אַ פּאַרמאַכ־טע שאָך־ברעט. נאָר וואָס ענטפערט מען אַריען, אויב אים איז באַוווּסט, אַז איך בין געווען צוזאַמען מיט ליאַליען אין אַרבעטס־לאַגער? און אַפילו ניט דאָס איז דער איקער, מע קאָן שטענדיק אָפּקומען מיט אַ „כ'ווייס ניט", — ווי האַלט עס ביכלאַל מיט אָט דעם ליאַליען?"

אַריע גיטעליס האָט קיין באַזונדער אַכט ניט געלייגט דערויף, וואָס עס זײַנען געקומען לייזער און יערוכעם. יערוכעמען האָט ער גיכער פון אַלץ ניט געקענט, און לייזערן ניט דער־קענט מיסטאַמע, געזען אים בלויז איין מאָל, בייסן אַריבערפאָרן אין געטאָ, דעמלט ווען דאַניע גיטעליס האָט דערציילט, אַז ליאַליע בלײַבט אַף דער „אַרישער זײַט". „און עפּשער ווייסט גאָר ניט דער אַלטער, אַז כ'בין ניט געווען היי?" — האָט לייזער געטראַכט.

לעאָן קראַוס, וועלכער איז געווען נעענטער פון אַלעמען צו דער טיר, האָט דער ערשטער געדריקט לייזערן די האַנט, נאָר עפּעס מאָדנע מאָרעשכוירעדיק, גאָר ניט אַזוי, ווי ווען מע באַגעגנט אַ גאַסט. גיטעליס האָט דעם „שאָלעם־אַליינעם" אים אָפּגעשטעקט שוין גאָר צע־

שטרייט און דערשלאָגן. פריילעכער א ביסל, נאָר דאָך צוריקגעהאַלטן, האָבן אים באַגריסט נעכע בײַביק און ראַשעלע. די מאַמע האָט, א הייב טוענדיק זיך פון בעט, אויסגערופן: „אוי, זונע, ס'איז טאַקע דו?" — א זוך געטאָן אים מיט די בלינדע אויגן און באַלד שוין געצאַפּלט אין זײַנע אָרעמס. „עפּשער איז עפּעס מיטן טאַטן געשען?" — איז בא לייזערן דורכגעלאָפן א געדאַנק. נײַן, דאָס ניט, ער האָט דאָך געפרעגט בא יערוכעמען, צי איז אין דער היים אַלץ אין אָרדענונג. יערוכעם איז ניט פון די, וואָס פאַרשווײַגן דעם עמעס.

עפּעס האָט יערוכעם זיך נאָכגעפרעגט בא קראַוסן, וועלכער האָט שוין אוועקגעשטעלט דעם לאָמפּ אַפן מיט טיש. לייזער האָט אוועקגעזעצט די מאַמע אַפן בעט און זיך צוגעהערט.

— וועמען האָט איר עס מיט אזויפיל קאָוועד אַרויסבאַגלייט, פאַניע קראַוס? — האָט יערוכעם געפרעגט, צוזעצנדיק זיך אַפן ראַנד פון נעכע בײַביקס טאַפּטשאַנדל.

— וועמען? — קראַוס האָט אָנגעכמורעט די געדיכטע ברעמען, אַריבערגעפירט דעם בליק פון די שמערצלעך־צוגעזשמורעטע און מאָדנע גלאַנצנדיקע אויגן פון איינעם אַפן אַנדערן, — דעם מאַלעך־האַמאָוועסעס אַפּטייקער...

— עפּעס גאָר ניט קיין רעספּעקטאַבעלער שאַליעך... — יערוכעם האָט קראַוסעס ווערטער אָנגענומען פאַר א שפּאַס, א מאָרעשכוירעדיקן, אָבער דאָך א שפּאַס.

— וואָס פאַר א רויפע, אזא אַפּטייקער, — האָט קראַוס געענטפערט, — אַגעוו, האָט ער גאַנץ געהויבענע קליִענטן... דער פּרעזעס פון יודען־ראַט איז אויך געווען זײַן קליִענט...

יערוכעם איז בלאַס געוואָרן. זײַן ווילנספול געזיכט מיט די בוילעטע קינבאַקן און מיט דער פעסטער, עטוואָס פאָרויס אַרויסגערוקטער קין האָט זיך א צוק געטאָן פון קוים געהאַמעוועטער אופגעבראַכטקײַט. דער פּרעזעס פון יודען־ראַט, מענאַשע צימערשפּיץ, איז ערשט נעכטן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד — אײַנגענומען קאַלי־ציִאַניד, ווײַל די אָקופּאַנטן האָבן געפאָדערט, ער זאָל צונויפשטעלן א צעטל פון מענטשן, וואָס דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן מיטן ערשטן עשעלאָן. וועגן דעם האָט יערוכעם דערציילט לייזערן נאָך אין קעלער. דער פּרעזעס איז שטיל אוועק פון דער וועלט, ווען דינען ווײַטער דעם סוינע האָט אים שוין ניט נאָר דער געוויסן ניט דערלויבט, נאָר עס האָט אויך קיין זין ניט געהאַט. איז, הייסט עס, נאָרוואָס דאָ געווען א סאַם־פאַרקויפער?..

— טאַקע אן אַפּטייקער, — האָט אַריע גיטעליס טרויעריק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — א ראַיעלע זאַך... מע האָט אים געבראַכט מיט דער פּאַרטיע שלעזישע יידן... מאָריס גליוווער... א פּראָוויזער פון גראָס־סטרעליץ...

— א זשוליק! — נעכע בײַביק האָט פון טיפער ערגערניש געקאַלופּעט מיט א נאָגל די בראָדעווקע אַף דער קין. — זײַט מיר מויכל, רעב אַריע, אן אַפּטייקער דאַרף מען צוליב דעם זײַן?.. מיר זאָגט ער, דער מאַיאָפּעסניק: „און איר, מומינקע, ציטערט אַלץ פאַרן קניפּל?" פאַר א כעט ציטער איך, א בראַנד אין זײַנע ביינער... כ'וויים ניט, ווי אין די קליינע אויסיעלעך שטייט געשריבן, רעב אַריע קער עס בעסער וויסן, נאָר אויב מיר איז פון גאָט באַשערט צו לעבן אַף דער וועלט כאָטש נאָך איין שאָ, פאַרוואָס זשע זאָל איך זי בא זיך אַליין צונעמען?..

— עמעס, — אַריע האָט צוגעשפּיליעט דעם מאַנטל און אזוי זיך א נעם געטאָן באַם האַלדז, ווי עס זאָל אים פעלן לופט, — א מענטש איז ניט דער באַלעבאָס איבער זײַן אייגענעם לעבן, ער דאַרף אָבער אמאָל זאָרגן וועגן אַנדערע, שוואַכערע נעשאָמעס. צוויי אַמפּולקעס האָב איך זיך אײַנגעשאַפן. צוויי, ניט קיין דרײַ. כ'וואָלט אויך א דריטע אײַנגעהאַנדלט. ווען כ'קאָן זי איבערגעבן דעם, פאַר וועמען זי וואָלט עפּשער געווען א גאולע... אָבער פאַר זיך דאַרף איך קיין סאַם ניט.

אין צימער איז געווען אזוי שטיל, אַז מע האָט געהערט, ווי עס פּלאַטערט מיט א שטילן טרישטש דאָס פלעמל אינעם פאַררייכערטן גלעזל. לייזער האָט א טראַכט געטאָן: „צוויי — דאָס מיינט ער דאָניען מיטן אייניקל. און דער דריטער זאָל זײַן ליאַליע? איז ער נאָך גאַנץ?" יערוכעם איז געזעסן ווײַט, ער האָט אין דעם האַלב־טונקל אפילע לייזערס פרעגעוודיקן בליק ניט באַמערקט. פרעגן בא דער מאַמע צי בא ראַשעלען, — זיצט אַריע דערבײַ.

אין דער שווערער שטילקײַט האָט דער אַלטער גיטעליס זיך ווידער מיט פאַרביטערונג אין שטים אָנגערופן:

— יאָ, מאָריס גליוווער איז ניט גאָטס שאַליעך, און מיר האָט ער נאָך געזאָגט א דאַנק פאַר מעקלערײַ... אָ? איז עס נאָך איינער א כעט מײַנער?

— גאָר קיין כעט ניט, פאַניע אַריע, — האָט לעאָן קראַוס כמורנע און מיט קאַלטער באַהערשטקײַט זיך געזאָגט, — איך האַלט ניט פון גאָט־זאַכן, דאָס איז קיין סאָד ניט... האַלעמײַ זאָל איך לייקענען. ניט נאָר וועגן קראַנקן ברודער זאָרג איך. איך האָב געקויפט צוויי אַמפּולקעס, און גוט, וואָס זיי ליגן בא מיר אין קעשענע... בייס ס'ווערט שווער, ניט אויסצוהאַלטן,

דאַרף מען האָבן אַן אייגענעם וואַריִאַנט פֿון אַן אַנשטענדיקן ענדשפּיל. איך בין פֿולשטענדיק מסכּים מיטן פּרעזעס צימערשפּיץ.

— זעט איר, — יערוכעם האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די דלאָניעס אין די קני און עטוואָס אָנגעבויגן דעם פֿעסטן גוף פֿאָרויס, — כ׳וויל ניט באַריידן קיין טויטע, און בכלל איז הײַנט בא אונדז אַ שטיקל סימכע — אַ גאַסט, — ער האָט אַ ווײַז געטאָן מיט די אויגן אויף לייזערן, — נאָר אויב איר ווילט וויסן מײַן מיינונג, וואָלט איך צו אַט דעם פּראָוויזער נאָך קיין הילף ניט אָנגעקומען. נעכע בײַביק איז געווען — מע דאַרף האָבן שטאָלץ און מוט אויסצוהאַלטן ביזן סאָף, אַפֿילו ביזן סאַמע ביטערן סאָף... נאָר קוידעמקאָל דאַרף מען טאַקע זיך פּרוּוון עפּעס טאָן, קעדיי ניט אומקומען סטאַם אַזוי...

— האַרציקע מײַנע, רעדט ניט וועגן טויט, איצט האָט דאָס לעבן אַליין זיך אומגעקערט צו אונדז אין שטוב, — האָט עסטער פֿון איר ווינקל זיך אַ בעט געטאָן, — איר זעט דאָך, אַז אויך איצט טרעפֿן ניסים.

— יאָ, מאַמעשי, ניסים טרעפֿן, — האָט לייזער איר געענטפֿערט, — ניסים טרעפֿן, אָבער נאָר מיט דעם מענטשנס הילף.

פֿון דער אַרבעט זײַנען געקומען נויעך קרעמעז און מייער סאָקאָל. זיי האָבן ראַשיק זיך אַרומגענומען מיט לייזערן, פֿאַרשטעלטערהייט אים געגומען אויספֿרעגן, וויאַזוי און וואָס, ניט געוואָלט עפּשער זיך אַרויסכאַפּן מיט אַן איבעריק וואָרט פֿאַר אַריען. דער אַלטער האָט, עמעס, זיך ניט געמישט, פֿאַרטאָן געווען אין זײַנע געדאַנקען און איז געזעסן, ווי איינער, וועלכער האָט ניט וווּהין זיך צו אײַלן און איז ניכע זיך דערוואַרעמען בא אַ פֿרעמד שטיקעלע נאַכעס. אַבי מע גיט אים ניט אָנצוהערן, אַז ער איז אַן איבעריקער, אַבי מע האָט פֿאַרגעסן אין אים. בלויז ווען יערוכעם האָט גערעדט, האָט ער אופֿמערקזאַם אין אים זיך אײַנגעקוקט, פֿאַרכידעשט צי דערשיטערט פֿון זײַנע ווערטער, איצט אָבער האָט ער צעעפֿנט די שאָך־ברעט, אויסגע־שטעלט אויף איר עטלעכע פֿיגורלעך און באַקלערט די קאָמבינאַציע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן.

לייזער האָט זיך צוגעבויגן צו מייערן, וועלכער איז געזעסן לעבן ראַשעלען אויפֿן ראַנד פֿון זייער בעט — די שירמע איז געווען אָפּגערוקט צום פֿענצטער. מייער האָט זיך אויך צוגע־בויגן, און לייזער האָט אים אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער:

— איר׳ט דאָ ניט געהערט, וואָס איז מיט זײַן זון, מיט ליאַליען?

— אין געסטאַפּאָ... ס׳אַ סוואָרע, אַז מע האַלט אים נאָך דאָרטן...

צי אַריע גיטעליס האָט דערהערט זייער שעפּטשען זיך (ער איז געזעסן עטוואָס מיט אַ זײַט צו לייזערן און מייערן), צי בלויז דערפֿילט זייערע בליקן אויף זיך, נאָר ער האָט שווער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איבערגעשטעלט אַ פֿיגורל. לייזער האָט געטראַכט: „ער ווייסט טאַקע מיסטאָמע ניט, אַז כ׳בין מיט ליאַליען געווען אין לאַגער. נאָר עס קאָן אויך געמאָלט זײַן, אַז ער וואַרט אויף אַ געלעגנהײַט צו פֿרעגן בא מיר עפּעס וועגן זון. וואָס קאָן איך אים זאָגן און וואָס ווייס איך?“

דער שמועס באַם טיש האָט ווידער זיך געדרייט אַרום דעם פּרעזעסעס טראַגישן טויט.

— ווער זשע איז איצט ראָש־האַקאָהאָל? — האָט נעכע זיך נאָכגעפֿרעגט.

— קיין נײַער פּרעזעס איז נאָך ניטאָ. לאָזט כאָטש זילבערטן קומען צו זיך פֿונעם שווערן פֿאַרלוסט, — האָט מייער סאָקאָל געזאָגט מיט ביטערן כוויזעק.

— יאָ, דער נאַצי נעמט זיך עס טאַקע שטאַרק צום האַרצן. ווי מיינט איר, ער האָט הײַנט אוואַדע קיין וואָרעמעס ניט געגעסן! — בא יערוכעמען האָבן די אויגן אַ גלאַנץ געטאָן, אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען איבער זײַן פּאָנעם. — מע דאַרף אָפּטאָן אַזוינס, אַז בא אַזאַ נעפֿעש, ווי זילבערט, זאָל ניט נאָר דער אַפּעטיט פֿאַרפֿאַלן ווערן... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין, הינטער מאָסקווע ראַנגלען זיך מענטשן אויף לעבן און טויט און מע טרײַבט שוין דאָרט דעם דײַטש, אַן אָנגריף האָט זיך אָנגעהויבן...

— אַן אָנגריף? — האָט סאָקאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן. — פֿונוואַנען ווייסטו?

יערוכעם האָט בלויז אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אויף לייזערן און פֿאַרגעזעצט מיט נאָך מער אופֿגעבראַכטקייט.

— מע טרײַבט שוין די פֿאַשיסטן צוריק אויף מײַרעוו, גייט מען דאָך אונדז אויך ראַטע־ווען! און מיר וועלן דאָ זיצן און וואַרטן? און שלײַדערן פֿאַר אַ גראָשן דאָס לעבן אַ ליאַדע דײַטש אונטערן שטיוול? מע דאַרף, אַז בא די האָמענס, די דאָזיקע אומענטשן, זאָל ציטערן די הויט, אַז ווו זיי שטייען און ווו זיי גייען, זאָלן זיי מוירע האָבן פֿאַרן אייגענעם שאָטן! און עס זײַנען שוין גראָד דאָ מענטשן, וואָס וועלן עס גוט באַוואָרענען...

לעאָן קראַוס האָט מיטביידע הענט צוזויפֿגעפּרעסט דעם קאָפּ.

— איז אַט דאָס, הייסט עס, דעם מענטשנס שטאָלץ... אָבער ווער קאָן מיר פאַרווערן זײַן באַלעבאָס איבער מײַן אייגענעם לעבן?

— איך פאַרשטיי אײַך, — האָט יערוכעם מיט א פּלוצעמדיקער צאַרטקײַט אין שטים געזאָגט, — אָבער פאַרשטייט מיך אויך, אויב שטאַרבן, איז זאָל זײַן פאַרוואָס.

— דאָס איז שוין דער פעלער פון אונדזערע עלטערן: מע האָט אונדז געלערנט לעבן, נאָר ניט געלערנט שטאַרבן...

— ניט ריכטיק! אָט הענגט דאָ אין צימער א בילד פון איינעם, וואָס האָט געוווּסט, וויאַזוי און פאַרוואָס צו שטאַרבן. און אָט איז די מוטער, וואָס האָט אים דערצויגן. און ער איז דען דער איינציקער? און זײַן ברודער, לייזער, זוכט דען אַנדערע, לײַכטערע, וועגן?

עסטער האָט אופגעציטערט פון אָט די ווערטער יערוכעמס. אירע בלינדע אויגן זײַנען געווען ברייט צעעפנט. זי האָט שטיל געזאָגט:

— אוי, קינדער, קינדער! וואָס זאָל טאָן א מאַמע? איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי אַלץ, און כ'בענטש אײַך.

— און טוט נאָר א קוק אויף רוסלאַנד... דער קאַמף גייט דען דאָרטן בלויז אויפן פראָנט?.. — יערוכעם, א צעהיצטער, האָט געוואָלט פאַרזעצן זײַן געדאַנק, נאָר נעכע בײַביק, וועלכע איז געזעסן לעבן אים, האָט זיך צוגערירט מיט דער האַנט צו זײַן אַקסל. ער האָט זיך אומגעקוקט.

— רייד, רייד, יערוכעמציע, — האָט זי געזאָגט, — א מאַלעך לייגט דיר אַרײַן די ווערטער אין מויל...

נאָר יערוכעם האָט מיטאַמאָל שווער א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַנשוויגן געוואָרן.

בא דער אַלטער נעכע האָט זיך א קרים געטאָן דאָס געזיכט און עטלעכע דריבנע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט איבער די צעקנייטשטע באַקן מיט די בראָדעווקעס.

— און מײַנע קינדער... ווו זײַט איר, זין מײַנע? אַז זיי זײַנען אויף מיזרעך אַוועק, קיין רוסלאַנד, האָב איך געוווּסט — זיי טוען רעכט. איצט מוזן זיי דאָרט זײַן אין סאַמע פײַער. מײַנע זין זײַנען ניט קיין פּלאַכעס!

אַריע גיטעליס האָט אָפּגערוקט די שאָך-ברעט, א פּאָר פיגורלעך זײַנען אומגעפאַלן. זײַן בלאַס פּאָנעם איז געווען א ביסל פאַרפלאַמט, די קליינע שוואַרצע אויגן האָבן פיבערדיק געלויכטן, דאָס בערדל האָט געציטערט. ער האָט שוין עטלעכע מאָל אופגעהויבן דעם קאָפּ מיט אַזא אויסדרוק, ווי ער וואָלט עפּעס וועלן זאָגן, נאָר ניט וואָגן אַרײַנפאַלן יענעם אין די רייד. איצט האָט ער געזאָגט מיט זײַן אָנגענעמער, שטילער, נאָר קלאָרער שטים:

— אַז דער סאָטן נעמט צו דעם בעניאָכיד, איז מען ווי א קיילע, פון וועלכער מע האָט אַרויסגענומען די איינציקע בלום. א פּוסטע קיילע... כ'ווייס ניט, גאָט האָט מיך געבענטשט צי געשטראָפט מיט א זון... אַמאָל איז ער געווען מײַנער, דערנאָך איז ער געוואָרן דער וועלטס, שפּעטער — דעם סאָטנס, און וועמעס איז ער איצט, ווייס איך ניט, עפּשער האָט אים שוין די ערד צוגעדעקט... כ'ווייס ניט, וואָס זיך אַליין ענטפערן. כ'ווייס ניט, וואָס זאָגן זײַן קינד, כ'ווייס ניט, וואָס ענטפערן דער אײדע... נאָר איינס ווייס איך יאָ: א מענטש טאָר ניט זײַן שאָפל, כי לא כך נוצרתי[1]... רעב אַקיווען האָט דאָס פאָלק געגעבן א זון — באַר-קאָכבען. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, — ער האָט געוואָרפן א באַגײַסטערט-לויכטנדיקן בליק אויף יערוכעמען, לייזערן, מייערן, — אויב עס וועט צווישן די יונגע זיך געפינען א באַר-קאָכבע, וועט צווישן אונדז, אַלטע, זיך אָפּזוכן א רעב אַקיווע...

3

ס'איז אַוועק א טאָג, און אין געטאָ האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די אָקופּאַנטן האָבן געפונען א נײַעם פּרעזעס פון יודען-ראַט — דעם שלעזישן אַפּטייקער מאָריס גליוווער.

מע האָט אַפילו דערציילט, וויאַזוי דאָס איז געשען.

א ייִדישער אָרדענונגס-פּאָליציאַנט האָט פאַרהאַלטן מאָריס גליווערן מיט א היפּש פּעקל סאַם-קאַלבעלעך און אָפּגעפירט אים אין אַרעסט-הויז. אהער איז פּונקט געקומען זילבערט. דער-הערט, פאַרוואָס מע האָט דעם ייִדן אַרעסטירט, האָט ער געזאָגט:

— זעלבסטמאָרד איז דער גוטער ווילן פון יעדן מענטשן. מיר קאָנען ניט האָבן גאַרנישט קעגן דער טעטיקײַט פון דעם דאָזיקן קערל, וואָס שטעלט צו סאַם יענע לײַט, וועלכע ווילן אַוועק אין הימל אויסער דער ריי...

---

[1] קי לוי קאָך נויצאַרטאָ — ניט צוליב דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך אים פאַרוואָלט אליין א קוק טאָן אפן סאָם־פּאַרקויפער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן גליוּוערס קאַריערע.

אָף מאָרגן נאָך דעם, ווי מאָריס גליוּוער איז געוואָרן פּרעזעס פון יודען־ראַט, איז שוין גרייט געווען דאָס צעטל פון די ערשטע טויזנט יידן, וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערן.

די געטאָ האָט זיך אופגעכאַפּט אין א רעגנדיקן כמורנעם קאַיאָר — מע האָט געקלאַפּט אין טויערן און טירן, געפּויקט אין פענצטער. דאָס זײַנען פּאָליציי־לײַט געגאַנגען נאָך די, אָף וועמען עס האָבן שוין געוואַרט וואַגאָנעס. גלײַך פון די בעטן, פון די אָנגעוואָרעמטע שמאַטעס, אין וועלכע מע האָט זיך, יעדערער אין זײַן ווינקעלע, אײַנגעניורעט, האָט מען געשלעפּט עלנטע קינדער, אַלטע לײַט, קאַליקעס. עס זײַנען אוועק צום עשעלאָן אַלע אײַנוווינער פון מוישעוו־זקיינים, דאָס יעסוימים־הויז.

לעאָן קראַוסן האָט מען גאַנצפרי אַרויסגערופן אין יודען־ראַט, האָט שוין נעכע בײַביק זיך אויך אופגעהויבן, קעדיי אָנרײַבן פאַר אַלעמען צום פּרישטיק רעטעך פונעם קלײנינקן גערטנדל, וואָס אין הויף. דער אַלטיטשקערס אויגן האָבן געטערערט פון דער אָנגעבראַקטער ציבעלע, מיט וועלכער זי האָט דעם רעטעך איבערגעמישט. פּלוצעם האָבן זיך דערהערט שווערע גוּילעמשע טריט אָף די טרעפּ. באַלד האָט אופגעפּראַלט די טיר, א דײַטש מיט אַן עסעס־שאַרבנדל אפן העלם איז שטיין געבליבן אפן שוועל:

— ווער איסט פראַו בײַביק? שנעלער!

— אוי, גאָט מײַנער! — האָט די אַלטיטשקע א קרעכץ געטאָן און אַרויסגעלאָזט דאָס מעסער פון האַנט. דער עסעסאָווּעץ האָט געגעבן א שפּאַן אין א זײַט און זיך צעריטשעט:

— שנעלער קאָם!

א באָרוועסער, אין איין העמד איז אַראָפּ פון בעט מייער סאָקאָל, אויך לייזער האָט זיך פלינק אופגעהויבן. נעכע האָט מיט ציטערנדיקע הענט צונויפגענומען אין א ציכל, וואָס זי האָט אַראָפּ־געכאַפּט פון קישן, א ביסל זאַכן, לייזער האָט אַרויסגענומען פון טיש־שופלאָד דאָס רוילעכע ברויטל, וואָס מע האָט נעכטן באַקומען פאַרן גאַנצן צימער, און עס אויך אַרײַנגעוואָרפן אין ציכל.

— ניין, ניין, — האָט נעכע געזאָגט, — גיט מיר נאָר א שטיקל!

— אײַ, הערט שוין אוף! מירן דאָ ווי־ניט־איז איבערקומען דעם טאָג!

די אַלטיטשקע האָט פונדעסטוועגן געוואָלט אַרויסשלעפּן דאָס ברויטל פון ציכל, נאָר ס׳איז שוין געווען מיט עפּעס פאַרלייגט, האָט זי א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— קאָם!

— נו, מענטשן טײַערע, כ׳גיי אין פינצטערן וועג, — האָט נעכע בײַביק געזאָגט שטיל, נאָר אַזוי, אַז אַלע האָבן געהערט, — אויב איר וועט אין דרײַ כאַדאָשים אַרום קיין יעדיִע פון מיר ניט האָבן, צינדט אָן ליכט...

— שנעלער קאָם, אַלטע! — האָט דער עסעסאָווּעץ איבערגעכאַזערט און פאַריכט אונטער דער קין דאָס רימענדל פון דער קאַסקע.

נעכע בײַביק האָט בלויז א קוק געטאָן אָף אים. איר ברייטלעך פּאָנעם מיט בראָדעוועקעס אָף די צעקנייטשטע באַקן איז איצט שוין געווען רויִק.

— אויב מײַנע זין וועלן נאָך דער מילכאָמע וועגן זיך צו וויסן געבן, איז זאָלט איר זיי זאָגן, אַז זייער מאַמע האָט זיך פאַרן טויט ניט געשראָקן. איר זאָלט עס זיי זאָגן — אַזא איז מײַן ראָצן. און א נאָמען וויל איך נאָך זיך — נעכאָמע... כ׳האָב מײַן זאַך אָפּגעטאָן — דער וועלט געגעבן זין. נו, זײַט געזונט, און זאָל אײַך דער אייבערשטער באַשיצן און באַשירעמען.

זי האָט גענומען דאָס פּעקל, נאָר שוין בא דער טיר זיך אָפּגעשטעלט, א קוק געטאָן אין ווינקל פון די סאָקאָלס, ווו ראַשעלע איז געזעסן א דערשראָקענע.

— כ׳ווינטש דיר א גרינג האָבן, האַרצעניו...

דער עסעסאָווּעץ האָט זי א שלעפּ געטאָן פאַרן אַרבל.

נאָך דעם, ווי נעכע איז אוועק, איז מען אין צימער געזעסן פאַרציטערטע. איין לייזער האָט גענומען אומשפּאַנען מיט שטילע טריט פון טיש צום פענצטער און צוריק, און אַזוי, מע זאָל ניט באַמערקן, אַלעמאָל געוואָרפן א בליק אין געסל. ער האָט געזען, ווי מע האָט נעכטן צוגעפירט צו א גרופּע מענטשן, וועלכע זײַנען מיט פּעקלעך אין די הענט אונטער א וואַך געשטאַנען באַם טויער פון קעגנאיבערדיקן הויף, דערנאָך — ווי מע האָט זיי אַלעמען אוועקגעטריבן צום ראָג.

פּלוצעם האָט פון דרויסן זיך דערטראָגן א פאַרצווייפלט קינדערש געשריי. לייזער האָט א שפּאַן געטאָן צום פענצטער. אַן עסעסאָווּעץ האָט געשלעפּט א קינד, א שוואַרצינק מיידעלע אין א צעשפּיליעטן פּאַלטעלע, וואָס איז געווען אַרופגעוואָרפן גלײַך אפן לאַנגן נאַכט־העמד, אין גרויסע שטעקשיך אָף די באָרוועסע פּיסלעך.

דאָס פאַרצווייפלטע געשריי האָט זיך איבערגעכאַזערט: דאָס מיידעלע האָט פאַרלאָרן א שטעקשוך, אָנגעבויגן זיך נאָך אים, און דער עסעסאָווען האָט זי א שטויס געטאָן מיטן שטיוול. לייזער האָט דערזען דעם קינדס געזיכט, א צעקרימטס פון שרעק און ווייטעק. „דאָס איז דאָך ניוטעניע גיטעליס! — האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן. — און ווו איז דאָניע? ווו איז רעב אריע?"

די מאַמע האָט געבראָכן די הענט און געשעפּטשעט:

— גאָט אין הימל, פאַרנעמסט ניט אונדזער צאַר, איז פאַרנעם דאָס וויי־געשריי פון קליינע קינדער!

4

אַף אַרויסבאַגלייטן דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון געטאָ איז צוגעטראַכט געוואָרן א מין געזעגענונגס־קאָמעדיע. די מענטשן, ניט אַזוי די, וואָס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן, ווי די, וואָס זײַנען פאַרבליבן, האָבן ניט געטאָרט זיך אָנשטויסן, וווּהין דער טראַנספּאָרט גייט. ס'האָט געזאָלט הייסן, אַז דאָס פירט מען די ייִדן אַף נײַע וווין־ערטער, ערגעץ אַף מיזרעך. מאָריס גליוווער האָט, לויט זילבערטס פאַראָרדענונג, אָנגעשריבן א רעדע. די, וואָס פאָרן אַפּ, האָט ער אָנגערופן „ווײַטזיכטיקע לויטע, געערטע פּיאָנערן, וואָס רופן אַרויס לויב און באַגײַסטערונג", געווונטשן זיי „געזונט און גליק אַף די נײַע ערדן". די רעדע, איבערגעזעצט אַף דײַטש, האָט זילבערט באַוויזן עמעצן אין שטאָט און אומגעקערט זי גליווערן אָן אויסבעסערונגען.

גאַנצפרי איז אַפן „אומשלאַג־פּלאַץ" געקומען אין פולן באַשטאַנד דער יודען־ראַט. מע האָט אויך קלוימערשט פאַרבעטן אַהער (און אין דער עמעסן געבראַכט אונטער א וואַך) א פּאָר צענדליק כאָשעווע לײַט פון געטאָ — דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און צווישן זיי אויך דעם אַדוואָקאַט לעאָן קראַוס. מע האָט דערוואַרט, אַז דער שטאָט־הויפּטמאַן אַליין וועט אַהער אַראָפּקומען.

סאַמע פון אָנהייב האָט זיך אָבער באַקומען ניט אַזוי, ווי עס איז געווען פאַרטראַכט. צום עשעלאָן האָט מען די מענטשן געמוזט טרײַבן מיט גוואַלד. פיל פון די, וואָס זייערע פאַמיליעס זײַנען געווען אין די צעטלען, האָבן, פילנדיק, אַז אַף זיי קאָן פאַלן דער גוירל, זיך באַצײַטנס באַהאַלטן. האָט מען גענומען כאַפּן און פירן צו די וואַגאָנעס סתּם אַלטע לײַט און אַפילע ניט גאָר קיין אַלטע אויך. פון יעדן געסל האָבן זיך געטראָגן גוואַלדן, ערגעץ־ווו האָבן שוין אָפּגעהילכט אויך עטלעכע שאָסן.

די פּערצן פראַכט־וואַגאָנען זײַנען צוביסלעך פאַרפולט געוואָרן. די עסעס־לײַט און די ייִדישע פּאָליציאַנטן זײַנען מאַמעש געקראָכן פון דער הויט. מאָריס גליוווער האָט געקנייטשט אין קעשענע דאָס פּאַפּירל מיט זײַן רעדע, ניט וואַגנדיק דערמאָנען זילבערטן וועגן איר. דער אָבערשאַרפירער, א רויטער, אַן אויפגערעגטער, מיט אַן אַרויסגעשטעלטער אונטערשטער ליפּ, איז אַרומגעגאַנגען לענגויס די וואַגאָנעס און לײַכט געפּאַטשט מיט דער נאַהײַקע איבער דער כאַליעווע פון שטיוול. די פּאָרשטייער פון געטאָ זײַנען געשטאַנען אין א קופּקעלע דערשראָקענע און פאַרקאַלייעטע פון קעלט.

אַזייגער צען אינדערפרי איז אַף זײַן גרויער מאַשין געקומען צום „אומשלאַג־פּלאַץ" דער שטאָט־הויפּטמאַן. א פולבלעכער, פעסט אײַנגעצויגן אין זײַן בלוילעך־גרויער אוניפאָרם, איז ער אַרויס פון דער מאַשין און א ביסל א צי זיך געטאָן, ברייט צעשטעלנדיק די פיס אין די לאַקירטע שטיוול, א רײַב געטאָן איינע אין דער אַנדערער די הענט אין זאַמשענע הענטשקעס. זילבערט האָט ראַפּאָרטירט, אַז צו די אָנגעמערקטע טויזנט פעלן נאָך סאַכאַקל פּערצן פּערזאָן. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט זיך געלאָזט גיין פאַרבײַ די וואַגאָנעס. ווי נאָר ער האָט געמיטן א וואַגאָן, האָבן עסעס־לײַט פאַרוקט די טירן, פאַרלייגט די אײַזערנע קליאַמקעס און אַרומגעדרייט זיי מיט דראָט.

מע האָט געבראַכט נאָך עלף מענער און פרויען און אַרײַנגעשפּאַרט זיי אין דעם איינציקן אָפענעם וואַגאָן, דער שטאָט־הויפּטמאַן איז געשטאַנען אַן אָנגעבלאָזענער אין זײַן הויכן עסעס־היטל און געוואַרט. זילבערט האָט זיך אויסגעקערעוועט צו גליווערן און אַזוי, אַז דער שעף זאָל ניט זען, אים א דראָע געטאָן מיטן פויסט. גליוווער האָט ניט געהאַלטן, אַז ער האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט, און אָט די דראָונג זילבערטס, איז ער געווען זיכער, האָט א שײַכעס צו די אומדאַנקבאַרע געטאָ־אײַנוווינער. דער פּרעזעס פון יודען־ראַט האָט אָבער געמאַכט דערפון אויך אַן אויספיר: זײַן רעדע דאַרף מען ניט, און ער האָט דאָס פּאַפּירל שוין אינגאַנצן צונויפגעפּרעסט אין פויסט.

נאָך צוויי מענטשן האָבן געפעלט צו טויזנט.

דערווײַל האָט גענומען מאַראַקען א רעגנדל. דער שטאָט־הויפּטמאַן איז געוואָרן אַלץ אומגעדולדיקער.

מע האָט געבראַכט א קראַנקן אַף א טראָגבעטל. א גרײַזער און א דאַרער, איז ער געזעסן

אן אײַנגעהויקערטער און געקוקט מיט מוטנע אויגן אפֿן שטאָט־הויפּטמאַן. נאָר באַם פֿאַשיסט איז דאָס פּאָנעם געווען ווי אויסגעהאַקט פֿון שטיין.

מע האָט געבראַכט אן אַלטיטשקע אין א שאַבעסדיקער שאַל. זי האָט געטראָגן א קליין פּעקעלע אונטערן אָרעם. איצט האָט שוין בלויז איינער געפֿעלט צו טויזנט. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אן אָנגעדרודלטער געמאַכט עטלעכע טריט לענגויס זײַן בלויער מאַשין, וועלכע איז אַלץ מער באַדעקט געוואָרן מיט דינינקע טראָפּנדלעך רעגן. ער האָט מיטן פֿינגער אין הענטשקע א פּיר געטאָן איבערן גלאָז פֿון דער קאַבינע און מיט לאַנגווײַל און אומגעדולד געקוקט אפֿן געסל, וואָס האָט געפֿירט צום „אומשלאַג־פּלאַץ". זילבערט האָט נערוועז אָט פֿאַרדרייט דעם רימען פֿון זײַן נאַהײַקע אף דער האַנט און אָט אים אָפּגעוויקלט.

ענדלעך האָט מען געבראַכט דעם טויזנטסטן ייִד — עמיל קראַוסן. ער איז געגאַנגען א צעפּאַטלטער, דאָס אָנטאָן אף אים איז געווען צעריסן, די אויגן — גרויסע און דולע — האָבן געפֿינקלט מיט רוגזע. צוויי פּאָליציי־לײַט האָבן אים אונטערגעשטופּט.

לעאָן קראַוס איז געוואָרן א פֿאַרציטערטער. ער האָט נאָך מער א האָרבע געטאָן זײַן סוטו־לעוואַטע פּלייצע און טייקעף זי ווידער אויסגעגלײַכט, שטאָלץ פֿאַרהויבן דעם קאָפּ. עמיל איז שוין קימאַט צוגעגאַנגען צום וואַגאָן, נאָר פּלוצעם זיך אומגעקוקט און דערזען דעם ברודער. ער האָט זיך א בייג געגעבן און געפּרוּווט זיך אויסדרייען פֿון די, וואָס האָבן אים געהאַלטן. נאָר די פּאָליציי־לײַט האָבן אים גענומען שלעפּן פֿאַר ביידע הענט, אונטערגעהויבן אונטער די פּאַכוועס און אַרײַנגעשטופּט אין וואַגאָן.

לעאָן קראַוס האָט געמאַכט עטלעכע טריט צום שטאָט־הויפּטמאַן.

— דאָס איז מײַנער א ברודער, — האָט ער געזאָגט; זײַן לענגלעך געזיכט האָט ניט אויסגעדריקט ניט קיין געבעט, ניט קיין פּאַכעד. — ער איז א גײַסטיק־קראַנקער. אן אומ־באַהאָלפֿענער. זאָל דער הער שטאָט־הויפּטמאַן מיר דערלויבן מיטמאַכן מיטן ברודער די רײַזע...

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט באַטראַכט דעם ייִדן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. יענער איז געווען הויך, און ווײַל ער איז געשטאַנען נאָענט, האָט דער פֿאַשיסט געדאַרפֿט א קאַפּעלע פֿאַרהייבן דעם קאָפּ. איבער זײַן פֿעטן, ברייטן פּאָנעם האָט א גליטש זיך געטאָן א שמייכעלע, אין די אויגן זײַנען אומגעשפּרונגען לוסטיקע פֿײַערלעך.

— ביטע, — האָט ער געזאָגט, — דאַן וועט דאָך אָבער אין טראַנספּאָרט זײַן טויזנט און איין יודע. אָך, צוליב פֿאַמיליען־אָנגעלעגנהײַטן קאָן מען די זאַך פֿאַריכטן.

לעאָן קראַוס איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום עשעלאָן, בלויז עטוואָס אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צום לעצטן וואַגאָן, וווּהין מע האָט דעם ברודער אַרײַנגעשטופּט. אין דער מינוט האָט ער אָבער געקוקט אפֿן שטאָט־הויפּטמאַן און ניט געזען, אז פֿון וואַגאָן מאַכט צו אים מיט א האַנט נעכע בײַביק. זי איז געשטאַנען א צעפּאַטלטע — אין דער שטיקעניש האָט עמעצער אַראָפּגעריסן בא איר פֿון קאָפּ די שאַל — און ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פֿון לעאָן קראַוסן, ווואַרטנדיק, ער זאָל כאָטש נאָך א ביסל אויסדרייען דאָס געזיכט צו איר. מיט איין האַנט האָט די אַלטיטשקע געהאַלטן עמיל קראַוסן פֿאַרן אַרבל און מיט דער צווייטער, אופֿגעהויבענער, האַנט געפּאָכעט אָן אופֿהער, דערמיט האָט זי געוואָלט געבן צו פֿאַרשטיין לעאָנען, ער זאָל זיך ניט באַאומרויִקן. זי וועט אפֿן קראַנקן האַשגאָכע געבן. לעאָן קראַוס האָט אָבער באַמערקט נעכען שוין נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען די האַסקאָמע פֿונעם שטאָט־הויפּטמאַן. ער האָט זיך געלאָזט צום וואַגאָן.

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אויך באַמערקט די ייִדענע, וואָס האָט אַזוי ענערגיש זשעס־טיקולירט בא דער אָפֿענער טיר פֿון וואַגאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט א האַנט און מיטן פֿינגער באַוויזן, זי זאָל צוגיין. אן עסעסאָווע האָט פֿאַרן קלייד אַראָפּגעשלעפּט נעכען און צוגעפֿירט זי צום שטאָט־הויפּטמאַן. דער אַלטערס פּאָנעם האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם אויסדרוק פֿון אָנשטרענ־גונג און זאָרג, אויך פֿאַרלוירנקײַט פֿון דעם, וואָס מע האָט זי ראַפּטאָם אָפּגעריסן פֿון די מענטשן אין וואַגאָן. שטייענדיק פֿאַרן פֿאַשיסט, האָט זי די אויגן געקאָסיעט צו די מיטגלידער פֿון יודען־ראַט און צו די „אײַנגעלאַדענע", ווי זי זאָל שטום פֿרעגן, אין וואָס באַשטייט איר שולד, און בעטן בא זיי שוץ. נאָר דאָ האָט זי מיטאַמאָל באַמערקט דאָס ווײַזעלע מיט דער שוואַרצער פּאַטלע — מאָריס גליוורן, וועלכער האָט כניפֿעדיק און גלײַכצײַטיק מיט שאַדנפֿרייד גע־שמייכלט. נעכעס פּאָנעם האָט זיך איבערגעקרימט פֿון כּאַס.

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט באַטראַכט די ייִדענע. אף איר שלייף, ווו די הויט איז געווען דין און טרוקן, האָט זיך געזען א פֿרישער דראַפּ, בלוט האָט פֿון דאָרט אַראָפּגערונען און אַרום א האָריקער בראָדעווקע אף דער באַק אָנגעהויבן פֿאַרטריקנט ווערן.

2*

— אלטע, — האָט ער געזאָגט, — דו ביסט די טויזנט ערשטע, אָן איבעריקע. קאָנסט, לײדער, ניט מיטפאָרן. נאָר דו באַלעסטיקסט דעם װוין־באַצירק. אָך, האָסט שוין אַזױ אױך צופיל געלעבט.

ער האָט אַ לוסטיקן װוּנק געטאָן צום עסעסאָװעץ, װעלכער איז געשטאַנען הינטער נעכע בײַביקס פּלײצע, און מיטן בליק אים באַװיזן אױף דער קאַבורע, װאָס איז געהאַנגען אױפן רימען. דער עסעסאָװעץ האָט אָנגעכאַפּט די אַלטע פאַרן קאָלנער.

נעכע האָט אַ ציטער געטאָן, נאָר נאָך אײן װײַלע װײַלע זיך פון אָרט ניט גערירט, װי זי װאָלט צו דער ערד צוגעװאַקסן. זי איז עפּעס װי טונקעלער געװאָרן אין דער רעגע.

— דאָס זײַט איר דער גלאַװנער עסעסאָװעץ? — האָט זי געפרעגט, פּונקט װי די פרעמדע האַנט זאָל זי פאַרן קאָלנער ניט האַלטן.

— יאָ, — האָט דער שטאַט־הױפּטמאַן געענטפערט.

— אױסװורף! — האָט נעכע מיט קױעך אַ שפּײַ געטאָן דעם פאַשיסט אין פּנים. דער שפּײַ האָט אים געטראָפן אױפן קין און אױף דעם שטײענדיקן, מיט זילבער אַרומגעלײגטן קאָלנער. זילבערט האָט זיך אַ װאָרף געטאָן צום שעף, דער עסעסאָװעץ האָט אַ װאַלגער געגעבן נעכען אױף דער ערד, מיט אײן האַנט זי געגומען שלעפּן אין אַ זײַט און מיט דער צװײטער פאַנאַנדער־געשפּיליעט די קאַבורע פון פּאַראַבעלום.

דער שטאַט־הױפּטמאַן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום עסעסאָװעץ, יענער זאָל זיך אָפּשטעלן. אַרױסגענומען פון דער הינטערשטער הױזן־קעשעניע אַ קלײנעם טונקעלן בראַונינג, איז ער מיט געמאָסטענע טריט צוגעגאַנגען און אױסגעשאָסן איר אין נאַקן. זי האָט זיך נאָך אַ דרײ געטאָן, אונטערגעהױבן זיך אױפן עלנבױגן, אױסגעקערעװעט צו אים דאָס שװאַרץ געװאָרענע פּנים מיט אַ שטום צעעפנט מױל. דער שטאַט־הױפּטמאַן האָט װידער אױסגעשאָסן, דאָס מאָל אינעם מױל, װאָס איז אָפן געװען עפּשער פאַר אַ נײַעם שפּײַ.

5

די װאַגאָנעס, אַלע פאַרכאַסמעטע, זײַנען נאָך געשטאַנען אױפן „אומשלאַג־פּלאַץ". מע האָט געװאַרט אױפן לאָקאָמאָטיװ, װאָס האָט זײ געדאַרפט אַװעקפירן פונדאַנען. די, װעמענס אײגענע עס זײַנען דאָרט געװען פאַרשפּאַרט, האָבן אַלץ זיך געשטופּט אַרום דעם הױכן הילצערנעם פּלױט, װאָס האָט זײ אָפּגעטײלט פונעם װיסטן פּלאַץ, געבעטן זיך ראַכמים בא די עסעסאָװצעס, װער — מע זאָל אים צולאָזן צו די װאַגאָנעס עפּעס איבערגעבן, װער — מע זאָל אים אױך פאַרנעמען, װײַל דאָרטן איז אַ נאָענטער מענטש, אײנגאַנצן אָן אומבאַהאָלפענער, װאָס אָן אים איז דאָס לעבן ניט ניכצע... און מער פון אַלעמען האָבן דאָ געצאַפּלט מאַמעס, װעמען מע האָט צעשײדט מיט די קינדער. זײ האָבן אױף זיך געריסן די קלײדער, געדראַפּעט זיך דאָס לײַב, גע־פאַלן כאַלאַשעס, נאָר די עסעסאָװצעס האָט עס ניט גערירט — זײ האָבן רויִק געדײכערט, גע־װערטלט זיך, געלאַכט, אײנער האָט אַפילו געשפּילט אױף אַ מױל־האַרמאָניקע. דאָ זײַנען סראָװ געװען יונגע דײַטשן, װאָס האָבן געהאַלטן, אַז טאַקע אין דעם באַשטײט זײער בראַװקײַט און זײער טרײַהײַט דעם פירער — אין פולקומער האַרצלאָזיקײַט.

געװען זײַנען דאָ, באַם שלאַגבאַום, פון גאַנצפרי אָן אױך דאַניע און אַריע גיטעליס.

אײדער דער אומגליק איז געשען, איז ניוטעניע שוין אַ פּאָר טעג געלעגן צו בעט, — באַקומען אַ גריפּ. באַנאַכט האָט זי געברענט אין היץ, און דאַניע איז אײנדערפרי, װי נאָר ס'איז מעגלעך געװען, אַװעקגעלאָפן נאָך אַ באַקאַנטן קינדער־דאָקטער. אַריע איז אַװעק אין דער געטאָ־אַפּטײק נאָך אַ רעפּוע, װאָס מע האָט זי אין אָװנט ניט באַװיזן באַקומען, װײַל עס האָט זיך אָנגעהױבן די „קאָמענדאַנטן־שאָ" — די צײַט, װען מע טאָר ניט גײן איבער דער גאַס. געװױנט האָבן די גיטעליסעס אין אַן אַלגעמײנער דירע, נאָר אין אַ באַזונדער פּיצינק קעמערל, װוּ ס'איז אַפילו קײן פענצטער ניט געװען. דאָס קנאַפּע ביסל שײַן איז אַרײַנגעדרונגען דורך דער קיך, װוּהין די טיר איז מערסטנטײל געשטאַנען אָפן. און אָט האָבן זיך אַרײַנגעריסן אַן עסעסאָװעץ און אַן אָרדענונגס־פּאָליציאַנט. זײ האָבן געזוכט אַריע גיטעליסן — גלײַװער האָט אים אײַנגעשלאָסן אין צעטל פון די, װאָס דאַרפן דעפּאָרטירט װערן. דערהערט, אַז דער אַלטער איז אין דער הײם ניטאָ, זײַנען די כאַפּערס, קעדײ זיך איבערצײַגן, אַרײַן אין קעמערל און דערזען דאָס קראַנקע קינד.

— גיטעליס? — האָט געפרעגט דער דײַטש.

— גיטעליס, — האָט געענטפערט אַ שכײנע, מײנענדיק, אַז דער דײַטש װײסט װעגן דעם מײדעלעס באַרימטן פאָטער, — זי שפּילט אױך, — און באַװיזן אױפן פידל, װאָס איז געהאַנגען אױף דער װאַנט. — קראַנק געװאָרן... קראַנק...

— דאָס מאַכט ניט אויס! גיטעליס? — האָט איבערגעפרעגט דער עסעסאָווער. — צום טראַנספּאָרט!

דאָס אַלץ האָט דאַניע, ווען זי האָט זיך אומגעקערט מיטן דאָקטער, אַפילו ניט באַוויזן אויסהערן. זי איז ווי אַ דולע אַוועק צום „אומשלאַג־פּלאַץ". אינגיכן האָט אַריע זי דאָרט אָפּגע־זוכט. ער האָט זיך געמאָלדן צום אונטערשאַרפיורער, וואָס האָט געהאַט צו שאַפן איבער די עסעסאָווצעס, וועלכע האָבן באַוואַכט דעם אַרײַנגאַנג אַפן „אומשלאַג־פּלאַץ". אַריע האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט מען אים געזוכט לויטן צעטל און פאַרנומען גאָר דאָס מיידעלע, דאָס אייניקל. זאָל מען אים דערלויבן זי פאַרבײַטן.

דער דײַטש האָט בלויז געשמייכלט און פאַנאַנדערגעפּירט מיט די הענט:

— די וואַגאָנעס זײַנען שוין געשלאָסן. אינגיכן וועט מען געוויס אַוועקשיקן נאָך איין טראַנספּאָרט, וועט דער יודע דאָרטן, אַפן נײַעם אָרט, אָפּזוכן זײַן אייניקל.

איבערצײַגט זיך, אַז מע קאָן זיך דאָ גאָרנישט ניט דערשלאָגן, איז דאַניע געפאַלן אַף אַ פאַר־צווייפלטן געדאַנק. זי האָט זיך באַהערשט, אָפּגעפּירט דעם שווער אין אַ זײַט און הארבלעך געפרעגט:

— איר האָט דערציילט, אַז לייזער קרעמעז איז דאָ און אַז ער איז פון ערגעץ געקומען. אַזוי?

— יאָ.

— ווי איז ער אַרײַן אין געטאָ?

— ווער פרעגט דען אַזוינס?

— איך מוז וויסן, ווי ער איז אַהער אַרײַן!

אַריע גיטעליס האָט אַ קוק געטאָן אַף דער שנור. ער האָט געוווסט: זי איז אַ גוטע, אַן איידעלע, אָפּטער — אַ טרוימעריש־פאַרטראַכטע, אַמאָל — אַ העפקערדיק־שטיפעריִשע, אַמאָל אַזאַ, וואָס אויס קלוימערשטיקער פרווישער אומבאַהאָלפנקײַט וואַרט זי, מע זאָל איר העלפן גראָד דאַן, ווען זי קאָן זיך לײַכט אַליין אַן אייצע געבן. נאָר דאָס אַלץ זײַנען געווען בלויז שאַטירונגען פון איר שטימונג. ביכלאַל אָבער איז זי אַן אַנטשלאָסענע, אויב נאָר מע דאַרף, אַ צילגעווענדטע, אַן ענערגישע, אַזאַ, וואָס דולדעט ניט קיין פּשרות, שרעקט זיך ניט פאַר קיין שטערונגען, אַבי זי ווייסט נאָר, אַז זי איז גערעכט. און ער האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, אַריע, צוליב וואָס דאַניע דאַרף וויסן, ווי איז לייזער אַרײַן אין געטאָ. ער האָט געפרעגט:

— מיינסט גיין?.. עפּשער בעסער איך, דאַניע?..

— אין אָוונט וואָלט איר געגאַנגען, מע קאָן אָבער ביז נאַכט ניט וואַרטן. איך מוז אַרויס.

— און לייזער וועט דיר זאָגן?

זי האָט בלויז אַ קוק געטאָן אַפן שווער, און ער האָט פאַרשטאַנען: זי וועט אַרויס, זי וועט דורך וועגנט דורכגיין.

לייזער האָט ניט גלײַך געענטפערט, ווען דאַניע האָט אים קורץ דערציילט וועגן דער געשעעניש און געזאָגט, וואָס זי פאַרלאַנגט פון אים. ער האָט געזען: אַ גרויסער קויעך בושעוועט אין אָט דער בלאָנדער, ניט הויכער, אויסערלעך אַפילו שוואַכער פרוי, און עס וועט איר קלעקן מוט אַף אַלץ.

— גוט, — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — קומט, דאַניע, כ׳דאַרף זיך דורכשמועסן וועגן דעם מיט איינעם אַ מענטש...

אַפן וועגן צום פעלדזן־געסל, ווו עס איז בא דער אַלטער וואַנט געווען יערוכעמס הויז, האָט לייזער געפרעגט:

— צו וועמען קלײַבט איר זיך ווענדן אין שטאָט? מע מעג עס וויסן?

זי האָט אַ קוק געטאָן אַף אים מיט אירע גרויסע בלויע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק דער־מאָנט אין צעשויבערטע קאָרן־בלימלעך. איצט זײַנען זיי געווען ווי קאַלט, אַנטבלויזט שטאָל. אַף זײַן פּאָנעם האָט זי איבערגעלייענט ניט בלויז מיטלייד, נאָר אויך האָפענונג, אַז זי איז זיך ניט טויע. דאָס האָט דאַניען צוגעגעבן זיכערקײַט, און זי האָט שטיל געענטפערט:

— מיר האָבן דאָרט אַ באַקאַנטע פּריצטע... נו, יענע, איר ווייסט, וואָס ליאַליעס מאַמע האָט זי אַמאָל געראַטעוועט... זי האָט מיר געטאָן אַ סאַך שלעכטס, זייער אַ סאַך, נאָר כ׳וועל איר אַלץ מויכל זײַן. זאָל זי מיר נאָר אויסלייזן ניוטעניען...

לייזער האָט געשוויגן. ער האָט געוואָרט, דאַניע זאָל נאָך עפּעס זאָגן, עס איז געווען קלאָר: בא דער דאָזיקער פּריצטע האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ליאַליע, נאָר ווּדליק יענער האָט אַליין דערציילט זײַוועלע בענצן, זײַנען די, וועלכע האָבן אים געהאַלטן בא זיך, ניט שולדיק געווען אין דעם, וואָס ער איז אַרײַנגעפאַלן אין לאַגער. וואָס זשע האָט די פּריצטע אָפּגעטאָן דאַניען? ליאַליע האָט געהאַט געזאָגט, אַז ער איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיטן ווײַב, האָט

עפשער דאַניע דאָס אין זינען? יאָ, גיכער פון אַלץ טאַקע דאָס. אַנדערש וואָלטן אויך זי און דאָס קינד געפונען א באַהעלטעניש בא אַזא באַלכויוו.

לייזער האָט פאַרזיכטיק באַמערקט:

— זי איז, דאַכט זיך, א פּוילישע, די פּריצטע?

דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז בא די דײַטשן זײַנען אַפילו פּריצים, אויב נאָר זיי זײַנען פּאָליאַקן, ניט קיין גרויסע מעיוכאָסים.

— א פאָלקס־דויטשן... איר זון, עריך קאַפּליין, איז אַן עסעס־אָפּיצער און אַרבעט אין בערלין. ס'א סוואָרע, אין געסטאַפּאָ.

— א ציאַצקע! — האָט לייזער ניט אויסגעהאַלטן. — ווי זשע קומט עס, וואָס ער שלעפּט ליאַליען ניט אַרויס פון געסטאַפּאָ? און עפשער האָט ער אים שוין אַרויסגעשלעפּט?

זי האָט מיט געהאַמעוועטן פאַרוואורף א קוק געטאָן אַף לייזערן. די לעפלעך פון איר שיינער, קורצער נאָז האָבן געגנומען פלאַטערן, די ברעמען זײַנען זיך צונויפגעקומען, דערפון האָט זיך אַפן שטערן אויסגעלייגט א פאַראַקשנט קנייטשעלע.

— כ'ווייס ניט, ווי עס האַלט דאָרט מיט ליאַליען. זיי מוזן מיר ראַטעווען דאָס קינד!

לייזער האָט אַרויסגערופן יערוכעמען אין קאָרידאָר און געזאָגט, צוליב וואָס דאַניע וואַרט אין הויף. יערוכעמס געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט ווײַסע פלעקן, אַזוי פעסט האָט ער צונויפ־געפרעסט די ציין. פאַר קאַס האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט:

— ביסט כאָסער־דייע...

— אָבער זי גייט ראַטעווען דאָס קינד, יערוכעם...

— א פאַשיסט איז ווי דער טויט. אַז ער נעמט צו, איז אַף שטענדיק. ווייסט דען ניט?

— דאַניע וויל עס ניט וויסן. זי איז א מאַמע. זאָגן מיר איר אָפּ, בלײַבן מיר די שולדיקע. עפשער ניין?

— רוף זי אַרײַן!

זי איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון קאַדנוווּ, א שטאַלטנע, א גראַציעזע, אין איר בלויען זײַדענעם רעגן־מאַנטל, אין א היטעלע פון דעם זעלבן קאָליר (אַזוי האָט זי זיך צוגעפּוצט, ווען זי האָט אײַנדערפרי זיך אָוועקגעלאָזט צום דאָקטער), געגאַנגען גיך, ענערגיש געפּאַקט מיט די צונויפגעפרעסטע פויסטן. מאַנצבלען האָבן זי באַגלייט מיט די אויגן, נאָר בּיכלאַל האָבן זיך געטראָפן ווייניק מענטשן אין גאַס, ס'איז געווען ווינטיק, רעגנדיק, יעדערער האָט געאײַלט, וווהין ער האָט געדאַרפט, אַרײַנגעצויגן דעם האַלדז אין אויפגעשטעלטן קאַלנער, אַנגערוקט דעם הוט אָדער דאָס טיכל אַפן שטערן.

בייס מע האָט פאַרטריבן די יידן אין געטאָ, האָט דאַניע געשווירן בא זיך, אַז ביז מע וועט די פאַשיסטן ניט פאַרניכטן, וועט איר פוס די דאָזיקע גאַסן ניט באַטרעטן. און אָט איז זי פאַרט אַף דער קליין־וויסליאַנער, אַף דער וואַוועלסקער, אַף דער גרויסאַרטיקער יאַגעלאָנער, און ווײַטער גייען שוין ווידער אַלטע שמאָלע גאַסן מיט קאַסטיאָלן, וואָס זײַנען פאַרדריקט אין ענגע הויפן, מיט קליינע קרעמלעך און האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, דערנאָך — ראַכוועסדיקע גרינע ראַנד־גאַסן, דער צווייטער עק שטאָט... זי וואָלט, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט נעמען א טאַקסי אָדער כאָטש אַרײַן אין טראַמוויי, נאָר ניט געהאַט בא זיך קיין געלט. און ווער ווייסט בּיכלאַל, וועלעך געלט עס גייט דאָ אָן. מע וואָלט אויך קאָנען מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זי האָט פאַרגעסן נעמען געלט פון דער היים, אַזא זאַך איז מען געוויינלעך מויכל א יונגער צעשטרייטער פרוי, נאָר ס'איז א ריזיקע — טאָמער טשעפּעט מען זיך גראַד צו? ניין, בעסער דערקלײַבן זיך צו־פוס, גיכער, גיכער...

ווי ווײַט עס איז סאָפי קאַפּליינס ווילע! העט הינטער דער שטאָט, אין א גרויסן פּאַרק, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ווײַסל... טאַטע־פאָטער, ווי פּילט זיך דאָרט ניוטעניע? וואָס טוט זי, ווער גיט דאָרט אַכטונג אַף איר, אַף דער קראַנקינקער און אומבאַהאָלפענער, אין פינצטערן וואָגאָן?

ניין, מע דאַרף ניט ווײַטער טראַכטן, און מע דאַרף זיך ניט דערמאָנען, ווי זי איז ניט איין מאָל געגאַנגען אַהער מיט ליאַליען, און ווי מע איז דערנאָך אַהער געקומען צו פאָרן אַף א מאַשין מיט דער קליינער ניוטעניע... מע קאָן מעשוגע ווערן, אָט דאָ, בא דער זײַט שליאַך, אומפאַלן... גיכער, גיכער, כאָטש צו שטאַרק זיך אײַלן טאָר מען אויך ניט...

וועגן איין זאַך האָט דאַניע ניט געטראַכט, געפלײַסט זיך ניט טראַכטן: וואָס וועט זי זאָגן סאָפי קאַפּליין, וויאַזוי וועט זי בּיכלאַל זיך טרעפן מיט איר. די פאַרשטייענדיקע באַגעגעניש האָט זי פאָרט א ביסל געשראָקן. נאָר דאָס איז דאָך צוליב ניוטעניען, קעדיי ראַטעווען ניוטעניען. וואָס קאָן דאָ זײַן שרעקלעך צי אומאָנגענעם? וואָס פאַר א באַדײַטונג האָט עס!

א טויער פון אײַזערנע שטאכעטן, געפארבט אין שווארצן. דאָס טירל — אויך אין זעלבן סטיל. אן עלעקטריש גלעקל. אָנגעקלונגען. דער אלטער דארלעכער הויז־וועכטער, דער זעלבער, וועלכער איז דאָ אלע יאָרן געווען, א זאכלעך־שטרענגער אין זײַן שווארצער ליוורײ, אײַלט איבערן מיט זאמד באשאָטנעם שטעגעלע. ער ווײסט זי דערקענען אָדער ניט? ניין, ניט דער־קענט, און עפשער מאכט ער דעם אָנשטעל. בא די דאָזיקע אויסגעמושטרירטע לײַט קאָן מען גאָרנישט ניט וויסן. נאָר דורכגעלאָזט אין הויף האָט ער זי און איז מיט א גאנץ זשוואוון גענגל אוועק מיטיילן דער פאני סאָפי.

דאַניע איז געשטאנען אונטן, אין גערוימען וועסטיביול, פון איר מאנטל איז אַף די טופל, אפן פארקעט אראָפגערונען רעגן־וואסער. פון א ווײַטן צימער אפן צווייטן שטאָק האָט זיך דערטראָגן מוזיק — עמעץ האָט געשפילט פּיאַנע... ליאַליע? אזוי באצויבערנדיק האָט געקענט שפּילן בלויז ער... גריג... דער קאראהאָד פון גנאָמען... גראָטן, פינצטערע גראָטן, וואסער־טראָפּנס פאלן פון דער הייך מיט א קלונג... בערדיקע קארליקעס קומען אָן מיט פאקעלן. ווי גוט וואָלט זײַן אין אזא־אָ גראָט פארבאהאלטן זיך מיט גיוטעניען.

סאָפי קאָפּליין, אין א היימישן כאלאט, האָט זיך באוויזן אַף די טרעפּ. אן איבערראשטע איז זי עטלעכע רעגעס געבליבן שטיין, ניט וואגנדיק אראָפּלאָזן זיך ווײַטער. דאַניע האָט האסטיק געמאכט עטלעכע טריט צו איר, האָט סאָפי זיך ווידער גענומען אראָפּלאָזן. אָן א באגריסונג, אָן א שאָקל מיטן קאָפּ האָט דאַניע אָנגעהויבן ריידן צו איר, געזאָגט, נאָך וואָס זי איז געקומען.

— שוויענטא מאריאַ! א קינד, אליין אין טראנספּאָרט?.. וווהין זשע ווײסט מען עס פירן? אָן דער מוטער? נאָך וואָס?..

— עריך ווייסט געוויס אלץ... מע זאָגט, אז אין רוסלאנד... עריך טאָר דאָס ניט דערלאָזן!

— יאָ, עריך, עריך, מײַן עריך!.. אָך! — פאני סאָפי האָט צוגעדריקט די פינגער צו די שלייפן, צעשויבערט די קונציק אָנגעדרייטע לאָקן. — דאָרט איז בא מיר א מאגניטאָפאָן אויבן... מע דארף אים אויסשליסן... — זי האָט א פּאטש געטאָן אין די דלאָניעס, באלד האָט אַף די טרעפּ זיך באוויזן א דינסט: — שליסט דאָרט אויס, ביטע, זאָל אופהערן שפּילן!.. — און צו דאַניען: — עפשער ווײסט די פאני אויסטאָן דעם מאנטל? ניין? איז זאָל זי זײַן אזוי גוט און מיטגיין ארוף, אין קאבינעט... טייקעף ווײסט באשטעלט ווערן א שמועס מיט עריכן. ער איז דאָך אלץ אין בערלין.

אין קאבינעט, ווען דער שמועס איז שוין געווען באשטעלט, האָט סאָפי געזאָגט עטוואָס רויִקער, באהערשט:

— זיצט, ביטע. זעצט זיך, ווו אײַך איז באקוועמער. מיר קאָנען ריידן און ניט ריידן, ווי איר ווילט...

דאַניע האָט ניט געוואָלט ריידן. זי האָט זיך אײַנגעהערט: קיין מוזיק האָט זיך מער ניט דערטראָגן. גאָר א מאגניטאָפאָן! און אויב דאָס איז ניט עמעס? אלציינס! איצט קער שוין די קאָדנווער טעלעפאָניסטקע איבערגעבן דעם ארויסרוף קיין בערלין, און עפשער גייט גאָר דער שמועס דורך ווארשע? יאָ, ווײַזט אויס, דורך ווארשע. קאָן עס דויערן לענגער. אוי, און די וואגאָנעס, זיי שטייען נאָך? עפשער האָט מען זיי שוין צוגעטשעפּעט צו א לאָקאָמאָטיוו און אוועקגעפירט צו דער סטאנציע? נאָר דאָרט וועלן זיי אויך א ביסל שטיין, געוויינלעך איז אזוי...

פאני סאָפי איז געזעסן בא דער זײַט פון שרײַבטיש. מיט א שיינער געקעכלטער האנט, פון וועלכער דער ברייטער ארבל האָט זיך אראָפּגעשארט, האָט זי אונטערגעשפּארט די קין. א בלאסלעך־ראָז, אויסגערוט געזיכט, נאָר ווייל מיטליד, פארלוירנקײַט און אָנשטרענגונג עס איז איצט צו לייענען אַף דעם. מיט די פינגער פון דער צווייטער האנט הוידעט זי דעם מירמל־שטיינערנעם פּרעספּאַפּיע. דער גרויסער זייגער, וואָס שטייט אין א שמאָלן, לאנגן שאפּקעלע אפן דיל, צווישן צוויי פענצטער, ציילט רעגלמעסיק די רעגעס... א קלונג! דער זייגער? ניין, דער טעלעפאָן!

סאָפי האָט א ציטער געטאָן און אײַליק גענומען דאָס טרײַבל:

— עריך? ס׳איז איך... יאָ, יאָ... ניין, ניט פארבענקט זיך... עריך!

זי האָט אים אלץ דערציילט. דאַניע איז אופגעשטאנען פונעם שטול, אָנגעבויגן דעם קער־פּער פאָרויס. ווען מע קאָן וויסן, וואָס ער ענטפערט! דאָס הארץ קלאַפּט אזוי, אז עס רוישט אין די אויערן. נאָר עפּעס איז סאָפי קאָפּליין געוואָרן שטארק בלייך.

— נו, איך וויס, עריך, ס׳איז פּאָליטיק... אָבער מענטשלעכקײַט איז ניט אָפּגעשאפן, עלע־מענטארע מענטשלעכקײַט?.. עריך!

ווידער שטיל. דאָס בלוט איז אינגאנצן אנטרונען פון סאָפי קאָפּליינס געזיכט. זי שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט פעסט, מיט פארביטערונג:

— רעכט, עריך, רעכט, איך וועל פאַרגעסן, אַז איך האָב אַ זון, נאָר דאָס מאָל דאַרפסטו העלפן... אַנדערש...

זי האָט שטאַרקער צוגעדריקט דאָס טרײַבל, מיט דער פרײַער האַנט פיבערדיק זיך אָנגע־כאַפּט אין ברעג פון טיש, און דאָך איז ענלעך געווען, אַז זי וועט באַלד אומפאַלן.

— עריך! — האָט זי העכער אויסגערופן. — פאַרשטייסט דאָך, עריך... ניין?!

דאַניע האָט זיך אַ ריס געטאָן צום טעלעפאָן:

— לאָזט מיך, איך וועל אים זאָגן!

זי האָט צוגעטראָגן דאָס טרײַבל צום אויער פונקט אין דעם מאָמענט, ווען עריך האָט מיט אַ שטיפעריש־באַדויערנדיקן טאָן אַרויסגעבראַכט:

— נו, מוטערכען, יאַגווע פאַרלירט איצט יעדן טאָג אַזויפיל קינדער זײַנע, וואָס זשע האָט שוין פאַר אַ באַטרעף נאָך איין קליין מיידעלע?

— הער קאַפּליין. ס'איז דאַניע... איך... איר דערוועגט זיך נאָך שפּאַסן...

— אָ, דאַנערוועטער! — האָט זיך דערהערט אין טרײַבל. אַ קלאַפּ, און דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן.

דאַניע האָט ווי אַ בלינדע זיך געלאָזט פון קאַבינעט. סאָפי איז איר נאָכגעגאַנגען. אונטן, אויף די לעצטע טרעפּלעך, האָט זי געזאָגט:

— איבערצײַגן זיך, אַז דער זון איז אַ טויגעניכץ, אַ כײַע, איז עפּשער שווערער, ווי פאַר־לירן אים... איך ווייס ניט, נאָר מיר איז איצט אויך זייער, זייער שווער.

דאַניע איז געגאַנגען ווײַטער, צו דער טיר, אַ ביסל אָן אײַנגעהויקערטע, אינעם פּיטש־נאַסן רעגן־מאַנטל. סאָפי האָט אײַליק געזאָגט:

— עפּשער וועט איר בלײַבן דאָ?

— ניין, ניין, — האָט דאַניע שטיל זיך אָפּגערופן, — גיין אַהין...

זי האָט קוים, מיט אַ שטויס פון ביידע הענט, געעפנט די שווערע דעמבענע טיר און איז אַרויס.

6

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען לייזער האָט אין אָוונט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט ער אויף די טרעפּ דעריאָגט עמעצן און אין דער פינצטער דערקענט אַריע גיטעליסן.

— שפּעטלעך אַ ביסל, איאָ? — האָט דער אַלטער געזאָגט. — נאָר איך גיי טאַקע צו אײַך פּערזענלעך, לייזער. דאַניע האָט מיך געשיקט נאָך אײַך.

לייזער האָט ניט געזען דאַניען, זינט זי איז אַוועק אין שטאָט. יערוכעם האָט אים שוין דערנאָך דערציילט, אַז זי האָט זיך דאָרט גאָרנישט ניט דערשלאָגן. איצט האָט אים דאַניע גע־רופן. דאָס האַרץ האָט אַ קלעם געטאָן פאַר מיטלייד.

— מיר וועלן גלײַך גיין, צי כ'זאָל שוין אַרויף אין צימער און זאָגן, אַז איך בין דאָ ניט ווײַט? — האָט ער געפרעגט בא אַריען.

— ניין, לאָמיר זיך טאַקע אופהייבן, כ'האָב דאָרט אַליין אויך אָן איניען, כ'דאַרף נאָך עמעצן רופן פאַר אַן איידעס.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַס?“ — האָט לייזער זיך אָנגעשפּיצט. ער האָט ניט געדאַרפט דאָ, אין געטאָ, איבעריקס זיך וואַרפן אין די אויגן, כאָווירים האָבן אפילו געוואָרנט, ער זאָל ביכלאַל אַריבער אויף אַן אומלעגאַלער לאַגע — ניט וווינען אין דער היים, בײַטן דעם נאָמען. און דאָ גאָר פּלוצעם — אַן איידעס. ער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. אָפּזאָגן זיך וועט ער אַלעמאָל באַוויזן.

ביז לייזער האָט איבערגעכאַפּט אַפּגיך אַ שטיקל ברויט מיט אַ גלאָז קאַלטער, ניט קיין זיסער טיי, — די מאַמע איז באַשטאַנען דערויף, — האָט אַריע מיט אַ געבראָכענער שטים דערציילט:

— כ'האָב זיך געוואָלט זעצן שיווע נאָך ניוטעניען, לאָזט זי ניט, דאַניע. זי זאָגט, אַז דאָס קינד לעבט... האָט דאַביוועט אַ רוסישע מאַפּע און קוקט אויף איר גאַנצענע טעג... זוכט אויס פאַרשיידענע שטעט, וווהין עס קאָן פאַרוואַרפן דעם עשעלאָן... ס'האַרץ קאָן פּלאַצן... און עפּשער איז טאַקע בעסער, וואָס זי גלייבט? נאָר ווען איך זאָל קאָנען ניט הערן, וואָס זי רעדט, ווען זי זאָל כאָטש שווײַגן... הײַנט איז זי שוין אַ ביסל ניט אַזוי, אָט האָט זי מיך געשיקט נאָך לייזערן...

אַריע האָט געמוזט זיך אויסריידן דאָס האַרץ; אַ פּריטשמעליעטער פון אומגליק, האָט דער אַלטער ניט באַנומען, אַז אַנדערע איז פונקט אַזוי שווער הערן זײַנע רייד, ווי אים — דאַניעס:

נעכעס און די ברידער קראוסעס פארבעטע געלעגערס האָט מען דערווײַל ניט ארויסגעטראָגן און זיי האָבן שטומערהייט דערמאָנט אין די אָפּוועזנדיקע.

לייזער האָט שנעל זיך אָפּגעפּארטיקט מיט דער וועטשערע און פאָרגעלייגט:

— גייען מיר?

— איר קומט אויך, יונגערמאַן, — האָט אריע זיך געווענדעט צו מייערן. באמערקט ראַ־שעלעס דערשראָקן־אומצופרידענעם בליק, האָט ער צוגעגעבן: — ס'איז דאָ אין הויז, ער וועט זיך באלד אומקערן.

ווען מע איז אראָפּ אפן ערשטן שטאָק, האָט אריע ארויסגענומען פון קעשענע א ליכטל, אָנגעצונדן עס און גענומען זיך אראָפּלאָזן ווײַטער איבער די צעבראָכענע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין א קעלער, א פארוואלגערטן מיט אלטווארג. מע האָט פּאָרזיכטיק זיך דורכגעקליבן צווישן צעבראָכענע בעטלעך, טישן, קאסטנס. אין א ווײַטן ווינקל, ווו ס'איז געווען א פארגראַ־טעט ווענטיליאציע־פענצטערל, פון דרויסן א פארוואָרפנס מיט ערד, האָט אריע איבערגעגעבן דאָס ליכטל מייערן און פון אונטער דעם פרענט אײַזן, אין וועלכן די גראטעס זײַנען געווען אײַנגעפאסט, געהיט גענומען ארויסציִען די רויטע, פון פײַכטקײַט צעגעסענע ציגל, ביז עס האָט זיך באוויזן א לענגלעך בלעכן קעסטל, א גאנץ שמאָלס. געעפנט דאָס קעסטל, האָט אריע ארויסגענומען פון דאָרטן א קאָנטאָר־בוך.

— דאָס איז לעאָן קראוסעס און מײַנע א שוטפעסדיקע זאך, — האָט ער דערקלערט. — איך האָב אײַך אײַנגעלאדן, ווײַל אליין אראָפּלאָזן זיך אהער האָב איך ניט געוואגט... כוץ דעם... לייענט, יונגעלײַט, וועט איר אלץ פארשטיין.

ער האָט אופגעעפנט דעם טאָוול. לייזער האָט ניט הויך איבערגעלייענט:

— „פינקוס געטאָ, אָנגעהויבן אין מײַ 1941, קאָדנוו. מיר ביידע — דער אדוואָקאט לעאָן קראוס און דער כאזן אריע גיטעליס, זײַענדיק טיף איבערצײַגט, אז פארברעכנס ווערן קיינמאָל ניט פארגעסן און ניט פארגעבן און אז דער צוקינפטיקער הויכער געריכט, וועלכער וועט מישפּעטן אלע פאשיסטן ביז איינעם, וועט דארפן האָבן, כוץ זאכלעכע און מינדלעכע, אויך דאָקומענטאלע באווײַזן, האָבן באשלאָסן נעמען אף זיך די אוודע, וויפל עס וועט אונדז קויכעס קלעקן און עס וועט אונדז באשערט זײַן צו לעבן, פינקטלעך און עמעסדיק פארשרײַבן אלץ וועגן די אכזאָריעסן און גוואלדטאטן, וואָס ווערן באגאנגען אין געטאָ, און יעדן בלאט כאסמענען".

אף דעם צווייטן זײַטל פון בלעטל, וואָס לייזער האָט פאָרזיכטיק איבערגעמישט, איז געווען א קורצער איבערבליק פון די העפקיירעסן, וועלכע די אָקופּאנטן האָבן דערלאָזט אין שטאָט ביזן שאפן די געטאָ. דערנאָך איז געווען אָנגעצייכנט דער פּלאַן פון יידישן וווין־ראיאָן און געבראכט דער ערשטער פאקט: זעקס געהאנגענע (אזעלכע און אזעלכע) באם ארײַנפאָר אין געטאָ, דער פאָרזיצער פון גמינע, נעכעמיע וואסערשטיין — דער זיבעטער. לאָקאָניש, שטרענג זײַנען באשריבן געוואָרן אויך אנדערע רעציכעס, און אלעמאָל זײַנען אונטן געשטאנען צוויי כסימעס.

— איצט בין איך געבליבן איינער...

ס'האָט מאמעש דערשיטערט דאָס, ווי אריע האָט ארויסגעבראכט די דאָזיקע ווערטער: זאכלעך פארזאָרגט, פונקט עס זאָל זיך האנדלען וועגן א געוויינלעכער שטערונג אין א געוויינ־לעכער ארבעט, און דאָך, ווי ער האָט זיך ניט באמיט באהערשן, האָט א טיפער ווייטעק און פארלוירנקײַט זיך אָפּגעשטעמפּלט אף זײַן ווירדיקן, עלטערלעך־שיינעם געזיכט.

— כ'בין געבליבן איינער און ווייס ניט, ווּעמען זאָל איך נעמען אף לעאָן קראוסעס אָרט, און צי זאָל איך דעם בוך צונעמען פונדאנען, צי ער מעג דערווײַל בלײַבן דאָ?

לייזער האָט זיך איבערגעקוקט מיט מייערן:

— זאָל ער בלײַבן דאָ. און ווער עס זאָל כאסמענען, וועלן מיר אײַך אויך צוזוכן. איין אייצע וואָלט איך אײַך געגעבן, רעב אריע, דערציילט ניט נאָר וועגן די לײדן, פארשרײַבט אויך דאָס, וואָס איז אונדזער שטאָלץ — ווי מיר צאָלן דעם סוינע שוין איצט. מענטשן וועלן דאָס דארפן וויסן. דער, וועלכער וועט אײַך העלפן, אָנשטאָט קראוסן, וועט שוין זײַן א באָקי אין אזעלכע זאכן אויך.

אריע גיטעליס האָט אוועקגעלייגט דאָס קעסטל אפן פריִערדיקן אָרט, צוגעדעקט עס מיט די ציגל. דעם בוך האָט ער פארבאהאלטן אונטערן מאנטל:

— כ'וועל פארשרײַבן אין דער היים, — האָט ער דערקלערט, — ס'איז שוין דאָ א סאך וואָס צו פארשרײַבן.

מע האָט אין קעלער זיך פארהאלטן לענגער, ווי מע וואָלט דארפן, אויב נעמען אין אכט, אז עס איז נאָענט די צײַט, ווען אין געטאָ ווערט פארווערט אומגיין איבער די גאסן. דאָך האָט

לייזער באַשטימט אוועקלאָזן זיך מיט אריע גיטעליסן צו דאַניען, לעס־ברייערע וועט ער זיך אומקערן אהיים מיט די הינטערהויפן.

דאַניע איז אַן אָנגעטאָנענע געלעגן אויפן בעט, און כאָטש איר געזיכט איז געוואָרן פאַרומערט, די צוגעשוואָלענע אויגן האָבן פיבערדיק געגלאַנצט פון טרערן, וואָס זײַנען עפּשער נאַרוואָס אויס־געווישט געוואָרן, האָט לייזער דאָך באַמערקט, אַז זי האָט זיך אַ ביסל צוגעפּוצט צו זײַן קומען, דערפילט אין איר האַלטונג פאַראָקשנטע אַנטשלאָסנקייט. אַזוי טרעפט אָפט מיט אַ מענטשן, וועלכער האָט איבערגעלעבט אַן אומגליק און הייבט שוין אָן קומען צו זיך, נעמט טראַכטן, ווי אַזוי לעבט מען ווײַטער.

— אַנטשולדיק, וואָס כ'בין אַליין צו דיר ניט געקומען, — האָט זי געזאָגט, — דאָ וועט עפּשער באַקוועמער זײַן צו ריידן. כאָטש דעם — די פּיס, זיי האָבן זיך באַ מיר ווי אָפּגענומען, ווען כ'האָב זיך אומגעקערט פון דאָרטן, פון שטאָט... — זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, נאָר באַלד מיט יענער אַקשאָנעס, וועלכע לייזער האָט שוין באַמערקט אין איר, באַהערשט זיך. — כ'האָב געמיינט: אויס, כ'דאַרף מער גאָרניט... נאָר איצט... די פּיס וועלן מיר שוין דינען, כ'ווייס... און דאָס איבעריקע איז אָפּהענגיק פון דיר, לייזער...

ער האָט ווידער דערפילט די זעלבע פאַרלעגנהייט, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט דערהערט, אַז דאַניע רופט אים. „כ'בין ניט דער, אין וועמען זי דאַרף זיך קלאַמערן", — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, ווייסנדיק, אַז גאָרנישט טאָר אים ניט אָפּווענדן, כאָטש די איינציקע פון דער אָרגאַניזאַציע. אָפּילע אַ פּרײַנטלעכע טויווע, אַ שליכעס קאָנען אים שטערן. נאָר באַלד האָט ער זיך אַליין פאַרגעוואָרפן די דאָזיקע האַרבקייט און אויפמערקזאַם, מיט גרייטקייט אויסהערן און העלפן, אַ קוק געטאָן אויף דער יונגער פרוי.

— זעץ זיך דאָ, אויפן בעט, — זי האָט אונטערגעבויגן אַ ביסל די פּיס אין די וואַרעמע זאָקן, אויף די עלנבויגנס אַרויפגערוקט זיך העכער אויף דער צעקנייטשטער קישן, — ניטאָ זיך באַ אונדז אָפילע וווּ צו זעצן... — און צום אַלטן גיטעליס, וועלכער האָט זיך צוגעמאָסטעט אויף אַ שמאָל טאָפּטשאַנדל: — טוט עפּשער אַ קוק, שווער, קיינער זאָל אין קיך ניט אַרײַנקומען.

ווען אריע איז אַרויס און צוגעמאַכט די טיר, האָט דאַניע נאָך געשוויגן אַ מינוט, פּונקט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַ צייכן פון קיך צי פּראָסט באַטראַכט פון וואָס אָנהייבן, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— כ'מיין, אַז דו ביסט דער, וואָס וועט מיר העלפן... ווײַ, ווי דו ביסט עס ענלעך אויפן ברודער! פּונקט אַזאַ איז ער געווען דאַן... דאַן... — זי האָט ענערגיש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ניט דערפון האָט זי אָנגעהויבן. אָפּגעפּירט דעם בליק אין אַ זײַט, האָט זי פאַרגעזעצט: — וועגן דעם, ווי באַ אונדז איז געוואָרן אויס מיט אַלטערן, ווייסטו מיסטאָמע ניט? ס'איז לאַנג צו דערציילן און ניטאָ וואָס צו הערן... איך האָב געהאַלטן, אַז ס'איז צו אַ גרויסע פּרײַז דאָס אייגענע לעבן פאַר אַרויסרײַסן עפּשער בלויז איין זעמדעלע פון דער וואַנט, וועלכע מיר האָבן געוואָלט אומוואַלגערן. איצט זע איך: ס'איז קעדײַ אָפּגעבן דאָס לעבן, אַבי כאָטש אַ ביסל, כאָטש אויף אַ האָר אָפּשוואַכן דעם סוינע. און דאָס איז אייגנטלעך אַלץ, וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגן, לייזער. כ'פרעג דיך גאָרנישט ניט, נאָר אויב דו ווייסט, ווו מע דאַרף מיך, — און איך מיין, אַז דו ווייסט, — איז זאָג, אַז כ'בין גרייט טאָן, וואָס מע וועט באַפעלן. דאָס שרעקלעכסטע בין איך דורכגעגאַנגען, און מיטן טײַערסטן האָט מען מיך שוין צעשיידט...

## III

## ניטאָ קיין רו אין קאַפּליינס ווילע...
## דער בערלינער פּאָפּוגײַ

### 1



יט קיין געהערטע זאַך. מע איז צוגעפאָרן אין אָוונט צום טויער פון די קאַפּליינס ווילע, ניט דערלויבט דעם הויפוועכטער גאָרנישט ניט מיטיילן, און, קעדיי ער זאָל פאַרט ניט אויפהייבן קיין טומל, אוועקגעזעצט לעבן אים אויף דער באַנק באַם טויער אַן אויטאָמאַט־לער. דער דינסט, וועלכע האָט זיך באַוויזן אויף די טרעפּ און אַרויסגעלאָזט אַ צוגעשטיקטן אויס־געשריי, — באַפוילן אויסקערעווען זיך מיטן פּאַנעם צו דער וואַנט און שווײַגן, עס איז זי גע־בליבן אָפּהיטן אַ צווייטער אויטאָמאַטלער. דאָס מיידל, וועלכע האָט אויף אַ טעצל געטראָגן פּרוכט־

סאָק מיט אַ קאָפּל סאָדע — פאַני סאַפּיס באַליבטער געטראַנק נאָך וועטשערע, עס זאָל ניט ברע־נען אָפּן האַרצן, — פאַרנומען מיט זיך, ניט געפרעגט זי אַפילע, ווו איז די באַלעבאָסטע. זיי זײַנען געגאַנגען, ווי לויט אַ פּלאַן, די צוויי געסטאָפּאָווצעס אין גרויע רעגן־מאַנטלען, ענלעכע אַף פּע־לערינעס, מיט פּיסטאָלעטן, וואָס בלויז די רערן זייערע האָבן זיך אַרויסגעזען פון אונטער די פּאָלעס. אין בודואַר, וואָס האָט, אַ פּאַרדראָפּירטער מיט זײַד, זיך געפונען אין אַ זײַט פון גרוימען גאַסטצימער, האָט מען דאָס מיידל אַרײַנגעלאָזט די ערשטע, ווי מע זאָל זיך היטן פאַר אַ שאָס, וואָס קאָן פון דאָרט פאַלן, גלײַך נאָך איר אַריבערגעטראָטן די שוועל און באַפוילן ליאַליע גיטעליסן, וועלכער האָט פּונקט געטאַשט די קאָרטן באַם פּאָלירטן לאַמבער־טישל:

— אופשטיין! הענדע האָך!

אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי, ווי מע וואָלט דאָ געכאַפּט גאַר אַ וויכטיקן פאַרברעכער. פאַני סאַפּי איז נאָך די ערשטע רעגעס פון פולקומער פאַרלוירנקײַט אופגעשטאַנען און מיט קאַס געזאָגט:

— סאַראַ כוצפּע! ווי האָט איר געוואַגט אַהער אַרײַנקומען?!

איינער, אין ברילן, האָט זיך אָנגערופן, און שפּעט האָט געקלונגען אין זײַן העפלעכער און ווייכער שטים:

— אַנטשולדיקט, פראַו קאַפּליין, געסטאַפּאָ קומט אָן אַ וויזיט־קאַרטל... דער יודע גייט מיט אונדז!

— איר ווערט מוזן צוואַרטן, ביז איך וועל טעלעפאָנירן מײַן זון, עריכן, אין בערלין.

באַ זיך האָט זי נאָך ניט באַשטימט, צי זי וועט עס טאָקע טאָן. גיכער — ניט. זי האָט דאָס געזאָגט בלויז צוליב דעם, קעדיי האָבן צײַט באַקלערן, צו ווען וואָלט זי געקאָנט אַף אַן עמעס זיך ווענדן נאָך הילף. „עפּשער צו טאַמאַסן?" — זי האָט שוין קימאַט אָפּגעשטעלט זיך אַף אָט דעם פאַרצווייפלטן געדאַנק, נאָר דער געסטאַפּאָוועץ אין ברילן (ווײַזט אויס, פון אַ גאַנץ הויכן ראַנג, דאָס האָט זיך געלאָזט פילן לויט זײַן רויק־גאַדלעסדיקער האַלטונג) האָט געזאָגט:

— אויב קלינגען אין בערלין, וואָלט שוין די פאַני בעסער פון אַלץ זיך געווענדט צום הער הימלער. בלויז דער רייכספירער פון עסעס קאָן אָפּשאַפן דעם דאָזיקן באַפעל.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט בעפיירעש מיט אַ מיין איצטיקס מאָל געזאָגט „פאַני", און דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל, ווען די דאָזיקע ווענדונג האָט סאַפּי פאַרשאַפן פאַרדראָס.

ליאַליע איז געשטאַנען מיט אופגעהויבענע הענט, אַזאַ פאַרלוירענער, אַזאַ געפּלעפטער, פונקט ער זאָל שוין ביכלאַל זײַן מער טויט, ווי לעבעדיק, און באַ סאַפּי איז אין אָט דער שווע־רער מינוט דאָך דורכגעלאָפן אַן אומאָנגענעמער געדאַנק, אַז ער וואָלט, האַגאַם די געפאַר איז טאַקע זייער גרויס, זיך געדאַרפט האַלטן מיט מער ווירדע און פעסטקײַט. ער, וואָס, ניט געקוקט אַף אַלע זײַנע שוואַכקײַטן, וועגן וועלכע זי האָט געוווּסט און זיי אים מויכל געווען, האָט דאָך אַרויסגערופן באַ איר אַזאַ פאַרערונג. זײַן ווונדערלעך שפּילן, דאָס קאָנען אַנטפּלעקן די טיפסטע נעשאָמע־באַוועגונג פון אַ געני, האָט זי געטראַכט, מוז זיך פאָרן מיט עמעסער דערהויבנקײַט פון גײַסט און ריטערלעכער מוטיקײַט. דאָס ערשטע מאָל האָט זי געזען ליאַליען אַזאַ נעבעכדיקן און דערשלאָגענעם, נאָר, דעם עמעס געזאָגט, אויך ניט פאַרורטיילט אים, בלויז, כאָטש אָן אַנטוישטע, נאָך מער אים געזשאַלעוועט — אַזעלכע זײַנען זיי, פרויען...

מע האָט ליאַליען אָוועקגעפירט, און סאַפּי האָט געוווּסט: ס'איז ניט בלויז איר פאַר־לוסט — אַ גרויסער מײַסטער קאָן פאַרלוירן גיין. און גראָד דער לעצטער געדאַנק האָט זי אַ ביסל געשטאַרקט.

זי האָט זיך ניט באַזונדערס פאַרטראַכט איבער דעם, וואָס די נאַציסטן טוען מיט די ייִדן. זי האָט געהערט, אַז אויך בענעגייע די פּאָליאַקן ווערט עפּעס געגרייט צי שוין אַפילע פאַרווירק־לעכט. זי איז געווען אופגעבראַכט פון דעם, וואָס איז צו איר דערגאַנגען, פאַרשטאַנען אַפילע, אַז עס דערגייט צו איר ווײַט ניט אַלץ (דער פאַל מיט דאַניעס מיידעלע האָט זי אָנגעשפּיצט און אויסגעניכטערט, אָבער עפּשער איז עס אויך געווען, האָט זי געטראַכט, אַן אויסשליסלעכע געשעעניש, אַן עקסצעס, וואָס האָט ניט קיין סאַך פּרעצעדענטן). ליאַליע, דער האָט ביכלאַל ניט געוואָלט הערן וועגן אַזעלכע זאַכן, און דאָס האָט, דעם עמעס געזאָגט, אויך זי באַרויקט: אויב ליאַליע, וואָס אים באַרירט עס דירעקט, וויל דערפון ניט קלערן און ניט וויסן, איז וואָס זאָל זי, סאַפּי, זיך אַזוי ערגערן? איצט אָבער האָט זי געזען — דאָס שלעכטע, דאָס ווילדע האָט זיך דערקײַקלט אויך צו איר ווילע, די מוטנע כוואַליע האָט אויך ליאַליען פאַרשלונגען! און דאָך האָט זי נאָך אַלץ געקלערט: עס קאָן דאָך פאַרט ניט זײַן, מע זאָל האָבן אַלעמען אין זינען. אַזאַ, ווי ליאַליע, מוז מען שוינען.

אַף מאָרגן האָט זי שוין אָפּגעזוכט באַקאַנטע — פּאָליאַקן, האַלב־דײַטשן און דײַטשן, געלאָזט זיך צו זיי, געמיינט באַ איינעם הערן אַן אייצע, באַ אַ צווייטן בעטן הילף. נאָר זי האָט

זיך שנעל איבערצײַגט: אַלע ווייסן וועגן געשעענעם און קלײַבן זיך גאָרניט פֿאַרנעמען, נאָך מער, פֿאַר דער מערהײַט איז עס בלויז אַ פּיקאַנטער צופֿאַל אינעם לעבן פֿון אַ גאַנץ כאַשעווער דאַמע. אייניקע האָבן זי אַפֿילו ניט אופֿגענומען.

דאַן האָט פֿאַני סאַפּי אָנגעהויבן פֿײַניקן אַן אַנדער געדאַנק: ווער פֿון אירע דינער האָט געקאָנט אַרויסגעבן ליאַליען? דאָס זײַנען אָבער געווען טרײַע מענטשן, זי האָט הונדערטער מאָל זיך איבערצײַגט אין דעם. און אויך איצט זײַנען זיי אַלע, ווען נאָר זי האָט געבעטן (באַפֿוילן האָט זי ניט געוואַגט), געגאַנגען אין געסטאַפּאָ אַפּטראָגן ליאַליען פּעקלעך, כאָטש יעדערער פֿון זיי האָט פֿאַרשטאַנען, ווי ריזיקאַליש דאָס איז. ניין, קיינער פֿון אירע דינסטן האָט ניט אַרויסגעגעבן די געהיימניס פֿון איר ווילע, און מע האָט אויך גאָרנישט ניט געקאָנט האָבן קעגן ליאַליען — ער האָט מיט יעדן זיך דאָ געהאַלטן העפֿלעך און באַשיידן. געפּיקט האָט אין מויעך עפּעס אַנדערש, אין די אויערן האָבן אָן אופֿהער געקלונגען די ווערטער פֿון עריכס טעלעפֿאָן־געשפּרעך דעמלט, אינדערפֿרי, ווען זי האָט זיך אומגעקערט פֿון באַדען־באַדען. צי האָט עס איר זון ניט באַשטימט סאָפֿקאָלסאָף מאַכן די ווילע „יודען־ריין", ווי די פֿאַשיסטן זאָגן געווײַנלעך?..

אין עטלעכע טעג אַרום איז געשען אַ נײַע צאָרע: מע האָט אין טפּיסע ניט צוגענומען דאָס פּעקל פֿאַר ליאַליען, דער אופֿזעער האָט געמאָלדן, אַז יענער איז אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין אַן אַנדער אָרט.

איצט האָט סאַפּי פֿאַרבויגן אַף איר קאָוועד און איז אַליין אוועק אין געסטאַפּאָ, זאָל מען איר זאָגן — ער לעבט צי ניט?

מע האָט זי פֿאַרזיכערט, אַז ער לעבט. נאָר ווער קאָן גלייבן דער געסטאַפּאָ?

## 2

גראָד דאָס מאָל האָט מען אין געסטאַפּאָ ניט געלײַגט. ליאַליע האָט געלעבט. איינס נאָר, מע האָט אים אין ערגעץ ניט אַריבערגעפֿירט, ריכטיקער, נאָך ניט אַריבערגעפֿירט. מע האָט זיך ערשט געקליבן דאָס טאָן. קיין פּעקלעך האָט מען פֿאַר אים ניט צוגענומען, ווײַל מע האָט אים געוואָלט אַ סטראַשע טאָן. די, וואָס האָבן זיך געפֿונען דאָ, אינעם מויער אַף סוויענטאָניעצקע, זײַנען אין דער גרעסטער מערהײַט פֿון דער מינוט אָן, ווי זיי זײַנען אַהין אַרײַנגעפֿאַלן, געווען אָפּגעשניטן פֿון דער וועלט. פֿאַר ליאַליען איז די ערשטע צײַט געמאַכט געוואָרן אַן אויסנאַם, — מאַלע־וואָס עס מאַכט זיך, טאָמער וועט טאַקע די פֿאַני קאַפּליין אופֿהייבן אַ גרויסן טומל.

אַלבערט קנעכעל, דער אויספֿאָרשער, לויט וועמענס פֿאַראָרדענונג מע האָט ליאַליען אַרעסטירט, איז געווען זייער אַ פֿאָרזיכטיקער מענטש. ער האָט ליב געהאַט וועגן זיך אַליין צו זאָגן: „איך בין אַ מוילוואָרף, כ׳גראַב אַזוי, אַז יענער, וואָס שטייט אַף דער ערד, פֿילט עס אַפֿילו ניט".

דעם דאָזיקן אויסדרוק קנעכעלס האָט מען אין געגעבענעם פֿאַל געדאַרפֿט פֿאַרשטיין אַזוי: דער איניען „גיטעליס" איז געווען זײַנער אַ זײַטיקער גאַנג אַף צו דערגראָבן זיך צו גאָר אַ האַרט ניסל — „קרעמעז"... וואָס איז שײַעך דעם פֿאַרבאָט צו נעמען פּעקלעך פֿאַר גיטעליסן, איז קנעכעל געגאַנגען דערויף, ערשטנס, ווײַל די פֿאַני האָט לאַכלוטן ניט געטומלט, צווייטנס, ווײַל אַ ביסל אופֿווירקן אַפֿן אַרעסטירטן האָט מען דאָך געדאַרפֿט, פֿאַשעט, ער זאָל זיך דערפֿילן איינזאַמער. פֿײַניקן אים איז נאָך ניט געקומען די צײַט, און קנעכעל האָט ביכלאַל געהאַלטן, אַז עס איז ווײַט ניט אַלעמאָל דער בעסטער וועג.

מע דאַרף טאַקע האָבן זײַן, קנעכעלס, קאָפּ אַף די פּלייצעס, קעדיי, אַנאַליזירנדיק אַ מענגע פֿאַקטן און געשעענישן, צונויפֿבינדן די צוויי פֿאַמיליעס — קרעמעז און גיטעליס — און מאַכן אַ סינטעז... אַנדערע וועלן זאָגן: דער מעטאָד פֿון היפּאָטעזעס איז שוין אויך ניט קיין שפּאָגל־נײַער. דאָך איז דאָס ניט קיין שטאַמפּ. ס׳איז עכטע שאַפֿונג, ס׳איז דערפֿינדערישקײַט!

העלענע שנייפּאַס, די שיינהייט — אַזעלכע ייִדישקעס און ציגײַנערנס פֿלעגט מען געוויס אין מיטלאַלטער, טאַקע מאַכמעס זייער אויסערגעווייגלעכער שיינקייט, האַלטן פֿאַר קישעף־מאַכערנס און וואַרפֿן אין שײַטער, — העלענע שנייפּאַס האָט ניט באַרעכטיקט זײַנע האָפֿענונ־גען. אַן אומגעלומפּערטער צופֿאַל. די היצלעס פֿון עסעס, די דאָזיקע פֿאַרשטאָפּטע קעפּ, מאַכן צונישט ניט אין פֿײַנסטע קאָמבינאַציע זײַנע. נאָך גוט, וואָס ער, קנעכעל, האָט געהאַלטן וואָרט (דערמיט גרויסט ער זיך, ער איז אַ וואָרטס־מענטש), נאָך גוט, וואָס ער האָט שימען שנייפּאַסן פֿאַרהיט דאָס לעבן די אײַנגעשטעלטע צען טעג. ער האָט אים גענומען ווידער אַפֿן פֿאַרהער, דעם אַלטן, גאָרנישט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט וועגן דעם, אַז די טאָכטער איז טויט, און געהייסן אָפּסנײַ דערציילן אַלץ, וואָס ער ווייסט וועגן די קרעמעזס, אַפֿילו וועגן זייערע קרוי־

ווים און באקענטע. מע דארף האָבן געדולד דאָס אַלץ אויסצוהערן! נאָר קנעכעל האָט געהערט, געזעסן און געהערט, אָט אַזוי, צוגעביסן דאָס שפּיציקל פון דער וואָנציע, צוגעזשמורעט די אויגן... און פּלוצעם: די קרעמעזס אַ זון, אַלטער, האָט געקעמפט אין שפּאַניע. אַ פּאָר פראַגן וועגן אָט דעם אַלטערן, און נאָך אַ געפינס — ער האָט שיר ניט כאַסענע געהאַט מיט דער דיכטערן דאַניע, ווען זי איז נאָך ניט געווען דעם בארימטן פּיאַניסטס, ליאַליע גיטעליסעס, ווײַב. איצט האָט דעם אויספאָרשער שוין אינטערעסירט די דאָזיקע דאַניע גיטעליס. פון געטאָ האָט מען געענטפערט: מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק איז זי געווען הי, דערנאָך פארשוונדן, מיסטאָמע באַהאַלט זי זיך אויס, ווי פיל אַנדערע, מעגלעך אַפילע, זי איז אַוועק צום מאַן, וועלכער מוז ערגעץ זײַן אין שטאָט.

ליאַליען איז ניט אויסגעקומען לאַנג זוכן. אין אויספאָרשונגס־אָפּטייל פון געסטאַפּאָ האָט מען וועגן אים געוווּסט. אויסגעהערט קנעכעלס ראַפּאָרט וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד עס איז קרעמעזעס איניען און אַז מע מוז זיך נעמען זוכן דעם פּיאַניסט גיטעליס, איז דער שעף, אַ הויכער, געפּאַקטער מאַנצבל, אופגעשטאַנען, דורכגעגאַנגען זיך איבערן קאַבינעט, געמאַכט אַ פּאָר גימנאַסטישע איבונגען, ווי אַלעמאָל, ווען עפּעס ווערט אים קלאָר און ער קלײַבט זיך איבעראַשן דערמיט דעם אונטערגעאָרדנטן:

— גיטעליס באַהאַלט זיך אויס אונטער אַ גאָר װאָרעמען פליגל, — האָט ער ענדלעך אַרויסגעבראַכט מיט אַ זעלבסטצופרידענעם שמייכל, — געווען אַ פאַל, ווען ער האָט אונדז גוט געהאָלפן, נאָר איך מיין, אַז אַ יאָר אָנשטענדיק לעבן איז דערפאַר אַ גענוגעדיקע פרײַז... כ'וועל זיך אָן אייצע האַלטן מיט עריך קאַפּליינען, ס'איז זײַן פּראָטעזשע... כ'מיין, אַז ביז אָוונט וועלן מיר די זאַך דערליידיקן.

אױפן ערשטן פאַרהער בײַ אַלבערט קנעכעלן איז ליאַליע געווען שטאַרק צעשטרייט, פאַרלוירן, צו עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט די פראַגן, וואָס דער אויספאָרשער האָט אים געשטעלט, און קוים זיי פאַרשטאַנען, געענטפערט האָט ער צומיינסטנס בייז, אופגערעגט: „יאָ", „ניין", „וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט עס צו מיר?" נאָר מאָמענטנווײַז גערעדט אויך אַ סאַך, אײַליק, און געטײַנעט האָט ער איינס — ער איז אַ מענטש אַ זײַטיקער, אַליין פאַר זיך, זײַן מוזיק קענען אַלע פאַרשטיין, מער גייט אים גאָרנישט ניט אָן און עס איז אים קיינמאָל ניט אָנגעגאַנגען... קרעמעז? ניין, ער האָט ניט געהערט אַזאַ פאַמיליע. דאַכט זיך, ניט געהערט.

— איר האָט ביז אַהער געשעמט מיט אײַער מוזיקאַלן זיקאָרן, גיטעליס, איצט איז אַלץ אָפּהענגיק פון אײַער פּראַקטישן, אַזוי צו זאָגן, קרימינעלן זיקאָרן. אין לעצטן סאַכאַקל וועט בלויז דאָס באַשטימען די פרײַז פון אײַער קאָפּ, — קנעכעל האָט איבערגעכאַזערט דײַטלעך: פון אײַער קאָפּ. אַלזאָ, אײַך דוכט זיך, אַז איר האָט געהערט אַזאַ פאַמיליע? איך מיין אויך אַזוי. איינער פון די קרעמעזעס איז ביז אײַך נאָענט באַקאַנט געווען מיט אײַער פרוי, מיט דאַניען.

— דאָס גייט מיר ניט אָן.

— נאַטירלעך. אַלטער האָט יענער קרעמעז געהייסן, און די געשיכטע איז אויך אָן אַלטע. ניט דאָס אינטערעסירט אונדז. מיר זוכן זײַן יינגערן ברודער, לייזערן. אָט איז זײַן פּאָטאָ, אַזאַ, ווי ער איז געווען אָן ערעך דעמלט, ווען איר האָט אים געקאָנט זען...

ליאַליע האָט מיט צוויי פינגער גענומען די פאָטאָ פאַרן עטוואָס אײַנגעבויגענעם ראַנד. ער האָט געזאָגט אַ טיף איבעראַשטער:

— אַזאַ יונגערמאַן קען איך; דאַכט זיך, אַז איך קען אים, נאָר בײַ יענעם זײַנען געווען העלע וואָנציעס, און געהייסן האָט ער...

קנעכעל האָט נאָך מער צוגעזשמורעט די אויגן, נאָר מיטאַמאָל, ווען ליאַליע האָט זיך פאַרהאַקט, ברייט צעעפנט זיי — גרויע, מאַמעש קעציש:

— נו, גיכער, וויאַזוי האָט מען אים גערופן?!

— איך קאָן זיך ניט דערמאָנען, נאָר איך האָב געוווּסט...

— און ער האָט געהאַט העלע וואָנציעס, אָט אַזעלכע? — קנעכעל האָט די שפּיצן פון זײַנע וואָנציעס, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען, ווי מײַזן־עקלעך, אַ דריי געטאָן מיט די פינגער אַף אַרויף.

— יאָ... טאַקע...

ליאַליע האָט זיך געמאַטערט עטלעכע טעג, ביז ער האָט זיך דערמאָנט און געמאָלדן קנעכעלן: זײַן שאָכן אַף דער נאַרע אין אַרבעטס־לאַגער האָט מען גערופן עליע גאָרבאַטאָק...

— איר וועט מוזן מיר העלפן אים אופזוכן, גיטעליס!

נידעריקער פון די צוויי רייפעלעך, וואָס אין איינעם פון זיי איז מיט גאָטישע אויסיעס געווען אָנגעשריבן „לייזער קרעמעז" און אינעם צווייטן „סטודענט", האָט קנעכעל אָנגעמאָלט אַ דריטס און אַרײַנגעשריבן „עליע גאָרבאַטאָק". דאָ האָט ער פונדעסטוועגן אַוועקגעשטעלט אַ פראַגע־צייכן.

רומבאך, דער שעף פון ארבעטס־לאגער, אין וועלכן עס זײַנען שוין, אגעוו, געבליבן גאָר ווייניק יידן, אין גרונט זײַנען דאָרט איצט געווען רוסישע קריגסגעפאַנגענע, האָט געמאָלדן קנעכעלן, אז עליע גאָרבאטאָק איז באגאנגען זעלבסטמאָרד, ארײַנגעוואָרפן זיך אין א ברונעם. אזוי איז פארשריבן בא אים אין קאנצעליאריע.

— אזא יונגער יודע — אין א ברונעם? — האָט קנעכעל סקעפטיש געקנייטשט מיט דער נאָז. — אנטשולדיקט, רומבאך, בלויז אײַך קאָן מען אזוי פײַן אָפנארן. ער איז אנטלאָפן. איצט בין איך זיכער דערין.

ער האָט אָפגעמעקט דעם פראגע־צייכן און פארשריבן בא זיך, וועלכע אָנפראגעס מע דארף מאכן. ליאָליען, קעדיי ער זאָל ניט זיצן ליידיק, ביז עס וועלן אָנקומען די ענטפערס, האָט קנעכעל געגעבן א היפשן אלבאָם מיט פאָטאָגראפיעס און געהייסן אים אופמערקזאם זיי דורככוקן, עפשער וועט ער דאָרט געפינען נאָך אייניקע באקענטע.

דאָס זײַנען געווען מענער און פרויען, יונגע און אלטע, אינטעליגענטן און מענטשן פון פראָסטן גראד; אייניקע האָבן געקוקט גלײַך אין די אויגן, אנדערע — אין א זײַט. געוויינלעכע מענטשן, נאָר ליאָליע האָט זיך באמיט אײַנריידן, אז דאָס זײַנען געפערלעכע לײַט. פאר וועמען און מיט וואָס געפערלעך? ניט זײַן זאך, פאר אים זײַנען זיי געווען אוואדע געפערלעך. עפשער גאָר איבער זיי איז ער דאָ?

איינע האָט ער דערקענט: יויכעוועד גראָס. מע האָט אמאָל זיך געלערנט צוזאמען. דאָס איז געווען דעמלט, ווען טאָמאס קאָפליין האָט אים אָפגעפירט אין ווארשע. א געלבלעך־בלאָנדע, מיט זון־שפרענקעלעך אפן נעזל, איידל געצייכנטע ליפן, אף וועלכע עס בלאָנדזשעט אלעמאָל א שפאָטיש שמייכעלע, אויגן, דאכט זיך, גרינלעכע צי פון אן אנדער קאָליר, וואָס מע קאָן זײַן שאטירונג ניט כאפן, נאָר אויך אָפשפעטנדיק־לוסטיקע... בלויז אף אים, אף ליאָליען, האָט זי געקוקט אָן כויזעק. זי פלעגט ברייטער צעעפענען די אויגן, ווען ער האָט געשפילט, פעסט צונויפשליסן דאָס מויל און הערן, א בלאסע, א פארצאפלטע. אים איז עס געווען אָנגענעם. אליין האָט זי געשפילט, דאכט זיך, אף א פידל. גוט? ער געדענקט ניט. מיסטאמע גוט; אזעלכע, וואָס מע האָט ניט געקאָנט האָפן, עס זאָל פון זיי ארויסקומען עפעס רעכטס, האָט מען אין יענער שול ניט צוגענומען. דערנאָך שוין, העט שפעטער, איז זי א פאָר מאָל געווען אף זײַנע קאָנצערטן, געזעסן אין דער ערשטער צי אין דער צווייטער ריי, געקוקט אף אים מיט דעם זעלבן אויסדרוק אין די אויגן, ווי אין שול, געוואָרפן אים קווייטן אף דער בינע. נו, קווייטן איז אלעמאָל געווען א סאך. אלץ איז גוט, נאָר ווי קומט יויכעוועד גראָס אין אָט דעם אלבאָם?

ליאָליע וואָלט ניט געווען געזאָגט קנעכעלן, אז ער קען זי, ווען ער זאָל דאָ געפינען כאָטש נאָך עמעצן א באקענטן. נאָר זי איז געווען די איינציקע, און אין הארץ בא אים האָט שוין געהערשט איין געפיל — שרעק: אויב עס וועט זיך ארויסווײַזן, אז ער קאָן מיט גאָרנישט ניט נוצלעך זײַן, וועט קומען זײַן סאָף. אלס מוזיקער האָט ער פאר די דאָזיקע פון געסטאפאָ קיין שום ווערט ניט, מוז ער זיך קלאמערן אין דעם, וואָס גיט אים צו א שטיקל ווערט... עס קאָן זיך טאקע מאכן, אז עס איז ווירקלעך דאָ אן אָנווײַזונג אָפקלײַבן די סאמע אָנגעזעענע און פארדינסטפולע יידן, קעדיי אריבערשיקן זיי אין דער שווייץ און אזויארום פארשטופן דאָס מויל דער אנטיהיטלערישער פרעסע, נאָר אויסשטעלן בלויז אף דעם טאָר מען ניט. האלטן זיך באם לעבן, אָט וואָס עס איז וויכטיק, האלטן זיך באם לעבן, ביז עריך קאָפליין וועט אים ווידער העלפן ארויסרײַסן זיך פונדאנען, און דעמלט וועט ער שוין וויסן, וואָס פארלייגן סאָפי: אנטלויפן פון פוילן, מיט איר צי אָן איר, נאָר אריבער די גרענעץ...

ליאָליע האָט זיך געטרייסט: סאָפקאָלסאָף איז די געשיכטע מויכל גרויסע מענטשן די זיגזאגן אין זייער לעבן, און אויב עס ווערט אפילע וועגן דעם דערציילט, איז אָן דער פארורטיילונג, וואָס אייניקע זייערע מײַסים האָבן זײַנערצײַט געקאָנט ארויסרופן. ער האָט זיך דערמאָנט אומשטערבלעכע נעמען...

מע האָט אים אָפגעפירט אין סטרוזשעוו, ווו יויכעוועד גראָס האָט געווינט, געגעבן אים א מעגלעכקײַט זיך ארײַנשלײַכן אין דער דאָרטיקער געטאָ. „א לעגענדע, — האָט מען אים געזאָגט, — וועט איר שוין אליין צוטראכטן, ס'וועט זײַן וואָרהאפטיקער“... ער האָט צוגעטראכט. עס האָט געמאכט א רוישעם (א צוגעפוצטע, פארשטייט זיך, האָט מען זײַן געשיכטע איבערגעגעבן פון מויל צו מויל). די לײַט פון געסטאפאָ וויסן, וואָס זיי טוען! יויכעוועד גראָס האָט זיך אראָפגעיאוועט צו אים אף א געהיימער באגעגעניש און געזאָגט אים, ליאָליען, א זאך, וואָס האָט אים מאמעש געפלעפט. ער האָט זיך קוים באהערשט: דאָ, אין סטרוזשעווער געטאָ, איז אנומלטן געווען דאָניע מיט א שליכעס פון וואלד. וואָס מאכט זי איצט, דאָניע?..

— איבער געוויסע אומשטענדן זײַנען מיר שוין לאנג צעשיידט, — האָט ער געענטפערט. דער ענטפער איז פארשטאנען געוואָרן גאָר אנדערש, ווי עס איז געווען אין דערווירקלעכקייט.

דערנאָך האָט אים פארנומען די געסטאפּאָ, דאָרט טאקע, אין סטרוזשעווער געטאָ, צוזאמען מיט אנדערע, צוזאמען מיט דער גאָלדיק־בלאָנדער יוכעווער גראָס, און וואָס ווײַטער איז גע־ווען, האָט מען אים שוין ניט דערציילט...

קנעכעל האָט אים ארויסגערופן אף א פארהער און געמאָלדן, אז עס זײַנען פאַרגענומען געוואָרן אייניקע שריט, וואָס דערלויבן זיך ווידער אומקערן צום איניען „קרעמעז".

די דאָזיקע שריט זײַנען באשטאנען אָט אין וואָס: זילבערט האָט געמאָלדן דעם יודען־ראט פון קאָדנוווער געטאָ, אז אין טפיסע פון געסטאפּאָ געפינט זיך שוין א יאָר צײַט דער בארימטער פּיאַניסט ליאָליע גיטעליס. די אויספאַרשונג האָט באוויזן, אז ער איז קימאט ניט שולדיק אין דעם, פארוואָס מע האָט אים געהאט ארעסטירט אין באשטאנד פון א גרופּע לאגער־ארבעטער. נעמענ־דיק דאָס אין באטראכט, ווי אויך דעם פאקט, אז ער איז פאַרט אַן אנגעזעענע פערזאָן, איז די געסטאפּאָ געניי גט צו דערלויבן די יידן אים אויסקויפן (עס איז אָנגערופן געוואָרן א גרויסע סומע), טאָמער ניט — וועט מען אים אָפּשיקן אין א קאָנצלאגער.

מאָריס גליוווער האָט גלײַך געזאָגט:

— נאָך וואָס דאַרף מען אים דאָ, הער אָבערשארפיורער?

דערויף האָט זילבערט געענטפערט, קלאָפּנדיק לײַכט מיטן בלײַענעם עק פון דער נאַהײַקע איבער דער כאַליעווע פונעם גלאנציקן שטיוול:

— א זאכלעכן פּאַרשלאָג דאַרף מען באטראכטן...

דערבײַ האָבן דעם אָבערשארפיורערס אויגן אזוי געקוקט אף גליווערן, אז יענער האָט פאַר־שטאַנען: מע דאַרף. צוליב עפּעס־וואָס איז נאָך געווען ווינטיק, אז דער איניען זאָל ברייט באַ־האַנדלט ווערן. האָט שוין גליוווער קיין קויכעס ניט געזשאַלעוועט.

גליווערס שאַליִעך האָט אפילע זיך געווענדעט צו אריע גיטעליסן (מע האָט אויך דאָניען געזוכט, נאָר ניט געפונען): וועלכן געלט־בײַטראַג וועט ער, דער פאָטער, געבן אף אזא זאך? אריע האָט שוין געהערט וועגן דער דאָזיקער נײַס, דעריבער האָט ער געענטפערט מיט א פראגע:

— און דאָ אין געטאָ איז שוין טאקע דאָס זיכערע אָרט?

נאָר דער שאַליִעך איז ניט אָפּגעטראָטן:

— איז מיט וואָס זשע גיי איך אוועק, רעב אריע?

— ליאָליע האָט וועגן זײַן מאָרגן קיינמאָל ניט געטראכט. פארשטייסט? און וועגן טאטנס — אוודע ניט... וואָס זשע יאָ, דעם ווײַבס גאָלדענע אוירינגלעך קאָן איך געבן צושטײַער. כ׳מיין, אז ווען זי לעבט, וואָלט זי זיי אָפּגעגעבן.

די אוירינגלעך האָט אריע צוגעזאָגט ברענגען אין א טאָג ארום, אויב עס וועט אים געלינגען זיי אופזוכן. דערווײַל איז ער אוועק צו יעשוע שוואלבן, דעם געוועזענעם לערער, וועלכער האָט איצט געארבעט אין ראָבערט שנאפּעס גארבער־ווארשטאטן (דאָס איז געווען דער מענטש, וואָס לייזער האָט געייצעט מיט אים צוזאמען פירן דעם געטאָ־פּינקעס). ער האָט געפרעגט יעשוען, ווי קוקט יענער אף זילבערטס פּאַרשלאָג און צי וועט ער ניט קאָנען בעראטן זיך מיט נאָך עמעצן וועגן דעם איניען. יעשוע האָט געוווּסט, וועמען דער אלטער מיינט, ער האָט אָפּגעשוויגן. שפּעטער, אין אָוונט, איז שוואלב געקומען צו אריען און אים געזאָגט:

— מענטשן האלטן, אז איר דאַרפט זיי אָפּטראָגן, די אוירינגלעך.

דערויף האָט אריע געענטפערט מיט א געבראָכן קאָל:

— אמאָל איז ער געווען אונדזער צירונג, ליאָליע, וואָלט ער כאָטש איצט ניט געוואָרן אונדזער שאַנדפלעק...

4

צען כאַדאָשים זײַנען אריבער, זינט דאָניע האָט אין יענעם דעקאבער־אָוונט געמאָלדן לייזערן, אז זי שטעלט זיך ניט פאָר איר ווײַטערדיק לעבן אָן קאמף. און טאקע — קיין זאך האָט איר ניט אויסגעזען צו שווער. פארקערט, וואָס פאַראנטוואָרטלעכער און געפערלעכער די שלי־כעס איז געווען, אלץ מיט מער כיישעק האָט זי זיך גענומען צום אויספילן זי, און איז בעשאָלעם איבערגעקומען דאָרט, ווו, דוכט זיך, בלויז דורך א נעס האָט מען געקאָנט בלײַבן גאנץ. זי איז צומאָל ענלעך געווען אף א לונאטיקער, וועלכער שפּאנט איבערן ראנד פון אָפּגרונט, ווי מיט אומזעבארע שטריק צוגעפעסטיקט — צו וואָס? — צו די ענדלאָזע הייכן...

פון אָנהייב איז זי אוועק ארבעטן אין די רעמאָנט־װאַרשטאַטן פון יודען־ראַט. דאָרט האָט זי פאַריכט קאַלאָשן. אין אָוונט האָט זי זיך געלערנט אין איינעם א פינפטל, ווי זיך באַגיין מיט געווער. „ווילסט, כ׳זאָל דיר ווײַזן מײַנע א נײַע ליד?״ — האָט זי איינמאָל, בײַס מע האָט זיך באַגעגנט, געפרעגט בא לייזערן. זי האָט פאַנאַנדערגעוויקלט א בלעטל פּאַפּיר מיט א שיסער־ציל, — צוויי לעכעלעך זײַנען געווען ארום צענטער, דאָס דריטע — אין סאַמע מיטן. „און עפשער נאָך?״ — א פינקטלעכער טאָפּאָגראַפישער פּלאַן פון דער זשאָוואָניעזש־גאַס מיט די ארו־מיקע געסלעך...

אין פעווראַל, ווען עס האָט זיך באַוויזן שימען שאַמיס (דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט — אַנטלאָפן פונעם ערשטן עשעלאָן, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון קאָדנוווער געטאָ) און די אָרגאַניזאַציע האָט פאַרשפּרייט א פלוגבלעטל מיט זײַנע גוויִעס־אײדעס, האָט דאָניע באַקומען א קלאַפּ, וואָס האָט זי שיר ניט אומגעבראַכט. ביז דעם האָט זי נאָך אַלץ געגלייבט, אײַנגערעדט זיך, אַז איר מיידעלע, ניוטעניע, איז ערגעץ אין רוסלאַנד און אַז מע וועט נאָך איינס דאָס אַנדערע געפינען. איצט איז קלאָר געווען — א פײַער האָט אײַנגעשלונגען איר קינד.

בא דאָניען זײַנען ווידער געליימט געוואָרן די פיס, זי האָט אויך פאַרלוירן דאָס לאָשן; ווידער איז זי עטלעכע וואָכן געלעגן צו בעט אין טיפער געפּלעפּטקײַט און בלויז פון מאָל צו מאָל געקומען צום באַוווּסטזײַן; דאַן אָבער איז געווען נאָך ערגער — זי האָט זיך געוואָרפן ווי א פיש אין נעץ, געריסן אַף זיך אַלץ, ביז עס איז ווידער געקומען דער צושטאַנד פון שווערער דעפּרעסיע.

ענדלעך איז זי געקומען צו זיך, און אַוודע האָט דאָניען אויך דאָס מאָל אופגעהויבן דער דראַנג צו קאַמף. זי האָט געזאָגט לייזערן און די כאַוויירים פון איר פינפטל:

— כ׳קאָן דאָ מער ניט בלײַבן, אין געטאָ. שיקט מיך בעסער אָפּ אין וואַלד.

און זי האָט זיך טאַקע אויסגעטויגט פאַר א פּאַרטיזאַנערן. פון סאַמע יוגנט א ספּאָרטלערן, איז זי ביכלאַל געווען פיזיש געשולט און פאַרהאַרטעוועט. רעגנס, שנייען, א לאַנגער שווערער וועג, זומפּן, וואַלד־געדיכטעניש — דאָס אַלץ האָט זי ווייניק געקימערט. צופוס — איז צופוס, אַף א וועלאָסיפּעד — איז נאָך בעסער. און דערצו איז זי נאָך בלאָנד, בלוי־אויגיק, מיט א שיין, כיינעוודיק־פאַריסן נעזל, מיט א שטאַלטנער, געטאָקטער פיגור, אַזאַ איינע איז באַלד נויסע־כיין.

דאָניע איז געווען אַן אויסשפּירערן און א וועגווײַזערן פון אָטריאַד. זי האָט לעצטנס בע־שאָלעם אָפּגעפירט פון געטאָ אין וואַלד אַרײַן עטלעכע גרופּעס און איז אָנהייב אָקטיאַבער ווידעראַמאָל געקומען נאָך מענטשן. נאָר אין שטאַב פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט מען שוין געוווּסט, אַז ליאָליע גיטעלים וועט הײַנט־מאָרגן זיך באַווײַזן אין געטאָ. דעריבער האָט מען באַ־שטימט פאַרהאַלטן דאָ דאָניען א ביסל, עפשער וועט נייטיק זײַן טאַקע מיט איר הילף דערקלײַבן זיך צו אים.

ביז וואָס־ווען איז דאָניע, ווי מע האָט געוויינלעך געזאָגט אין געטאָ, „פאַרשוווּנדן פון דער אויבערפלאַך״. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א הויז אַף דער זשאָוואָניעזש־גאַס, ווּ עס האָבן צו־מיינסטנס געוווינט שנאַפּעס וועש־נייטערנס. דאָ, צווישן העכער דרײַ הונדערט פרויען, אינעם לאַבירינט פון קאָרידאָרן, וואָס פירן צו גרעסערע און קלענערע צימערן, איז ניט שווער געווען צו בלײַבן אומבאַמערקט. אַהער איז צו איר אין אָוונט געקומען לייזער. אַריע האָט זי געוואָרנט, אַז ער, לייזער, וועט קומען, און דעריבער זײַנען די עטלעכע פרויען, וואָס בא זיי אינעם צימערל אַפן דריטן שטאָק האָט געזאָלט פאַרקומען די באַגעגעניש, גלײַך אַוועק, ווי נאָר דער גאַסט האָט זיך באַוויזן. און אַוועק זײַנען זיי, ווי עס האָט געשײַנט, אַף א גאַנצער נאַכט, ווײַל מע האָט מיט־גענומען מיט זיך ווער א קישן, ווער א קאָלדרע.

לייזערן איז אויסגעקומען אָפּטלעך נעכטיקן דאָרטן, ווּ די נאַכט האָט אים געטראָפן, אַבי נאָר די מענטשן זײַנען געווען זיכערע און מע האָט געקאָנט, טאָמער א געפאַר, לײַכט פאַרשווינדן. דאָניען איז עס געווען באַוווּסט, און זי האָט טאַקע אָנגענומען מיטלען, ער זאָל דאָ קאָנען בלײַבן. קוידעמקאָל האָט זי אים אָנגעהאָדעוועט — עפּעס־וואָס האָט זי געבראַכט פון וואַלד אַזוינס, וואָס האָט אין געטאָ געקאָנט אויסזען ווי א דעליקאַטעס, און הונגעריק איז לייזער אַוודע געווען, ווי אַלע דאָ. ער האָט געגעסן די פיצינקע שטיקלעך שפּיק מיט אַלטגעבאַקן ברויט, פאַרטרונקען מיט א פינגערהוט, נו, טאַקע מאַמעש א פינגערהוט, היימישן בראַנפן, דערנאָך פאַרביסן מיט א גע־טריקנטער באַר און אַלץ דערפרעגט זיך, צי האָט זי, דאָניע, אויך געגעסן.

— געגעסן, פאַרשטייט זיך, געגעסן, כ׳האָב דאָ אַלע כאַווערטעס פון צימער מעכאַבעד געווען קעיאַד־האַמעלעך...

דעם שמועס, צוליב וועלכן לייזער איז אַהער געקומען, — דערוויסן זיך וועגן דער לאַגע אין וואַלד, אויסקלאָרן, וועלכע מעגלעכקײַטן זײַנען דאָרט פאַראַן אופצונעמען נײַע כאַוויירים,

און דאָס געשפּרעך וועגן סאַמע אָנגעווייטיקטן — וועגן ליאַליען — האָט דאַניע באמת זיך אָפּלייגן אָף שפּעטער. זי האָט קורץ געענטפערט אַף לייזערס פראַגן, אומגעדולדיק, פון דער זײַט, געוואָרפן אַף אים ניט זיכערע בליקן און א פּאָר מאָל, ווען זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, האָט זי ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, וועלכע זײַנען איצט, בא דער שוואַכער שײַן פונעם קאַנעץ, געווען ניט בלוי, נאָר גאָלדיק־ברוין. לייזער האָט באַמערקט איר אופרעגונג, נאָר ניט פאַרטראַכט זיך, פון וואָס זי קומט — ס׳איז אים פּאַשעט גוט געווען, וואָס דאַניע איז אַזאַ, ווײַל ער האָט זי אָפטער געזען א פאַרצווייפלטע, א לײַדנדיקע אָדער אין א צושטאַנד פון טיפער דעפּרעסיע.

אין צימער איז געווען וואַרעם — מע האָט שוין הײַנטיקן אָוונט ניט געזשאַלעוועט קיין הייצונג, האָט לייזער, לויט דאַניעס פאָרשלאַג, אַראָפּגענומען פון זיך דאָס פּידזשאַקל, דעם דזשעמפּער און איז געבליבן אין דעם אייבערשטן העמדל.

— עפּשער דאַרפסטו עפּעס פאַרנייען? — האָט דאַניע געפרעגט פּראָסט, כאָטש אין איר שטים האָט זיך געלאָזט פילן אַן אופגערעגטער ציטער, און פונקט אַזוי אופגערעגט האָט זי א לאַך געטאָן. — בא אײַך, מאַנצבלען, איז עס דאָך א גאַנצע אַרבעט.

עס האָט זיך טאַקע אָפּגעזוכט וואָס פאַרנייען — אי אינעם פּידזשאַק, אי אינעם שוין גאַנץ אויסגעריבענעם דזשעמפּער.

כאָטש ס׳איז אים שווער געווען, האָט לייזער דאָך געפרעגט וועגן דעם, וואָס ער האָט אָנ־געמערקט:

— אַנטשולדיק, דאַניע, דעמלט, ווען ביסט געווען בא דער פּריצטע, האָסטו ניט באַמערקט קיין סימאָנים, אַז ליאַליע זאָל דאָרט זײַן?

זי איז געוואָרן בלאַס, נאָר, צו זען, ניט געוואָלט דאָס מאָל דערלאָזן, אַז די שוידערלעכע דערמאָנונגען זאָלן זי באַהערשן, ענערגיש א טרייסל געטאָן מיט די קורצע, קימאַט מענעריש אונטערגעשוירענע האָר און געענטפערט:

— באַמערקט האָב איך גאָרנישט ניט, נאָר עמעצער האָט געשפּילט פּיאַנע. סאָפי האָט געזאָגט, אַז ס׳א מאַגניטאָפאָן, און געשיקט די דינסט אים אויסשליסן.

— אַזוי? — האָט ער זיך פאַרינטערעסירט און נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן, נאָר זי האָט אָנגעהויבן דעם קאָפּ אין א זײַט און געבעטן:

— נו, לייזער...

דאָך האָט ער געזאָגט:

— שטיי, דאַניעלע, ס׳איז זייער וויכטיק. זי האָט דיר ניט פאַרגעלייגט, לאָמיר זאָגן, צו־וואַרטן, צי דו האָסט עפּשער?..

— כ׳האָב גאָרנישט ניט געוואָלט הערן, לייזער. זי האָט מיר פאַרגעלייגט בלײַבן, אַף שטענדיק. זעסט דאָך, כ׳בין אוועק. און כ׳האָב קיין כאַראָטע ניט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, אָנגעכמורעט דעם שטערן. זי האָט געזאָגט מיט פאַרדראָס, אין וועלכן ס׳האָט זיך אפילע געפילט אומגעדולד:

— נו, וואָס טראַכסטו, וואָס מויעכסטו? גאַנץ מעגלעך, אַז ליאַליע איז דאַן געווען אין ווילע און אַז געבעטן האָט זי מיך בלײַבן, ווײַל עס האָט זי געגומען פּײַניקן דער געוויסן. נאָר כ׳האָב אים דעמלט ניט געוואָלט קענען, ליאַליען, און איצט אוודע. איך קען אים אַזוי, ווי קיינער קען אים ניט. כ׳וועל דיר באַלד דערציילן וועגן דעם כשאַד, וואָס כ׳האָב אַף אים, ווען זיך אָנכאַפּן באַם קאָפּ. נאָר פריִער הער אויס איין זאַך, וועסטו מיך בעסער פאַרשטיין. זײַן מאַמע האָט ער געדאַרפט ליב האָבן, איאָ? זי האָט זיך דאָך טאַקע געלייגט פאַר אים אין דער לענג און אין דער ברייט, געבלאָזן אים די טריט. זי האָט מיר אַליין דערציילט: ער פלעגט קומען פון קאָפּליינס ווילע און ס׳איז אים, לעמאָשל, ניט געפעלן דאָס עסן — קאַלט, צי וואָס, איז א שמיץ דעם טעלער אַפן דיל. און זי, די מאַמע, פלעגט אים באַלד געבן א צווייטן טעלער: „נאַ, פּאַניטש מײַנער, ברעך... עפּשער טוען אַזוי פּריצים“. נו, איז ער שוין אויסגעוואַקסן יענער פּאַרעץ. אַריע, אָט דער בעניטעסדיקער, קלוגער אַריע, האָט קיין שום ווערט ניט געהאַט אין שטוב. די דייע האָט גע־האַט די שוויגער אָלעוו־האַשאָלעם — ס׳האָט געהייסן, אַז דאָס האָט זי מיט איר סייכל אַרויסגעפירט דעם זון אַף א דערעך. נאָר ווען זי איז געשטאָרבן, ווייסטו וואָס ס׳איז געווען? דער גרויסער זון, דער וווּנדער, האָט מוירע געהאַט גיין נאָך איר לעווײַע און איז טאַקע ניט געגאַנגען. ער האָט אָפּגעוויינט א ביסל בא מיר אַף די קני, נאָר מיט דער מאַמען זיך ניט געזעגנט, די אויגן איר ניט צוגעמאַכט. איז מיינסטו עפּשער, אַז דאָס קומט פון דעליקאַטקײַט, פון איידלקײַט? פון פּאַכדאָנעס קומט עס און פון דעם, וואָס ער האָט ליב נאָר זיך אַליין... און איצט הער דאָס וויכטיקסטע, נאָר פרעג מיך מער וועגן גאָרנישט ניט, ווײַל מער, ווי כ׳וועל דיר זאָגן, ווייס איך ניט: אין וואַלד צו אונדז איז מיט עטלעכע טעג צוריק געקומען צו לויפן א באָכער פון סטרוזשעוו. דאָרט איז געווען א שווערער דורכפאַל, עטלעכע גוטע כאַווײרים האָט מען צוגענומען. איז ווייסטו, ווער ס׳איז

דאָרט געווען און געזוכט א סטעזשקעלע צו זיי? — אזוי האָט דער באָכער דערציילט — ליאַליע גיטעליס, דער בארימטער פּיאַניסט... ערשט די טעג איז ער דאָרטן געווען, און איצט איז געסטאַפּאָ גרייט פאַרקויפן אים אונדז מיט רעוועך... אָ? געגנוג? געגנוג!

לייזער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט:

— דאַניע!

און זי, קאַטעגאָריש, נאָר אויך צאַרט, ווי מע שפּאַרט איבער א קינד:

— מער ריידן מיר וועגן אים היינט ניט, הערסט?

די הענט האָט זי ניט געפּרוּווט באַפרייען, פאַרקערט, ווען ער האָט זיי אָפּגעלאָזט, איז ווי א שאָטנדל פון באַדויערונג געפאַלן אַף איר געזיכט, זי האָט א קוק געטאָן אַף די פינגער, צו וועלכע זיינע האָבן זיך נאַרוואַס צוגעריירט, און טייקעף הארבלעך, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן:

— מע וועט דאַרפן, אז כ'זאָל זיך טרעפן מיט ליאַליען. ווען ער וועט קומען, וועל איך זיך טרעפן מיט אים. ניין — איז נאָך בעסער. כ'דאַרף דיך און יערוכעמען ניט לערנען... אַף אַריען איז א גאַנס ראַכמאַנעס, דאָס יאָ, נאָר ער פאַרשטייט אַלץ, רעב אַריע... איז אָפּגערעדט וועגן דעם?

זי האָט מיט פאַרלייכטערונג א שמייכל געטאָן צו לייזערן און שוין גאָר אַנדערש געזאָגט:

— ס'איז מיר היינט מאָדנע אַפן האַרצן, כ'ווייס אַליין ניט ווי — גוט, אומרויק און עפּשער טרויעריק. אזוי מאַכט זיך זעלטן, געציילטע מאָל אין לעבן... עס ווילט זיך עפּעס פריידיקס, היימישס, טאַקע אַפּצולאָכעס דער פּיין, אַפּצולאָכעס די אומגליקן, אַפּצולאָכעס אַלע פאַרלוסטן...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די לאַנגע, ציטערנדיקע וויִעס און שטיל אַרויסגעבראַכט, ווי אַרויס־געהויכט:

העפקער, העפקער, אַלעס העפקער,
ווי ס'איז העפקער אונדזער בלוט...

— ביאַליקס „פריילעכס"?

זי האָט בלויז א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ניט אופהייבנדיק די אויגן אַף אים און ניט קוקנדיק אויך אַף דער נאָדל, וועלכע זי האָט אַריינגעשטאָכן אין א פיצינקע זיידן קישעלע, וואָס איז געהאָנגען אַפן ביישטידל פון פענצטער, ווידער טרוימעריש־פאַרשייט א שמייכל געטאָן און העכער א קאַפּעלע פאַרגעזעצט:

טויזנט וועלטן א קאַפּאָרע
פאַר איין שאַ פון דרייסט און מוט!

— דאָ ווערט געמיינט עפּעס אַלמענטשלעכס, דאַניע...

איצט האָט זי א קוק געטאָן אַף אים — צאַרט און מיט לייכטן פאַרוווּרף:

— אין יעדער ליד, ווי אין יעדן מאָשל, קאָן מען זען אי אַלעמען צוזאַמען, אי זיך אַליין... א מענטש, לייזער, איז אַליין א גאַנצע וועלט.

ער האָט געשוויגן, ווייל א ביסל האָט שוין אָנגעהויבן ווירקן דאַניעס אופרעגונג, איר רייץ. זי האָט געטראָגן א בלוי וואָלן קאָפטל אָן אַרבל, וואָס האָט שטייף אַרומגעצויגן אירע אַקסלען און די ברוסט, אַף דער גאָלדיק־ברוינלעכער רונדער האַנט איז געווען א פּאָקן־שראַמעלע. לייזערן האָט זיך געוואָלט א גלעט טאָן אָט דאָס שראַמיקל. ס'איז געווען א לאַנגפאַרהיילטע ווונד, אָבער וויפל אָפענע ווונדן האָט זי, דאַניע... ער האָט זי געבעטן, געמיינט דערמיט ענדערן דעם שמועס און גלייך פאַרשטאַנען, אז דאָס קאָן זיי נאָך מער דערנעענטערן:

— לייען עפּעס איבער דיינס...

— מיינס? — זי האָט א קרום געטאָן די ליפּן. — ווילסט מיסטאָמע געטאָ־לידער צי לידער פון וואַלד? כ'פאַרשרייב זיי אפילע ניט אַלע, כ'געדענק זיי... נאָר אויב שוין יאָ, אויב שוין יאָ, איז הער בעסער אַזא ליד.

יאָם, האָסט מיר אומרו געבראַכט אַף א הויכער און איילִיקער כוואַליע,
און פאַרשיידנקאָליריקע שטיינדלעך, און דעם טאַם פון גרזאַלצענעם ווינט.
און איך שטיי לעבן דיר א פאַרליבטע, אזוי ווי א קאַלע,
און איך שטיי לעבן דיר א פאַרגאַפטע, אזוי ווי א פיצעלע קינד.

און ס'טרינקען די אויגן די זשעדנע דיינע אומענדלעכע בלויען,
און עס דוכט זיך מיר אויס — מיינע אויגן דערפאַר זיינען בלוי,
ווייל אויב א קאָליר האָט אפילע אָן אָנדייט פון טרויער,
ער קאָן סייוויסיי לעבן דיר ניט פאַרבלייבן ניט שוואַרץ און ניט גרוי...

דאַניע האָט געלייענט, און לייזער האָט אַלץ מער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס זי האָט פון אַלע אירע לידער אויסגעקליבן גראָד די דאָזיקע:

איך שטרעק אויס מײַנע הענט, און עס לויפן מיר כוואַליעס אַנטקעגן,
און דער שוים איז אַף זיי, ווי אַ דינער און איידעלער האַפט.
איך וואָלט וועלן זיי נעמען און טראָגן אַף שטויביקע וועגן,
ווען איך האָב אין די הענט אַן אומענטשלעכע, מעכטיקע קראַפט...

יאַם, איך וועל נעמען דעם אומרו, וואָס האָסט מיר געבראַכט אַף דײַן כוואַליע,
און פאַרשיידנקאָלירינקע שטיינדלעך, און דעם טאַם פון געזאַלצענעם ווינט...
זע, איך שטיי לעבן דיר אַ פאַרליבטע, אַזוי ווי אַ קאַלע,
און איך שטיי לעבן דיר אַ פאַרגאַפטע, אַזוי ווי אַ פיצעלע קינד.[1]

זי האָט פאַרענדיקט לייענען און ערשט איצט אַ קוק געטאָן אַף לייזערן, וואַרטנדיק ניט אַף זײַן לויב, ניין, פרעגנדיק מיט ציטער, צי איז צו אים דערגאַנגען איר מיין. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז די ליד איז אַ גוטע, נאָר דאַניע האָט פיל מער איבערגעלייענט אַף זײַן צערודערט געזיכט און דאַנקבאַר, גליקלעך אַ שמייכל געטאָן. צוגערוקט זיך צום ברעג טיש, קעדיי זײַן נעענטער צו לייזערן, האָט זי געזאָגט שטיל, קימאַט שעפּטשענדיק:

— מיינסט, ליאַליע האָט מיך צעשיידט מיט אַלטערן? דער גלאַנץ זײַנער, דער רום? ניין, ווען ניט ליאַליע, וואָלט געווען אַ צווייטער. ווייסט עס שוין, כ'האָב ניט פאַרשטאַנען אַלטערן. כ'געדענק, מיר האָבן זיך באַגעגנט אין דרוקער־פאַריין, — כ'האָב דאַן געזויגן ניוטעניען, — דערציילט ער מיר, ער האָט מיר געטרויט אפילו שפּעטער, נאָך מײַן כאַסענע, אַז ער פאַרט אין שפּאַניע... מיינסט, כ'האָב אים כאָטש דעמלט פאַרשטאַנען? „די יידן האָבן בייס דער אינקוויזיציע געשווירן ניט אומקערן זיך קיינמאָל אין יענעם לאַנד, — האָב איך געזאָגט, — און דו פאָרסט אַהין“. „איך פאָר אויסראָטן די אינקוויזיטאָרס“, — האָט ער געענטפערט. איצט פאַרשטיי איך אים, ערשט איצט, און ווי ער, ביסטו, לייזער, מיר נאָענט... ס'הייסט, נאָענט זײַנען מיר מיט אים קיינמאָל ניט געווען...

ער האָט אַ גלעט געטאָן דאָס אָרט, וווּ ס'איז בא איר געבליבן אַ סימען פון פּאָקן. ניט אָפּגעלאָזט די האַנט. זי האָט געשוויגן, האָט ער געזאָגט:

— בייס אַן אומגליק, דאַניע, ווערט בא אַ מענטשן אין האַרץ ניט באַטל דאָס, וואָס איז אים טײַער, יעדנפאַלס, ניט שטענדיק איז אַזוי. אַלדאָס צופעליקע פאַלט אָפּ, און עס בלײַבט דאָס איקערדיקע...

— כ'ווייס ניט, וואָס דו מיינסט, וואָס דו האָסט אין זינען. אוודע ליבע, אַ? איז האָב דיר ליב, ווען דו האָסט ליב, נאַרעלע... נאָר קעגן דעם, וואָס דו זאָגסט צופעליקס. אַלטער, דו, דאָס איז דען צופעליק?.. עס טראָגט אונדז, ווי אין אַ יאַם, וווּ מיר זײַנען זיך צונויפגעקומען אַף איין ברעט, אַן אָפּגעריסענער פון אַן אונטערגייענדיקער שיף... עפּשער וועל איך גאָר דערטראָגן דער וועלט דײַן בלוט, דײַן אָטעם?.. טאַקע דײַנעם...

לייזער האָט געקוקט אין אַ טונקעלן ווינקל פון צימער, און געזען האָט ער דאָס פינצטערע קעמערל דעם אײַזנבאַנערס, געהערט אַנעליעס שטים...

דאַניע האָט אוודע עפּעס באַמערקט אַף זײַן געזיכט. אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אינעם טיש, צונויפגעפלאָכטן די פינגער און אַראָפּגעלאָזט אַף זיי די קין מיטן גריבעלע אין דער מיט, האָט זי מיטאַמאָל ניט הויך צעלאַכט זיך:

— נו, וואָס טוסטו אפילו קיין פינטל ניט מיט קיין אויג, לייזער? — און שטיל, מיט ביטערקײַט:

...נעמט דעם בעכער,
גיסט אים אָן מיט גרינער גאַל!

ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דאַניע איז זייער בלאַס געוואָרן, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, און די פּאַסמעס האָר, וואָס האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבערן שטערן, איבער דער נאָז, האָבן ווי אָפּגעווישט די בלאַסקײַט. זי האָט זיך עטוואָס פאַרויטלט:

— ס'ט גיין שלאָפן, אַ? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ.

ביז זי האָט געבעט, איז ער אַרויס אין קאָרידאָר. אין אַלע צימערן איז מען שוין גע־שלאָפן. אײַנגיכן איז דאַניע אַף די שפּיץ פינגער אויך אַרויס אין קאָרידאָר און אַף שטומלאָשן, מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, אַרײַנגעשיקט לייזערן צוריק אין צימער. דאָרט זײַנען באַנאַנד געווען אויסגע־בעט צוויי געלעגערס. „זי האָט געקאָנט בעטן אַזוי, אַז צווישן אונדז זאָל זײַן דער טיש“, — האָט

[1] טעקסט פון דער ליד — דאָרע כײַקינע.

3*

ער א טראַכט געטאָן, נאָר אָן פֿאַרוואָרף. אײַליק אויסגעטאָן זיך, האָט ער פֿאַרנומען אײנס פֿון די געלעגערס. דאַניע האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, און, פּונקט זי זאָל זיך שעמען קוקן אויף אים, איז זי מיט דער זײַט צוגעגאַנגען צום טיש און אויסגעלאָשן די שײַן.

5

אריע גיטעליס האָט שוין א צײַט ניט געוווינט אינעם קעמערל בישכיינעס מיט דער קיך. אַלץ ווייניקער מענטשן איז געוואָרן אין געטאָ, אַלץ גערוימער אין די הײַזער, נאָר מע האָט אַלציינס זיך געשטיקט אין ענגשאַפט, ווײַל עס האָבן זיך אָנגעהויבן קעלטן און הייצן איז ניט געווען מיט וואָס. כּוח דעם האָט מען אינסטינקטיוו זיך געדריקט איינס צום צווייטן מאַכמעס דעם פּאַכעד, אין וועלכן מע האָט די גאַנצע צײַט געלעבט.

געוווינט האָט איצט אריע גאָר צווישן די גאַרבערס, אויף דער זשאַוואָניעזש־גאַס, געהאַט זײַנס א טאָפּשאַנדל אין א מין צוזאַמענוווינונג. טאַקע אַלט און אויסגעדאַרט ווי א סקעלעט, איז ער דאָך, ווען די פּיס האָבן אים געטראָגן, געגאַנגען מיט די גאַרבערס צו דער אַרבעט, און יענע האָבן שוין געזען, ער זאָל ניט האָרעווען שווער. כאָטש מע איז דאָ געווען פֿאַרביטערט, און א פּויעל־יויצע דערפֿון — האַרב, האָט מען דעם אַלטן ווי ווײַט מעגלעך אָפּגעהיט. דעריקער האָבן, פּאַרשטייט זיך, האַשגאָכע געהאַט אויף אים מיטגלידער פֿון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס וועגן דעם האָט אריע אפֿילו ניט געקאָנט וויסן. און פּלעגט זיך אָנהייבן אַן איבערפֿאַל, אַן אַבלאַווע, האָט מען שוין געזאָרגט, ער זאָל באַצײַטנס פֿאַרשווינדן אין עפּעס א לאָך, א בונקער.

מער פֿון אַלעמען האָט מיטן אַלטן זיך פֿאַרנומען יעשוע שוואַלב — דער, מיט וועמען ער האָט געפֿירט דעם געטאָ־פּינקעס, וואָס איז צוביסלעך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אונטערערדישן אַרכיוו. א מענטש איז דאָס געווען אויך אַן איינזאַמער, די גאַנצע מישפּאָכע פֿאַרלוירן. דאָס ביטערע, וואָס איז אויף זײַן גורל אויסגעפֿאַלן, האָט אים געמאַכט פֿאַר א שווײַגער, נאָר נאָך מער פֿאַרטיפֿט די איידלקײַט זײַנע און אופֿמערקזאַמקײַט צו מענטשן. געווען איז יעשוע ווי דער געוויסן אַליין — שטרענג צו זיך און צו יענעם, מעסירעסנעפֿעשדיק געטרײַ יעדן, וואָס האָט עס נאָר פֿאַרדינט, און ווער רעדט שוין דער זאַך, וועלכער ער האָט זיך געשטעלט צו דינסט מיט לײַב־און־לעבן.

אריע גיטעליס האָט אַלע זײַנע יאָרן געהיט דעם האַלדז. מיילע, וואָס ער האָט שוין דאָ, אין געטאָ, מישטיינסגעזאָגט, געקאָנט טראַכטן וועגן נעגינע. נאָר די שווערע אויסקומעניש זײַנע, די ביטערע קעלטן און די נעץ האָבן דעריקער זיך אָפּגערופֿן אויפֿן האַלדז, וואָס איז געווען דאָס פֿילבאַרסטע אָרט זײַנס. אריע איז אָפּטלעך געווען הייזעריק און דערצו ניט געקענט שלינגען ניט נאָר די טרוקענע שקאָרינקע, וואָס פּלעגט אים אָנקומען, נאָר אַפֿילו דעם מוטנעם זופּניק... ער וואָלט זיך שוין לאַנג געדאַרפֿט ווענדן צו די דאָקטוירים אינעם געטאָ־שפּיטאָל, דעם העקדעש, נאָר גיי, אַז מע איז דאָרט ניט זיכער מיטן לעבן. ווי נאָר עס הייבט זיך אָן א כאַפּעניש, ראַמט מען אויס צום אַלעמערשטן דעם שפּיטאָל. אַהין פֿאַלן אַרײַן געוויינלעך בלויז די, וואָס מע הייבט אויף אין גאַס, און אויב אַזאַ איינער האָט שוין ניט קיין נאָענטע, איז וווּהין דען זאָל מען אים אַהינטאָן, אַז די נעשאָמע קלאַמערט זיך אַלץ נאָך אינעם גוף?..

איצט אָבער, ווען ליאָליע האָט הײַנט־מאָרגן געדאַרפֿט אַרײַנגעבראַכט ווערן אין געטאָ און מע האָט אָן אריע גיטעליסן זיך דערמאָנט אַזש אין יודען־ראַט, איצט האָט ער זיך געמעגט האַלטן פֿאַר א שטיקעלע כאַשעוו (אַזוי האָט ער מיט א ביטערן שפּאַס געזאָגט יעשוע שוואַלבן), און באַשלאָסן אַוועקגיין אין שפּיטאָל. אַלנפֿאַלס א געוויסע צײַט וועט מען אים בא אַן איבערפֿאַל ניט טשעפּען.

אַזוי האָט אריע געזאָגט יעשוען, דאָס זעלבע געגעבן אָנצוהערן אַנדערע באַקענטע, בא זיך אָבער האָט ער געוווּסט, אַז די עמעסע סיבע איז אַן אַנדערע: ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר דער באַגעגעניש מיטן זון, געוואָלט כאָטש דערווײַטערן די דאָזיקע באַגעגעניש, ביז עס וועט קלאָר ווערן, אויב ניט אים, דעם טאַטן, איז מענטשן (אָ, פֿרעמדע זעען בעסער, פֿרעמדע שאַצן שטרענגער!), וואָס ליאָליע שטעלט איצט פֿאָר מיט זיך.

טײַנעס האָט ער געהאַט צום זון א סאַך. אייניקע זאַכן איז ער גרייט געווען פֿאַרגעבן. נו, דאָס, אַשטייגער, וואָס ליאָליע האָט ערעוו דער מילכאָמע געהאַלטן בא טויפֿן זיך. די דײַטשן זײַנען אַרײַן, און אַלץ האָט זיך איבערגעדרייט — יאָ געטויפֿט, ניט געטויפֿט, בא זיי איז מען אַלציינס א ייִד. אריע האָט פֿונדעסטוועגן געטראַכט: „פֿאַראַן זין אַפּיקאָרסים, מיילע, וואָס קאָן מען טאָן, אָבער ווי פּאַרט זיך עס — זײַן אַן אַפּיקוירעס און ווערן א מעשומעד?‟ שפּעטער איז דער זון באַגאַנגען אַנדערע שווערע אוולעס: זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט דער פּריצטע... מעגלעך אַפֿילו, ס'איז א רעכילעס, אָבער פֿאַרוואָס האָט ער געמאַכט אומגליקלעך דאַניען, אַזאַ דאַניען?

און דאָס קינד? צי איז עס דען ניט איבער דעם אײַנרײַס אוועק מיט דער מאַמען אין געטאָ און... נאָר זאָל זײַן, ס'איז א גאָט־זאַך, צו קליין איז דער מענטש צו ווידערשפּעניקן דעם אייבערשטן. אָבער דאָס לעצטע, וואָס אייניקע דערציילן וועגן ליאָליען, די אָנצוהערענישן, אז אכט מענטשן זײַנען דורך אים אומגליקלעך געוואָרן, און דאָס איז מיסטאמע אן עמעס, ווײַל ווּעהאָרײַע, אָט זאָרגט דאָך וועגן אים די געסטאַפּאָ... איז ווידער א טערעץ — עפּשער האָט פאָרט עפּעס א ווערט דאָס, וואָס ער איז אן אָנגעזעענער מענטש. נאָר אבוש הילולע, דער גרויסער פּיזיקער, וועלכער איז פאר דער מילכאָמע געקומען אהער צו אן אלטער מאַמען, איז דאָ געבליבן שטעקן און אומגעקומען פון ראָצכישע הענט, איז אוואדע געווען ניט ווייניקער שײַנדל פון ליאָליען, צי מאטעס ליכטיק, דער פּראָפעסאָר, וועלכער פלעגט אלעמאָל פאָרן אף די מעדיצינישע קאָנגרעסן אין זשענעווע, אין לאָנדאָן און ווּ די וועלט האָט אן עק!..

אזוי האָט געטראכט אריע גיטעליס, פירנדיק אין געדאנק א וויקועך מיט דעם זון, געזוכט, ווי א טאטע, עפּעס א זכוס אף אים און גאָרנישט ניט געפונען. דערבײַ האָט ער געוווּסט, אז א טאטע דארף ניט נאָר פארגעבן, נאָר אויך מאָנען מער פון אלעמען, און מיט ציטער געוואָרט אף דער באגעגעניש. ער האָט, עמעס, ניט שטארק געהאָפט, דער זון זאָל זיך ווּעלן טוליען צו אים, ער האָט געקענט ליאָליען. איז דעריבער טאקע ווידעראמאָל: אויב זײַן צוזאמען, דארף ער וויסן, צי האָט עס ליאָליע די ווערט, און אויב באזונדער — איז זאָל דערין זײַן שולדיק ניט ער און ניט ליאָליע, נאָר גאָר עפּעס אנדערש — דער שפּיטאָל...

אריע גיטעליס האָט פארנומען זײַן אָרט אפן דיל, אף דעם שיטערן איבערבעט, אין וועלכער די פעדערן האָבן זיך שוין לאנג צונויפגעקלעפּט אין קנוילן און אײַנגעזאַפּט דעם שארפן רייעך פון אָן א שיר כאלאָיִם, געלעגן צווישן מוירעדיק אויסגעצערטע מענטשן, וואָס ס'איז בעסער געווען ניט קוקן אין זייער זײַט און ניט ריידן מיט זיי, און דאָך האָט ער זײַן נײַעם אָרע־מיקלעט באטראכט, ווי א שטיקל כעסעד פון גאָט...

נאָך האלבן טאָג האָבן צוויי עסעסאָווצעס געבראכט צו פירן ליאָליען אין געטאָ. די קאָנ־וואָיִרן זײַנען שטיין געבליבן באם טויער און באפוילן:

— גיי דיר צו דײַנע ייִדן...

ס'איז אף דער גאס געוואָרן אן אָנגעלויף, מע האָט ארומגערינגלט ליאָליען, איין קליי־ניקײַט — דער ערשטער, ווּעמען מע האָט אויסגעקויפט, ארויסגעריסן פון טפיסע. עפּשער וועט נאָך עמעצער אזוי ניצל ווערן, כאָטש ווּ נעמט מען אזויפיל געלט? מע איז אים נאָכגעגאנגען, אויסגעפרעגט, צי איז ער טאקע לאנג דאָרט געווען, אין טפיסע, ווי איז מען זיך מיט אים באַ־גאנגען, צי האָט ער ניט געזען אזעלכן און אזעלכן, וואָס מע ווייסט ניט און מע הערט ניט פון אים... ער האָט געענטפערט איין וואָרט איבער צען, געשאָקלט מיטן פאטלאטן קאָפּ, אף וועלכן עס איז אין דער קרים געזעסן דער טונקל־בלויער בערעט, מיינענדיק דערמיט איינעם זאָגן „יאָ", איינעם „ניין", נאָר ביכלאל איז ער געווען צוגעלאָזט צו מענטשן. פיל האָבן אים געקענט לויט זײַנע קאָנצערטן, געהערט אויך, אז ער איז שיר ניט געוואָרן קיין מעשומעד, ס'איז געווען א בארימטער מענטש. אין דער פרעמד האָט מען אמאָל זיך געגרויסט, וואָס מע האָט אזא לאנדס־מאן, און אין דער היים גאנץ גערן באהאנדלט די פארשיידענע קלאנגען, רעכילעסן, וואָס זײַנען וועגן אים פארשפּרייט געוואָרן, און נאָך עפּעס צוגעגעבן אויך. איצט, האָט מען געפונען, איז דאָס שוין ניט יענער ליאָליע, א נעבעך, א יוירעד, און טאקע געעלטערט אויך.

מע האָט אים דערמאָנט וועגן טאטן, און ער האָט געזאָגט, אז יאָ, ער וועט אים אָפּזוכן. אין שפּיטאָל? נו, וועט ער זײַן באם טאטן אין שפּיטאָל. אף דאָניען און דעם קינד האָט ער ניט געפרעגט. זאָגן אים? עפּשער ווייסט ער אליין? און ווער זאָגט עס אָן אזוינס א מענטשן באלד באם קומען? דאָניע איז ביכלאל ערגעץ נעלעם געוואָרן.

געענדיקט האָט זיך מיט דעם, וואָס א באקאנטער מוזיקער, א פידלער, בינימין פרײַ, האָט פארנומען ליאָליען צו זיך. מע לעבט, נאטירלעך, אין ענגשאפט און אין גרויס דאכקעס, נאָר אָן סאקאָנעס. ווי זאָגט מען עס: ווּ זעקס, וועט זײַן א זיבעטער...

ליאָליע האָט שווײַגנדיק, צו זען, אָן דערשיטערונג, אויסגעהערט די יעדיִע, אז זײַן קינד איז ניטאָ. ער איז ווי געוווינט געוואָרן צו אומגליקן. נאָר אן אינטערעס צום לעבן איז בא אים פאָרט געווען, ער האָט, אשטייגער, געזוכט באקענטע, געענוי זיך פאנאנדערגעפרעגט וועגן זיי, צו אייניקע אוועק צוגאסט. בינימין פרײַ איז זיך עס אָנגעלאָפן א ביסל, ער איז שוין ניט ניכע געווען, וואָס ער האָט ליאָליען פארבעטן צו זיך. נאָר עפּעס איז בא בינימינען אופגעקומען א פלאן: מע וועט שאפן א קאָנצערט־גרופּע אין געטאָ און ליאָליע וועט זיך אויך באטייליקן. ליאָליע האָט אײַנגעשטימט — נו, יאָ, מע דארף דאָך דאָ עפּעס טאָן.

א מאָדנע כאלאס האָט זיך בא אים, בא ליאָליען, אנטפלעקט. פון איבערגעלעבטער שרעק, ווייַזט אויס. יעדן האָט ער געפרעגט, צי איז בא אים דאָ א זיכערע באהעלטעניש, אומבאדינגט אליין געוואָלט א קוק טאָן אף איר, געבעטן זיך אין שכיינעס, געגעבן אָנצוהערן, אז אויב ס'איז א מעניִע אין געלט, זאָל מען ניט דייַגען. ער האָט פרייַנט פון יענער זייַט וואנט, וועלכע היטן טריַי זייַנע א פויטעקע. דאָס איינציקע נאָר, וואָס ער דארף צוטראכטן, וויִאזוי זיי געבן צו וויסן וועגן זיך... אייניקע האָבן אים פארטרויט דעם סאָד, ווו ס'איז דאָ א זיכערער בונקער, גענומען זוכן אזעלכע, וואָס כאפן זיך ארויס אף דער פרייַ.

ערשט אפן דריטן טאָג איז ליאָליע אוועק צום טאטן. באגעגנט האָט אים אריע קאלטלעך, געמאכט אן אָנשטעל, אז עס טוט אים שטארק ווי אין האלדז, דעריבער האָט ער געלאָזט מער ריידן דעם זון. און אזויווי יענער איז געוועזן ניט פון די בארעדעוודיקע, — און וואָס האָט אים ביכלאל געקאָנט אָנגיין דער טאטע, מיט וועלכן עס האלט שוין גאנץ שמאָל? — האָט קיין שמועס זיך ניט באקומען. דערצו האָבן זיך דערטראָגן קרעכצן פון ארום. אייניקע כאלאָיִם האָבן געמיינט, אז דאָס איז ארויפגעקומען עפעס א נייַער דאָקטער, און געוואָלט צוציִען זייַן אופמערקזאמקייַט. ליאָליע האָט זיך גענומען זעגענען. בייסן שמועס האָט ער דערמאָנט בלויז וועגן ניוטעניען, געזאָגט, אז מע האָט אים שוין אלץ גענוי דערציילט, דעריבער דארף מען ניט, דער טאטע זאָל זיך אָנשטרענגען און איבערכאזערן אלץ פונדאָסנייַ. אף דאָניען האָט ער אפילע ניט געפרעגט און שוין באם סאמע אוועקגיין זיך ווי דערמאָנט:

— אין לאגער האָב איך זיך באפרייַנדעט מיט א באָכער, לייזער קרעמעז. דאָס איז יענעם אלטערס א ברודער, געדענקסט, טאטע? כ'וואָלט וועלן וויסן, וואָס איז מיט אים געשען?..

אריע האָט מיט טריבע, פארגליווערטע אויגן שווייַגנדיק זיך אייַנגעקוקט אינעם זונס פולן געזיכט מיט די זעקעלעך אונטער די אויגן. מאָדנע שאָטנס זייַנען, ווי פון אינווייניק, פונקט ווי פון יענער זייַט מאטעוון גלאָז, דורכגעלאָפן איבער ליאָליעס געזיכט, מעטושטעשע, צעפאָלאָכעטע שאָטנס, דערבייַ האָט ער אומגעדולדיק־קאפריז א הייב געטאָן די געדיכטע ברעמען — א גוט באקאנטע טנוע.

— כ'וואָלט אפילע זיך ניט געפוילט צוגיין צו זייַנע עלטערן, — האָט ליאָליע צוגעגעבן, — מע האָט מיר דערציילט, אז דו ביסט לעצטנס געוועזן אן אריַינגייער צו די קרעמעזעס?..

— עמעס, עמעס, — האָט שטיל ארויסגעבראכט אריע, — נאָר זיי זייַנען שוין ניטאָ. די מאמע, עסטערן, האָט מען ניט לאנג צוריק דערשאָסן, און דעם טאטן, נויעכן, האָט דער זון ארויסגענומען ערגעץ אין שטאָט צי אין א דאָרף...

— דער זון?

— נו, יאָ, א גוטער זון בא נויעכן... אף אלע מייַנע ליבע געזאָגט געוואָרן...

אינגיכן נאָך דעם, ווי ליאָליע האָט זיך געזעגנט און איז אוועק, איז אין שפיטאָל געקומען יעשוע שוואלב. ס'האָט געטונקלט.

— קומט, רעב אריע, — האָט ער געזאָגט. — די דאָקטוירים האלטן, אז דאָ איז פאר אייַך קיין געלעגער ניט.

אויסגעהערט אין גאס אלץ גענוי וועגן ליאָליעס באזוך, האָט יעשוע אומבאשטימט געזאָגט:

— מע וועט עס באקלערן.

יעשוע האָט געבראכט אריען אינעם צימער, ווו ער האָט ביזן שפיטאָל געוווינט, און אליין ערגעץ אוועק, נאָר געוואָרנט דעם אלטן:

— ס'קאָן זיך מאכן, כ'זאָל קומען נאָך אייַך. זייַט אין דער היים.

געקומען איז ער שפעט אין דער נאכט, קענטיק — אן אופגערעגטער. אריע איז ניט גע־שלאָפן, בלויז צוגעלייגט זיך אין אָנטאָן אפן געלעגער. האָט יעשוע זיך אָפגעשטעלט בא זייַן בעטל און מיט א ציטער אין שטים, ווי עס זאָל אים קאלט זייַן, ניט הויך א רוף געטאָן:

— איר הערט, רעב אריע, מע דארף גיין...

מע האָט זיך דורכגעקליבן איבער פארשטילטע הינטערהויפן און אראָפגעלאָזט זיך אין א קעלער־שטיבל. דאָ זייַנען געוועזן יערוכעם, לייזער און א דריטער, וועלכן אריע האָט שוין געהאט באמערקט אין גאס, — א דארער, מיט שווינדזוכט־פלעקן אף די באקן. ווידער האָט אריע דער־ציילט וועגן דעם זונס באזוך צו אים און וועגן דעם, אז יענער האָט זיך נאָכגעפרעגט אף לייזערס עלטערן. מע האָט אים אויסגעהערט שווייַגנדיק; א מינוט־צוויי נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט ריידן, האָט מען נאָך אלץ געשוויגן. אריע האָט אָפגעשפיליעט דאָס אייבערשטע קנעפל פונעם דיינעם שווארצן העמדל, וואָס ער האָט, אומקערנדיק זיך פון שפיטאָל, אָנגעטאָן, אופגעשלאָגן עטוואָס דאָס בערדל פון אונטן ארוף און מיט דער זעלבער האנט אָפגעווישט דעם שטערן.

— קינדער, ס'א בעסדן־שעל־מאטאָ? — האָט ער געפרעגט.

יערוכעם האָט א כמורנער געענטפערט:

— יאָ, רעב אריע.

— איז וואָלט מען עפּשער ניט דאַרפֿן, לייזער זאָל זײַן דער דריטער. דאָ רעדט זיך דאָך זוענג אים?..

— איך בין דער דריטער, — האָט יעשוע שוואָלב זיך אָנגערופֿן, — לייזער איז אַן איידעס, פּונקט ווי איר...

אינדערפֿרי איז באַוווּסט געוואָרן: טיף אין דער נאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט צו בינֿיאָמין פּרײַ אין צימער, עס זײַנען אַהין אַרײַן עטלעכע כּעוורע, אַרויסגעשלעפּט פֿון געלעגער ליאַליע גיטעליסן, איינער פֿון די געקומענע האָט אַרויסגעפֿירט אין קיך אַרײַן די קינדער און זיי דער־קלערט, אַז מיט דער מישפּאָכע וועט קיין שלעכטס ניט געשען. מע דאַרף בלויז אויספֿילן דעם אורטייל איבער אַ געסטאַפּאָ־אַגענט.

ווען מע האָט גענומען לייענען דעם קורצן אורטייל, איז ליאַליע, וועלכן צוויי־ען האָבן געהאַלטן פֿאַר די הענט, געפֿאַלן אָף די קני און אויסגעשריגן:

— ראַכמים! ראַכמים! אָדער... שנעלער!

ער האָט זיך געריסן קושן די שיך באַ דעם, וואָס האָט געלייענט דעם אורטייל. דאָס איז געווען יעשוע שוואָלב. יעשוע איז מיט עקל אָפּגעטראָטן און באַפֿוילן:

— טראָגט אים, כּעוורע, אין הויף אַרײַן, דאָס מויל — פֿאַרבינדט!

קיין שאָס האָט זיך פֿון הויף ניט דערטראָגן, מעסערס האָבן אָפּגעטאָן די זאַך. כּעוורע האָט זיך אָבער צוגעיײַלט. קאַיאַר האָט אַן אָרדענונגס־פּאָליציאַנט, וועלכער איז געקומען וועקן די אײַנוווינער פֿונעם הויף צו דער אַרבעט, געפֿונען ליאַליען לעבן מיסטגרוב נאָך אַ זשיפּענדיקן...

6

פֿון אָנהייב האָט מען ליאַליען געבראַכט אין געטאָ־שפּיטאָל, וועלכן דער שעף פֿון דער ייִדישער פּאָליציי, סימכע ספּירא, האָט גלײַך באַוואָרנט מיט אַ שטרענגער וואַך. דערווײַל איז געקומען די צײַט, ווען מע האָט שוין געמעגט קלינגען זילבערטן. מאָריס גליוווער האָט מיטגעטיילט דעם אָבערשאַרפֿיורער וועגן דעם געשעענעם און אַרײַנגעכאַפּט אַ פּסאַק, אַז עס האָט אים אָף אַ צײַט דאָס לאָשן אָפּגענומען. זילבערט האָט אָבער געמוזט אָנקלינגען אין געסטאַפּאָ, און דאַן האָט מען אים שוין אַרײַנגעטיילט אַן ערעך אַזוינס, ווי עס האָט פֿון אים באַקומען גליוווער. נאָר די אונטערשטע שורע איז געווען:

— ער וועט לעבן, יענער גיטעליס, צי מע מעג אים שוין אַרויסוואַרפֿן פֿאַר די הינט? וואָס זאָגן די דאָקטוירים?

זילבערט האָט זיך גראָד ניט אינטערעסירט, וואָס עס זאָגן די דאָקטוירים, נאָר, זײַענדיק זיכער, אַז ייִדן קאָנען אַלץ אַריבערטראָגן, האָט ער גאַנץ בראַוו געענטפֿערט: „יאַוואָל, ער וועט לעבן!“ אויב אַזוי, האָט מען אין געסטאַפּאָ באַפֿוילן טייקעף אַריבערפֿירן ליאַליען אין אַ דײַטשישן שפּיטאָל. נאָך דער אָפּעראַציע איז אָבער אַנטשטאַנען אַ שוועריקײַט: ווי קאָן מען אינעם ריין־אַרישן שפּיטאָל האַלטן אַ ייִדן? און אַלבערט קנעכעל איז געפֿאַלן אָף אַ האַמצאָע: מע דאַרף אַרי־בערפֿירן ליאַליען צו די קאַפּליינס אין ווילע, פֿאַני סאָפּי וועט שוין זאָרגן וועגן אים ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

ליאַליע איז געקומען צו זיך אין אַ מאַנסאַרדע־צימערל אָפֿן דריטן שטאָק. שטיל. אין פֿענצ־טערל, וואָס האָט געהאַט די פֿאָרם פֿון אַ האַרץ און איז באַ די זײַטן געווען פֿאַרגלאָזט מיט קליינינקע פֿאַרשיידנקאָליריקע טאַפֿליעלעך, פּונקט ווי דאָס פֿענצטער זאָל אַרומזוימען אַ רעגנ־בויגן, האָט אַרײַנגעקוקט אַן אָנגעכמורעטער, האַרבסטיקער הימל. און, ווי אַ גוטער מאַלעך, איז באַם בעט געשטאַנען פֿאַני סאָפּי. באַלד האָט זי אָבער פֿאַרביטן אַ שלעכטער מאַלעך — אַ פּליכע־זואַטער, מיט וואָנצעלעך, וואָס הענגען אַראָפּ באַ די מויל־ווינקלען, ווי מײַזישע עקעלעך, קנעכעל. צי פֿאַרשטייט ער אים, גיטעליס, צי וועט ער קאָנען ענטפֿערן אָף אייניקע פֿראַגן? ליאַליע האָט אופֿמערקזאַם געקוקט אָפֿן אויספֿאָרשער. דאָס האָט געקאָנט הייסן: „פֿרעגט“.

— וואָס האָט געזאָגט דער טאַטע, ער ווייסט עפּעס וועגן קרעמעזן?

ליאַליע האָט צוגעוואָרט, ביז עס וועט זיך אײַנשטילן דער ווייטעק און דער רויש אין קאָפּ. ער האָט געקלערט: „דער טאַטע ווייסט גאָרניט. דאָס דאַרף מען באַווײַזן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך צו אים ניט נעמען טשעפּען. און פֿאַר מיר איז בעסער וואָס לענגער ניט קאָנען ריידן“. ער האָט עטוואָס אונטערגעהויבן די האַנט איבער דער קאָלדרע און געמאַכט אַ באַוועגונג אָף „ניין“. באַלד איז אים ווידער ניט גוט געוואָרן. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט שוין אינעם צימערל געברענט שײַן, אָף דער וואַנט איז געפֿאַלן אַ גרויסער, באַקאַנטער שאָטן — סאָפּיס שאָטן. ער

האָט א קער געטאָן די אויגן און דערזען זי באַם טישל. ס'איז אים גרינג געוואָרן. יאָ, ער האָט ריכטיק באַשטימט: דעם טאַטן דאַרף מען באַשיצן, אַלעמען באַשיצן. ער איינער איז שולדיק אין אַלץ. נאָר צוליב וואָס, צוליב וואָס האָט אים גאָר די מאַמע אַף דער וועלט געבראַכט?...

פאַני סאָפּי איז שוין פיל שאָען ניט אָפּגעטראָטן פון ליאָליעס בעט. בלויז ווען דער אויספאָרשער האָט איר געהייסן אַרויסגיין, איז זי אַראָפּ אַפן צווייטן שטאָק. נאָר זי האָט געוואַרט אַף די טרעפּ, און ווי נאָר דער געסטאַפּאָוועץ איז אַרויס און, א כמורנער, מיט א הייב פון די ברעמען באַוויזן, אַז זי מעג אַרויף, האָט זי ווידער אוועקגעזײַלט אין מאַנסאַרדע. אָבער נאָך דעם דאָזיקן באַזוך האָבן אירע געדאַנקען באַקומען גאָר אַן אַנדער ריכטונג.

באַטאָג, ווען די מאַשין פון „שנעלער הילף” האָט געבראַכט ליאָליען, איז מיט די סאַניטאַרן אויך געקומען דער זעלבער געסטאַפּאָוועץ.

— אורטיילט אַליין, פּראַו קאָפּליין, — האָט ער געזאָגט, — געסטאַפּאָ האָט אים געשוינט, אָפּגעשיקט צו די זײַניקע אין געטאָ, און די דאָרטיקע פאַנאַטיקער און באַנדיטן האָבן אים ניט געוואָלט מוחל זײַן, וואָס ער האָט זיך אַזאַ לאַנגע צײַט אויסבאַהאַלטן בײַ א קריסטן...

אין פאַרצווייפלונג האָט סאָפּי געטראַכט, אַז עפּשער איז זי טאַקע שולדיק אין אַלץ. זי האָט אים אויסבאַהאַלטן בײַ זיך, ליאָליען, נאָר אַלעמאָל געוווּסט, אַז איר שולד איז א שווערע: זי האָט אים צעשיידט מיט דער מישפּאָכע. אָבער דאָס איז אַן עטישע זאַך. אין לעצטן סאַכאַקל האָט זי אויך געהאַט געוויסע רעכט אַף אים. און אָט איצט, נאָך דעם צווייטן באַזוך פון דעם דאָזיקן געסטאַפּאָוועץ מיט די מײַזן־וואָנצעלעך און נישטערנדיקע אויגן, האָט זי גאָר גענומען טראַכטן, אַז שולדיק איז אין אַלץ איר עריך און טאַקע ליאָליע אַליין: עריך — מאַכמעס זײַן כיטרעקײַט און פאַלשקײַט, און ליאָליע — מאַכמעס זײַן כאַראַקטערלאָזיקײַט... זי האָט זיך ווידער, וואָרט בײַ וואָרט, דערמאָנט עריכס טעלעפאָן־געשפּרעך — עפּעס האָבן זיי אויסגעבאַהאַלטן פון איר, אי עריך, אי ליאָליע... און די זאָרג פון געסטאַפּאָ?..

א קאַלטער שווייס האָט זי באַשלאָגן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט זי איצט פאַרנומען פיל מער, ווי די מוירע, אַז ליאָליע קאָן שטאַרבן. זי האָט אים אײַנגעגעבן די רעפּועס, וואָס מע האָט באַדאַרפט, אָפּגעווישט אים דאָס בלוט, וואָס האָט פון מאָל צו מאָל זיך באַוויזן אין די ווינקלען פון מויל, נאָר געטאָן דאָס מעכאַניש. זי האָט געזוכט אַן ענטפער אַף איר כשאַד, געזוכט אים אין ליאָליעס אויגן, ווען ער פלעגט דערוואַכן פון כאַלאָשעס. שוואַרצע, אָנגעשטרענגט־אויסגעגלאָצטע, האָבן זיי פאַרבאָרגן אין זיך שטומען ווייטעק און עפּעס אומבאַקאַנטס, אַזוינס, וואָס זי האָט אין זיי קיינמאָל ניט געזען, — אַנטשלאָסנקײַט. איז ער געווען פאַרטראָגן פון היץ, האָט זי געזוכט דעם ענטפער אין די שטריכן פון זײַן מאַט־גרינעם פּאָנעם, אין אַרומגעזוימטס מיט מאַרליע און דערפון ווי נאָך מער אַן אַנטפּלעקטס, — אומרו האָט זיך געשפּירט אין יעדן שטריך, אין יעדן קנייטשעלע. זי האָט זיך אויך אײַנגעהערט, עפּשער וועט דורך זײַן כאָרכלענדיקן אָטעמען זיך דורכרײַסן עפּעס א וואָרט...

זי האָט געמוזט באַקומען דעם ענטפער, דאָס האָט געדאַרפט לייזן אויך איר, סאָפּיס, גוירל, ווײַל אויב קיינער ניט, וועט זי אַליין זײַן איבער זיך דער ריכטער.

טיף אין דער נאַכט איז סאָפּי אוועק שלאָפן און געלאָזט אָנשטאָט זיך אַן אַלטיטשקע געטרײַע דינסט. זי האָט געבעטן, מע זאָל זי אופוועקן פרי, נאָר די פּאָקאָיאָווע האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַף איר און געלאָזט זי שלאָפן, ווי געוויינלעך, ביז צען. ערשט בייסן אָנטאָן זיך האָט סאָפּי זיך דערוווּסט: עריך איז קאַיאָר געקומען צו פאָרן, געבראַכט מיט זיך עפּעס א גאַסט — א דײַטש, זעט אויס, זייער א געהויבענעם, ווײַל באַם טויער שטייט אַף דער וואַך אַן עסעסאָוועץ און צוויי אַנדערע גייען אום לענגויס דעם פאַרקן פון ביידע זײַטן סאָד — ביז דער ווײַסל.

דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז סאָפּי געקומען אין קאָפּ, איז געווען: „וואָס וועט זײַן מיט ליאָליען?” דערנאָך האָט זי מיט א מאָדנער רויִקײַט באַשלאָסן: „געסטאַפּאָ האָט אַזויפיל געזאָרגט וועגן אים, וועט זי שוין זאָרגן אויך ווײַטער”. און אַלע פריִערדיקע געדאַנקען און ספּייקעס האָבן פונדאָסנײַ דערוואַכט אין איר.

עריך, ווי עס איז קלאָר געוואָרן, איז ערגעץ ניט אַף לאַנג אוועקגעפאָרן און געבעטן איבערגעבן דער מוטער זײַן אַנטשולדיקונג, וואָס ער האָט זיך ניט דערוואַרט, ביז זי וועט אופשטיין. דער גאַסט איז געווען אין דער היים, נאָר סאָפּי האָט געהאַלטן, אַז בעסער איז ניט אַרויסגיין צו אים — זאָל עריך אים פאָרשטעלן איר. דערווײַל האָט זי פאָרזיכטיק אויסגעפרעגט די פּאָקאָיאָווע, וואָס טוט ער איצט און וויִאַזוי זעט ער אויס.

— וואָס קאָן איך זאָגן? — האָט די פּאָקאָיאָווע, גאָר א יונג מיידל, געענטפערט אין פאַרלעגנהײַט, — אַזאַ ווי אַלע... אין גאַס וואָלט זיך עפּשער קיינער אַף אים ניט אומגעקוקט, נאָר דאָ, אַז מע היט אים אַזוי... עפּעס ווערט א ביסל ניט אָנגענעם, אַז ער קוקט אַף דיר, כאָטש

ער שמייכלט אפילע... וואָס ער טוט? ער האָט אין עריכס צימער עפּשער א האַלבע שאָ געבאַק־סעוועט די „באר", דערנאָך זיך דורכגעלאָפן אין סאַד אין קורצע הייזלעך, כאָטש עס מאראקעט א רעגנדל. נו, און נאָך? יעדע זאַך נעמט ער אין די הענט און באַטראַכט, ווי ער זאָל זי שאַצן... די סטאַטועטקעס אין זאַל אלע איבערגעהאַלטן, דעם סערוואַנט באַקוקט פון אלע זײַטן, געעפנט אפילע די טירלעך... אײַ! — דאָס מיידל האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — די פאַני וועט שוין אליין זען...

סאָפּי האָט דערזען דעם גאַסט דאָרט, ווו זי האָט עס בעשום־אופן ניט געקאָנט דערוואַרטן: אין קאָרידאָר לעבן דער קיך. א דרײַטשישער אָפּיצער פון א יאָר פינף און דרײַסיק, עטוואָס העכער פון מיטעלן וווקס, אַן אונטערגעצויגענער, מיט קאַשטאַנעווע, שוין א ביסל שיטערלעכע האָר, פאַרקעמטע אַף א זײַט, מיט א פאַרשפּיצטן בלאַסן געזיכט, אין האָרן־ברילן, אין אַן עסעס־מונדיר, האָט מיט אויסגעשטרעקטע הענט געיאָגט זיך נאָך א קראָליק. פאַרטריבן דאָס כײַעלע אין א ווינקל, האָט ער מיט א מאָדנע פריידיקן און אײַנצײַטיק בייזן אויסדרוק אַפן געזיכט, וואָס איז פּלוצעם צעאַקערט געוואָרן פון טיפע קנייטשן, אַזוי אַז סע האָבן זיך אומאָנגענעם אויס־געשטשירעט די ציין, געכאַפּט עס מיט לאַנגע קנעכלדיקע פינגער... אַפן שוועל פון דער קיך איז געשטאַנען דער קעכער אין זײַן ווײַסן מיצל און כניפּעדיק, נאָר אויך פאַרבאַרגן־גרינגשעצעריש צוגעשמייכלט. ניט דער גאַסט, ניט דער קעכער האָבן ניט באַמערקט, ווי סאָפּי איז צוגעקומען. דערפאַר איז זי אַף די שפּיץ פינגער אָפּגעטראָטן אַף צוריק און שטיין געבליבן הינטער דער שטאָרע, — דאָס בילד איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז זי האָט ניט געקאָנט אַוועקגיין.

דער גאַסט האָט געצערטלט דעם קראָליק, אָנגערופן אים אי קליינעס קאַנינכען[1], אי ליבעס קאַנינכען, און מיטאַמאָל גאַנץ זאַכלעך געפרעגט באַם קעכער:

— און וויאַזוי פאַרטיקט איר זיך אָפּ מיט אים?

— כ'וויס, אויך א זאַך, — האָט דער קעכער געענטפערט א ביסל פאַרלוירן, — מיר גיבן זיך שוין אַן אייצע...

— פונדעסטוועגן?

— נו, א שאַרפן מעססער האָבן מיר דאָך... יאַנינע טוט עס אָפּ, די געפּעס־וואַשערן.

— ניט ריכטיק. — דער גאַסט האָט גענומען דעם קראָליק פאַר די פאָדערשטע לאַפּקעס (סאָפּי האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער דער שטאָרע). — אָט אַזוי טוט מען: מע נעמט א שטעקעלע, א לײַכטער קלאַפּ אָט אַהער, צווישן די אויערן, און פאַרטיק... דער קראָליק באַוועגט ניט קיין ציטער טאָן. מע קאָן עס אָפּטאָן אפילע אין אַזא מונדיר, ווי מײַנער.

— עס קאָן אײַך פאַרט אויסוואָדזגען, — האָט געשמייכלט דער קעכער, א ביסל שאָקירט דערפון, וואָס דער דײַטש אינטערעסירט זיך מיט אַזעלכע זאַכן.

סאָפּי איז אַוועק, ניט דערוואַרטנדיק זיך, ביז עס וועט געלייזט ווערן דער איניען מיטן קראָליק. די דאָזיקע סצענע האָט ניט וואָס געמאַכט אַף איר א שווערן אײַנדרוק, — סאָפּקאָלסאָף קאָן דאָס אלץ אויסזען, ווי א שפּאַס, א פּוסטע פאַרווײַלונג פון א הויכגעשטעלטער פּערזאָן. דער אופן, וויאַזוי עס איז דעטאַל גערעדט געוואָרן וועגן הארגענען דאָס כײַעלע, וואָס דער פרעמדער צערטלט עס נאָך, האָט זי א שניט געטאָן באַם האַרצן. אָן אומרו האָט זי אַרומגעכאַפּט. מיט וועמען פאַרט עס אַרום עריך, וועמען ברענגט ער צו איר צוגאַסט, און נאָך — וועמען באַוואַכן עס דרײַ עסעסאָוועצעס?..

אינגיכן איז געקומען עריך. סאָפּי איז בעקיוון ניט אַרויף צו ליאַליען, דער זון זאָל זי ניט נעמען זוכן. א קוש געטאָן די מוטער לויטן אײַנגעשטעלטן סיידער אין באַק, האָט ער פאַרהאַוועט געזאָגט:

— אַלץ, אַלץ, מוטכען, וועל איך געגוני דערציילן שפּעטער... כ'בין געפאָרן נאָך כערעס, — אין ווילע איז קיין גוטער כערעס ניטאָ, — און מיר פאַרשפּעטיקן שוין מיטן פרישטיק... איצט נאָר דאָס וויכטיקסטע: אונדזער גאַסט איז אַן אײַנפלוסרײַכע פּערזאָן, פון בערלין, דער שעף פון גאָר א וויכטיקן אַמט. איך בין אים אונטעראָרדנט בלויז אין א געוויסן זין, נאָר ער האָט געשעפט־לעכע פאַרבינדונגען מיטן פּאַפּאַ, איז פּראַטעזשירט ער שוין מיר, ווו איך דאַרף נאָר. זײַט צו אים אויפמערקזאַם, מוטכען!

בייסן פרישטיק האָט מען זיך באַקאַנט. דער גאַסט האָט אָנגערופן א פאַמיליע, וואָס האָט גאָרנישט ניט געזאָגט דער פאַני סאָפּי. עריך האָט גערופן דעם גאַסט מיט אַכטונג און דאָך א ביסל פאַמיליער „הער אָבערשטורמבאַנפיורער", האָט זי אים אויך אַזוי גענומען רופן. קוקנדיק

---

[1] קאַנינכען — קראָליקל.

אף זײַן ניט אויסדריקלעכן, העפלעכן און דאָך אומאָנגענעמען געזיכט, האָט סאָפּי מיט כידעש זיך דערמאָנט, ווי די פּאָקאַיאָווע האָט אים באַשריבן, און א טראַכט געטאָן: „יאָ, בא דינער איז זייער א טרעפלעך אויג, זיי שאַצן א מענטשן, דאַכט זיך, לויט קלייניקייטן, נאָר — ריכטיק".

## 7

באַם פּרישטיק איז געשען איינער, קימאַט אן אומבאַדײַטנדיקער עפּיזאָד, וואָס האָט פאַר־שאַרפט סאָפּיס אַנטיפּאַטיע צום גאַסט. עפּעס האָט זי זיך אָפּגעוווּנדעט פונעם שמועס, וואָס האָט זיך פאַרקניפּט באַם טיש, און פּלוצעם דערזען, אז דער הער אַבערשטורמבאַנפירער האָט בייז א פינקל געטאָן מיט די ברילן, א שטשירע געטאָן די ציין און פאַרקרימט זיך.

— דאָס האָבן די ייִדן ליב באַניצן זיך מיט פרעמדן פאַנג! — האָט ער קימאַט אויסגעשריגן מיט א פאַלצעט.

אין דער ערשטער רעגע האָט סאָפּי זיך בלויז פאַרכידעשט: „וועגן וואָס רעדן זיי עס? אהא, וועגן יאַגד צי וועגן פאַנג, אוואַדע א סאַפּעק, ווער וואָס עס האָט געכאַפּט. אָבער וואָס האָבן צו דעם פאַר א שײַכעס די ייִדן?" אייגנטלעך, איז עס קיין נײַס ניט געווען אין דער לעקסיק פון אן אָנגעזעענעם עסעסאָווער, אָבער זיך דערלויבן אַזוינס בא איר טיש?.. זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן, געגומען קוקן אין טעלער. דער גאַסט האָט פאַרנייגט דעם קאָפּ, צוגעלייגט די האַנט צו דער ברוסט און געזאָגט ניט הויך: „אַנטשולדיקט, ליבע פראו". נאָר פון אָט דער קאָרעקטקייט האָט סאָפּי א שוידער געטאָן.

נאָכן פרישטיק האָט עריך אָפּגעפירט זי אין יענעם פאַרדראַפּירטן צימערל, פון וועלכן מע האָט געהאַט פאַרנומען ליאַליען, און געזאָגט מיט שפּילעוודיקייט אין קאָל:

— איך מיין, ביסט שוין אף מיר ניט באַרויגעז, מוטכען... האָסט זיך א ביסל צעהיצט און דערנאָך פאַרשטאַנען...

„ער האָט אין זינען דאָס, וואָס איך האָב אים געקלונגען, ווען דאַניע איז געקומען", — האָט סאָפּי א טראַכט געטאָן. זי האָט געוואַרט, וואָס וועט ער זאָגן ווײַטער. „איצט, אויב ער וועט וואָרענען, אז ליאַליע זאָל זיך אין ערגעץ ניט באַווײַזן, ווייסט ער פון גאָרנישט ניט... כאָטש ער קאָן בעקיוון וואָרענען און וויסן אלץ אי וועגן ארעסט, אי וועגן זײַן איצטיקן צושטאַנד. כיט־רעקייט פעלט אים ניט". נאָר עריך האָט בלויז ליבלעך און א ביסל אומגעדולדיק געשמייכלט. ער האָט איבערגעלאָזט דעם גאַסט אליין אין זאַל, קעדיי באַגלייטן די מוטער, געמיינט זיך שנעל אָפּפאַרטיקן מיט אָט דעם שמועס און טאַקע פאַרזען אזא וויכטיקע דעטאַל, ווי וואָרענען וועגן ליאַליען. רעגעס זײַנען געפלויגן, די פּאַוזע איז געוואָרן אלץ לענגער. „ער ווייסט, אז ליאַליע איז ניטאָ, און ווייסט ניט, אז ער איז שוין ווידער דאָ און אין וואָס פאַר א לאַגע, — ער וועט ניט וואָרענען, דאָס איז בעפּייִרעש א פּסיכאָלאָגישער דורכפאַל זײַנער". און סאָפּי האָט מיט ניט פאַרבאָרגענעם ווייטעק, טיף אָפּעטעמענדיק, ענדלעך געענטפערט:

— ניין, עריך, איך מיין גראָד עפּעס אַנדערש, אז מיר זײַנען איינער פאַרן אַנדערן שוין ניט קיין רעטענישן. נאָר זאָרג ניט, דײַן גאַסט, אף וויפל דאָס פאָדערט דער עטיקעט, וועט באַ־קומען די פולע אופמערקזאַמקייט.

סאָפּי האָט עס געזאָגט, ווײַל זי האָט פאַרשטאַנען: די לאַגע איז אן אויסערסט געפערלעכע, עס קומט אויס צו גיין אפּן שאַרף פון א מעסער. ווען ניט דאָס, וואָלט זי פּראָסט צוגעטראַכט א טערעץ, אז זי פילט זיך ניט מיט אלעמען, קעדיי ניט האָבן צו טאָן מיטן גאַסט. איצט איז אָבער וויכטיק געווען זײַן אין קורס פון אלץ, וואָס וועט דאָ פאָרקומען, קעדיי אלעמאָל קאָנען פאַרלויפן דעם וועג דער געפאַר.

עריך, אין פלוג צופרידן מיט איר ענטפער, האָט טעאַטראַל צונויפגעפלאָכטן די פינגער פון די הענט:

— מײַן ליבע מוטכען, אזא ערע איז אונדז אויסגעפאַלן...

— כ'פאַרשטיי, דאָס פאַרשטיי איך, עריך, — האָט זי צוריקגעהאַלטן געענטפערט, — גיי צום הער אַבערשטורמבאַנפירער, ער איז דאָרט געבליבן אליין.

מיטן גאַסט האָט זיך געטומלט שוין דעם דריטן טאָג. דעם דאָקטער האָט מען, ווײַזט אויס, געוואָרנט פון געסטאַפּאָ, ער זאָל זיך ניט וואַגן באַווײַזן אין דער ווילע, און ווי מע האָט ביכלאַל געוויסן זיך די נעגל אין געסטאַפּאָ, האָט סאָפּי זיך פאַרגעשטעלט. עס האָט איר אפילו פאַרשאַפן א ביסל שאָדנפרייד. בא יעדער געלעגנהייט האָט זי זיך אופגעהויבן צו ליאַליען. ערגער איז אים ניט געוואָרן, נאָר בעסער, דאַכט זיך, אויך ניט. ער האָט געליטן, און סאָפּי האָט געזען, אז דאָס זײַנען ניט בלויז קיין פיזישע ליידן. כאָטש עפּשער האָט זיך עס איר אויסגעדוכט? נאָר איצט, דעם עמעס געזאָגט, האָט דער כשאַד, וואָס האָט זי געפּײַניקט, געהאַט א קלענערע באַדײַטונג —

די געפאַר איז געוועזן צו גרויס. קיין איין מינוט האָט זי ניט אופגעהערט טראַכטן וועגן דעם בערלינער נאַציסט, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין איר ווילע.

גאָר געהויבענע באַזוכער האָט איצט געהאַט קאַפּליינס ווילע — דער שטאָט־הויפּטמאַן און אַליין דער גאַולייטער, ווער רעדט שוין פון אַנדערע, ווייניקער אָנגעזעענע נאַציסטן. די מאַסיווע געשניצטע טיר פון קאַבינעט, ווו עס האָט אופגענומען דער בערלינער גאַסט, האָט נאָך יעדער באַזוכער זיך פעסט צוגעמאַכט. אַרויסגעגאַנגען איז מען פון דאָרט צומיינסטנס ערנסטע, אָנגעדרודלטע.

וואָס איז עס פאַרט געווען פאַר אַ מענטש, דער בערלינער? אָט איז די טיר פון קאַבינעט געבליבן עטוואָס אָפן, און סאָפי האָט באַמערקט, אַז ער שרײַבט עפּעס און כעזשבנט, יאָ, יאָ, אַפילע אַ כעזשבן־ברעט האָט זיך באַוויזן אופן טיש, דערבײַ האָבן זײַנע באַוועגונגען דערמאָנט אין אַ פּלײַסיקן און געשיקטן קאַנצעליאַריסט. „זאָל דאָס זײַן עפּעס אַ רעוויזאָר?" — האָט זי געטראַכט. נאָר אָט האָט ער טעלעפאָניש געגעבן עמעצן אָנווײַזונגען, באַפעלן, און די נערוועזע אָנגעצויגנקײַט פון זײַן שטים, די קאַטעגאָרישקײַט פון טאָן האָבן ניט געלאָזט קיין צווייפל, אַז ער האָט גרויס מאַכט און איז אומדערבאַרעמדיק. און דאָ גאָר אַזאַ שטריך: ער פאַרלייגט די הענט אופן נאַקן און נעמט אומגיין אַ פאַרקלערטער, שטייט לאַנג בײַ איין פענצטער פון קאַבינעט, באַם צווייטן, קוקט, ווי עס פאַלן אין סאָד די נאַסע בלעטער, גייט אַרויס מיט שטילע טריט אין קאָרידאָר, שפּרײַזט אַוועק אין האָל, זעט אויס, אַז ער באַמערקט דערבײַ קיינעם ניט, דאָס פּאָנעם שמייכלט אָט בייז און אָט, דאַכט זיך, פּאַשעט טרוימעריש...

ער האָט געמאַכט מיט עריכן רײַטנדיק אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט (די פּרעכטיקע פערד האָט מען ניט אַנדערש ווי געבראַכט פון היפּאָדראָם), געפאָרן אף קאָנצערטן, אַוועקגעלאָזט זיך ערגעץ אף פיל שאָען אין זײַן מאַשין, און אופן דריטן טאָג פון זײַן געפינען זיך אין ווילע האָט ער, נאָכן וואַרמעס, גאָר אײַנגעלאַדן סאָפי און דעם זון הערן, ווי ער שפּילט פידל.

„די מענטשלעכע נעשאָמע האָט אַוואַדע אי בערג, אי טהאָמען, — האָט געטראַכט סאָפי, — ס'איז נאָר מיסטאָמע וויכטיק, וועלכע בערג און וועלכע טהאָמען — עס קאָן לעבן אַ קליין בערגעלע הוילן אַזאַ אָפּגרונט, אַז מע זאָל דעם דנאָ ניט זען..." זי האָט געהערט זײַן שפּילן — ניט שלעכט, אַפילע גאָר ניט שלעכט, נאָר צוויי זאַכן: צופיל פלײַס פון אַ מיטלמעסיקײַט און צופיל עקספּאַנסיוקײַט, היסטערישקײַט... איר אויער איז, פאַרשטייט זיך, געוווינט געווען גאָר צו אַן אַנדער שפּילן, זי האָט מיט טרויער אַ טראַכט געטאָן וועגן די וווּנדערבאַרע הענט, וואָס ליגן איצט מאַכטלאָז אף דער קאַלדרע, און... אַ גענעץ געטאָן אין דער דלאָניע.

געענדיקט וואַגנערס „אַ בלעטל פון אַלבאָם", האָט דער גאַסט אַרומגעווישט דעם פידל מיט אַ שטיקל סאַמעט, אַקוראַט אײַנגעמאַסטעט אים און דעם סמיק אינעם פוטליאַר און מיט פלוצעמדיקער כמורנעקײַט געזאָגט:

— די ייִדן האַלטן, אַז זיי זײַנען די בעסטע מוזיקער, זיי ווילן אָבער אַזויאַרום צורויבן דאָס איידלסטע בײַ די אַנדערע פעלקער!

סאָפי איז געבליבן געפּלעפּט: „וואָס איז דאָס — אַ מעשוגאַס? צי עפּשער ווייסט ער עפּעס וועגן ליאַליען און האָט נאָך דערצו באַמערקט מײַן געגענעץ?" זי האָט אָבער גוט געזען, אַז ווען דער געגענעץ־קראַמף האָט געקרימט איר מויל, האָט ער פונקט געהאַט פאַרגלאָצט די אויגן צו דער סטעליע, און ס'איז אויך קלאָר, אַז ווען ער זאָל עפּעס וויסן וועגן ליאַליען, וואָלט ער קלאָל פאַר איר ניט געשפּילט. דאָס זידלען די ייִדן מוזיקער איז פּאַשעט זײַנער אַ קאָמפּלימענט זיך אַליין, ווײַל וואָס פאַר אַ באַדײַט האָבן פאַר אים געקאָנט האָבן עריכס נארישע פליעסקערײַ און איר העפלעכער נייג מיטן קאָפּ?

דאָס ווײַטערדיקע האָט באַשטעטיקט (איצטיקס מאָל האָט ער זיך שוין ניט אַנטשולדיקט), אַז די סינע צו ייִדן איז אַ געפּיל, וואָס ברענט אין אים די גאַנצע צײַט. אַוועקגעלייגט דעם פּוטליאַר מיטן פידל אופן ווענטל פון פּאָטעל, האָט ער, ווי זײַן שטייגער, צונויפגעפלאָכטן די פינגער פון ביידע הענט עטוואָס נידעריקער פון דער ברוסט, גענומען אומגיין איבערן צימער און מיט אַ גוט אויסגעאַרבעטער שטים פון אַ רעדנער אַרויסגעבראַכט איין אַנטיסעמיטישע סענטענץ נאָך דער צווייטער. די ייִדן זײַנען אים נעגייע געווען אומעטום — אין דער וויסנשאַפט, אין דער עקאָנאָמיק, אין דער פּאָליטיק און, אייגנטלעך, ניט נאָר זיי — די סלאַוון אויך, און דער ערעוור־ראַוו פון אַנדערע פעלקער... ער האָט זיך אַלץ מער צעפּלאַמט פון די אייגענע רייד, געשאָטן פּאַטעטישע אויסדרוקן וועגן דײַטשלאַנד, זײַנע טראַדיציעס, זײַן מיסיע, איבערגעשפּרונגען אָן אַ שום פאַרבינדונג פון איין געדאַנק אופן צווייטן, פונקט ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו אַן אינערלעכן דיאַלאָג, נאָר איבערגעכאַזערט בלויז די רעפּליקעס פון איינעם. אַזוי ריידן געווינלעך גײַסטיק־קראַנקע, און פּאַני סאָפי האָט מיט ווייטעק און טיפן ביזאָיען געזען, אַז עריך הערט אים מיט פּאַנאַטישער באַגײַסטערונג.

דאָס יונגע דינסטמיידל האָט געבראַכט א וואַזע מיט עפּל און אוועקגעשטעלט אפן טיש.
דערביַי האָט זי געמאַכט קימאַט אַן אומבאַמערקבאַרן צייכן דער באַלעבאָסטע. באַלד ווי דאָס מיידל איז אוועק (דער אַבערשטורמבאַנפירער איז פון דעם, וואָס מע האָט אים איבערגעשלאָגן, ווי געקומען צו זיך, מיד אַראָפּגעלאָזט זיך אפן פּאָטעל און גענומען אַראָפּבלאָזן די שטויבעלעך פונעם פידל־קעסטל), האָט סאָפי זיך אַנטשולדיקט און געלאָזט די מאַנצבלען אליין.

אין עק פון קאָרידאָר האָט געוואַרט די אַלטינקע דינסט, וואָס איז אָנשטאָט סאָפי געבליבן מיט ליאַליען. באַשיַימפּערלעך, א דערשראָקענע, האָט זי א שעפּטשע געטאָן:

— מע רופט איַיך, פאַני...

סאָפי האָט ניט פאַרשטאַנען, וויאַזוי קאָן ליאַליע רופן, אַז ער רעדט ניט. ווען זי איז אַריַינ־געקומען אין מאַנסאַרדע־צימערל (די דינסט איז געבליבן אונטן), האָט זי דערזען בא ליאַליען אפן בעט א קאַרטאָנדל, א בליַיער און בליצשנעל פאַרגעשטעלט זיך, וויפל מי עס האָט אים געדאַרפט קאָסטן געבן צו פאַרשטיין דער אַלטינקער דינסט, אַז ער וויל עפּעס אָנשריַיבן. ליאַ־ליע האָט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און עטוואָס געעפנט זיי בלויז, ווען סאָפי האָט זיך אָנ־געבויגן צו אים, דערביַי האָט זיַין האַנט, א ציטערנדיקע, פּאַמעלעך געשאַרט איבער דער קאָלדרע. סאָפי האָט גענומען דאָס קאַרטאָנדל, וואָס ער האָט עס אוואַדע געזוכט, און איבערגעלייענט: „רופט די פאַני״. אונטן איז געווען א צווייטע שורע, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן מיסטאָמע, בייס די דינסט איז אוועק, זי איז געווען געווענדט צו איר, צו סאָפי: „מיַין לעצטע ביטע: כ׳וואָלט וועלן זען דעם טאַטן״.

די ביטע איז געווען פאָרמולירט ניט קאַטעגאָריש. ער האָט זיך, הייסט עס, אָפּגעגעבן א כעזשבן, אַז אויספּילן זי איז ניט בלויז שווער, נאָר עפּשער אויך אומעגלעך. נאָר דאָס אליין האָט שוין באַשטעטיקט גאָר אַן אַנדער זאַך: ער איז פולקום בא די געדאַנקען און אפילו נאָך מער, — דאָס האָט סאָפי איבערגעלייענט אין זיַין ליַידנדיק־פרעגעוודיקן בליק, — אויב דער טאַטע וועט ניט קומען, וועט זי, סאָפי, מוזן אויסהערן דאָס, צוליב וואָס ער רופט אים. א שרעק איז זי באַפאַלן. „גוט״, — האָט זי א שעפּטשע געטאָן און ניט צוגעגעבן דאָס געוויינלעכע וואָרט „ליבער״. ער האָט א באַרויִקטער, א מאָדנע אָפּגעשיידטער, צוגעמאַכט די אויגן.

דאָס קאַרטאָנדל האָט סאָפי באַוויזן עריכן. זי האָט ניט געווענדעט קיין שום אכט דערויף, אַז דער זון איז איבערראַשט, אַז דאָס בלוט איז אָפּגעפלאָסן פון זיַין געזיכט, אַז די אויגן זיַינע האָבן גענומען גנייוויש אומלויפן, — ס׳איז איר געווען אלציינס, זי האָט געזאָגט:

— איין מאָל, עריך, האָב איך דיר שוין געהאַט געזאָגט, אַז איך בין גרייט דיך פאָלגן און ניט ווענדן זיך צו דיר מיט קיין ביטעס, פאַרגעסן, ווי דו האָסט זיך דאַן אויסגעדריקט, אַז איך האָב א זון... נאָר דו האָסט דאָך יענע ביטע מיַינע ניט אויסגעפילט... אויב אָבער דו וועסט אויך די דאָזיקע ניט אויספּילן, — איך ווייס אַלץ, וואָס דו האָסט מיט אים געטאָן, מיט ליאַליען, — אויב דו וועסט אָט די ביטע ניט אויספּילן, איז זאָג איך דיר איצט: וועסט פאַרגעסן, אַז דו האָסט א מוטער... און וועסט זי שוין ניט האָבן... היַינט נאָך... — זי האָט א ביטערן שמייכל געטאָן, — יאָ, היַינט נאָך... א פּיִאַסקאָ אין דער אָנוועזנהיַיט פון אַזאַ גאַסט... מאַך דעם אויסוואַל, עריך!

8

די שטאָטישע פּפּר[1]־אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען אַזוי פעסט און פאַרצוויַיגט, אַז זי האָט אָפּט אַף פריִער געוווּסט וועגן אַקציעס, וואָס דער סוינע גרייט, און אייניקע זיַינע פאַרטראַכטן צעשטערט. דעם זעלבן טאָג, ווען טשעסלאַוון האָט מען מיטגעטיילט פון געטאָ, אַז ליאַליע גי־טעליס איז בלויז פאַרוווּנדעט און די געסטאַפּאָווצעס האָבן אים ערגעץ אוועקגעפירט אין שטאָט אַריַין, דעם זעלבן טאָג האָט טשעסלאַוו שוין געהאַט ידיִעס, אַז ליאַליע געפינט זיך ווידער אין דער קאַפּליין־ווילע. דער אורטייל האָט געמוזט אויסגעפילט ווערן, דעריבער האָט מען אין שטאַב פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע גענומען טראַכטן, וויאַזוי קומט מען צו אין דער ווילע. אייגנטלעך, איז אפילו ניט געווען וועגן וואָס צו טראַכטן: דאַניע גיטעליס האָט די איינציקע דאָס געקאָנט אויספּילן. די כאַוויירים האָט אָפּגעשטעלט בלויז דאָס, וואָס ליאַליע איז פּאַרט געווען איר מאַן, כאָטש איצט האָט זי, ליאַליען און דאַניען, שוין מער גאָרנישט ניט פאַרבונדן. און ווי נידעריק ער איז געפאַלן, האָט זי געוווּסט בעסער, ווי אַנדערע. און נאָך איינס האָט גע־צוווּנגען דורכטראַכטן דעם איניען און ווידער און ווידער: ס׳איז שווער געווען צו ריזיקירן מיטן לעבן פון אַזאַ נייטיקן מענטשן — אַן אויסשפּירערן און וועגוויַיזערן צו די פאַרטיזאַנישע וועלדער.

---

[1] פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּאָלסקאַ פּאַרטיִאַ ראַבאָטניטשאַ).

מע האָט זיך באַראַטן מיט טשעסלאַוון, און ער האָט געענטפערט, אַז קיין בעסערן וואַריאַנט האָט ער ניט. דערבײַ האָט יערוכעם (לייזער האָט געבעטן, מע זאָל אים באַפרײַען פון דעם) שוין געהאַט געזאָגט דאַניען, וואָס עס קאָן איר פאַרשטיין. זי איז מאַסקים געווען.

איינע פון די צוויי סאַם־אַמפּולקעס, וואָס אַריע האָט געקויפט בא מאָריס גליווערן, האָט דאַניע אַלעמאָל געהאַט בא זיך אין אירע געפערלעכע שליכעסן; די צווייטע אַמפּולקע, וואָס איז פריִער געווען באַשטימט פאַר ניוטעניען, איז דאַניע באַשטאַנען, אַז דער שווער זאָל נעמען זיך. איצט האָט מען באַדאַרפט די דאָזיקע צווייטע אַמפּולקע, און דאַניע האָט באַשטימט בעטן זי באַם אַלטן אַריען. דאָס איז געווען זייער שווער. מע וואָלט סאַפּקאַלסאַף געקאָנט קריגן אַן אַנדער אַמפּולקע. דאַניע האָט אָבער באַשטימט דורכגיין אויך אָט דעם שווערן וועג: ליאַליע, וועלכער איז געווען ניט ווייניק שולדיק אין ניוטעניעס טויט, האָט געדאַרפט באַקומען טאַקע איר אַמ־פּולקע — דאָס איז איינס. און ניט ווייניקער וויכטיק איז געווען דאָס צווייטע: אַריע האָט געמוזט וויסן, אַף וואָס זי איז באַופטראַגט. ער איז אַ קלוגער מענטש, זי וועט אים גאָרנישט ניט דאַרפן דערציילן — ער וועט אַליין אַלץ פאַרשטיין. אויב ער וועט עפּעס וועלן זאָגן, איז זאָל ער זאָגן. און אויב ער וועט שווײַגן... בעסער זאָל ער שווײַגן.

די צווייטע אַמפּולקע איז שוין געווען בא דאַניען. אַריע האָט זי איבערגעגעבן שווײַגנדיק און אָפּגעקערט זיך. דאַניע איז ניט אַוועקגעגאַנגען. האָט ער געזאָגט, ניט קוקנדיק אַף איר: „גיי, טאָכטערקע, גיי". און זי האָט ניט פאַרשטאַנען: דאָס וויל ער בלויז, זי זאָל וואָס גיכער אַוועק־גיין, צי דאָס בענטשט ער זי אַזוי?

און אָט, ווען דאַניע האָט שוין געוואַרט בא יערוכעמען אין קעלער, עס זאָל ווערן טונקל און זי זאָל קאָנען אַרויס אין שטאָט דורך דער הייל, איז אין געטאָ פאַרגעקומען עפּעס גאָר אַן אומדערוואַרטע געשעעניש... אַ יונגער עסעס־אָפיצער, אַן אָבערשטורמפיורער, איז צוגעפאָרן צום יודען־ראַט אַף אַ פראַכטפולן „מערסעדעס", איז אַרײַן צו גליווערן און געזאָגט, אַז ער מוז מיטנעמען מיט זיך אַריע גיטעליסן, דער זון וויל אים זען. ער האָט אפילו ניט געוואָלט וואַרטן, ביז מע וועט אַריען אַרויסרופן אין יודען־ראַט, און איז מיט אַ באַגלייטער אַוועקגעפאָרן אַף דער זשאָוואָניעזש־גאַס, ווו דער אַלטער גיטעליס האָט געוווינט און געאַרבעט. מע האָט אים געפונען אין גאַרבאַרניע, ערגעץ בא די זוילן, געבראַכט צו שנאַפּן אין קאַבינעט, און דאָ האָט ער דערזען עריך קאַפּליינען.

— דזיען דאָברי, פאַן אַריע! — האָט עריך געזאָגט פרײַנטלעך, ווי גאָר אַמאָל, ווען ער איז פראָסט געווען אַ פײַן פאַניטשל און אַריע — דעם באַרימטן ליאַליעס פאָטער. — דער זון איז אין אַ שווערן צושטאַנד און האָט מיך געשיקט נאָך אײַך.

אַריע איז געשטאַנען בא דער שווער מיט פאַרשמירטע הענט, אין נאַסע, שמוציקע קליי־דער. אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. פון אומדערוואַרטקײַט און פון דער יעדיִע, אַז ליאַליע איז אין אַ שווערן צושטאַנד, האָט אין דער ערשטער רעגע אים אָנגעהויבן זשומען אין די אויערן און עס האָט זיך אַ ביסל פאַרדרייט דער קאָפּ (אייגנטלעך, האָט זיך בא אים איצט אָפט געדרייט דער קאָפּ — פון הונגער), אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט ער שוין געוווּנען זיך אין די הענט און באַשלאָסן: „ס'אַ גאָט־זאַך, די מיצווע צי די אווירע איז באַשטימט פאַר מיר... דאַניעלע זאָל נאָך כאָטש ניט האָבן אַוועקגעגאַנגען!"

אַריע האָט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג (נו, דאָס איז צו פאַרצײַען) געענטפערט אַפן „דזיען דאָברי" און געזאָגט, אַז ווי דער מינהעג איז בא פרומע ייִדן, מוז ער, איידער ער וועט זיך לאָזן צו דעם קראַנקן, טפילע טאָן. ער וועט דעם יאַסנעוועלמאָזשנעם פאַן בעטן צוּוואַרטן, אויב נאָר ער קאָן, אַ האַלבע שאָ, עפשער פערציק מינוט. יאָ, ער מוז זיך אויך איבערטאָן, אַרומוואַשן, נו, אַ שאָ. עריך איז בלאַס געוואָרן, ווען ער האָט עס דערהערט, צוגעביסן אַ ליפּ, נאָר שנאַפּע, דער באַרג פליייש, האָט צוגעקוקט די דאָזיקע סצענע. איז וואָס וועסטו מאַכן? גוט, ער וועט אַרײַנ־פאָרן נאָך אַריען — אַ בליק אַפן זייגער — אין אַ שאָ אַרום.

טפילע געטאָן האָט אַריע בעכיפּאַזן, שוין אַף דער גאַס. און געווען איז זײַן טפילע, אייגנט־לעך, גאָר אַ פּאַשעטע: „גיב מיר קויעך, טאַטעניו, אויספילן דײַן ראַצן". ער האָט געשעפּטשעט אויך פּסוקים פון תהילים, וואָס זײַנען אים געקומען אין קאָפּ. געוויילט האָט ער צו יעשוע שוואַלבן, און יענער האָט געטאָן אַלדאָס איבעריקע. קיין האַלבע שאָ איז ניט פאַריבער, און אַריע האָט שוין גערעדט מיט דאַניען:

— גיב מיר, טאָכטערקע, דעם מאַלעך־האַמאָוועסעס קלייזײַען, — האָט ער געזאָגט, — גאָט האַלט, אַז די שיווע־מעדורע־גענעם בין איך באַלמעצער דורכצוגיין...

סאָפּי איז אַ פאַרגליווערטע געזעסן לעבן ליאַליען. ער איז געשלאָפן צי געמאַכט זיך, אַז ער שלאָפט. זי האָט אים געזאָגט: „דער טאַטע וועט קומען", און ער האָט בלויז דערשראָקן, נאָר

באלד אויך מיט דאנקבאַרקײַט א קוק געטאָן אף איר, צוגעמאַכט די אויגן און די גאַנצע צײַט זיי מער ניט געעפנט. און אָט האָבן זיך דערהערט פּאַרזיכטיקע טריט אף די הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין מאַנסאַרדע־צימערל. צווייען זײַנען געגאַנגען. סאָפי איז אופגעשטאַנען און געעפנט די טיר. אריע האָט זיך אופגעהויבן איבער די טרעפּ זייער פּאַמעלעך, דעם קאָפּ מיטן אָנגערוקטן אַלטן קאַשקעט אײַנגעצויגן אין די אַקסלען, וואָס האָבן פון אויבן זיך געדאַכט נאָך מער געבויגן. עריך איז אים נאָכגעגאַנגען. דערזען פּאַני סאָפי אפן באַלקאָנדל פאַר דער טיר, האָט דער אַלטער שווײַגנדיק א שאָקל געטאָן צו איר מיטן קאָפּ. אַזוי באַגעגנט מען זיך, ווען מע קומט אין א שטוב, ווו עס איז דאָ א באַרמינען. און דאָך האָט סאָפי, טראָץ דער פאַרצוייפלונג, וואָס האָט זי געפרעסט די דאָזיקע אַלע טעג און איז איצט געווען נאָך שווערער, דערפילט א גרויסע פאַרלײַכטערונג, זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אף צוויי טרעפּלעך און געזאָגט:

— ער וואַרט אף אײַך...

אריע האָט ווידער בלויז א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געוואָלט דורכגיין ווײַטער, נאָר סאָפי האָט אים אָנגענומען פאַר אַן אַרבל. איצט, טאַקע אין עריכס אָנוועזנהײַט, האָט זי אים געמוזט פרעגן וועגן דעם, וואָס האָט זי געפּײַניקט:

— ס'איז עמעס, פּאַן אריע, אַז דאָס האָבן אים די ייִדן אַליין... באַנדיטן...

אריע האָט שטרענג א קוק געטאָן אף איר:

— ניט קיין באַנדיטן, פּאַני סאָפי, העלדן!

— איר, דער טאַטע, זאָגט עס? — האָט זיך באַ סאָפי אַרויסגעריסן.

— יאָ, איך... אַמאָל פלעגט מען באַ אונדז אַזעלכע, ווי ער, מיט שטיינער פאַרוואַרפן.

— אָבער...

— יאָ, אין אונדזערע ספאָרים שטייט געשריבן: א פאָטער דאַרף האָבן ראַכמאָנעס אף זײַנע קינדער. דערפאַר בין איך געקומען צו פאָרן...

סאָפי האָט ניט אָפּגעלאָזט אריעס אַרבל. שטייענדיק מיט עטלעכע טרעפּלעך העכער פון עריכן, האָט זי אויסדריקלעך א קוק געטאָן אפן זון, וועלכער האָט זיך דאָ, צו זען, געלאַנגווײַליקט, נאָר געזאָגט קלוימערשט גאָר ווייך:

— דאַרפסט אוועקגיין, עריכקען? ביסט פרײַ... כ'דאַנק דיר זייער...

ערשט דאַן האָט זי באַגלייט אריען ביז דער שוועל, אַרײַנגעלאָזט אים אין צימערל און פון אויסנווייניק צוגעמאַכט די טיר. בלויז איין מינוט איז זי נאָך געשטאַנען אפן באַלקאָנדל, צוגעדריקט מיט די דלאָניעס די שלייפן. ס'האָט זיך געוואָלט הערן כאָטש איינס, ווי־אַזוי וועט אריע זיך ווענדן צום זון. נאָר אין צימער איז געווען שטיל, און שטיין דאָ לענגער האָט זי ניט געטאָרט. האַלטנדיק זיך פאַר דעם פּאַרענטש, האָט סאָפי זיך גענומען אראָפּלאָזן און בעקיוון געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן איבער די טרעפּלעך, אריע זאָל הערן, אַז זי איז אוועק.

ליאָליע האָט געעפנט די אויגן, ווען דער טאַטע איז שוין געשטאַנען באַ זײַן בעט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. קיין צערטלעכקײַט האָט ליאָליע ניט דערוואַרט. פריִער מיט עטלעכע טעג איז ער געשטאַנען לעבן טאַטן, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אין שפּיטאָל אפן דיל, און אויך קיין שום צערטלעכקײַט צו אים ניט אַרויסגעוויזן. מער אפילע, ניט געפילט זי. וואָס האָט ער דאַן יאָ געפילט? מוירע... ער, וואָס האָט קיינמאָל זיך ניט גערעכנט מיטן טאַטן (אייגנטלעך, איז דער טאַטע געווען דער געוויסן אַליין, וועלכן ליאָליע איז נאָך ווייס־איך־ווען איבערגעטראָטן און קיין שום אַגמעס־נעפעש דערפון ניט געהאַט), האָט דאָס מאָל, אין שפּיטאָל, ווייסנדיק, צוליב וואָס ער איז געשיקט געוואָרן אין געטאָ, פּלוצעם באַנומען: מער פון אַלעמען וועט אים פאַרורטיילן דער טאַטע... דאַן האָט ליאָליע זיך געפלײַסט וואָס גיכער אוועקגיין פונעם טאַטן. איצט האָט ער אים אַליין גערופן און איז געווען גליקלעך, וואָס יענער איז געקומען.

ליאָליע האָט דערשטיקט אין זיך דאָס געפיל פון פאַרצווייפלונג און באַדויערונג, וואָס כאַפּט אַרום א מענטשן, וועלכער ווייסט, אַז ער האַלט באַם סאָף. איין זאַך איז אים געבליבן: זען זיך מיטן טאַטן, פרײַוויליק זיך שטעלן צום געריכט פון געוויסן...

גענומען דאָס קאַרטאָנדל, האָט ליאָליע אף דער ריינער זײַט אָנגעשריבן: „א דאַנק״.

— דו טאָרסט ניט צי דו קענסט ניט ריידן? — האָט אריע געפרעגט.

ליאָליע האָט אָנגעשריבן: „כ'האָב מוירע״.

— ווײַל עס וועט ווי טאָן?

ליאָליע האָט צוגעמאַכט די אויגן, דערנאָך זיי געעפנט. ער האָט געשריבן לענגער א ביסל, טראָפּנדלעך שווייס האָבן זיך באַוויזן באַם ראַנד פון דער מאַרליע אפן שטערן און אף דער קין. אריע האָט פאַרן עלנבויגן אים צוגעהאַלטן די האַנט, וועלכע האָט פּאַמעלעך געפירט מיטן בלײַער. ענדלעך, האָט ער איבערגעלייענט: „פאַרן עמעס, וואָס איך דאַרף זאָגן, האָב איך מוירע״.

— בעסער א פאַרשפּעטיקטער עמעס, איידער אַן אייביקער ליגן.

דערוף האָט ליאָליע געענטפֿערט ניט באַלד. ער האָט אָפּגערוט, צוגעשמידט געקוקט אויפֿן טאַטן און בלויז אין א פּאָר מינוט אַרום אָנגעשריבן: „רייד אַלץ. וואָס דו וועסט זאָגן וועגן מיר, איז עמעס״. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם בלײַער. מער האָט ער זיך ניט געקליבן שרײַבן.

אַריע האָט געזאָגט:

— האָסט געטאָן א סאַך שלעכטס, ליאָליע... און געווען איז אַזוי: דו טוסט אַן אוולע, און מיך לאָזט עס ניט צורו, בײַ דיר איז דער געוויסן שוואַרץ, און איך האָב שלאָפֿלאָזע נעכט... כ׳האָב אַוואַדע געמיינט, אַז וועסט זײַן אַן אַנדערער... ווי זאָגט פּערעץ: מיט די זעלביקע ציגל קאָן מען שטעלן א פּאַלעץ און א טפֿיסע, און גאָר א העקדעש... און וועגן נעגיגנע זאָגט ער אויך: מיט די אייגענע קוילעס קאָן מען אַרויף צו דער העכסטער מאַדרייגע פֿון היסלײַוועס און דוויקעס, און מע קאָן אַראָפּ ביז שעויל־טאַכטיִאָ און וואַלגערן זיך דאָרט, ווי א וואָרעם אין בלאָטע... מיט דיר איז אַזוי געשען... נאָר וואָס זשע יאָ? א מענטש קאָן אַפֿילע זײַן ערגער פֿון א כײַע. איינס אָבער איז וויכטיק: א כײַע וועט קיינמאָל ניט באַגרײַפֿן, וואָס זי איז, און א מענטש קאָן עס באַנעמען און אויפֿהערן זײַן א כײַע... האָסט מיך גערופֿן שפּעט, נאָר איך פֿאַרשטיי דײַן מיין...

ער האָט זיך געוואָלט אַראָפּלאָזן אויפֿן ראַנד בעט, א טראַכט געטאָן, געזעצט זיך אויפֿן בענקל און נאָענט זיך צוגערוקט צו ליאָליען.

— הערסט מיך? — האָט ער געפֿרעגט.

ליאָליע האָט צוגעמאַכט און געעפֿנט די אויגן — ער הערט.

— איז הער ווײַטער... אַז דו ווילסט ניט זײַן מיטן פֿאָלק, א לײַדנדיקן, ווער רעדט נאָך אין אַן אייס־צאָרע, ביסטו א פּאַכדן און פֿאַרדינסט, מע זאָל דיך ניט וועלן קענען. ביסט ניט ווערט, וואָס די מאַמע האָט דיך געהאַט אין יעסורים. נאָר אַז דו העלפֿסט נאָך דעם גאַזלען אומברענגען דײַן פֿאָלק, ביסטו צען מאָל ערגער פֿונעם סוינע און די ערד דאַרף דיך אײַנשלינגען... אָט דאָס איז דער אורטייל... קלאָר, יעדער מענטש האָט זיך אַליין ליב שטאַרק, זייער שטאַרק, דערפֿאַר קאָן ער געפֿינען א באַרעכטיקונג אַפֿילע פֿאַר דעם נידערטרעכטיקסטן, וואָס ער טוט. פֿאַרוואָס זשע נעמען זיך אָפּט דאָס לעבן מענטשן, וועלכע עס פּײַניקט דער געוויסן? אָפּטער טאַקע אויס ליבע צו זיך אַליין, זיי קאָנען ניט אַריבערטראָגן דעם ביזאָיען... נאָר אונדזער געזעץ פֿאַרווערט זעלבסטמאָרד, דעריבער...

אויף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט. אַריע איז אַנשוויגן געוואָרן פֿאַרן סאַמע שווערסטן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט זאָגן, און א טראַכט געטאָן: „עפּשער ניט זאָגן, עפּשער טאָן?״ נאָר איצט האָט ער שוין געמוזט צוּוואַרטן. ליאָליע האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף אים. דערהערט די טריט, האָט ער פֿאַרמאַכט די אויגן.

אויפֿן שוועל האָט זיך באַוויזן עריק.

— אַנטשולדיקט, פּאַן אַריע, וואָס איך מוז אײַך באַאומרויִקן. איך בעט אײַך אַראָפּלאָזן זיך, איינער א מענטש וויל אײַך זען, און ער אײַלט זיך. איר וועט זיך אײַנגיכן אומקערן אַהער.

אַריע האָט זיך פֿאַרלאָרן.

— מע וויל מיך זען? צוליב וואָס?

ער האָט מיט באַדויערונג א קוק געטאָן אויפֿן זון, די האַנט אין קעשענע האָט שוין געהאַלטן די אַמפּולקע. באַצײַטנס, נאָך אין געטאָ, האָט ער זי געהאַט אָנגעבראָכן פֿון אויבן און פֿאַרשטעקט די עפֿענונג מיט א וואַטקעלע.

— מײַנער א גאַסט, פּאַן אַריע, וויל אײַך זען... ס׳איז ניט אויף לאַנג...

— איך וועל קומען, — האָט אַריע שטרענג געזאָגט דעם זון, — מיר האָבן נאָך ניט פֿאַרענדיקט אונדזער שמועס.

נידעריקער אָנגערוקט דעם קאַשקעט אויפֿן שטערן, האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר.

9

עריק האָט גוט געוווּסט די זײַטן פֿון עסעס. מעגסט זיך זײַן, וואָס דו ווילסט, קיין שום פּריוואַטע סקאַנדאַליעזע געשיכטע וועט אויף דיר ניט וואַרפֿן קיין מינדסטן שאָטן. פֿאַרקערט, וואָס מער לעב־יונג, איז אַלץ בעסער. זײַ האַרב, אומבאַראַכמאָנעסדיק, פֿאַרשמיר די הענט אין בלוט — פֿון מאָראַל ביסטו פֿרײַ. נאָר איינס געדענק, מאַך ניט אַוועק מיט דער האַנט דאָס, וואָס קאָן האָבן א שײַכעס צו די יעסוידעס פֿון נאַציִאָנאַל־סאָציִאַליזם. און ביכלאַל פֿאַרבאָרג ניט איבעריקנס פֿון די, וועמען ביסט אונטערגעאָרדנט, וואָס דו ביסט אויף אַן עמעסן, ווײַל עפּשער וועט עס זיי צוניץ קומען באַם באַשטימען, וויִאַזוי דיך בעסער אויסניצן. ריכטיקער, פֿאַרבאָרג ניט דאָן, ווען דו פֿילסט, אַז עס קאָן אַלצייגס באַוווּסט ווערן. קורץ, זײַ ניט קיין אייזל...

דאָס, וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַריע גיטעליסן צו זיך אין דער ווילע, ווו עס פאַר־ברענגט דער אָבערשטורמבאַנפיורער, און דאָס, וואָס ליאַליע געפינט זיך דאָ, האָט שוין געקאָנט אויסזען ווי פּאַראַט. דעריבער איז קליגער פון אַלץ געווען אַליין דערציילן וועגן דעם אַלעמען און פאָרשטעלן עס אַזוי, עס זאָל אַפילו אַרויסרופן אינטערעס. גאָט באַהיט, אויב דער אָבערשטורמ־באַנפיורער (ער האָט ביכלל ליב נישטערן אין די ווינקלען, עס איז אַן אַלטע פּאָליציייִשע געוווינהייט, און אויך די געוווינהייט פון אַ געוועזענעם פירמע־אַגענט; עריך ווייסט עפּעס־וואָס וועגן דעם גאַסטס פאַרגאַנגענהייט), גאָט באַהיט, אויב ער וועט אַליין זיך אַרופכאַפּן אין מאַנ־סאַרדע־צימערל אָדער באַגעגענען זיך אין קאָרידאָר צי אין הויף — מאַלע־וואָס עס מאַכט זיך! — מיט אַריען. און סאָפּקאָלסאָף האָט דער סאַלדאַט באַם טויער געקאָנט זען, וועמען עריך האָט אַראָפּגעבראַכט אין מאַשין, וועט ער שוין זאָגן דעם קאַראָול־עלטסטן, און יענער קאָן עס איינ־שליסן אין ראַפּאָרט. דאָ שפּירט מען דאָך נאָך נאָך יעדן טראָט. און יענער פאַבריקאַנט, ראָבערט שנאַפּע, ווייסט דאָך אויך...

אָנגעגנומען זיך מיט האַרץ, איז עריך, ביז אַריע האָט געשמועסט מיטן זון, אַוועק צום אָבערשטורמבאַנפיורער, וועלכער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן כאָל (עפּעס זיצט זיך אים גאָר ניט אין קאַבינעט, און ביכלל זיצט ער בלויז, ווען ער עסט און ווען ער פאַרנעמט זיך מיט זיינע געהיימניספולע פּאַפּירן), און מיט אַן אומאָפּהענגיק שמייכעלע — פּאַרט באַ זיך אין דער היים — געזאָגט, אָנגעיסנדיק זיך און דעם גאַסט צו קעלישעקלעך כּרעס:

— נו, האָב איך אייך שוין צוגעגרייט אַ סורפּריז — פּרימאַ, ליוקס!

דער אָבערשטורמבאַנפיורער האָט אַ הייב געטאָן די געבראָכענע ברעמען, צונויפגעזשמורעט די אויגן הינטער די האָרן־ברילן.

— וואָס פאַר אַ סורפּריז? — האָט ער געפרעגט אַ ביסל אומגעדולדיק.

— מיין מוטערכען האָט אירע אַ געהיימע זינד, — עריך האָט זיך פאַרשווערעריש צע־שמייכלט, — נו, אַ פּיאַניסט, אַ ייִדן... געסטאַפּאָ געפינט פאַר נייטיק, ער זאָל ליגן באַ אונדז. די זיינקע האָבן אים געוואָלט שטעכן און ניט דערשטאָכן...

— פּיקאַנט, פּיקאַנט... — דער אָבערשטורמבאַנפיורער האָט עטוואָס אונטערגעצויגן די פיין אויסגעפּרעסטע הויזן, צוגעזעצט זיך אַפן דיוואַן, באַוויזן אויך עריכן, ער זאָל זיך צוזעצן, און אויסגעהערט ליאַליעס געשיכטע, וואָס איז דערציילט געוואָרן בעקיצער, נאָר אַזוי, אַז דאָס סאַמע פאַרכאַפּנדיקע זאָל ניט פאַרפאַלן ווערן. צוגעקומען צו אַריעס באַזוך אין ווילע, האָט עריך באַמערקט:

— ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז דער הער אָבערשטורמבאַנפיורער קאָן וועלן אָפּפרישן זיינע שפּראַך־קענטעניש, זיין העברעיִש, דעם לאָשן־קודעש, — ער האָט עס קוים אַרויסגערעדט, — אַזוי? ווי דעמלט, מיטן פּויזנער ראָוו...

— אַך, זאָ! — דער אָבערשטורמבאַנפיורער האָט שטיל, מיט האַנאָע זיך צעלאַכט. — ס'איז אַן איינפאַל, עריך, באַ די ייִדן הייסט עס — אָט האָט איר נאָך אַ וואָרט — אַ האַמצאָע...

אַריע איז אַריינגעגאַנגען אין כאָל מיט אַ שמערצלעך־פאַרטראַגענעם אויסדרוק אַפן פּאַנעם. באַם טיש האָט ער דערזען אַ מיליטעריש געקליידטן דייטש. די הענט פאַרלייגט אַף דער ברוסט, דעם קאָפּ אַ קאַפּעלע פאַריסן, ניט ברייט פאַנאַנדערגעשטעלט די פיס, האָט יענער קוים־קוים געוויגט זיך אַף די נעז פון די שיך. אַף די ליפּן — אַ שמייכעלע, וואָס וועסט ניט זאָגן גלייך — ס'איז אַ כויזעקדיקס צי עפּשער אַפילו אַ צוגעלאָזטס. נאָר פון זיין שווייגן גרוילט דאָס לייב. און דאָס, וואָס עריך, וועלכער שטייט פון הינטן, זאָגט אויך גאָרניט, פאַרשטאַרקט די מוירע. אַריע האָט פאַרשטאַנען: דאָס שמייכעלע איז געווענדט ניט אַזוי צו אים, ווי צו עריכן, וועלכער מאַכט מיסטאָמע הינטער זיינע פּלייצעס געוויסע צייכנס, נאָר אויסקערעווען זיך האָט ער ניט געוואָגט און ניט געקאָנט — דער דאָזיקער, וואָס אין די האָרן־ברילן, האָט אים ווי פאַרהיפּנאָטיזירט.

פּלייסנדיק זיך ניט סקריפּען מיט די שטיוול, כאָטש געסקריפּעט האָבן זיי אַלציינס, איז עריך מיט אַ זייט צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעגאָסן צוויי קעלישעקעס וויין, אופגעהויבן איינס און אויסגערופן: „פּראָזיט!" ער האָט ניט געסמאַקעוועט, ווי ס'איז אָנגענומען צו טרינקען גוטן וויין, אַ כליופּע געטאָן איילי‍ק אין אָפענעם מויל אַריין און בלויז מיט די אויגן געפרעגט באַ דעם צווייטן, פאַרוואָס ער טרינקט ניט. יענער האָט אַראָפּגענומען איין האַנט פון דער ברוסט און געלאָזן געמאַכט אַ צייכן מיט דער דלאָניע: „ס'ניט וויכטיק", און באַלד טאַקע מיט דער זעלבער האַנט אַ פיר געטאָן אין אַ זייט: „פּאַרלאָז אונדז".

עריך איז אַרויס. דאַן האָט דער דייטש אַראָפּגענומען אויך די צווייטע האַנט פון דער ברוסט און מיט אַ ברייטן זשעסט אַ גיי געטאָן צו אַריען:

— מאַ שמייכעם? מאָרדכעי?

אריע האָט זיך אַ גלײַך אויס געטאָן, געענטפערט האָט ער ניט טייקעף און ניט אַף דער שפּראַך, אַף וועלכער דער דײַטש האָט זיך צו אים געווענדעט, געענטפערט האָט ער אַף ייִדיש, און עטוואָס העכער, ווי ער האָט געוויינלעך גערעדט, פּונקט ווי עס זאָל פאַר אים שטיין אַ טויבער:

— ניט מאָרדכע, אריע רופט מען מיך. מאָרדכע איז אַמאָל געווען גוויוער האָמענען.

דער דײַטש האָט אַ שמייכל געטאָן און ווידער זיך אָנגערופן אַף העברעיִש:

— יאַ, יאָ, נאָר קיין צווייטער פּורים וועט ניט זײַן.

— פאַרוואָס עפּעס — אַ צווייטער? שוין דער ווי פלטער, און ער וועט זײַן... — אריע האָט אַלץ גערעדט אַף ייִדיש. אַ קלער געטאָן און צוגעגעבן אַף העברעיִש: — ס׳וועט מעקוייעם ווערן, איצט בין איך זיכער אין דעם מער, ווי מײַנע אָוועס, וואָס אַף זייערע אומשולדיקע קעפּ האָט זיך אַזויפיל מאָל אויסגעגאָסן דער קאַס פון אַכזורס.

— אַף וואָס זשע זײַט איר זיך סוימעך, רעב אריע? — דער דײַטש האָט ניט שלעכט גערעדט אַף העברעיִש, כאָטש אייניקע ווערטער געפונען בלויז מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג. ער האָט באַוויזן אַף אַ שטול באַם טיש, אײַנגעלאַדן אריען זיך זעצן, אַליין אָבער גענומען אומגיין איבערן כאַל. — איך דערלויב אײַך זײַן פּולקום אָפנהאַרציק, רעב אריע.

— אַ דאַנק, — האָט אריע געזאָגט, — ס׳איז טאַקע אַ זכוס ניט מוירע האָבן פאַרן טויט און זײַן אָפנהאַרציק... — אין זײַן שטים האָט זיך דערהערט אַ מאָדנע נאָטקע, דער דײַטש האָט זי קענטיק אופגעכאַפּט, נאָר ניט באַנומען, וואָס דאָס זאָל באַדײַטן. — איז ווילט איר וויסן, אַף וואָס כ׳בין זיך סוימעך? אַף דעם, וואָס מיר זײַנען איצט ניט איינזאַם. איר גייט קעגן אַלע לעשוינעס, איר זײַט סאָנים פון דער גאַנצער מענטשהײַט.

— נו, דאָס איז ניט נײַ!

— דער עמעס דאַרף ניט זײַן נײַ, ער דאַרף זײַן טאַקע עמעס... נאָר איך זע, איר ווילט מיט מיר פירן אַ וויקועך, אַנטשולדיקט, — אריע האָט זיך גענומען אופהייבן, — איך מוז גיין... אויב איר ווייסט וועגן מײַן זײַן דאָ, ווייסט איר מיסטאָמע אויך, אַז כ׳האָב דאָ אַ קראַנקן זון...

— זיצט! — דער דײַטש האָט ניט געבעטן, ער האָט באַפוילן, — איר האָט אַ זון אַ פּיאַניסט, ווייסט איר, ווי וויכטיק עס איז פּראַקטיקירן זיך קעסיידער... כ׳האָב אַמאָל דערלערנט די שפּראַכן אײַערע — ייִדיש און העברעיִש — און מוז פון צײַט צו צײַט מיט עמעצן זיך דורכריידן — דאָס איז אַ פּראָפעסיאָנעלע באַדערפעניש... מע דערציילט, אַז אין אַפריקע איז אַמאָל געקומען פון אייראָ־פּע אַ רײַזנדער, אַ לינגוויסט, וועלכער האָט געוואָלט זיך באַקענען מיט דער שפּראַך פון איינעם אַ שייוועט. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז דער שייוועט איז ניט לאַנג צוריק אומגעקומען. דעם געלערנטן האָט אָפּגעגליקט, ער האָט געפונען אין דזשונגל אַ פּאַפּוגײַ, וועלכער האָט געוווּסט אייניקע ווערטער פון דער שפּראַך פונעם פאַרשוווּנדענעם שייוועט און אויסגעשריגן זיי... אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען מיר וועלן לייזן די ייִדן־פראַגע, וועל איך זײַן אָט דער פּאַפּוגײַ — איך וועל דער איינציקער אין גאַנץ אייראָפּע קענען אײַערע שפּראַכן — ייִדיש און העברעיִש...

אריע האָט, קלוימערשט באַדויערנדיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל אַ קנאַק געגעבן מיטן צונג:

— צע, צע, צע, יענער פּאָפּוגײַ האָט גערעדט און ניט געוווּסט וואָס, און איר טוט און ווייסט ניט וואָס... ס׳אַ נידעריקערער שטאַפּל... נאָר די וועלט איז אײַך ניט קיין דזשונגל, ניין... ס׳וועט אַזוי ניט זײַן...

— ס׳וועט זײַן! — דער דײַטש האָט גענומען דורכווישן די ברילן, און אריע האָט דערזען זײַנע צונויפגעזשמורעטע אויגן. ניט קיין פאַרשטעלטע מיט די גלעזלעך, זײַנען זיי ענלעך געווען צי אַף הינערשע, צי אַף שפּאַרבערשע — זינלאָזע, און ווי גאָר ניט פון קיין מענטשלעכער נעשאָמע באַלויכטן. — מיר וועלן לייזן די ייִדן־פראַגע טאָטאַל, איר וועט אַלע אַרויס, — ער האָט מיטן פינגער געמאַכט אַ צייכן אין דער לופטן, אַזוי ווי קינדער מאָלן אַ רויך, — דורך די קוימענס — אַ פּימיאַם אײַער גאָט...

אריע האָט שווער אָן אָטעם געטאָן, ווי עס זאָל אים דושנע ווערן, ער האָט אַ לענגערע ווײַלע געשוויגן און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— מע קאָן פײַנט האָבן אַ מענטשן, מע קאָן זען שלעכטע זיטן אין אַ סאַך מענטשן, נאָר מע קאָן ניט פײַנט האָבן אַלעמען — אַלע מענטשן האָט פײַנט בלויז אַ כײַע. פײַנט האָבן אַ פאָלק הייסט פײַנט האָבן אַלע מענטשן, ווײַל אין אַ פאָלק זײַנען פאַרגעשטעלט אַלע מענטשלעכע טיפן... וואָס האָט איר צו די ייִדן?

— אָ, — דער דײַטש האָט אַ הייב געטאָן די ברילן קעגן פענצטער, געבליבן צופרידן און אָנגעטאָן זיי, — דאָ זײַט איר געקומען צום טאָך... די ייִדן זײַנען אָן אַלט פאָלק, און וואָס אַלט, דאַרף פאַרשווינדן.

— נאָר עס זײַנען דאָ פיל עלטערע פעלקער, די כינעזער, און מאַלע ווער נאָך, וועט איר זיי,

הייסט עס, מיט דער צײַט אויך באַשטאַטן?.. באַקומט זיך גאָר, אַז ס׳איז אַ מײַלע דאָס, וואָס דער גרויסער גערטנער פון דער וועלט האָט שפּעטער אַ ביסל זיך דערקליבן צו אַ ווילד ביימל און געמאַכט פון דעם אַ יעש. נאָר די, צו וועלכע ער האָט זיך פריִער דערקליבן, זײַנען דאָך ניט גע־וואָרן ערגער, אַ?.. אָט וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן: איין עלטער איז באַ דער גאַנצער מענטשהײַט און אַן אַלצײַנע ווערט האָט יעדער מענטש אַף דער ערד.

— און אַטאַ בעכאַרטאַנו?

— אַך, אַטאַ בעכאַרטאַנו... יעדער רעליגיע דערקלערט אירע אָנהענגער פאַר אויסדערוויילטע, און יעדערער פון זיי טײַנעט אַף זײַן אויפן: „אַטאַ בעכאַרטאַנו". כ׳בין אַ גלייביקער און מוז פונ־דעסטוועגן מיט באַדויערונג אָנערקענען, אַז קיין רעליגיע וויל ניט דולדן אַ צווייטע און לייקנט זי אָפּ אין טאָך. אָט פונדאַנען קומט אויך די סינע און דער קריג צווישן פעלקער. דער ווילדער מענטש האָט פײַנט געהאַט אַ צווייטן ווילדן פון אַן אַנדער שייוועט דערפאַר, ווײַל מע האָט זיך קיינמאָל נאָענט ניט געזען, מע איז געווען אָפּגעשיידט, פרעמד איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי כּײַעס. די רעליגיע האָט אין מענטשן אײַנגעפלאַנצט אַן אַנדער סינע: פרעמד איז דער, וואָס עס גלייבט אין אַן אַנדער הייליקײַט. און ווידער האָט דאָס געפירט צו בלוט־פאַרגיסונג... איר, די נאַציסטן, האָט זיך אויסגעטראַכט אײַער „אַטאַ־בעכאַרטאַנו", וואָס איז פרײַ פון רעליגיעזע מאָ־טיוון. ער דערמאָנט אָבער שטאַרק די זיטן פון ווילדע... — דער דײַטש האָט געהערט, שטייענ־דיק האַלב אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו אַריען; באַ די דאָזיקע ווערטער האָט ער בייז אַ גלאַנץ געטאָן מיט די ברילן און געמאַכט אַ פּאָר אָנגעשטרענגטע טריט צו אים. אַריע האָט עטוואָס אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען, ווי עס וואָלט אים קאַלט געוואָרן, און פונדעסט־וועגן פאַרענדיקט זײַן געדאַנק מיט אַקשאָנעס אין קאָל: — יאָ, יאָ, דאָס הייסט טאַקע — ראַסיזם... נאָר אויב אַזוי, אויב ס׳איז וויכטיק ניט דאָס, וואָס ווער עס איז אַף אַן עמעסן, נאָר וואָס ער זאָגט וועגן זיך, איז וויאַזוי זשע קאָן מען אונטערשיידן אַ טיגער פון אַן איידעלן הירש?..

דער נאַציסט האָט צוגעשמידט געקוקט אַף אַריען און איצט זיך ניט גערירט פון אָרט. ער האָט בלויז ווידער, ווי דעמלט, ווען אַריע איז נאָר אַרײַנגעקומען אַהער, גענומען זיך עטוואָס וויגן אַף די נעז פון די גלאַנציקע, אויסגעפוצטע שיך. ער האָט נערוועז אַ קאַלופּע געטאָן מיטן קליינעם פינגער אין אַן אויער, אַ שטשירע געטאָן, ווי זײַן טעווע איז געווען, פאַר אָנשטרענגונג די ציין, נאָר באַלד, וועלנדיק באַווײַזן, אַז ער איז רויק, צונויפגעפלאָכטן די פינגער אַפן נאַקן און מיט קלוימערשטדיקן פאַרוואורף געזאָגט:

— אָ, רעב אַריע, דאָס איז שוין ניבל־פּע, ניט קיין רייד פון אַ געמאָרע־ייִד!

— כ׳בין ניט קיין געמאָרעניק, כ׳בין אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, אַ געוויינלעכער כאַזן...

דער נאַצי האָט אַ לאַך געטאָן:

— און עפּשער זײַנען מיר, די דײַטשן, גאָר אַ שטראָף, וואָס איז אַף אײַך געשיקט געוואָרן פון ריבוינע־שעל־אוילעם? ס׳איז אַ טייל פון אונדזער מיסיע...

— די דײַטשן... איר זײַט די דײַטשן? צי קאָן אַ באַנדיט ריידן אין נאָמען פון אַלע זײַנע אייגענע?

— רעב אַריע! — דער נאַצי האָט אַראָפּגעכאַפּט די הענט פונעם נאַקן, צונויפגעבײַלט זיי, נאָר אָפּגעקערט זיך און גענומען אומשפּאַנען איבערן כאַל. — ווײַטער! — האָט ער קימאַט אויסגעשריִען מיט אַ היסטערישן קוויטשיקל.

אַריע האָט אים נאָכגעקוקט. געכאַפּט די רעגע, ווען דער דײַטש האָט זיך אויסגעקערעוועט צו אים מיטן פּאָנעם, האָט ער פאַרגעזעצט מיט אַ מידלעכער שטים:

— מע קאָן מיינען, אַז עס זיצן באַ אײַך אין די קאָנצלאַגערן גאָר קיין דײַטשן ניט...

— איר זײַט אַ פרעכער מאַן, פרעך, ווי אַלע אײַערע! — דער נאַצי האָט געזאָגטן, איצט האָט ער שוין פאַרגעסן אינעם העברעיִש און ייִדיש, גערעדט אַף דײַטש. — דאָס גאַנצע פאָלק איז מיט אונדז!

— טאָמאַס קאַפּליין? — האָט אַריע איבערגעפרעגט. — איך קען דעם פאַן טאָמאַס קאַפּליין, וואַרשײַנלעך...

— ציקלאָן־פיר פאַר די גאַז־קאַמערעס גיט קאַפּליין!

— גאַז־קאַמערעס? ווי האָט איר געזאָגט: גאַז־קאַמערעס? — אַריע האָט זיך צוגערירט צום קאַשקעט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די האָר שטעלן זיך אויף און הייבן אונטער דעם קאַש־קעט. ניוטעניע, אַ באָרוועסע, אין איין העמד, איז אַרײַן אין זאַל, האַלטנדיק זיך מיט די הענטלעך פאַרן קאָפּ. הינטערן מיידעלע האָט זיך געצויגן אַ מענגע האַלב־נאַקעטע, אויסגעצערטע מענטשן מיט בלאַסע פּענעמער, צעקרימטע פון טויט־שרעק. אַ שווערע אײַזערנע טיר פון צונויפגעשמאָל־צענע פּליטעס האָט שטיל זיך צערוקט אין דער וואַנט, און די פאַרורטיילטע זײַנען פאַרשווּנדן אינעם לויערנדיקן, שוואַרצן כאָלעל...

דער דײַטש האָט האַנאָעדיק זיך צעשמייכלט, מיט אינטערעס זיך אײַנגעקוקט אינעם אלטן און מיטאמאָל אויסגעבראָכן א הילכיקן געלעכטער. געדוכט האָט זיך, אז דאָס לאכט ניט ער אליין — עס לאכן מיט די ווענט, דער געוועקסלטער דיל, די סטעליע, ווי א גאנצע כאָפּטע שיי־דים און מאכשייפעס וואָלט פארפולט דעם צימער.

— איך בין אייכמאַן, אדאָלף אייכמאַן, — האָט דער נאציסט געזאָגט, קוים שטילנדיק דעם געלעכטער, און צוגעבויגן זיך עטוואָס צו אריען, ווי קעדיי יענער זאָל אים בעסער קאָנען באַ־קוקן, — איר האָט געהערט וועגן מיר?

— כ'האָב ניט געהערט... איז וואָס זשע, אויב איר זײַט אייכמאַן? — אריע האָט אָפּגע־טרייסלט פון זיך די שווידערלעכע זעונגען און געפרעגט דאָס מיט דער גאנצער רויִקײַט, אָף וועלכער ער איז פייִק געווען. ער האָט טאקע קיינמאָל ניט געהערט דעם דאָזיקן נאָמען, אָבער זיך שוין אָנגעשטויסן, ווער דאָס איז. פאר אים איז געשטאַנען האָמאָן אליין.

— דער פיורער האָט מיך באופטראָגט אָנפירן מיטן לייזן די יידן־פראגע.

— אהא, אזוי... איז דאָס זײַט איר, — אריע האָט זיך אײַנגעקוקט אין אייכמאַנען. יענער האָט זיך בעקיוון אויסגעגלײַכט, געלאָזט זיך באקוקן. — כ'האָב זיך טאקע פאָרגעשטעלט, אז איר דארפט זײַן אזא...

אייכמאַן האָט, אלץ נאָך שמייכלענדיק פאר האַנאָע, פארוואונדערט א הייב געטאָן די ברעמען:

— אזא? געוויינלעך זאָגט מען: „כ'האָב זיך פאָרגעשטעלט, אז איר זײַט גאָר אן אנדערער".

— ניין, אן ערעך אזא.

— וועלכער זשע בין איך?

— דער הייפּעך פון דעם, וואָס איז אײַער ראַסן־אידעאַל.

אייכמאַנס באוועגלעך געזיכט האָט א ציטער געטאָן, נאָר אָט דער אויסגעשפּראָכענער נעווראסטעניקער האָט מאָדנע געקענט באהערשן זיך.

— און דאָך? — האָט ער געלאָסן געפרעגט.

אריע האָט א קנייטש געטאָן מיט אן אקסל.

— עפשער וועט עס זײַן פאר אײַך א טרייסט: נאָר מיט דעם, וואָס שטייט העכער פון אײַך, האלט עס אויך אזוי...

— ?

דער אלטער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, יאָ...

— א פרעכער מאַן! — האָט אייכמאַן ווידער געזאָגט, איצט שוין צו זיך אליין. ער האָט גענומען דאָס קעלישעקל כּערעס, באקוקט עס קעגן דער שײַן און אויסגעטרונקען. באלד האָט ער עס ווידער אָנגעפילט און אוועקגעשטעלט לעבן דער פלאש.

אריע האָט געקוקט אָפן ווײַן, אָף דעם, ווי גאָלד־קאָלירִיק ער פינקלט אינעם דינעם קרי־שטאָל, א קליינינק בלעזעלע איז אופגעשווומען פונעם דנאָ און געפלאצט אָף דער אויבערפלאך... פלוצעם איז אים אזש הייס געוואָרן פונעם געדאנק: „און עפשער בין איך דער שאָליעך, געטע־ניו?" איצט האָט ער געדארפט אָנטאפּן די אָפענע אמפולקע אין קעשענע פון קאמזויל... ווען אייכמאַן וואָלט זיך כאָטש אָף א ווײַלע פארקוקט!..

אריע האָט געזאָגט דאָס, וואָס איז אים אײַנגעפאלן מיט א רעגע פריִער, ביז דעם, ווי ער האָט א טראכט געטאָן וועגן דער אמפולקע, געזאָגט, קעדיי ניט שווײַגן:

— מיר דוכט, אז איר פארהאסט די יידן, ווײַל ס'איז אײַער פראָפעסיע. ווען מע הייסט אײַך הײַנט פײַנט האָבן עמעצן אנדערש, וואָלט איר עס געטאָן מיטן זעלבן פלײַס... פראָפעסיאָ־נעלע מערדער האָבן ניט שטענדיק פײַנט זייער קאָרבן. ס'הייסט, עס איז ניט קיין מוז, עס זאָל אומבאדינגט זײַן, פארוואָס אים פײַנט צו האָבן, גענוג איז בלויז, עס זאָל זײַן דער ציל, צוליב וועלכן עס איז קעדײַ צו מאָרדן. אין געגעבענעם פאל איז דער ציל — רויב און דער פארלאנג אופוועקן בלוטיקע אינסטינקטן, ווײַל אָן דעם וואָלט מען דען געקאָנט צווינגען מיליאָנען מענטשן וואָרפן זיך אין דער בלוטיקסטער פון אלע מילכאָמעס...

אייכמאַן האָט שוין שלעכט געהערט — דער וויקועך האָט זיך פארצויגן, דער אזארט האָט געהאלטן באַם אויסגעלאָשן ווערן. אריע האָט אָנגעטאַפּט די אמפולקע און אפילע ארופגערוקט זי מיטן פינגער צום ראנד פון דער קעשענע. ער האָט פארשטאַנען, אז איצט דארף מען לאָזן רעדן אייכמאַנען — אזא איינער האָט בעסער ליב הערן זיך, איידער יענעם. צוגערוקט זיך מיטן שטול עטוואָס נעענטער צום טיש, האָט אריע וואַרטנדיק געקוקט אָפן נאצי.

— אין אויסלאַנד מאָלט מען מיך, ווי א מין מענטשנפרעסער, איך האָב זייער ליב די דאָזיקע געמעלן, — האָט אייכמאַן געזאָגט, און זײַן געזיכט האָט אויסגעדריקט קימאַט ווי נאַטיר־לעכע טרוימערישקײַט.

אריע האָט אָנגעצויגן א שמייכל געטאָן:

— כ'וויס א באשעפעניש, וואָס האָט ליב קוקן אַף זיך אין שפיגל...

— ווער איז עס? — בא אייכמאַנען האָבן ווידער זיך באַוויזן שטעכיקע פונקען אין די אויגן, און אַפּסנײַ האָט אַן עסיק שמייכעלע צעקרימט זײַנע דינע ליפּן.

— א מאַלפּע...

דער דײַטש איז קלוימערשט געווען העכסט צופרידן, ער האָט א רײַב געטאָן די הענט, נאָר פאַרט ניט אויסגעהאַלטן דעם שטאָך — אָפּגעקערעוועט זיך אַף א ווײַלע.

— רעדט, רעדט, — האָט ער געזאָגט, — אײַער גאַליקײַט פאַרווײַלט מיך... כ'וויל אָפּט זיך דורכריידן מיט די, וועלכע ווערן געטריבן צום טויט, וואָס טראַכטן זיי...

די אַמפּולקע איז שוין געווען בא אריען אין האַנט — טאַקע די, וואָס מע דאַרף. אָט האָט ער מיטן נאָגל אַרויסגעשלעפּט דאָס וואַטקעלע. איצט בלײַבט אויסצוציִען די האַנט צום קעלישעקל, איין קער — און פאַרטיק...

— אַזעלכע, ווי איר, הער אייכמאַן, פירן געוויינלעך א טאָגבוך. כ'וואָלט וועלן זען, וואָס איר וועט פאַרשרײַבן וועגן דעם הײַנטיקן שמועס...

אייכמאַן איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, א קוק געטאָן אין דרויסן. עטלעכע ווײַלעס איז ער אַזוי געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו אריען און א קאָפּעטשקע צעשטרייט געזאָגט:

— געוויינלעך מאַך איך נאָטיצן אין אָוונט... ביז נאַכט קאָן נאָך פיל פאַסירן.

ער האָט זיך האַסטיק אויסגעקערעוועט צו אריען. יענער האָט שוין אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע די האַנט מיט דער אַמפּולע. נאָר אין מעשעך פון דער רעגע, ביז די האַנט האָט דער־גרייכט צום טיש, איז בא אריען דורכגעלאָפן א געדאַנק: צי דאַרף מען עס טאָן, צי דאַרף דער דאָזיקער אויסוואורף האָבן אַזא טויט און ניט קיין אַנדערן. און ביכלאַל — מע האָט דאָך אים, דעם טאַטן, געשיקט אַהער מיט גאָר אַן אַנדער שווידערלעכער שליכעס!.. דאָס אַלץ האָט ווי א וויכער זיך דורכגעטראָגן בא אריען אין קאָפּ, און כאָטש ער איז שוין קימאַט גויווער געווען די ספּייקעס, איז די ווײַלע דאָך פאַרלוירן געגאַנגען — דער דײַטש האָט זיך געגעבן א קוק אום, אריעס האַנט האָט א ציטער געטאָן, און די אַמפּולע איז אַרויסגעפאַלן.

— הײַנט זעט איר, וואָס ביז נאַכט קאָן פאַסירן!.. — אייכמאַן האָט אויסגעדריקט אַף זײַן באַוועגלעכן געזיכט קימאַט אַנטוישונג. ער איז ניט געײַלט צוצוגאַנגען צו אריען, וועלכער האָט פאַרלוירן זיך צוגעדריקט צום ווענטל פון שטול, און אויפגעהויבן פונעם דיל די אַמפּולקע, קימאַט א ליידיקע — דער פראָשעק האָט זיך אויסגעשאָטן. — איַ, איַ, — האָט דער נאַצי זיך צע־שמייכלט, — סאַראַ אומפּאַרזיכטיקײַט, רעב אריע, איר זײַט דאָך געבליבן אָנעם טויט־מיטל... — ער האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס קאָלבעלע דורך דעם אָפענעם לופטשיק, — איצט וועט איר מוזן זיך מוטשען, און נאָך וויאַזוי זיך מוטשען...

אריע איז אופגעשטאַנען א טויט־בלאַסער און געזאָגט:

— זאָרגט ניט, כ'האָב פאַרלוירן בלויז דאָס, וואָס איז באַשטימט געווען פאַר א צווייטן, ניט פאַר מיר. יענער איז אי א פאַרברעכער, אי אײַערער א קאָרבן. פאַר זיך האָב איך דאָס טויט־מיטל גראָד געלאָזט, נאָר... איצט דאַרף איך עס ניט, כ'האָב מער קיין מוירע ניט אויך פאַר קיין שווערן טויט, כ'האָב קיין מוירע ניט! — ער האָט באַוויזן די צווייטע אַמפּולקע אייכמאַנען, דערלאַנגט זי אים קימאַט ביז דער פאַרשפּיצטער נאָז און א וואָרף געטאָן אין דעם זעלבן לופט־שיק, — כ'בין גרייט... נאָר שיסט ניט אין פּלייצע!

— נו, צוליב וואָס אײַלט איר זיך אַזוי, רעב אריע! — אייכמאַן האָט שטיל געלאַכט. — קיינער קלײַבט זיך אײַך איצט גאָרנישט ניט טאָן... אין אַזא פײַנעם כאַל... ניין... איר וועט צוזען, ווי אײַער פאָלק שטאַרבט... אָט דאָרט...

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר עס איז אַרײַנגעגאַנגען סאָפי קאָפּליין. זי איז געווען בלאַס, דאָך האָט אַפן פולבלעכן געזיכט געשפּילט א שמייכעלע:

— פאַן אריע, — האָט זי פאַרוווּנדערט געצויגן די ווערטער, — און איך האָב געמיינט, אַז איר זײַט באַם קראַנקן זון...

— ניין, דאָס בין איך שולדיק, ליבע פראַו, — אייכמאַן האָט זיך פאַרנייגט, — איך האָב דעם הער גיטעליס אײַנגעלאַדן אַף א שמועס און איבערגעכאַזערט דעם עקספּערימענט פון א קלוגן רוסישן שריפטשטעלער, דאַכט זיך, גאָגאָל: יענער פלעגט בעקיוון זיך צעקריגן מיט עמעצן, קעדיי מע זאָל אים זאָגן, וואָס מע טראַכט וועגן אים אַף אַן עמעסן...

סאָפי האָט גאָר פריילעך זיך צעשמייכלט, ווי פון א פײַנעם וויץ.

— און דער פאַן אריע האָט געזאָגט, וואָס ער טראַכט וועגן אײַך?

אריע האָט רויִק זיך אָנגערופן:

— כ׳קאָן עס איבערכאַזערן, פאַני: סאָף גאַנעוו לעטליָע. — און איבערגעזעצט אַף פּויליש: — זלאָדזיי קאָנטשי נא שובעניצי!

אייכמאַן האָט געלאַכט:

— איר זעט, ליבע פראַו, און מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן ניט אָפּגעביסן די נעזער...

ער האָט אַ פּליעסקע געטאָן אין די דלאָניעס, עריך איז אַרײַנגעקומען.

— אָבערשטורמפיורער, פירט אָפּ דעם דאָזיקן ייִדן אין געטאָ, — האָט אייכמאַן באַפוילן מיט אַ געדולדיק־מידלעכער שטים, — און פון דאָרט קאָנט איר פאָרן צום ציינדאָקטער.

עריך האָט אַף אַ מיליטערישן אויפן אַ קלאַפּ געטאָן מיט די אָפּצאַסן, „צום ציינדאָקטער" איז געווען אַן אויסדרוק, וואָס אייכמאַן און עריך האָבן אים געהערט די טעג בייס זייערן אַ באַזוך פון איינעם אַ לאַגער...

אריע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— אַנטשולדיקט, הער אייכמאַן. מיר איז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז כ׳וועל זיך אומקערן צום זון, קעדיי זיך מיט אים געזעגענען.

אייכמאַן האָט ווילהערציק אַ הייב געטאָן די ברעמען:

— דאָס האָט, ווײַזט אויס, דער אָבערשטורמפיורער צוגעזאָגט... ביטע, ביטע.

אַף די טרעפּ, וואָס פירן צום מאַנסאַרדע־צימערל, האָט מען זיך אופגעהויבן אינדרײַען: אריע, סאָפי און עריך. דער לעצטער איז שטיין געבליבן אַפן באַלקאָנדל פאַר דער טיר, אריע מיט סאָפי זײַנען אַרײַן אין צימער. ליאָליע איז געלעגן אָפּגעדעקט ביז האַלבע, דער באַנדאַזש איז געווען אַראָפּגעריסן, דער קאָפּ איז אין אַ מאָדנער לאַגע געלעגן אַף דער קישן. די געלקײַט פון זײַן פאַרגליווערטן געזיכט, דעם פרישן פלעק פון בלוט, אין וועלכן איין אַקסל איז געווען אײַנגעטונקען, האָבן אריע און סאָפי באַמערקט אין עטלעכע רעגעס אַרום. סאָפי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום בעט, נאָר טייקעף אָפּגעטראָטן און דערשראָקן אַ געשריי געטאָן. אריע האָט זי אָנ־גענומען בא דער האַנט, זי זאָל ניט שרײַען, ניט וואַרפן זיך. ער האָט שטיל אַרויסגעבראַכט:

— באָרוך דאַיען עמעס!

סאָפי האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אַ טפילע. זי האָט אופגעהויבן די האַנט, קעדיי זיך איבערציילעמען, נאָר ניט געטאָן דאָס און פאַרשטעלט זיך מיט דער זעלבער האַנט די אויגן.

פאַרנאַכטלעך איז צום געטאָ־טויער צוגעפאָרן דער „מערסעדעס", אַף וועלכן מע האָט מיט עטלעכע שאָ צוריק פאַרנומען אריע גיטעליסן אין שטאָט אַרײַן. אריע איז אַרויס פון דער מאַשין, און דער געלער עסעס־אָפיצער, וועלכער איז געזעסן באַם רודער, האָט צו אים פרײַנטלעך אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דער אַלטער האָט שוין געמיטן די וואַך, ווען באַם אָפיצער אין האַנט האָט זיך באַוויזן אַ פּיסטאָלעט. דער שאָס האָט אָפּגעקלונגען ניט גאָר הילכיק. אריע איז געפאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד. ער האָט זיך נאָך אויסגעקערעוועט אַף אַ זײַט, געוואָלט זיך אומקוקן און מיטן לעצטן הויך אויסגעשעפּטשעט: — טאַקע אין פּלייצע...

נאָר קיינער האָט די דאָזיקע ווערטער ניט געהערט. ווען מע איז צו אים צוגעגאַנגען, איז ער שוין געווען טויט.

קימאַט אין דער זעלבער צײַט, ביין־האַשמאָשעס, איז איבערן האַרבסטיק פאַרלאָזטן סאָד, וואָס האָט אַרומגערינגלט קאָפּליינס ווילע, געגאַנגען צו דער ווײַסל סאָפי, — געגאַנגען ניט געײַלט, פאַרוויקלט אין אַ וואַרעמער וואָלענער שאַל. זי האָט זיך אופגעהויבן אַפן פעלדז, וואָס איז ווי געהאַנגען איבערן טונקעלן וואַסער. אַראָפּגעוואָרפן די שאַל פון זיך, האָט סאָפי אַ שפּאַן געטאָן פון פעלדז. דאָס מאָל האָט קיינער אין דער נאָענט ניט געוואָשן קיין גרעט, קיינער האָט זיך נאָך איר ניט געוואָרפן אין וואַסער. סאָפי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ טיפער און טיפער, די קליידער, די טופל, שטענדיק אַזעלכע לײַכטע, האָבן זי איצט, אומגעהייער שווערע, געשלעפּט צום דעק. עס האָט איר אָנגעהויבן אויספעלן לופט. זי האָט נאָר באַוויזן אַ טראַכט צו טאָן, אַז דעמלט, אָט פונקט אין דער רעגע, ווען עס האָט איר פאַרפעלט לופט, האָט אַ בולקע געטאָן לעבן איר, עמעצער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די האָר און אַ שלעפּ געטאָן אַף אַרויף. איצט איז עס ניט געשען. און נאָך: דעמלט איז אַלץ, וואָס האָט דורכגעשוועבט פאַר אירע אויגן, געווען גרין, און איצט — שוואַרץ. זי האָט זיך דערשראָקן, געעפנט דאָס מויל אַ געשריי צו טאָן, כאַפּן לופט, און דאָס איז געווען דער סאָף...



## שלוימע טשערניאַווסקי

# ליבשאַפט

(סאָנעטן־קראַנץ)

1

נאָך אָפּשייד־יאָרן זײַנען מיר צוזאַמען.
פאַרוואָס זשע שווײַג איך איצט און כ'בין פאַרקלערט?
מײַן שוואַכער שמעטערלינג איז שוין אַ מאַמע,
און מײַן סאָנעט גאָר אַן עלעגיע ווערט.

און בילדער, בילדער פון דער יוגנט שוועבן.
ווי אָרעם־קליין איך בין פאַר דיר אַצינד.
אַף דוירעס־לאַנג פאַרלענגערט האָסט דײַן לעבן,
פאַרייביקט אין דעם מאַלעכל, דײַן קינד.

איך קוש דײַן קינד, ווי דײַנע ליפּן־ברעגן,
ווײַל נאָכגיביק כ'בין יעדן דײַן באַגער.
אַ שטורעם אין דער הייך געבירט אַ רעגן,
אַ שטורעם אין מײַן האַרץ געבירט אַ טרער.

איך ווייס, איך שפּיר, די אויגן דײַנע פרעגן, —
איז ווייס: מײַן האַרץ אויך איצטער דיר געהער.

2

נאָך אָפּשייד־יאָרן זײַנען מיר צוזאַמען,
און ווידער שעפּטשען ליפּן שטילערהייט:
אַ ביסעלע אין יוגנט זיך פאַרזאַמען
מיט דיר, מײַן טײַערע, כ'בין ווידער גרייט.

און זאָל עס זײַן ווי זעונגען נאָך קלאָרע,
און זאָל עס זײַן דײַן רופנדיקע שטים.
ווײַל טיף איז, ווי אַ ברונעם, דער זיקאָרן
און גליקלעך ז'דער, וואָס שעפּן קאָן פון אים...

איז שטיי זשע, ליבשאַפט, אויף פון דער פאַרגעסונג
און זעץ זיך צו באַקוועמער בא דער זײַט.
מיר זײַנען זיך אַ ביסעלע פאַרזעסן,
איז שענק זשע אונדז אַ רעגע פון דײַן צײַט.
איין רעגע איז מײַן טײַערע דאָך ווערט!
פאַרוואָס זשע שווײַג איך איצט און כ'בין פאַרקלערט?

3

פאַרוואָס זשע שווײַג איך איצט און כ'בין פאַרקלערט,
ווי כ'וואָלט פון יענע ווײַטע יינגל־יאָרן
דעם פלאַטער פון מײַן אייגן האַרץ דערהערט
און יינגער גלײַך אַף וויפל יאָר געוואָרן;

ווי כ'וואָלט אפסניי אין יוגנט דיך דערשפּירט
און פלינק דיך, ווי א שמעטערלינג, געפאנגען.
דו האָסט מיך דאַן פארקישעפט און פארפירט
אין צויבער־וועלט פון דיכטונג און פון קלאַנגען.

געלערנט זיך בא גאָלדשמידער דעם פאך,
געשליפן כ'האָב, ווי דימענטן, די גראַמען,
ווײַל זאָגן כ'האָב געדאַרפט דיר נאָך א סאך,
ביז ס'וועט די יוגנט־שקיע זיך צעפלאַמען.
פארוואָס זשע וואַרקען טויבן אפן דאך?
מײַן שוואכער שמעטערלינג איז שוין א מאמע...

4

מײַן שוואכער שמעטערלינג איז שוין א מאמע...
צי טראָגט באַדויערונג אָט דאָס געפיל?
אָ, ניין, ער לויכט מיט יענע ווײַטע פלאַמען:
דיך לויבן הויך און קושן אין דער שטיל.

אזוי ווי ס'קושט דער ווינט די רײַפע זאַנגען
און גאָלדיק לויפט א כוואַליע דורך אין פעלד, —
אזוי איז דאָס געפיל: ניין, ניט פארגאַנגען,
האָסט אומעטום און שטענדיק מיר געפעלט.

מײַן זוניקער, מײַן גאָלדענער באַשאַף.
נאָר מאכטלאָז כ'בין דײַן שײַנקײַט צו פאַרהיטן,
און בייז כ'בין אף דער צײַט, א פאָרוואורף כ'וואַרף:
אין דײַנע האָר אזויפיל ווײַסע צוויטן.
איך האָב געהאָפט. די האָפענונג — צעשטערט.
און מײַן סאָנעט גאָר אָן עלעגיע ווערט.

5

און מײַן סאָנעט גאָר אָן עלעגיע ווערט,
און ווי א רעקוויִעם עס קלינגען מײַנע לידער.
כ'האָב דיך געבויט, מײַן ליבשאַפט, און צעשטערט,
בין איך בעקויעך אופשטעלן דיך ווידער?

דיך כאַנפענען כ'בין ניט געווען געוווינט.
כ'האָב קיינמאָל ניט געפעלשט פאַר דיר אין לעבן.
אויב ביסט פון וועג אראָפּ, כ'האָב דיך אנטקרוינט.
מיך פײַניקן ווער האָט דיר רעכט געגעבן?

ווער אייפערזוכט און קינע האָט געשפּינט?
כ'האָב שוין פון לאַנג די נעץ אָט די צעריסן.
דאָס טײַערסטע פאַרמעגן איז דײַן קינד,
איך קום דיך מיט דײַן ערשטלינג צו באַגריסן.
וואָס פעלט מיר נאָך? — בלויז זײַן לעם דיר דערנעבן,
און בילדער, בילדער פון דער יוגנט שוועבן.

6

און בילדער, בילדער פון דער יוגנט שוועבן
און שטעלן אויס זיך אין א לאַנגער ריי.
גיי גלייב, אז ס'האָט שוין אָפּגערוישט דאָס לעבן...
ס'האָט נאָר פון יאם א ווינט געטאָן א ווײ, —

אזא געזאָלצענער אין הייסן טאַמעז.
און ווידער בלאַנקען מיר לענגויס דעם ברעג...
ווי אַלץ פאַרברענט אין יענעם קלאָרן פלאַם איז,
פאַרשווונדן, ווי א כוואַליע, און אַוועק.

איך פרעג דעם יאַם, און ס'ענטפערט מיר ניט קיינער, —
פונקט ווי די זון, די ליבשאַפט דאַרף פאַרגיין?
און ס'שלייַפט דער יאַם די אַלטע וואַלגער־שטיינער,
און ס'בלאַנקע'ט דאָרט אַפראָדיטע אום אַליין.
אַט ווייַזט זי זיך פון שוים און גיך פאַרשווינדט.
ווי אָרעם־קליין איך בין פאַר איר אַצינד.

7

ווי אָרעם־קליין איך בין פאַר דיר אַצינד,
ווען ס'ציט זיך צו דייַן ברוסט דער מירמל־ווייַסער
דאָס צאַרטע מייַלעכל. דו מיט דייַן קינד,
ווי ראַפאַעלס מאַדאָנע, פאַר מיר ווייַזט זיך.

דייַן מוטערשאַפט אין פולער אומשולד בלענדט,
און דער קאַיאָר נעמט רויטלען זיך און בלייכן,
די הימלען נידערן אַף דייַנע הענט
און טראָגן דיר א בענטשונג פון די הייכן:

באַשערט עס איז אין מאַזלדיקער שאָ,
דייַן קינד זאָל העכער פון אַן אָדלער שוועבן,
ווייַל פאַר זייַן שווונג קיין גרענעץ איז ניטאָ,
ווייַל די נאַטור האָט פליגל אים געגעבן.
זייַ שטאָלץ מיט אים, א ליבּ־געזאַנג דער שאָ,
אַף דוירעס־לאַנג פאַרלענגערט האָסט דייַן לעבן!

8

אַף דוירעס־לאַנג פאַרלענגערט האָסט דייַן לעבן
אין אים, דייַן זון. דיר ברענגען זאָל ער רום.
צי וועט ער זייַן א שמיד, צי זייַן א וועבער, —
באַגלייטן זאָל די מי אים אומעטום.

זי שפּרייַזט, די שעפערן, אַף דער פּלאַנעטע,
זי שפּייַזט און זי באַקליידט די וועלט, איך ווייס,
און צו איר שעפּע־טיש די ערד עס וועט פאַרבעטן
בלויז דעם, וואָס האָט באַגאָסן זי מיט שווייס,

בלויז דעם, וואָס האָט געמערט אירע פאַרמעגנס,
וואָס וואַרט ניט אַף איר רוף און אַף איר ווונק.
איך לויב דעם מענטש, וואָס האָט דעם טאָג באַגעגנט
און אויסגעהאַקט פון שטיין דעם ערשטן פונק.

אַט דער באַרוף, כ'ווייס זיכער, ווערט אַצינד
פאַרייביקט אין דעם מאַלעכל, דייַן קינד.

9

פאַרייביקט אין דעם מאַלעכל, דייַן קינד,
עס איז פון דאָר פון אונדזערן דאָס פייַער.
די קינדהייט־יאָרן לויפן דורך געשווינד.
וואָס האָסטו, זאָג, דער וועלט געבראַכט צושטייַער,

זאָג, ווו האָט דײַן פאַרנונפט געטאָן א שײַן,
געקענט זיך אָף א שטאָפּל העכער שטעלן.
א לײַכט-טורעם אין לעבן דאַרף מען זײַן,
אז פרײַנט דײַנע דעם וועג זאָל ער באַהעלן.

און ווען וועסט זײַן בלויז זײַד-געררויש פון גראָז
און ליפּן וועלן מער זיך ניט באַוועגן,
„א טליִענדיקן פונק האָט ער געלאָזט" —
דערציילן זאָל דער ווינט אונדז אָף די וועגן.
יאָ, טײַערע, דאָס לעבן איז ניט פּראָסט,
איך קוש דײַן קינד, ווי דײַנע ליפּן-ברעגן.

10

איך קוש דײַן קינד, ווי דײַנע ליפּן-ברעגן,
און כ'פיל דײַן אָטעם איצט און דײַן באַריר.
איך האָב פאַרדינט בא דיר די צאַרטע רעגעס,
איך בין דעם שיקזאַלס קינד — געשיקט צו דיר.

מיך האָט צו דיר אָף טויזנט מײַל געצויגן,
ווען ס'האָבן בערג דעם וועג צו דיר פאַרשטעלט,
איך האָב אינצווייען זיי צונויפגעבויגן,
ווײַל ס'האָט אין מיר א גיבער-קראַפט געקוועלט.
ווער האָט אין מיר די קראַפט געקאָנט צעשטערן?
געפלויגן, ווי א דונער, כ'בין אַהער.
כ'וועל אָף דײַן הימל ווידער זײַן דער שטערן,
וואָס לויכט און בלענדט פון אלע שטערן מער,
ווײַל כ'טראָג דעם פלאַם פון ליכטיקע באַגערן,
ווײַל נאָכגיביק כ'בין דײַן באַגער.

11

ווײַל נאָכגיביק כ'בין יעדן דײַן באַגער,
דו ווילסט, איך זאָל די ערד אַרום באַגרינען,
א קישעף-בוים פאַרפלאַנצן אין דײַן סקווער,
וואָס האָט נאָך ניט געבליט אין קיין מעדינע.

און ווײַניק-זיס וועט זײַן בא אים די פּרוכט —
א יאָר א קײַלעכיקס צום טיש דערלאַנגען,
און ווער סע האָט דעם טאַם פון איר פאַרזוכט,
וועט שוין אין לעבן אויסשטיין אין געראַנגל.

מײַן דיכטערישער טרוים האָט זיך צעשפּילט.
דעם זינען און דאָס האַרץ גענומען רעגן.
איז לאָמיר ביידע שווײַגן אין דער שטיל.
בא קיינעם גאָרניט מאָנען און ניט פרעגן.
ווער האָט די הייך אין טונקלקײַט פאַרהילט?
א שטורעם אין דער הייך געבירט א רעגן?

12

א שטורעם אין דער הייך געבירט א רעגן.
ער זאָל אַראָפּ אָף אונדזער גרויסער ערד.
געדענקסט, אין פעלד מיר האָבן אים באַגעגנט.
דעם שטאַרקן שטורעם, — און זיך ניט געווערט.

ער האָט די וואָלקנס-זעגלען אָנגעבלאָזן.
צעדונערט זיך, מיט בליצן ווײַט געבלענדט.
די האָר די גאָלדענע בא דיר צעלאָזן
און אָפּגעגעבן דיך אָף מײַנע הענט.

איז זאָלן הענט דיר זײַן א ווייך צוקאָפּנס.
איך בייג זיך אָן צו דיר מיט איין באַגער:
כ'וויל אויסטרינקען די פּערל-רעגן-טראָפּנס.
וואָס הענגען אָף די ליפּן רײַף און שווער...
ס'איז אלץ אַדורך, די יוגנט איז אַנטלאָפן.
א שטורעם אין מײַן האַרץ געבירט א טרער...

13

א שטורעם אין מײַן האַרץ געבירט א טרער.
א פּערל-טרער אין שײַן פון רעגנבויגן.
זאָגט, וויפל מאָל אין לעבן ז'אײַך באַשערט
צו טראָגן פרייד און טרויער, מײַנע אויגן?

גענוג אין מאַרעשכוירע זײַן פאַרטריבט.
די ליבשאַפט קאָן א האַרץ א קראַנקס אויך היילן.
כ'בין גרייט מיט דעם, ווער ס'האָט דאָס לעבן ליב.
מיט פרייד, ווי מיט א לעבל ברויט, זיך טיילן.

ס'איז אַלדאָס מענטשלעכע מיר גאָר ניט פרעמד.

כ'בין ניט קיין פיליגרים אף פרעמדע
וועגן.
כ'באדארף קיין סאך ניט — אף דעם
לײַב א העמד,
א בייגעלע פאפיר, א צארטע רעגע...
איז וואס זשע איז מײַן הארץ אזוי
פארקלעמט?
איך ווייס, איך שפיר, די אויגן דײַנע
פרעגן.

14

איך ווייס, איך שפיר, די אויגן דײַנע
פרעגן,
פול מיט באדויערונג און פול מיט ווײ.
אזעלכע אויגן כ'האָב נאָך ניט באגעגנט,
אזעלכע קלאָרע, ווי דער ערשטער שניי.

זיי זײַנען צארט, זיי קאָנען אויך באפוילן,
און אומבאמערקט זיי נעמען דיך אין
קלעם.
באם הארץ, וואס ליבט, זיי קאָנען
אלצדינג פוילן,
זיי האָבן שוין בא מיר אזא מין שעם.

פאר אומפרײַנט בלאנקען זיי פונקט
ווי א מעסער,
כ'נעם זיי אין ליד ארײַן ווי מײַן געווער.
די גרעסטע שטראָף — זיי זאָלן מיך
פארגעסן,
די גרעסטע שטראָף — איך זאָל ניט זען
זיי מער.

אויב ס'וועט דיר פעלן זון אין די
מעסלעסן,
איז ווייס: מײַן הארץ אויך איצטער
דיר געהער.

15

איז ווייס: מײַן הארץ אויך איצטער
דיר געהער
בא אָט דעם ברעג, ווו ס'דרימלען
שוין די שיפן.
דעם צאָפן-ווינט דער דניעפּ זיך
מער ניט ווערט,
ער ליגט, פונקט ווי א דימענט,
קאלט-געשליפן.

ווי בלעטעלעך פון אלטן קאלענדאר,
סע פאלן שנייעלעך אף דר'ערד אנידער.
סע זינגט די וויוגע — שוועסטער
פון יאנוואר —
שוין אירע לאנגע ווינטערדיקע לידער.

כ'האָב ליב, ווען ס'וועקט די ראכוועסן
איר קאָל.
ווי בא א מיידל אירע באקן פלאמען.
כ'פארלאָז דײַן שוועל מיט בענקשאפט,
ווי אמאָל.
איך ווייס ניט, צי איך וועל זיך איצט
פארזאמען.
זאָל מיר באשערט זײַן זאָגן נאָכאמאָל:
נאָך אָפּשייד-יאָרן זײַנען מיר צוזאמען!



פיניע קיריטשאַנסקי

# ס׳קומט דער טאָג מ׳ור הײַנט אנטקעגן

## אויסגעגלײַכט האָב איך מײַן פלייצע

ווי די לעכצנדיקע קווייטן
נאָך א רעגן זיך צעוואַקסן,
אויסגעגלײַכט האָב איך מײַן פלייצע,
אופגעהויבן מײַנע אַקסלען.

הײַנט כ׳הייב אוף מײַן קאָל אלץ העכער,
אויגן פול מיט שײַן, וואָס בלענדט מיך,
פון מײַן הארץ גייט אָפּ די שטילקײַט,
און מײַן קאָל האָט זיך געענדערט.

כאָטש מײַן ליד — א קורצער לײַוונט,
נאָר זי האָט זיך שוין צעפלאַטערט,
כ׳צי פון הארץ ארויס די פײַנען,
וועלכע האָבן מיך געמאַטערט.

ווי די שמאַכטנדיקע קווייטן
נאָך א רעגן זיך צעוואַקסן,
אויסגעגלײַכט האָב איך מײַן פלייצע,
אופגעהויבן מײַנע אַקסלען.

## אין וואַלד

אין וואַלד — א געוויטער,
א בוים פאַלט צו דר׳ערד,
מײַן לײַב טוט א ציטער,
דאָס הארץ ווערט מיר שווער.

כ׳דערמאָן זיך: מײַן ראָטע
פאַרטײַעט אין וואַלד,
פון פײַנטלעכע דאָטן
עס פײַערט און קנאַלט.

קאָן זײַן, אַז דיביימער,
וואָס פאַלן אום הײַנט, —
זיי האָבן ניט איין מאָל
באַשיצט מיך פון פײַנט.

ווען קאָנען כ׳וואָלט איצטער
כאָטש ווערן א דאַך
און צודעקן, שיצן
דעם וואַלד אין דער נאַכט.

נאָר ווערן איך קאָן ניט
קיין דאַך מיט קיין ווענט,
איז נעם איך ארום כאָטש
איין בוים מיט די הענט.

## פאַלט א בוים נאָך א בוים

שנײַדן העקער דעם וואַלד,
גרילצן זעגן דאָרט שווער,
און עס פאַלט, און עס פאַלט
בוים נאָך בוים אָף דער ערד.

א דערשראָקענע שוואַלב
פון איר נעסט פליט אוועק,
ווען אין בוים שוין ביז האַלב
שנײַדט ארײַן זיך די זעג.

בא דעם העקער דאָס לײַב
ווערט פאַרשוויצט, און דאָס העמד
אָף דער פלייצע פאַרבלײַבט,
ווי די קאָרע באַם דעמב.

און דער טאָג, וואָס פאַרגייט
אינעם וואַלד אזוי פרי,
אָף דער ערד זיך צעשפּרייט
פון דער העקערשער מי.

ערגעץ פעלט נאָך א סטויס,
און א ברעט ערגעץ פעלט,
און א נעם טאָן זיך גלוסט
א שטיק טאָג בא דער וועלט.

## כ'האָב מער זיך איינזאם ניט געפילט

כ'ליג אַף דער ערד, ארום איז פוסט,
ניט קיין ביימעלע, ניט קיין קוסט.
ס'הענגט איבער מיר בלויז הימל־בלוי,
מיט וועלדער ווײַט ערגעץ באזוימט.

נאָר מיטאמאָל האָב איך דערפילט,
ווי בא דעם אויער ווערט מיר קיל
און ווי אין באק עס קיצלט מיך —
מיר דוכט, א מערעשקעלע קריכט.

ערשט כ'קוק זיך אײַן: א ווייכס, א דינס,
פון דר'ערד א גרעזעלע א גרינס
ארויס איז צויבערדיק און מילד, —
כ'האָב מער זיך איינזאם ניט געפילט.

## בא דער מיל

אַט גיי איך דורך פארבײַ א מיל,
עס בלאָזט פון דאָרט א ווארעם ווינטל,
און אַף מײַן מאנטל ווייך און שטיל
פון מעל זיך לייגן ווײַסע פינטלעך.

עס איז דאָס מאנטל נאָך א נײַס,
ניט לאנג געקויפט, אן איין־און־איינציקס.
איז עס געוואָרן שוין באווײַסט,
און ס'שמעקט מיט קאָרנס צי מיט ווייצנס.

און כאָטש דאָס מאנטל טוט מיר באנק,
נאָר עפּעס איז מיר גרינג געוואָרן,
ווען כ'הער פון מילשטיינער ס'געזאנג,
און ס'מאָלט א גאנצן טאָג זיך קאָרן.

## די קאַסקע

ליגט אין סאָד א סאָלדאטישע קאסקע,
ווי אן אָנדענק פון שווערע געפעכטן.
קומען שפּערלעך אין איר נעסטן פלעכטן:
ווער א שטרוי, ווער א גרעזעלע טאסקעט.

פונעם זויבערן הימל דעם קלאָרן
שיקט די זון צו דער קאסקע איר שמייכל
און זי קוקט, ווי די שפּערלעך זיך פּאָרן
אין דער ווארעמער נעסט אין דער ווייכער.

כ'האָב מײַן אָטעם פארטײַעט פונווײַטנס,
איך האָב מוירע דערשרעקן די שפּערלעך,
ווײַל די קאסקעס אַף קעפּ בא סאָלדאטן
זײַנען הײַנט נאָך פאר מענטשן געפערלעך.

## מײַן ליד

א ווארעם־פרילינגדיקער רעגן,
ס'פּלאצן קנאָספּן, שמייכלען צארט.
קומט דער טאָג מיר הײַנט אנטקעגן
מיט א ברייט צעעפנט הארץ.

לייד מיט פרייד געמישט איניינעם,
לייד צו פרייד איז נאָענט־ווײַט.
דורך א פענצטערל א קליינינקס
האָט מײַן יוגנט זיך באנײַט.

איך האָב זיך דער וועלט באוויזן
מיט א ליד אַף מוטערשפּראַך,
ווי א קוואל זי שטראָמט און ריזלט,
ערטערווײַז נאָך עפּשער שוואַך.

נאָר אין הארצן אויסגעטראָגן,
לאנג געשוויגן און געוואָרט,
כ'פּאָר ניט אום אַף פרעמדע וואָגנס,
זוך מײַן סטעזשקעלע צום שליאַך.



ליובע קושניראָוו

# דער וועג אַהיים

## אַ פּײַערל



יר זײַנען געזונט, מיר זײַנען גאַנץ. באַרויִק זיך.

דײַן הײַנטיקע בריוו האָט מיך שטאַרק אַנגעשראָקן. דו שרײַבסט, דו האָסט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף באַנאַכט ערגעץ אין אַ קיוועט באַם וועג און אַ צײַט ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווו דו געפינסט זיך, ווער דו ביסט...

מיר האָט זיך איבערגעגעבן דײַן צושטאַנד. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם קינאָ־בילד „אַבלאָמאָק אימפּעריִי"[1]. אַ מענטש, וואָס האָט אָף דער מילכאָמע פאַרלאָרן דעם זיקאָרן, האָט זיך אומגעקערט אַהיים. זײַן אויסגעלאָשן פּאָנעם, זײַנע פּוסטע אויגן... דערמאָן זיך, וואָס פאַר אַ רושעם דאָס בילד האָט אָף אונדז געמאַכט. און איצט, לייענענדיק דײַן בריוו, טראַכט איך ניט וועגן דעם, אַז דו קאָנסט אומקומען אָפּן פראָנט, אַז מיט מיר קאָן עפּעס געשען דאָ, אין הינטערלאַנד, איך טראַכט נאָר וועגן דעם, ווי שרעקלעך עס איז פאַרגעסן דעם וועג אַהיים.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי דו גייסט מיט אַ קאַלאָנע מענטשן, וועגן וועלכע דו טראַכסט ניט, מיט אַ וועג, וועלכער רופט גאָרנישט ניט אַרויס אין דײַן זיקאָרן, ווײַל דיר איז אַלץ אַלצייִנס. מענטשן שרײַבן בריוו, דו קוקסט אָף די בוכשטאַבן און שטעלסט זיך ניט פאָר, אַז מע קאָן פון זיי צונויפשטעלן „מײַן טײַערע"!..

מיט דיר זאָל זיך אַזעלכס טרעפן? עס קאָן ניט זײַן. איך געדענק דײַן שאַרפן בליק, אַמאָל געוווּנדעט ווי אין זיך אַליין, אַזוי פאַרטיפט אין די אייגענע געדאַנקען, אַז אַפילע די פינגער פון דער האַנט ווילן עפּעס אָנטאַפּן. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי אין אַ געשפּרעך מיט מענטשן פלעגסטו ווי פאַרהיקען זיך, קעדיי אָפּזוכן אַ פּינקטלעך, פּאַסיק וואָרט. איך פלעג מיט נײַגער וואַרטן, וואָס וועסטו זאָגן. און איך האָב זיך קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט. פונדעסטוועגן וועל איך מער ניט פאַרלאָזן זיך אָף דיר. איך וועל פון איצט אָן דיך ניט לאָזן גאָרנישט ניט פאַרגעסן, דערמאָנען, דערמאָנען אָן אַלץ, וואָס איז געווען. דערמאָנען אָן דעם, וואָס האָט זיך געטראָפן אין דײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, וועגן וועלכע דו האָסט מיר דערציילט, און אויך אָן אונדזער צוזאַמענלעבן. דו וועסט מוזן לייענען אַפילע דאָס, וואָס דו געדענקסט גוט אַליין. און איך וועל דיר אויך דערציילן אַלץ, וואָס טרעפט זיך בײַ אונדז אין הינטערלאַנד: דו זאָלסט פילן, אַז מיר זײַנען איינס און איניינעם. דערמאָן זיך אין די ווערטער פון דײַן ליד „איך":

ווער ניט מיד, מײַן פלייצע,
אונטער דער מאַסע „מענטש".

זאָלן מײַנע בריוו זײַן ווי אַ פּײַערל אין אַ היימישן פענצטער.

## אַ שווערער טאָג

הײַנטיקער טאָג איז אַ שווערער פון גאַנצפרי אָן. נעכטיקער האָט זיך אַזוי גוט פאַרענדיקט. און הײַנטיקער...

נעכטן האָבן מיר געקוקט אַ קינאָ־בילד בײַ אונדז אין אינטערנאַט. מיר האָבן געזען וווּקסיקע, קרעפטיקע סאָלדאַטן אין פולער אַמוניציע. ווי דער שטייגער איז אין קינאָ, זײַנען זיי

די דאָזיקע בריוו זײַנען נאָר אַ טייל פון די, וועלכע איך האָב געשריבן צו מײַן מאַן אַרן קושניראָוו אין די יאָרן 1941—1945 און וועלכע ער האָט אויסגעהיט אָף אַלע מילכאָמע־וועגן און געבראַכט אַהיים. קיין פּינקטלעכע כראָנאָלאָגיע האָבן זיי ניט, דעריבער האָב איך געמוזט פאַר יעדער בריוו געפינען אַ קעפּל. (פונעם אַוטאָר).

[1] „אַ בראָכשטיק פון דער אימפּעריע".

געגאַנגען גלײַך אַף אונדז. די קיך־אַרבעטערן, די מומע נאַסטיע, האָט מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן:

— אוי, דאָס איז דאָך מײַן וואַסיל! אָט פון דער זײַט, דער סאַמע וווּקסיקער!

מיר האָבן אַ קערעווע געטאָן די קעפּ. אָבער דאָס בילד איז געלאָפן ווײַטער. וואַסיל האָט זיך ווידער באַוויזן, און די מומע נאַסטיע האָט נאָר אַ געשריי געטאָן:

— מעכאַניק, וואָס יאָגסטו?

נאָר קינאָ איז קינאָ, און דאָס בילד האָט זיך געענדיקט.

איך בין צוגעלאָפן צו דער מומע נאַסטיען:

— אוי, מומינקע נאַסטיע, וויפל מאַמעס זײַנען דיר הײַנט מעקאַנע!

זי האָט צופרידן געשמייכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— געזען מײַן וואַסילן? אַ וווּקסיקער! אַ שיינער! אַן איין־און־איינציקער באַ מיר. שרײַבט: „כ'וועל זיך אומקערן פון דער מילכאָמע, וועסטו, מאַמע, ניט דאַרפן אַרבעטן“.

איך בין געגאַנגען אַהיים, דעם גאַנצן וועג געטראַכט וועגן דער מומע נאַסטיעס קינאָ־גליק און גוט געשלאָפן די נאַכט. מיר האָבן זיך געכאָלעמט מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן, געזונטע, מונטערע יאַטן, און פֿאָרויס — וואַסיל.

אופגעוועקט האָט מיך דער קלונג פונעם וועק־זייגער. אַ צײַט בין איך נאָך געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, קעדיי אַלץ פאַרגעדענקען.

עס איז געווען נאָך זייער פרי, ווען איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די מומע נאַסטיע האָט געגאָסן וואַסער אין די קעסלען, איך האָב געשניטן ברויט און געגרייט די טישן. די קינדער זײַנען שוין געלאָפן אין עסצימער, ווען אין קיך איז אַרײַנגעשפרונגען אַ מיידעלע, דער מומע נאַסטיעס שכיינעס אַ טעכטערל. זי האָט הויך אַזוי אויסגעשריִען:

— מומינקע נאַסטיע, לויף אַפּגיך אַהיים, דיר איז אָנגעקומען אַ פּאַכאָראָנקע[1] אַף וואַסילן.

מיר זײַנען אַלע פאַרגליווערט געוואָרן. די מומע נאַסטיע האָט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט:

— וואָס רעדט זי! וואָס באַלבעט זי! איך האָב דאָך אים נעכטן, ערשט נעכטן געזען.

און ווי עמעץ וואָלט זי אַ שטאַרקן שטויס געטאָן, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר.

וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן?.. מיר האָבן געקוקט אין פענצטער, ווי די מומע נאַסטיע האָט אַראָפּגעריסן דאָס טיכל פון קאָפּ, ווי עס וואָלט זי אַרומגעכאַפּט אַ פלאַם און זי דאַרף ראַטעווען נאָר דאָס טיכל.

דער קעכער האָט געזאָגט: „נאָר אַרבעטן דאַרף מען“...

און מיר האָבן געאַרבעט.

צו וואָס האָב איך נאָך געדאַרפט באַקומען הײַנט דײַן ליד וועגן דעם געהאַרגעטן סנײַפּער סעריקאָוון. אַזוי ציִען צו צו זיך די האַרבסטיקע בלאָטעס שוואַרצע וואָלקנס.

## אַן ענטפער אַף פראַגעס

וואָס ווילסטו הײַנט פון מיר? צי מיינסטו, אַז אַף אַלע דײַנע פראַגעס וועל איך מיטאַמאָל קענען געבן אַן ענטפער. צייל פריִער איבער, וויפל פראַגעס האָסטו געשטעלט: 1) פאַרוואָס שרײַב איך אַף שטיקלעך פאַפּיר? 2) פאַרוואָס האָב איך געשריבן, שטייענדיק אין ריי נאָך זעגעפּט? 3) צוליב וואָס זענעפּט? 4) פאַרוואָס איז איין בריוו געשריבן אַף דער לינקער זײַט פון אַ מעניו און די צווייטע — אַף דער לינקער זײַט פון אַ שטיקל אַנקעטע? וואָס פאַר אַן אַנקעטע? וועמעס אַנקעטע?

גוט און גרינג איז שטעלן פראַגעס, אָבער ענטפערן דאַרף מען האָבן צײַט און קויעך. נאָר דו ביסט ווײַט, קיין איבעריקע פאַרגעניגנס האָסטו ניט. האָב איך אַף דיר ראַכמאָנעס און באַשליס געבן אַ גענויעם באַריכט. אָבער ניט געײַלט, ביסלעכווײַז.

פאַרוואָס האָב איך געשריבן אַף שטיקלעך פאַפּיר?

— ס'איז אַ מאַנגל אין פאַפּיר, מײַן טײַערער.

פאַרוואָס געשריבן, שטייענדיק אין ריי?

— ס'איז אַ מאַנגל אין צײַט, מײַן טײַערער.

---

[1] אַ מודיעה וועגן אומקום אַפן פראָנט.

צוליב וואָס זענעפּט?

— זענעפּט איז אַ רעפּוּע.

איצט וועל איך מיט דיר ריידן ערנסטער. איך האָב געשריבן, שטייענדיק אין ריי, ווײַל די לעצטע צײַט ווער איך עפּעס אַזוי אויסגעמאַטערט פון דער קיך־אַרבעט, אַז ווי איך קום נאָר אַהיים, וואַלגער איך זיך אַנידער אין בעט אָנשטאָט זעצן זיך צום טיש און שרײַבן דיר בריוו.

איך האָב געשריבן אַף דער לינקער זײַט פון אַ מעניו. נו, איז וואָס? וועסטו וויסן, וואָס מיר עסן און טרינקען. צוליב וואָס בין איך געשטאַנען נאָך זענעפּט? צום אַפּעטיט איז דאָס, פאַרשטייט זיך, ניט נייטיק. אַפּעטיט איז פאַראַן איבערגענוג. איך מיין, איך האָב געגאַרט נאָך דאַנקבאַרקײַט און רום. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי מע וועט מיך באַדאַנקען אין אונדזער סאַניטאַר־טייל. נו, האָט מען מיך ניט באַדאַנקט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז פאַראַן גענוג זענעפּט און אַנדערע מיטלען און רעפּועס אַף היילן פאַרקילונגען, נאָר איך האָב ניט קיין האַרצוויטעק פון דער פאַרלאָרענער צײַט (זייער גוט, אויב מענטשן נייטיקן זיך ניט איבעריקס אין קיין רעפּועס). איך האָב זיך אין ריי באַקענט מיט אַן אינטערעסאַנטער פרוי. וועגן איר וועל איך דיר שרײַבן אַן אַנדערשמאָל. איך האָב דיר ניט געענטפערט וועגן דער אַנקעטע. דאָס, וועל איך דיר זאָגן, פאָדערט אַ גאָר באַזונדערן באַריכט. עס האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנצן איניען, דער איניען קאָסט מיך געזונט. און אויפרעגן זיך אַנטקעגן נאַכט איז קיין טאַכלעס ניט...

אַ גוטע נאַכט.

## עסטער

איך האָב דיר צוגעזאָגט דערציילן וועגן מײַן נײַער באַקאַנטער, וועגן יענער פרוי, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען נאָך זענעפּט. איך האָב זיך פאַרינטערעסירט מיט איר ניט אומזיסט. זי איז פון קיִעוו, פון דײַן שטאָט קיִעוו! אַגעוו, האָט זי גאָר קיין זענעפּט ניט געדאַרפט. נאָר אַף באַקומען זאַלץ און שוועבעלעך האָט מען געדאַרפט אויסשטיין די ביטערע ריי.

זי איז אַ באַריידעוודיקע מונטערע פרוי. זי האָט אַ סאַך דערציילט וועגן איר דירע־באַלע־באָסטע, ווי זי זאָגט, אַ שטיקל געוועזענע פּריצטע, וועלכע האָט קעסיידער געהאַט טײַנעס צו די עוואַקויִרטע. צוליב זיי זײַנען קלוימערשט געוואָרן אַזעלכע פּרײַזן, אַז מע קאָן זיך צו גאָרנישט ניט צורירן.

— וואָס האָט איר געענטפערט?

— איך האָב איר געזאָגט: „מיר זײַנען דען שולדיק, וואָס מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונדזער היים, אונדזער האָב־און־גוטס און קומען צו אײַך? געוויס וואָלטן מיר געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זײַן באַ זיך אין דער היים. אָבער באַ אונדז האָט זיך דער פאַשיסט ניט נאָכגעפרעגט...“

— וואָס זשע האָט זי אײַך געענטפערט?

— זי גייט אַוועק שווײַגנדיק, און אַף מאָרגן ווידער דאָס זעלבע. הײַנט בין איך באַזונדערס אויפגערעגט. הערט! אין אירן אַ טעפּל האָט זיך געקאָכט מײַן זופּ. איך בין אַרײַן אין קיך פּונקט דעמלט, ווען זי האָט אַראָפּגענומען דאָס דעקל פונעם טעפּל און האָט זיך אָנגעגאָסן אין טעלער זופּ...

— איך שטעל זיך פאָר, ווי איר האָט זיך פאַרלאָרן!

— וואָס הייסט פאַרלאָרן! — האָט געזאָגט מײַן נײַע באַקאַנטע. — איך האָב זי געכאַפּט פאַר דער האַנט: „ווי שעמט איר זיך ניט?“

— און זי?

— זי? זי האָט זיך אויך ניט פאַרלאָרן. זי געדענקט, זאָגט זי, אַזוי גוט, אַז דאָס איז איר טעפּל, אַז זי האָט פאַרגעסן, אַז דאָס איז מײַן זופּ. ניין! איך האָב באַשלאָסן מער באַ איר ניט ווינטערן, איך פאָר קיין קיִעוו (אַ מענטש דערלויבט זיך זאָגן דאָס אַזוי זיכער!).

— גוט באַשלאָסן, — האָב איך געזאָגט. — און מיט זיך וועט איר זי ניט נעמען.

ווען מיר האָבן באַקומען אונדזער סכוירע, האָבן מיר שוין פרײַנטלעך געשמייכלט איינע צו דער צווייטער.

מיר זײַנען אַרויס פון קראָם און געגומען געזעגענען זיך. די פרוי האָט מיך פאַרהאַלטן און געזאָגט: „איר געפעלט מיר, און איך וויל, מיר זאָלן זײַן באַקאַנט און איינע די אַנדערע רופן באַם נאָמען“. און האָט זיך גלײַך פאַרגעשטעלט: „מיך רופט מען עסטער“.

— עסטער איז פאַר מיר אַ ליבער נאָמען, — האָב איך געזאָגט, — מײַן מאַמע רופט מען סאָרע־עסטער, מײַנע צוויי גוטע כאַווערטעס הייסן עסטער. און מײַן נאָמען, — האָב איך געזאָגט, — איז ליובע. אָדער, ווי טאַטע־מאַמע האָבן מיך גערופן — „ליבע“.

— ליבע! — האָט אויסגעשריִען עסטער. — דאָס איז דאָך א וואונדערלעכער נאָמען! האָסט ליב, צי האָסט ניט ליב, נאָר ליבע וועסטו מוזן זאָגן!

מיר האָבן געזאָגט איינע די אנדערע אונדזערע אדרעסן און פאנאנדערגעגאנגען זיך אין א גוטער שטימונג.

אָפּגעגאנגען א שטיקל וועג, האָב איך א קערעווע געטאָן דעם קאָפּ אָף צוריק און מיט פארגעניגן דערזען איר שמייכל.

## צעקריגט זיך

איך שרייַב דיר איצט אָף דער פּאָטשט. איך שרייַב איבער די אינדערפריִענדיקע בריוו, יענע צערייַס איך, און גאָר. איך וויל ריידן רויִק.

הייַנטיקער זונטיק איז צונויפגעפאלן מיט מייַן אָפּרו־טאָג. אין שטוב איז געווען שטיל, און איך האָב נאָך ליגנדיק אין בעט געגומען דיר שרייַבן... ס׳איז געווען זייער א גוטער אָנהייב. איך האָב באשריבן, ווי מיר וועלן לעבן נאָך דער מילכאָמע. איך וועל דיך אכטן, קיינמאָל ניט דער־ווידערן, און דו וועסט מיך פאָלגן און קיינמאָל ניט טאָן פּאָפּעריק. וויפל צארטע ווערטער האָבן זיך אליין געבעטן, מאמעש געפּאָדערט: „שרייַב מיך! און מיך אויך!“ און איך האָב געשריבן.

איך בין שוין געלאָפן אריַינוווארפן די בריוו, און מיטאמאָל דערהערט, עמעצער רופט מיך: „ליבע!“ איך האָב זיך אָנגעשטויסן — דאָס איז עסטער. יאָ, דאָס איז זי. זי איז צוגעגאנגען, אָנגעכאפּט מיך בא דער האנט, אין וועלכער איך האָב געהאלטן די בריוו, א קערעווע געטאָן זי צו זיך מיט דעם אדרעס און א זאָג געטאָן:

— קיין מאן אָף מילכאָמע האָב איך ניט. ער איז געשטאָרבן א סאך פריִער. זיך ניט דער־ווארט, ביז היטלער וועט אים הארגענען.

— קינדער האָט איר?

— יאָ, דער זון איז עפּשער וויַיט, עפּשער נאָענט. האָט א בראָן. מיט דער טאָכטער האָט מיך אויך די מילכאָמע צעשיידט. זי איז ערגעץ אָף אוראל. און, שטעלט זיך פאָר, האָט דאָרטן כאסענע געהאַט!

— וואָס, אייגנטלעך, דארף איך זיך פאָרשטעלן?

— ווי האָט זי דאָרטן אָן מיר געקאָנט כאסענע האָבן! — עסטער האָט דאָס געזאָגט בייז. — עפּעס א ייִנגל פון א יאָר עטלעכע און צוואנציק. א טעכניקער אָף א זאוואָד! מיסטאָם א הינקענדיקער צי נאָך ערגער... אָף א זאוואָד, ניט אָף מילכאָמע, א יונגער מענטש. זי שרייַבט מיר ראָזע בריוועלעך, ווי זיי האָבן זיך ליב. האָב איך איר געענטפערט: „וואָס איז דאָס פארא אידיליעס, וואָס איז דאָס פאר א פארעווע לעבן? קריג זיך אָפּטער מיטן מאן!“

איך האָב געקוקט אָף איר און געשטוינט:

— צו וואָס שרייַבט איר אזעלכס, עסטער?

— זאָל זיַין אָן עמעס לעבן, ניט קיין קאלטע פארפל. זי האָט דאָך דאָרטן אפילע קיין שוויגער ניט!

דו ווייסט, אָט די עסטער האָט מיר צערודערט אלע מייַנע געדאנקען. מיר האָט זיך פאר־וואָלט זאָגן דיר: „וואָס דארפן מיר טראכטן וועגן א גוט לעבן נאָך דער מילכאָמע! קום בעסער איצט, און לאָמיר זיך קריגן!“

און קאָך־האווע. עס גייט דער באקאנטער פּאָטשט־טרעגער און דערלאנגט מיר דייַנע א בריוו. איך עפן אוף. זי איז פול מיט קאס: „דו שרייַבסט ניט! שוין עטלעכע וואָכן, אז איך האָב פון דיר ניט באקומען אפילע קיין קארטל! דו האָסט ניט געפונען קיין צען מינוט אָנצו־שרייַבן כאָטש עטלעכע ווערטער וועגן די קינדער. דו האָסט ניט געשיקט קיין בריוו און אפילע קיין גרוס מיטן כאווער קאר... וועלכער איז געווען בא אייַך העכער צוויי וואָכן. אויב אזוי, וועל איך אויך אופהערן שרייַבן“.

וואָס הייסט עס? וואָס איז מיט דיר? דיר טוט באנק, וואָס איך באקום אָפּטע בריוו און וואָס איך האָב אזא גוטן מאן, אז אלע זייַנען מיר מעקאנע? און פונוואנען ווייסטו, אז איך האָב דיר ניט געשריבן? לויפסט דאָרטן ארום, ווי א סאמאָסטאָיאַטעלנער יונגערמאנטשיק! דו סטראשעסט מיך: „כ׳וועל אופהערן שרייַבן!“ עפּשער וואָלסטו בעסער געקומען און געזאָגט דאָס מיר גלייַך אין די אויגן!

אָט זעסטו, וואָס פאר א גוטער אָנהייב עס איז געווען און צו וואָס פאר א וויסטן סאָף עס האָט זיך אויסגעלאָזן! און ווער איז שולדיק?

וועסט מיר ניט שרייַבן? פּרווו נאָר. איך וועל דיך דערהארגענען!

# דער שעף פון פּאַטשט

איך האָב דיר הײַנט אינדערפֿרי אַוועקגעשיקט אַ בריוו. איך האָב זיך דאָרטן געקריגט מיט דיר. געקאָעסט זיך. און איצט ווייס איך אַליין ניט, וואָס האָב איך צו דיר געהאַט. איך געדענק, איך האָב געדראָעט דערהאַרגענען דיך. אָבער ווי איך האָב נאָר אַרײַנגעוואָרפֿן די בריוו אין פּאַטשט־קעסטל, איז מיר עפּעס ניט גוט געוואָרן. קריגן זיך מינדלעך איז איין זאַך, אָבער שריפֿטלעך... די בריוו זאָל ליגן פֿאַר דײַנע אויגן!..

בין איך געלאָפֿן אָפּזוכן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון פּאַטשט, מע זאָל די בריוו גלײַך אַרויסנעמען צוריק. איך האָב געטראָפֿן דעם פֿאַרוואַלטער אין אַ קליין קעמערל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פֿונעם גרויסן פּאַטשט־צימער. ער איז געווען אַליין, און דאָס האָט פֿאַרגרינגערט דעם איניען. ער האָט מיך אויסגעהערט און געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ מעשוגענער.

— ס'איז שוין באַלד עלף. דאָס פּאַטשט־קעסטל איז פֿול מיט בריוו!

— מײַנע ליגט פֿון אויבן. כ'האָב ערשט אַרײַנגעוואָרפֿן.

— מיר נעמען אַרויס פֿון אונטן און ניט פֿון אויבן. אָבער וואָס האָט געטראָפֿן?

— איך האָב אָנגעשריבן אַ נאַרישקייט.

— וועמען האָט איר געשריבן?

— דעם מאַן אויף מילכאָמע.

— ווינציק נאַרישקייטן שרײַבט מען די מענער אויף מילכאָמע? איך האָב קיין צײַט ניט! און דער פֿאַרוואַלטער האָט אָנגעהויבן מיט דער לינקער האַנט (די רעכטע איז בײַ אים געהאַנגען אָנמעכטיק) זוכן עפּעס אין די קעשענעס, ביז ער האָט אַרויסגענומען אַ שטיקל געל פּאַטשט־פּאַפּיר, שיין צונויפֿגעלייגט, און האָט עס מיר אַ רוק געטאָן אין האַנט.

— נאַט אײַך און שרײַבט אָן דעם מאַן שנעל נאָך אַ בריוו, זאָגט אים, אַז איר האָט הײַנט אָפּגעטאָן ניט איין נאַרישקייט. איר האָט נאָך געדרייט אַ קאָפּ דעם פֿאַרוואַלטער פֿון פּאַטשט און אָפּגעווענדט אים פֿון זײַנע וויכטיקע פֿליכטן.

איך ווייס ניט, וואָס איז מיט מיר געווען, נאָר איך האָב גענומען פֿון זײַן האַנט דאָס פּאַפּיר, ווי אַ זאַך, וואָס קומט מיר, אַפֿילו קיין דאַנק ניט געזאָגט און רויִק אַוועק.

אַרויסגעגאַנגען, האָב איך זיך גלײַך געכאַפּט, אַז מײַן אויפֿפֿירונג איז ניט גאָר לײַטיש, און געוואָלט זיך אומקערן, קעדיי כאָטש אָפּגעבן דאָס פּאַפּיר. נאָר אָפּגעהאַלטן זיך... ער זאָל מיך נאָך (אַ קאַשע אויף אַ מײַסע) ניט אויסלאַכן פֿאַר דער דריטער נאַרישקייט. אָט אויף דעם פּאַפּיר שרײַב איך דיר טאַקע איצט. זאָל עס בעסער ליגן פֿאַר דײַנע אויגן און ניט פֿאַר מײַנע.

איך רײַס איבער אויף אַ ווײַלע...

אָט זײַנען געקומען אונדזערע קינדער, אַלע דרײַ. איך האָב נאָך נעכטן צוגעגרייט פֿאַר זיי אַ מיטיק מיט עפּעס זיס צום פֿאַרבײַסן — באַקומען דײַן אַטעסטאַט־געלט. זיי זיצן אַלע דרײַ באַם טיש, און איך שרײַב. זיי האָבן אָפּגעגעסן, זיך פֿאַרוויטלט, זיי בעטן, איך זאָל זיי איבער־לייענען מײַן איצטיקע בריוו צו דיר...

איך האָב געפֿילט, אַז איך מוז זיי דערציילן וועגן דער אינדערפֿריִענדיקער בריוו מיט איר פֿײַנעם סאָף: „איך וועל דיך דערהאַרגענען“.

דער ערשטער האָט זיך אָנגעצונדן אונדזער קלענסטער:

— דעם טאַטן טאָר מען ניט האַרגענען!

יוני האָט, וועלנדיק אים באַרויִקן, געזאָגט:

— ניין! דאָס האָט די מאַמע אַזוי זיך געזאָגט. זי האָט דאָס ניט געמיינט.

— אַלצייגנס דאַרף מען ניט האַרגענען! — האָט זיך אײַנגעשפּאַרט מאַריק. — דער טאַטע איז אַ גוטער און אַ קאָמאַנדיר (אַ קאָמאַנדיר איז בײַ אים דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל).

איצט האָט זיך אַרײַנגעמישט ראַדי, ער האָט געזאָגט:

— זי האָט ניט געטראַכט! די מאַמע טראַכט דען? בײַ איר איז אַבי גוט אָנגעשריבן.

דאָס איז שוין געווען אַזאַ אַזעס, אַז איך האָב זיך גלײַך געוואָלט נעמען פֿאַר פּעדאַגאָגיק, נאָר יוני איז מיר פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. ער האָט געזאָגט צו ראַדיקן:

— און דו מיינסט, אַז שרײַבן גוט איז אַזוי גרינג, מע דאַרף טראַכטן!

ער, אונדזער עלטערער, האָט דאָך שוין פֿאַרזוכט דעם זיס־ביטערן טאַם פֿון יענעם צו־שטאַנד, ווען די פֿען פֿירט דיך.

אָט זיצן זיי פֿאַר מיר אַלע דרײַ, קינדער פֿון איין טאַטע־מאַמע. נאָר דאָך אַזעלכע פֿאַר־שיידענע...

א שאָד, דו ביסט איצט ניט מיט מיר, ניט מיט אונדז.
מיר האָבן דיך ליב, מיר קוקן אַרויס אויף דיר.

## ניט קיין פריילעכער אָנהייב

מיר זײַנען דאָ אַלע שטאַרק פאַרלאָרן און פאַשעט קראַנק. די פרוי פונעם פּאָעט ס. איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. פון דעם קלאַפּ קאָנען מיר ניט קומען צו זיך. איבערלאָזן צוויי קינדער פון נײַן און דרײַצן יאָר, און וואָס איז געווען די סיבה? מיט וואָס איז איר געווען ערגער ווי אַלעמען? דער מאַן אַפן פראָנט, איז ער דאָך אָבער דערווײַל גאַנץ און געזונט. און זי?.. ווי פּאַלט דאָס אײַן אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ? איצט לאָזט זיך אויס, אַז איר שטימונג און צושטאַנד האָבן שוין זינט אַ לענגערע צײַט אויסגעוויזן מאָדנע. זי איז געווען פאַרמאַרעשכווירעט. האָט אַלץ געדעדט וועגן הונגער, וועגן פאַרגרייטן עסנווארג, האָט זיך אָפּגעזונדערט. פאַרטײַעט. נאָר קיינעם איז ניט אײַנגעפאַלן, אַז אַ מענטש איז אַזוי שטאַרק קראַנק. נאָך איר טויט האָט מען געפונען בא איר מעל, צוקער...

ס'איז אַ שוידער! אַלע האָבן זי געקענט ווי אַן ענערגישע פרוי, אַ מוטיקע!

אונדזער אַרויספאָרן פון מאָסקווע איז געווען, פאַרשטייט זיך, ניט פריילעך און ניט רויק. עס האָט שוין געקנאַלט אין הימל, און יעדערער פון אונדז איז געווען נערוועז. אייניקע האָבן זיך אַפילו אומגעקערט אהיים, קעדיי מיטנעמען נאָך עפּעס, און, זיצנדיק אין די טעפּלושקעס¹, זיך דערמאָנט וועגן דעם, וואָס מע האָט איבערגעלאָזט אַף הפקר. אָבער זי איז געווען פול־שטענדיק אָרגאַניזירט און גענומען מיט זיך אַפילו דעם סאַמאָוואַר. איך געדענק, ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט אונדזער פאָרן צוריק, — דער צוג שטעלט זיך אָפּ אַף אַ לענגערער צײַט (ס'וועט זײַן אַ גרויסער מישמאַש פון צוגן), און מיר שטעלן אין פעלד איר סאַמאָוואַר, און לויפן צו איר נאָך אַ גלעזל טיי. נאָר דאָס איז געווען פלוידערײַ, די שטימונג בא אַלעמען איז געווען ניט קיין געהויבענע. זי האָט אָבער צוגעגעבן מוט אַלעמען, געשאַפן אַ בריגאַדע און אויסגעאַרבעט אַן אַנקעטע. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אונדזער אַלעמענס עלטער, אונדזער בילדונג, מיט וואָס מיר האָבן זיך פאַרנומען פריִער, וואָס קענען מיר טאָן אין יענער ווײַטער געגנט, וו מע וועט אונדז ברענגען, מיט וואָס וועלן מיר זײַן נוצלעך.

ס'איז בעעמעס געווען אַ מענטש מיט אַ טעמפּעראַמענט פון אַן אָנפירער. און מיטאַמאָל אַזאַ קער און אַזאַ סאָף.

אין דער שכײנישער שטאָט האָט זיך געטראָפן דער זעלבער אומגליק: עס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד די באַוווסטע רוסישע פּאָעטעסע מאַרינאַ צוועטאַיעוואַ.

וועגן איר זאָגט מען, אַז איר גאַנץ לעבן איז געווען איין ווייטעק און איין וווּנד.

## רו און געסט

איך וועל דיר באַלד דערציילן וועגן הײַנטיקן אינדערפרי. דאָס איז געווען אַ פרימאָרגן פון רו און געסט. איך זאָג ניט פון אופנעמען געסט, ווײַל די געסט זײַנען געקומען אָן אַן אײַנ־לאַדונג. נאָר זיי זײַנען געווען בא מיר זייער אָנגעלייגט.

די ערשטע איז געקומען עסטער — מײַן באַקאַנטע פון דער ריי נאָך זענעפּט. דערנאָך אַנאַ מאַרקאָוונאַ און אַנאַ סטאַניסלאַוואָוונאַ.

דרײַ טעג האָט אין שטאָט ניט געברענט די עלעקטרע, און דאָ, גייענדיק פאַרבײַ, האָבן זיי דערזען, ווי בא מיר האָט זיך אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, זײַנען זיי אַרײַן.

אַנאַ מאַרקאָוונאַ און אַנאַ סטאַניסלאַוואָוונאַ האַלטן זיך שטענדיק אינאיינעם. זיי זײַנען זייער פאַרשיידענע. איך האָב אין זינען ניט זייער אויסערלעכקײַט: דעם וווּקס, דעם קאָליר פון די אויגן. זיי זײַנען פאַרשיידענע אין באַנעמען זאַכן. אַנאַ מאַרקאָוונאַ איז אַ ציניקערן, אַ גוטמוטיקע, אָבער אַ ציניקערן. זי איז אַף קיין נידערטרעכטיקײַט ניט פייִק, נאָר אַ צונג אַ שאַרפע, אַ צעלאָזענע. אַנאַ סטאַניסלאַוואָוונאַ, פאַרקערט, איז אַ באַשיידענע, אַן אײַנגעהאַלטענע, און אַף וואָס זי איז פייִק, ווייס איך ניט.

מיר זײַנען געזעסן אינפּירען, אונדזער געשפּרעך איז געווען צעפלאָסן, די שטימונג ניט קלאָר. נאָר אָט איז געקומען סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַ, אונדזער טײַערע שכײנע פון מאָסקווע. נאָר באַוויזן צו באַגריסן זיך, האָט זי גלײַך אָנגעהויבן:

— וואָס פאַר אַ נאַכט, פול מיט ווונדער, איך האָב הײַנט איבערגעלעבט!

— אָ! אַ נאַכט פול מיט ווונדער! וועגן אַ נאַכט, פול מיט ווונדער, זײַנען מיר שטענדיק גרייט צו הערן, — האָט זיך גלײַך אָפּגערופן אַנאַ מאַרקאָוונאַ. — אָבער גאָרניט באַהאַלטן, דעם גאַנצן עמעס, ווי בא אַ קאָרטנוואַרפערן! און זײַן נאָמען מיט אַלע בוכשטאַבן!

¹ פראַכט־וואַגאָנעס.

— אנא האָט שוין אײַנגעשפּאַנט איר פערדל. מע דאַרף גיין! — האָט אומדערוואַרט געזאָגט אַנא סטאַניסלאַוואָונא און האָט זיך אופגעהויבן פונעם אָרט.

— גאָר אַזאַ באַשיידנקייט! איר ווייסט דאָך נאָך גאָרנישט ניט. — דאָס האָט געזאָגט עסטער.

— וואָס איז מיט אײַך? — האָב איך אָפּגעשטעלט אַנא סטאַניסלאַוואָוונען. — איר זײַט דאָך צוויי כאַוועריעס, וואָס קאָנען זיך אַף אַ מינוט ניט שיידן, איר נעכטיקט דאָך איינע בא דער אַנדערער.

— מער נעכטיק איך ניט באַ איר, — האָט געזאָגט אַנא סטאַניסלאַוואָונא. — מיר לייגן זיך שלאָפן ניט פריִער פון צוועלף, און ערשט דעמלט הייבט אָן אַנא דערציילן מײַסעס אין אַנעקדאָטן, נאָך וועלכע מיר כאַלעמען זיך אַזעלכע עראָטישע כאַלוימעס, אַז איך קאָן ניט...

מיר האָבן זיך צעשמייכלט, אָבער זי, אַנא סטאַניסלאַוואָונא, האָט זיך אָקשאָנעסדיק געררוקט צו דער טיר.

זעענדיק אַזאַ אײַנגעשפּאַרטקייט, האָב איך זיך געווענדט מיט אַ בליק צו אַנא מאַרקאָוונא. זי זאָל פאַרהאַלטן די כאַווערטע, נאָר יענע, ווי אַ שיינהײַט, וועלכע איז זיכער אין איר קראַפט, האָט נאָר געשמייכלט. דעמלט האָב איך גענומען אַ וואָרט:

— פאַרגעסט ניט, אַז איצט איז עלף אינדערפרי און ניט צוועלף באַנאַכט, און פאַר אַ גאַנצן טאָג וועט זיך אַלץ אויסוועפּן.

אַלע האָבן געפונען, אַז דאָס איז פּונקטום ריכטיק, און אַנא סטאַניסלאַוואָונא האָט זיך אומגעקערט אַף איר אָרט.

— איז מעג איך שוין אָנהייבן? — האָט באַטראַכט די אַודיטאָריע סאָפיא מיכײַלאָוונא.

— יאָ, יאָ, יאָ!

און סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט אָנגעהויבן:

— קעדיי באַנעמען דעם וווּנדער פון הײַנטיקער נאַכט, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. איך בין פאַרשלאָפן דעם אינדערפרי. און אַז מע פאַרשלאָפט דעם אינדערפרי, פאַרשפעטיקט מען דעם מאַרק! און אַז מע פאַרשפעטיקט דעם מאַרק, בלײַבט מען אָן ברויט. דער פּאַיאָק סטײַעט דאָך ניט. אין דער היים פלעגט מען ניט וויסן, ווי אײַנריידן די קינדער עסן און דאָ דערלאַנג ברויט!

סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט גענומען דערציילן, ווי און וווהין זי איז געלאָפן, ביז זי האָט געקראָגן אַן איבעריק שטיקל ברויט. כאָטש אַלע שטוביקע אַרבעט האָט זי נאָך געדאַרפט מאַכן אין אַרבעט פאַרן וואַרשטאַט (זי אַרבעט אין אַ וואַרשטאַט, וווּ מע שטריקט קאָשנע, נאָר די אַרבעט טוט יעדערער אין דער היים), איז זי געווען זיכער, אַז די נאַכט וועט אַרויסהעלפן. אָבער צי האָט זי טאַבעק? אויב ניט פאַרייכערן, וועט זי ניט אויסהאַלטן. און קיין טאַבעק איז ניט געווען. אין זוכן כאָטש אַ ביסעלע טאַבעק האָבן זיך אײַנגעשלאָסן די יינגלעך, ביידע. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז אויב די מאַמע וועט ניט אויספילן די נאָרמע, וועט זי ניט באַקומען דאָס ברויט־קאַרטל.

איז סאָפיא מיכײַלאָוונא געלאָפן צו די נאָענטע שכיינים און ווײַטע באַקאַנטע, און אין ערגעץ קיין זשמעניע טאַבעק ניט באַקומען. זי איז געקומען אַהיים, ווען די קינדער זײַנען שוין געשלאָפן, און כאָטש דאָס פײַערל פונעם אײַנגעטונקטן אין אייל קנייטל האָט קוים באַלויכטן דעם מיט טיש, האָט זי דערזען, אַז אַף אַ שטיקל פּאַפּיר, באַם סאַמע ראַנד טיש איז עפּעס אָנגעשאָטן. וויוואַט! טאַבעק!

זי האָט פריילעך גענומען דרייען ציגאַרן, געפרוווט פאַררייכערן פונעם קנייטל, אָבער איר האָט זיך נאָר אײַנגעגעבן פריִער פון אַלץ פאַרלעשן דאָס פײַערל און דערנאָך אין דער פינצטער געפינען די שוועבעלעך. קורץ, זי האָט געצונדן שוועבעלעך, געביטן די סאַמאָקרוטקעס און פאַנאַנדערצינדן דעם טאַבעק ניט געקאָנט. און אַזויפיל שוועבעלעך געפּאַטערט! האָט זי נאָכאַמאָל צוגעטראָגן די סאַמאָקרוטקע צום פײַערל — זיי זאָלן זיך נאָר פאַרזיכטיק אַ קוש טאָן! און דאָך ניט אָנגעצונדן זיך!

— פון אַ פאָרזיכטיקן קוש וועסטו זיך דען אָנצינדן! — האָט באַמערקט אַנא מאַרקאָוונא.

סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט ווײַטער דערציילט, ווי זי האָט זיך געמאַטערט און געמאַטערט, ביז אײַן ציגײַער האָט זיך אַזוי צערייכערט, אַז ער האָט אַזש אופגעפלאַמט מיט אַ פלאַמפײַער, ווי זי איז אופגעשפּרונגען, אַ וואָרף געטאָן די פלאַקערנדיקע סאַמאָקרוטקע אַפן דיל און געטראָטן, געטראָטן... און דערנאָך, ווי זי שטייט און גייט, אין די זאַכן, אַ וואַלגער געטאָן זיך אין בעט.

סאָפיא מיכײַלאָוונא איז זיך מוידע געווען, אַז זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, איז זי נאָך קיינמאָל אַזוי געשמאַק ניט געשלאָפן. „צי מיר האָט זיך געדוכט, צי געכאַלעמט, אַז איך באָד זיך אין אַ וואַרעמען נעפּלדיקן טײַך, און דער טײַך הוידעט זיך ווי אַ וויג". אינדערפרי האָט

זי צונויפגעקליבן די אָפּגעריבענע שוועבעלעך, „קעדיי ברענגען זיי אָף דער ארבעט, ווי א באוויַיז פון מיַין פארברענטער נאכט"...

מיר האָבן ניט געוואָלט וועגן דעם מער הערן, מיר האָבן געוואָלט נאָר וויסן, וואָס איז דאָס געווען פאר א טאבעק און ווער האָט אים געבראכט.

— אָט מיט דער פראגע בין איך טאקע צוגעטראָטן אינדערפרי צו מיַינע זיַין. האָט מען פון אָנהייב שמייכלענדיק געשוויגן, דערנאָך זיך אָנגעכמורעט. האָב איך פארשטאַנען, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, און גענומען זיי באשריַיבן, ווי איך בין באנאכט שיר פון רויך ניט דערשטיקט געוואָרן, ווי די אויגן זיַינען בא מיר שיר ניט אויסגעברענט געוואָרן. דער קלענערער האָט זיך צעוויינט, און דער גרעסערער איז זיך מוידע געווען, אז זיי האָבן ארויסגעשלעפּט עטלעכע ריטער פונעם בעזעם, מיט וועלכן מע ריַיבט דעם דיל בעשאַסן וואשן, צעבראָקט זיי אָף פּיק־פּיצלעך, צעריבן מיט א בוטל און, קעדיי צוגעבן טאַם, באשאָטן מיט א ביסעלע עמעסע מאַ־כאָרקע, וועלכע זיי האָבן שוין לאנג געקליבן פון אָפּגעברענטע סאמאָקרוטקעס — א מאטאָנע דער מאמען צום 8 מארט.

איך ווייס ניט, צי אזא מיַיסע איז ווערט די ציַיט, וואָס זי האָט בא דיר צוגענומען, נאָר מיר האָבן געהאַט פארגעניגן.

און ווי האָבן געקענט פינף פרויען, פינף מאמעס ניט נעמען א וואָרט נאָך דעם, ווי די מיַיסע האָט זיך אויסגעלאָזן.

איך: א רירנדיקע זאָרג פון קינדער אין דער ציַיט פון מילכאָמע.

סאָפיא מיכיַילאָוונא: מע האָט געגרייט טאבעק — א מאטאָנע מיר צום 8 מארט, און דאָס — אין אָנהייב פעווראל.

אנא סטאַניסלאוואָוונא: ס'איז גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס סאָפיא מיכיַילאָוונא האָט ניט געקענט אָנצינדן דעם פּאַפּיראָס. פון אזא בעזעם ריטער! אזא בעזעם איז דאָך וואָס עלטער, אַלץ בעסער, דערצו איז ער שטענדיק א נאסער.

עסטער: קומט אויס, אז אויב דער בעזעם וואָלט ניט זיַין אלט און נאס, וואָלט ער געווען א פּאסנדיקע סכוירע פאר א פּאַפּיראָס...

אנא מארקאָוונא: וואָס דארף פארביַיטן א נאכט...

עסטער (שלאָגט איבער): איך פארשטיי גאָר ניט, צו וואָס האָט איר געדארפט טראָגן די שוועבעלעך, ווי א באוויַיז פון איַיער פארברענטער נאכט. איר וואָלט וויַיזן די האָר אָפן קאָפּ.

סאָפיא מיכיַילאָוונא האָט זיך א כאַפּ געטאָן פאר די פּאָדערשטע פּאסמעס האָר. די האנט איז גליַיך שווארץ געוואָרן. מיר האָבן אויסגעשאָסן אזא געלעכטער, אז די באלעבאָסטע פון מיַין וווינונג האָט געעפנט די טיר, און אירע פון פארוווּנדערונג אויסגעסטארטשעטע אויגן האָבן אונדז נאָך צוגעגעבן היץ.

אזוי האָבן מיר געשפּאסט און געלאכט און בעעמעס אָפּגערוט.

הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן: גוט, וואָס דו רייכערסט ניט. נאָר אויב מע גיט דיר דאָרט ארויס דיַין כיילעק טאבעק, ווי א סאָלדאט, שיק דאָס צו פאר סאָפיא מיכיַילאָוונא, זי האָט עס קאָשער פארדינט! און זיַי מיר געזונט!

יאָ, איך וויל דיך בארויִקן. סאָפיא מיכיַילאָוונא האָט באקומען דאָס ברויט־קארטל. געהאָלפן האָבן צווי פרויען, וועלכע האָבן געמאכט מער ווי די נאָרמע און דאָס איבעריקע אָפּגעגעבן איר.

## זאָל זיך עס ניט איבערכאזורן

דו טרייסט מיך. דו ווילסט מיך בארויִקן. דו האָסט באוויזן שוין זיַין באם סוינע אין די ציַין, און קאָנסט נאָך טרייסטן מיך! ס'ווילט זיך שריַיען, ווי אונדזערע באָבעס האָבן געשריִען: וויי צו מיר, וויי צו מיַינע יאָרן...

אָבער ווי האָט זיך דאָס אַלץ געטראָפן?

איך האָב דיר נעכטן געשיקט א קארטל, דו זאָלסט זיך בארויִקן. מיר אלע זיַינען געזונט. וואָס קאָן דען מיט אונדז טרעפן? מיר זיַינען אין וויַיטן הינטערלאנד. נאָר דו, נאָר אלע אונדזערע כאווײרים... ווי האָט זיך עס געקאָנט טרעפן, אז ניט וויַיט פון מאָסקווע זיַיט איר אריַינגעפאלן אין ארומרינגלונג? אזוי נאָענט זיַינען זיי? ווי האָט זיך דיר איַינגעגעבן ארויסריַיסן פון דעם סוינעס הענט?

ווּ איז ראָסין? גאָדינער? גורשטיין? זעלדין?

איך פרעג, כאָטש איך פאַרשטיי, אַז פרעגן איז נאַריש. און דו קאָנסט ניט ענטפערן. נאָר פרעגן וועל איך אַלציינס, ווײַל איך לייען דײַן בריוו נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און מיר רײַסט זיך אָפּ דאָס האַרץ.

און זיי זײַנען דאָ מיט מיר, די פרויען פון אונדזערע כאַווירים. זיי קוקן אָף מיר מיט האָפענונג און פרעגן: וואָס נאָך שרײַבסטו? וואָס ווייסטו וועגן אַנדערע אָפּאָלטשענצעס?

און אַז זיי קוקן בלויז אָף מיר אָן ווערטער, מיט פרעגנדיקע בליקן, איז דאָס נאָך ערגער, שווערער. איך טרייסט זיי מיט דײַנע טרייסט-ווערטער: „זיי וועלן זיך נאָך ווײַזן"... און מיר איז שווער דערפון, וואָס איך בין גליקלעך.

באַ אונדז איז דאָ אַ גרויסער אומגליק מיט ראָזען — ראַסינס פרוי.

איך האָב דיר געשריבן וועגן איר און נאָך צוויי פרויען, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע, קעדיי פון דאָרט פאָרן צו אײַך מיט מאַטאַנעס, בריוו און גרוסן. מיר האָבן געהאַט ידיִעס — זיי האָבן זיך אַלץ דערשלאָגן. און אויס... זיי זײַנען ניטאָ.

אונדז איז געבליבן קוקן מיט ראַכמאָנעס אָף ראַסינס מיידעלע, וואָס איז איבערגעבליבן דאָ. זי איז אַלט אַ יאָר צוועלף. זי טײַנעט די גאַנצע צײַט, אַז זי האָט געקאָנט די מאַמע ניט לאָזן.

דו שרײַבסט, ווי גוט אַלטמאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „אוניטשטאָזשים וראַגאַ"[1], און זײַן פרוי האָבן דיך אופגענומען, ווען דו ביסט אַרויס פון אַרומרינגלונג אַ הונגעריקער, אַ געשוואָלענער. אָן אופגערודערטע בין איך אַוועקגעלאָפן צו זייערע עלטערן (דאָ איז זײַן טאַטע און איר מאַמע) דערציילן, באַדאַנקען, פונקט ווי מע קאָן מיט ווערטער אויסדריקן אַזעלכע געפילן.

אָבער אונדזערע עלטערע יינגלעך! אונדזערע באָנים... נאָך גאָר קינדער! מע זעט אַלץ דורך דער פּריזמע פון פאַנטאַזיע און אַנציקונג. מע רעדט צווישן זיך און מע דערציילט אַנדערע יינגלעך, ווי דו האָסט זיך אופגעהאַלטן אין וואַלד, דאָרט געזוכט יאַגעדעס, באַנאַכט אין פעלד קאַרטאָפל.

איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, ווי האָסטו דאָרטן אַרויסגעגעבן אַ וואַנט-צײַטונג. דאָס איז מיסטאָמע געווען אַ בוים-צײַטונג. פאַרוואָס האָסטו געמוזט רופן צו פאַרייניקן זיך? עס זײַנען געווען קעגנער? דו האָסט געהאַלטן אָנגעלאָדן די ביקס און פאַרגרייט צוויי קוילן, אויב איינע וועט פאַראַטן... ס'איז אומעגלעך פאַרשטעלן זיך, וואָס איז פאָרגעקומען אין די צוויי וואָכן.

איך האָב פאַרוועהרט די קינדער ריידן וועגן דעם. איך קאָן דאָס ניט הערן...

— איך זע, — זאָגט יוניק, — איך וועל מוזן זײַן אַן אַנטיילנעמער פון דער מילכאָמע. איך וויל גלייבן, אַז מע וועט זיך באַגיין אָן אים. אים איז דאָך אינגאַנצן זעכצן יאָר.

זײַ געזונט און קום צו זיך.

## די דריטע ווױנונג

איך בין שוין אָף אַ דריטער ווױנונג, טײַערער מײַנער. די מאַכט איז דאָ ניט קיין שלעכטע און זייער אַ קלוגע. זי גיט אַ מעגלעכקײַט די עוואַקויִרטע צוניפרײדן זיך מיט די באַלעבאַטים פון די דירעס און דערנאָך קומען נאָך אָן אָרדער.

אין מײַן לעצטער ווױנונג איז ניט געווען קיין טיש און אויך קיין אויוון ניט, אפילע קיין אָנצוהערעניש ניט געווען. ווו נעמט מען אַ ביסל וואַרעמקײַט, און דאָס אין אַ צײַט, ווען עס גייט צו ווינטער, און אַ ווינטער, זאָגט מען, איז דאָ ניט אָף קאַטאָוועס. דעמלט האָב איך גענומען זיך אַרומקוקן. הײַזער און שטיבלעך, גאַסן און געסלעך. און טאַקע ניט ווײַט פון צענטער שטאָט אין אַ געסל האָב איך דערזען אַ שטוב, אַ ווונדערלעכע שטוב הינטער אַ הויכן פּאַרקן. די שטוב איז געשטאַנען גאַנץ טיף אין הויף, מע האָט געזען נאָר דעם דאַך מיט צוויי קוימענס און דעם אייבערשטן טייל פון די פענצטער. ווער זשע וויל זיך דאָס אַזוי אָפּזונדערן פון מענטשן? אין פּאַרקן איז ניט געווען קיין טויער, קיין קאַליטקע און אפילע קיין שפּאַרונע — אָן אויסגעגאָסענער. איך האָב געקלאַפּט דאָ, דאָרטן, ס'האָט מיר ניט געהאָלפן. בין איך שפּעט פאַרנאַכט אַרומגעגאַנגען די שטוב, דעם גאָרטן אַרום איר און דערזען אַ פײַערל אין פענצטער. אָף מאָרגן אינדערפרי האָב איך אַנטדעקט אָן אויסגעטראָטענע סטעזשקע צום פּלויט. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז אַרויס אַ פּולע, אַ ברייטע באַלעבאָסטע מיט צוויי גרויסע קאָשעקעס אין די הענט. זי האָט זיך געפּאַרקעט באַם „טירל" אין פּלויט. קיין טירל, וועדליק ווי מיר פאַרשטייען, איז ניט געווען. ס'האָט זיך פּאָשעט געעפנט אַ טייל פּלויט. זי איז אַוועק, איך נאָך איר. אָפן מאַרק האָט זי פאַנאַנדערגעלייגט איר סכוירע: געררייכערטע פישלעך, געזײַערטע אוגערקעס, קרויט. איך בין

[1] „לאָמיר פאַרניכטן דעם סוינע" — אַן אַרמיי-צײַטונג.

צוגעגאַנגען קויפן א פישל, דערהערט, ווי די שכיינע האָט זי אָנגערופן קאַרפּאָוונא, און דערפריט זיך, וואָס איך וועל וווינען בא קאַרפּאָוונען, וואָס האַנדלט מיט גערייכערטע פישלעך. און אז איך וועל וווינען דאָרטן, האָב איך ניט געצווייפלט. איך האָב מיט איר זיך צערעדט און געסטאַרעט זיך איר געפעלן ווערן. פאַרנאַכט בין איך שוין געווען בא איר אין שטוב. ווען זי איז געגאַנגען פון מאַרק, האָב איך זי געבעטן אײַנלאַדן מיך צו זיך, און טאַקע באַלד. זי איז געווען א ביסל פאַרוווּנדערט און אײַנגעלאַדן. ריכטיקער, זי האָט מיר ניט אָפּגעזאָגט.

מיר זײַנען אַרײַן אין א גרויסן ריינעם הויף. דרײַ הינער מיט א האָן זײַנען געלאָפן אונדז אַנטקעגן, ערגעץ נאָענט האָט געכריוקעט א כאַזער, אין דער טיף פונעם הויף איז געווען א ברונעם. אַלץ באַלעבאַטיש, דאָס גראָז איז שוין געווען צוגעוועלקט פונעם פראָסטל, אָבער נאָך גרינלעך.

די שטוב איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן: אין איינעם — א קיך מיט א צימערל, אין דעם צווייטן — אַפּאַנעם א שלאָף־צימער און עפּשער נאָך עפּעס. צווישן די ביידע טיילן — א גרויס פירהויז.

די אַלטע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין קיך. אינגיכן איז געקומען קאַרפּאָוונעס טאָכטער. מיר האָבן זיך באַקענט. זי הייסט קלאַוודיע, א יונגע, וווּקסיקע פרוי. איך האָב גלײַך פאַרפירט א געשפּרעך וועגן וווינען בא זיי. איך האָב זיך באַמיט ווי ווײַט מעגלעך זיי געפעלן ווערן. איך האָב דערציילט וועגן מײַן מאַן, וועלכער איז אָף מילכאָמע, וועגן מײַנע וווּנדערבאַרע קינדער, וועלכע זײַנען אַלע אין אינטערנאַט, און איך אַליין, — וואָס זיי וועלן מיר ניט פאַרלייגן, וועל איך זײַן צופרידן.

שטעל זיך פאָר, איך האָב אויסגענומען. זיי זײַנען, ווי צופעליק, אַרויס, אומגעקערט זיך און באַשטימט מיך אַרײַנלאָזן. וועגן געצאָלטס און הייצונג וועלן מיר זיך דעריידן שפּעטער, און מאָרגן דאַרף איך גיין באַקומען אַן אָרדער אין וווינונגס־אַנשטאַלט.

— ניט שטענדיק גיט מען דאָס, וואָס מע בעט, — האָב איך געזאָגט. — צי קאָן איך זאָגן, אז איך האָב זיך מיט אײַך צונויפגערעדט?

— דאַרפסט גאָרנישט ניט זאָגן. איך האָב דיר געזאָגט, אז מע וועט געבן, הייסט עס, מע וועט געבן. נאָר קום אַהין אַזייגער דרײַ. — דאָס האָט געזאָגט קלאַוודיע.

איך בין אַוועק און געטראַכט, אז זיי האָבן, ווײַזט אויס, פּאַשעט געוואָלט פון מיר וואָס גיכער פּטור ווערן.

אָף מאָרגן דרײַ אַזייגער בין איך געווען אין וווינונגס־פאַרוואַלטונג. געווען בין איך ווײַט ניט די איין־און־איינציקע. ווען און וועמען מע האָט אַרויסגעגעבן אָרדערס און ווער קומט דאָס צווייטע מאָל, האָט מען ניט געוווּסט, ניט געדענקט. איך בין צוגעגאַנגען, אָנגערופן די גאַס, דעם נומער פון דעם הויז. דער באַלעבאָס פון די אָרדערס האָט א רעגע א טראַכט געטאָן, א קוק געגעבן אין א זײַט און האָט אויסגעשריבן דאָס נייטיקע פּאַפּירל. ס'איז אָבער ניט דורך גלאַט. איינער א מענטש האָט זיך אופגעהויבן, דער צווייטער האָט מיט קאַס געפרעגט, פאַרוואָס האָט מען אים אָפּגעזאָגט, ווען ער האָט געוואָלט זיך באַזעצן אין דעם הויז. אָבער דער באַלעבאָס פון די אָרדערס האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל און לאַכנדיק געזאָגט:

— נו! וואָס זאָל איך טאָן, אז זי איז אַזאַ סימפּאַטישע.

אַלע האָבן זיך צעשמייכלט, איך האָב געכאַפּט דאָס פּאַפּירל און געמאַכט פּלייטע. עס האָט מיך געטראָגן, און אין מיר האָט אַלץ געזונגען. „זי איז אַזאַ סימפּאַטישע". איך האָב זיך דערמאָנט אין מײַן פאַרשטאָרבענעם טאַטנס ליבע ווערטער. ער פלעגט זאָגן, ווען מיר פלעגט זיך אײַנגעבן עפּעס פּויעלן בא מענטשן: „האָסט כיין, מײַן טאָכטער".

אָט דאָס איז דאָך דאָס, טאַטע מײַנער: „האָסט כיין, מײַן טאָכטער!". „האָסט כיין, מײַן טאָכטער!" — האָב איך געכאַזערט און געווען מיט זיך צופרידן. און דאָ, — פונוואַנען נעמט זיך עס גאָר? — א שטיינדל אונטער די פיס, און איך גיב א פאַל, צעקלאַפּ דעם עלנבויגן ביז בלוט, דעם רעכטן פוס אויך... עפּשער ניט אַזוי גרויס געווען דער ווייטעק, נאָר דער פאַרדראָס... וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק, אז ווי נאָר איך גיב א טראַכט וועגן זיך א ביסל בעסער, מוז מיט מיר עפּעס טרעפן. אָט נעכטן האָט זיך מיר אײַנגעגעבן פרי אופשטיין, קימאַט בא דער סאַמע שטוב קויפן א קוואַרטל מילך, גיך עס אופזידן, אָף דער באַלעבאָסטעס טיש מאַכן אַן אָרט, קעדיי אוועקשטעלן די גלאָז, דאָס פענדעלע מילך. איך האָב נאָר באַוויזן א טראַכט צו טאָן, וואָס פאַר א בעריע איך בין, אז דער האַנטעך, וואָס איז געלעגן אָפן טיש, האָט זיך עס א לאָז געטאָן נאָך מיר (איך האָב זיך א קער געטאָן נאָך א שטול), פאַרכאַפּט מיט זיך די גלאָז, דאָס פענדעלע מילך, און אין איין רעגע איז אַלץ געווען אָף דער פּאָדלאָגע. איך האָב שוין וויפל מאָל געגעבן זיך א וואָרט זײַן באַשיידענער, ניט באַרימען זיך, און דאָך, א מענטש איז זינדיק. עס ווילט זיך אַליין זיך געפעלן זײַן.

מיט א זויער פּאַנעם בין איך צוגעגאַנגען צו מײַן נײַער וווינונג. קלאַוודיע האָט שוין אָף מיר געוואַרט.

— נו, וואָס? וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפרעגט.

איך האָב באַוויזן מײַן צעקלאַפּטן עלנבויגן, זי האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „עט, נאַרישקײַטן!“ און געפרעגט:

— נו, וואָס, געגעבן אַן אָרדער? איך האָב דיר געזאָגט, געזאָגט!

איך האָב גלײַך פאַרגעסן דאָס וואָרט, וואָס איך האָב זיך געגעבן, און דערציילט, ווי דער מענטש האָט מיר געזאָגט: „וואָס זאָל איך טאָן, אַז זי איז אַזאַ סימפּאַטישע“.

קלאַוודיע האָט זיך צעלאַכט.

— זי איז א סימפּאַטישע? דו ביסט א סימפּאַטישע? — און האָט מיר גלײַך אײַנגערוימט אין אויער: — איך אַרבעט דאָך דאָרטן, אין אויספּירקאַם, איך פאַרב די ווענט. האָט מען מיר צוגעזאָגט: קיינעם צו אונדז ניט אַרײַנלאָזן. גענוג האָט מײַן מאַמע אָפּגעגעבן דער מילכאָמע. א זון — מײַנעם א ברודער — אָפּגעגעבן! אַן איידעם — מײַן מאַן — אָפּגעגעבן! איז זאָל די אַלטע כאָטש אין דער היים האָבן א רויִק לעבן. און וועגן דיר האָב איך אים, דעם סימפּאַטיע דײַנעם, געבעטן: דיר אַן אָרדער געבן. איך האָב אָף דיר צוגעוואָרט און אים א ווונק געטאָן. און דו האָסט שוין געמיינט, דו ביסט סימפּאַטיש! זי איז סימפּאַטיש!

זי האָט אַלץ געלאַכט, און איך האָב זיך געפילט, ווי זי וואָלט מיך פון זיבעטן הימל אַראָפּגעשלײַדערט. געקעאַסט זיך אָפן טאַטן. „דו האָסט כיין, מײַן טאַכטער! דו האָסט כיין...“

קלאַוודיע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין א קליין, ריין צימערל. איך בין שוין גרייט געווען פאַרגעסן די גאַנצע מײַסע און מויכל זײַן דעם טאַטן... אָבער ווי נאָר די אַלטע איז אַרײַן אין שטוב, האָט קלאַוודיע מיט א געלעכטער גענומען דערמאָנען אַלץ פון אָנהייב. די אַלטע האָט געשוויגן, נאָר איך האָב איבערגעלעבט.

איך האָב געבראַכט די זאַכן די מײַנע, שטילערהייט זיך אײַנגעאָרדנט און אין קיך שוין ניט אַרײַן. ערשט ליגנדיק אין בעט, האָב איך זיך א כאַפּ געטאָן! דער טאַטע איז גערעכט! קלאַוודיען און איר מאַמען בין איך דאָך געפעלן געוואָרן. קיינעם האָבן זיי ניט געוואָלט — און מיך אַרײַנגעלאָזן!

יאָ, טאַטע, דײַן טאָכטער האָט כיין!

אינדערפרי בין איך אין א גוטער שטימונג אַרײַנגעלאָפן אין קיך וואַשן זיך, און שטעל זיך פאַר: אין קיך באַם טיש מיטן זינגענדיקן סאַמאָוואַר זיצט א מאַנצבל, א פּליער. זיצט אַזוי, ווי ס׳זיצט אַן אָפּטער אַרײַנגייער. קלאַוודיע האָט מיך באַקאַנט, קורץ פאָרגעשטעלט:

— וואָלאָדיע — אונדזער נײַע שכיינע.

אַזוי! — האָב איך א טראַכט געטאָן, מע באַקאַנט מיך. צי הייסט עס ניט: ער וועט דאָ זײַן? איך האָב, נאַטירלעך, זיך אָנגעשטויסן, אין וואָס עס גייט, נאָר קיין פאַרוווּנדערונג ניט אַרויסגעוויזן און א טראַכט געטאָן: א מאַנצבל אין שטוב שטערט ניט און איז קיינמאָל ניט איבעריק, ווײַל, אייגנטלעך, וואָס זײַנען פרויען אָן מענער? זיי קאָנען אינדערפרי אַרויסגיין מיט ניט קיין פאַרקעמטן קאָפּ, אין א צעכראַסטעטע כאַלאַט, די געדאַנקען צעפלאָסן. גאָר אַנדערש איז, ווען א מאַנצבל איז אין שטוב! אַלץ ווערט צונויפגעצויגן, ווי אין א פאָקוס פון אַן אָביעקטיוו... איך ווייס, דו וואָלסט געקאָנט ענלעכס דערווײַזן וועגן מענער אָן פרויען; נו, איז אַדעראַבע! נאָר לאָז מיך אויך זאָגן א וואָרט.

איז אָט, דערזען א מאַנצבל, האָב איך גלײַך זיך אומגעקערט צוריק, א קוק געטאָן אין שפּיגל, איבערגעוואָרפן קאָקעטיש דעם האַנטעך איבערן אַקסל און גענומען וואַשן זיך.

דערנאָך האָבן מיר געטרונקען אינדרײַען טיי. איך האָב גלײַך געפרעגט, וואָס טוט זיך אָפן פראָנט און ווען וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע.

די אַלטע איז שוין לאַנג אַוועק. מיך מיט וואָלאָדיען האָט קלאַוודיע אַרויסבאַגלייט צוזאַמען און איז אַליין געבליבן אין דער היים.

ס׳איז מיר אַלץ געווען געפעלן אין מײַן נײַער וווינונג. עס האָבן מיר ניט געשטערט אַפילו די פּאַטאַס אָף די ווענט. די דרײַ הינער מיטן האָן האָבן זיך מיר געכאַלעמט. איך געדענק ניט דעם כאַלעם גענוי, נאָר דרײַ אייער, וועלכע כ׳האָב געהאַלטן אין די הענט, זײַנען פאַרבליבן אין זיקאָרן.

עס האָט מיך נאָר געוווּנדערט און א ביסל באַאומרויִקט, וואָס קלאַוודיע באַגלייט מיך אַרויס פון שטוב צוזאַמען מיט וואָלאָדיען (ער נעכטיקט דאָ זייער אָפט). מיר גייען מיט וואָלאָדיען שווײַגנדיק ביזן ראָג געסל, גייען זיך דאָ פאַנאַנדער, זעגענען זיך מיט א זאָג — איך אים: „אַלדאָס בעסטע!“ ער מיר: „ביז פאַרנאַכט“.

פאַרוואָס גייט ניט קלאַוודיע צוזאַמען מיט אונדז און וואָס ווילט זיך איר אַזוי, אַז מיר, איך און וואָלאַדיע, זאָלן זיך באַפרײַנדן?

שטעל זיך פאָר, אַז הײַנט איז די רעטעניש געוואָרן אויס רעטעניש...

איך בין געגאַנגען פון דער אַרבעט צו מײַן איצטיקער היים. ס׳איז געווען שפּעטלעך. מיטאַמאָל הער איך הינטער זיך ווייכע טריט, ווײַזט אויס, עמעץ אין קאַלאָשן. איך האָב געפילט, מע האַלט זיך דירעקט לעבן מיר. האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. ניט קיין הויכע פרוי אין אַ שוואַרץ טיכל, אַנגערוקט קימאַט אָף די אויגן, האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס, דו ווינסט אַנטקעגן, באַ קאַרפּאַוונען. אַ שכיינע, הייסט עס? איך זע, יעדן אינדערפרי גייסטו אַרויס צוזאַמען מיט אַ מאַנצבל אַ פליִער. ער איז דאָך ניט דײַן מאַן?

איך האָב געזאָגט אומיסטן שטיל, איר אָפן אויער:

— דאָס איז מײַן געליבטער.

זי איז אָפּגעשפּרונגען פון אַזאַ אַזעס, נאָר גלײַך דערנעענטערט זיך און געזאָגט:

— איך האָב אויך אַזוי געמיינט. מיר דוכט אָבער, ער איז צו יונג פאַר דיר.

— אוי, מומינקע, עס גייט אַזאַ שרעקלעכע מילכאָמע, ווער קאָן איצט אויסקלײַבן.

— עמעס, עמעס, ביסט גערעכט. — און זי האָט פאַרקערעוועט צו זיך אַהיים.

פאַרשטייט זיך, איך האָב דאָס גלײַך דערציילט קלאַוודיען. דו האָסט געדאַרפט זען איר באַגײַסטערונג. זי האָט מיך אַרומגענומען און צוויי מאָל אַ קוש געטאָן. זי האָט געלאַכט און גערעדט:

— האָסט איר גוט געענטפערט! איצט פאַרשטייסטו, ווי קלוג איך בין, פאַרשטייסט, פאַרוואָס איך האָב דיך צו אונדז אַרײַנגעלאָזט און די מאַמע אײַנגערעדט. דיר איז וואָס? דו ווערסט פונדאַנען אַוועקפאָרן, און פאַרטיק, און פון אַלץ פּאָטער. און באַ מיר וועט זיך נאָך עפּשער דער מאַן אומקערן פון מילכאָמע. מע דאַרף זיי, די רעכילעסניצעס, דאָס מויל פאַרשטאָפּן. זי, דאָס שוואַרצע טיכל! בינדט זיך אונטער, ווי אַ פרומע, אַ ריינע נעשאָמע, זי הערט גאָרניט און זעט גאָרניט, און גיב נאָר אַ קוק, ווי יעדן פרימאָרגן הייבט זיך אויף דאָס פאָרהענגל, זי דאַרף וויסן: ווער וווהין גייט אַרײַן, ווער פון וועמען גייט אַרויס, און שפּינט און שפּינט... איך קאָן זי ניט אָנקוקן. און דו, — האָט זי מיטאַמאָל אויסגעשריִען, — וואָס קוקסטו אָף מיר ווי כ׳ווייס ניט וואָס... דיר קאָן מען גאָרנישט ניט דערציילן. קוקסט!..

איך האָב זיך געלייגט שלאָפן. ס׳האָט זיך מיר געוואָלט אי וויינען, אי לאַכן. „דו האָסט כיין, מײַן טאָכטער, דו האָסט כיין...“

אַ גוטע נאַכט. זאָל זיך מיר כאָלעמען
מײַן ווילער טאַטע.

## כאַלוימעס

ווען ניט אונדזער מיטלסט זונעלע, וואָלט איך געזאָגט, אַז מיר זײַנען אַלע פולשטענדיק געזונט. באַ אים אָבער וואָלט דער האַלדז־נאָז־אויערן־אַפּאַראַט געמעגט זײַן בעסער. דערפאַר פאַרקילט ער זיך אָפט, הײַנט ליגט ער ווידער אין איזאָליאַטאָר. איך האָב געהאַט אַ ביסל פרײַע צײַט, בין איך אַרײַן צו אים. די מעדיצין־שוועסטער האָט מיך אָפּגעשטעלט באַ דער קיך און גענוי דערציילט, ווי זי האָט אים געפּרוווט אָפּוועקן, קעדיי מעסטן די טעמפּעראַטור. זי האָט געשלעפּט פון אים די קאָלדרע, געקיצלט די פּיאַטעס, און ער האָט זיך געראַנגלט, געצויגן די קאָלדרע צוריק און געשטופּט מיט די פיס. זי האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ברייִרע, ווי לאָזן אים צורו.

מיר האָט ראַדי דערקלערט די זאַך אַזוי: ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז מע וועקט אים, ער האָט פּאַשעט ניט געוואָלט דורכלאָזן אַ גוטן כאַלעם. אים האָט זיך געכאַלעמט, אַז ער שווימט איבערן יאַם, לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ טיפער און טיפער. און אונטער דער וואַסער איז אַזוי וואַרעם. פיש קיצלען אים די פּיאַטעס מיט זייערע עקן. דער יאַם וויל אים אַרויסשטופּן, נאָר ער לאָזט זיך ניט און ראַנגלט זיך מיט די כוואַליעס, ווײַל אונטער דער וואַסער איז אַזוי וואַרעם.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט, — כאַלוימעס זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע, טשיקאַווע. קלאַוודיען, מײַן שטוב־באַלעבאָסטע, האָט זיך אַנומלטן געכאַלעמט אַ טויב־שטומער הונט.

— דערציילן! — האָט זיך ראַדיק אָנגעכאַפּט. — דערצייל וואָס מער.

האָב איך אים גענומען דערציילן אַפריִער וועגן קלאַוודיען ביכלאַל. זי פאַרגינט מיר ניט מײַנע כאַלוימעס. הערן הערט זי מיט נײַגער, נאָר שטענדיק שלאָגט זי איבער: „טאַקע אַזוי?

טראכסט אויס! פאַרוואָס כאָלעמט זיך מיר גאָרניט?״ פרומע יידן, האָב איך איר געזאָגט, האַלטן, אַז אויב אַ מענטש זעט ניט זיבן טעג קיין כאָלעם, איז ער אַ ראָשע, אַ שלעכטער מענטש. קלאַודיען איז דאָס אַפּאָנעם אַרײַן אין דער נאָז, און זי האָט אָנגעהויבן זען כאַלוימעס. און אַזױװי זי איז איבערצײַגט, אַז איך קלער אויס מײַנע כאַלוימעס, מיין איך, אַז איצט האָט זי געגנו־מען אירע כאַלוימעס צוטראַכטן. און פעסטשטעלן, צי ס׳איז אַ כאָלעם, צי אַ צוגעטראַכטע זאַך, איז אומעגלעך. ווײַל וואָס איז, אייגנטלעך, אַ כאָלעם, ראַדיק? דאָס איז אַ זאַך, וואָס געהערט יעדן מענטשן באַזונדער. מעגסט אַפילו ליגן מיט מיר אין איין בעט, איז בא דיר דײַן כאָלעם, בא מיר מײַן כאָלעם...

— ס׳איז געווען באַנאַכט, — האָט קלאַודיע דערציילט איר כאָלעם, — ווען זי איז געגאַנ־גען אין מאַרק. דאָס, וואָס מע האַנדלט באַנאַכט, האָט זי ניט פאַרוווּנדערט. נאָר אין דער פינצטער האָט זי אָף עפּעס אָנגעטראָטן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען לעבן זיך אַ הונט. אָף זײַן לאַפּע איז זי טאַקע אָנגעטראָטן. דער הונט האָט געשוויגן, נאָר לעבן אים איז אויסגעוואַקסן אַ פרוי און האָט גענומען פאָדערן, קלאַודיע זאָל קויפן בא איר דעם הונט. קלאַודיע האָט געפרעגט, ווי רופט מען דעם הונט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין נאָמען האָט ער ניט און אַז ער איז אַ טויב־שטומער. קלאַודיע האָט געפרעגט: „ווער זשע וועט בילן, ווען עס וועט אַרײַנקריכן אַ גאַנעוו?״ — „וואָס כאָלעמען זיך אײַך גאַנאָווים? — האָט אויסגעשריגן די באַלעבאָסטע פונעם הונט. — ס׳גייט אַזאַ מילכאָמע, ווער וועט בא אײַך עפּעס גאַנווענען?״ — „ניין, אַזאַ הונט דאַרף איך ניט״, — און קלאַודיע האָט זיך אָפּגעקערעוועט פונעם הונט. און דאָ האָט דער הונט מיטאַמאָל אַזאַ ביל געטאָן, אַז קלאַודיע האָט אַ דערשראָקענע זיך אוועקגעזעצט אָפן בעט.

— וואָס באַטײַט אַזאַ כאָלעם? — האָט זי בא מיר געפרעגט.

איך האָב געזאָגט, אַז בא יידן איז מען פויסער־כאָלעם נאָר צו גוטן. דײַן כאָלעם באַטײַט אַ באַגעגעניש מיט אַ גוטן מענטשן, אַ הונט איז אַ פרײַנט. זאָ אַליין, ער האָט ניט געבילט, אַפילו ווען דו האָסט אים אָנגעטראָטן אָף דער לאַפּע, און געווען טויב־שטום, ווען זײַן באַלעבאָסטע האָט געוואָלט אים פאַרקויפן. אָבער אַז דו האָסט זיך אָפּגעקערעוועט פון אים, האָט ער אַ ביל געטאָן.

פון מײַן פּלוידערײַ איז זי געבליבן געפּלעפּט און איז שווײַגנדיק אַוועק. אָבער איצט פאַר־מאַטערט זי מיך מיט אירע כאַלוימעס. אָבער ווער געדענקט כאַלוימעס! ס׳איז אַלץ נאַרישקײַט.

— ניין! — האָט ראַדי געזאָגט. — איך פאַרשרײַב כאַלוימעס. אין כאָלעם זעסטו אַזעלכס, וואָס וועסט קיינמאָל ניט זען אָף דער וואָר. אַז איך לייג זיך שלאָפן, פאַרטראַכט איך, וואָס מיר זאָל זיך כאָלעמען, און אין כאָלעם קומט אויס אַזוי...

— גוט, אַז דו זעסט אַ גוטן כאָלעם. און אויב אַ שלעכטן?

— איז נאָך בעסער. כאַפּסטו זיך אויף, און עס לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען אַ כאָלעם!..

— אָבער מע פאַרגעסט דאָך אַלע כאַלוימעס.

— ניין, איך פאַרשרײַב כאַלוימעס. בא מיר זײַנען שוין זיבן פאַרשריבן. זעקס מײַנע און איינער מאַרינעס.

— פאַרוואָס נאָר איינער? בא מאַרינען זײַנען ניט קיין אינטערעסאַנטע כאַלוימעס?

— יאָ, אָבער זי קען זייער גוט דערציילן, וואָס יעדער כאָלעם הייסט, אָט אַזוי, ווי דו.

— דו מיינסט, אַז וואָס זי זאָגט, צי איך, איז אָן עמעס?

— אַ כאָלעם איז דאָך אויך ניט קיין עמעסע זאַך.

אָט אַזוי אין קלייניקײַטן און אין גרויסיקײַטן איז דײַן מיטלסט זונעלע (איך ווייס, ער איז אויך מײַנער) ניט קיין גרינג קינד — ניט איבערצושפּאָרן.

וואָס דו ווילסט, זאָג, נאָר אַ טאַטע דאַרף זײַן אין דער היים.

— איז עפּשער ווילסטו פאַרשרײַבן נאָך אַ כאָלעם, טאַקע ווידער קלאַודיעס?

— דערצייל.

— נעכטן האָט קלאַודיע געזען אין כאָלעם דײַן טאַטן. ער איז געקומען, — האָט זי דער־ציילט, — און גלײַך זיך נאָכגעפרעגט אָף איר, דאָס הייסט אָף קלאַודיען.

דיר וועל איך זאָגן, מײַן מאַן, איך האָב זיך אַ ביסל דערשראָקן, אַז זי וועט גלײַך פאָדערן אויסלייגן איר דעם כאָלעם צו גוטן. אָבער זי האָט אַ קער געטאָן דעם שמועס אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. זי האָט אָנגעהויבן באַשרײַבן, ווי דו האָסט אויסגעזען: אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער. די טריט אויך גרויסע, שווערע, די אויגן קאַרע, ווי בא דײַן יינגערן זון. „ער איז אַזאַ?״ — האָט זי אומגעדולדיק געפרעגט.

איך האָב איר געזאָגט, אַז מײַן מאַן איז עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וווּקס, זײַן קערפּער לויפט שטענדיק פאַרויס, און די פיס — קוים וואָס זיי באַווײַזן אים נאָכיאָגן. די אויגן — שוואַרצע, מיט אַ מאָנגאָלישן שניט. ער האָט אַ טעווע אַראָפּרוקן אָף דער שפּיץ נאָז די ברילן ניט נאָר

וועג ער אַרבעט, נאָר אויך ווען ער רעדט מיט אַ מענטשן, און דעמלט קוקט ער אַף יענעם אַריבער די גלעזלעך, ווי אַן אַלטער לערער אַף זײַנע טאַלמידים, און אָט די טעווע זײַנע איז מיר באַזונ־דערס געפעלן.

ניט נאָר קלאַוודיע, נאָר אויך ראַדיק האָט געהערט מיט נײַגער. ער האָט געזאָגט:

— דער טאַטע לויפט טאַקע שטענדיק. מיט אים איז שווער צו גיין.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן און צוגעגעבן:

— דיר פאַרדריסט, מאַמע, וואָס ניט דו, נאָר קלאַוודיע האָט געזען דעם טאַטן אין כּאַלעם. כאָטש ער איז ניט אַזאַ.

איך האָב איר טאַקע ניט פאַרגונען, כאָטש דו ביסט ניט אַזאַ.

איך פאַרשטיי גאָר ניט, פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי נאָכגעפרעגט אַף איר? וואָס דאַרפסטו זי?

זײַ געזונט.

## ווי כ׳ווייס ניט וואָס...

מע זאָגט: מיט קינדער איז פריילעכער. ס׳איז טאַקע אַזוי.

נעכטן זײַנען געקומען, ריכטיקער געזאָגט, אַרײַנגעלאָפן יוני און ראַדיק, ביידע הונגעריקע. ראַדי — אָפּאָנעם שטאַרק הונגעריק. ער האָט גלײַך געוואָלט כאַפּן אַ שטיקל ברויט. איך האָב ניט געגעבן און געשטעלט קאָכן קאַרטאָפל, ווײַל מיט ברויט, מיט אַ שטיקל פּוטער וועט דאָס זײַן זעטיקער. אָבער ער האָט ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פונעם ברויט. און ברויט איז געווען אַ קליין שטיקל. האָב איך אַ טראַכט געטאָן, מע דאַרף פאַרפּילן די צײַט, ביז די קאַרטאָפל וועלן פאַרטיק ווערן. איך האָב פאַרגעלייגט אינדרײַען אָנשרײַבן דיר אַ בריוו. ראַדי האָט זיך גלײַך אָפּגעזאָגט. איך האָב געפּרוווט אַ שפּאַס טאָן. אַף ראַדיקן האָט עס ניט געווירקט; ביז יוני האָט מיט אַ געלעכ־טער געגומען דערציילן, ווי קלאַוודיע האָט אים באַגעגנט.

— וואָס לויפסטו אין שטוב אַרײַן מיט קויטיקע שיך, — האָט זי אים אָפּן געטאָן די טיר, — ווי כ׳ווייס ניט וואָס...

— פונדעסטוועגן, ווי וואָס? — האָט געפרעגט יוני.

זי אָבער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און פאַרמאַכט די טיר.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט פאַר אָט דעם ווערטל קלאַוודיעס:

— זי, קלאַוודיע, רעדט שטענדיק אַזוי: „וואָס שטייסטו ווי כ׳ווייס ניט וואָס. וואָס רעדסטו ווי כ׳ווייס ניט וואָס“... צי עס קלעקט באַ איר ניט קיין פאַנטאַזיע צו מאַכן אַ פאַרגלײַך מיט עפּעס, צי זי איז פויל אַף געפינען דעם פּאַסיקן פאַרגלײַך. אַף אַלץ דאַרף מען דאָך האָרעווען.

ראַדיק האָט בייז געזאָגט:

— אַף וואָס דאַרף מען די פאַרגלײַכן? געזאָגט: „לויף ניט מיט קיין קויטיקע שיך“. געזאָגט און גאָר, און גענוג!

— ניין, — האָב איך געפּרוווט דערקלערן, — גאָר אַנדערש קלינגט דײַן פראַזע, ווען דו פאַרגלײַכסט מיט עפּעס, וואָס דערמאָנט אין ענלעכן פאַקט צי אין ענלעכע דערשײַנונג.

ראַדיק האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— עס דערמאָנט גאָרנישט ניט!

איך האָב גענומען פאַנאַנדערשטעלן די טעלער, לייגן די גאָפּלען. זאָל ווערן פריילעכער אַפן טיש. און פאַרגעזעצט צו דערווײַזן מײַנס:

— זע אַליין, ווי עס פאַרגעדענקט זיך דײַנער אַן אויסדרוק, אויב עס איז פאַראַן אַ פאַר־גלײַך מיט עפּעס, וואָס דו האָסט געזען, געהערט צי געלייענט, ווי דאָס באַרײַכערט דײַן שפּראַך און מאַכט זי אינטערעסאַנטער פאַר דעם, וואָס הערט דיך. און זע, אַפילע קלאַוודיע מיט איר ניט אַנטוויקלטער פאַנטאַזיע צי מיט איר פוילקײַט האָלט שוין אויך דערבײַ. זי פילט, אַז גאָר אַנדערש וואָלט געווירקט, לעמאָשל, אַזאַ אויסגעשריי אירער: „וואָס לויפסטו אין שטוב אַרײַן מיט קויטיקע פיס, ווי אין אַ שטאַל“. זי פאַרהאַקט זיך, אָבער זי האַלט שוין דערבײַ. מע וואָלט געקאָנט אַפילע צוטראַכטן אַזאַ שפּיל. איך, צום בײַשפּיל, זאָג עפּעס, און דו געפין אַ פאַרגלײַך... מיט וואָס דו ווילסט.

איצט האָט מיך איבערגעשלאָגן יוני:

— וואָס דערקלערסטו אים אַזוי־פיל, מאַמע, ער טוט דאָך אַליין אַזוי: רעדט און פאַרגלײַכט. ער פאַרשטייט נאָר ניט, אַז ער אַליין טוט אַזוי!

איך האָב געזאָגט:

— אָט וועלן מיר זיך באַלד פאַר דעם נעמען. אָט, צום בײַשפּיל, אַזאַ פראַזע: „אין קאָפּ איז באַ אים געווען פּוסט, ווי“...

ראַדי האָט אונטערגעכאַפּט:
— ווי אין אַ פּוסטן טעלער.
איך האָב געזאָגט:
— מענטשן זײַנען געזעסן באַם טיש, ווי...
ראַדיק ווידער:
— ווי זיי וואָלטן געוואָלט עסן.
יוני האָט ליב צו פאַריכטן:
— ווי זיי וואָלטן געטראַכט ניט מיטן קאָפּ, נאָר מיטן מאָגן.
איך האָב פאַרגעזעצט:
— דער הימל איז פאַרצויגן מיט שוואַרצע וואָלקנס, ווי...
ראַדיק:
— ווי אַ הימל, וואָס איז פאַרצויגן מיט שוואַרצע וואָלקנס.
איך בין שוין מיד געוואָרן, און איך בין געוועזן גערן, וואָס די קאַרטאָפל זײַנען פאַרטיק.
וואָס פאַר אַ שווערע אַרבעט דאָס איז דערציִען און לערנען, ביפראַט נאָך אין ניט קיין זאַטע צײַטן.
מיר האָבן גוט אָפּגעגעסן, און ראַדיק איז שוין גרייט געווען לויפן צוריק. איך האָב אים געוואָלט פאַרהאַלטן:
— וואָס לויפסטו אַזוי?
— ווי כ׳וויים ניט וואָס... — האָט ער אַ זאָג געטאָן.
און דאָס איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז איך האָב זיך גלײַך גענומען שרײַבן דיר.

נו, זײַ געזונט, ווי...

## ווען איך לייען דאָסטאָיעווסקין

איך וווין אין מײַן נײַער דירע, דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג, אָבער קלאַודיע און וואָלאָדיע זײַנען שוין אַזוי געוווינט צו מיר, אַז יעדערער רוימט מיר אײַן זײַנע סודעס.
קלאַודיע האָט מיר דערציילט, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן איר באַקאַנטשאַפט מיט וואָלאָדיען. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל אַ שווער פאַרוווּנדעטער, און זי האָט דאָרט געאַרבעט די וואָך. „ער האָט אָפּאַנעם אַ צײַט לאַנג ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווער איך בין, און האָט אַלץ געבעטן, אַז אָט די הויכע שוועסטער, וועלכע קריכט אַף די ווענט, זאָל אים דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער. און איך האָב אים אָנגעהויבן דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער, האָדעווען פון לעפעלע, ער איז נאָך געווען גאָר שוואַך. ווען ער איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט ער זיך אָנגעבעטן צו מיר צוגאַסט. און עס איז אַוועק אַ גאַנג...
הײַנט איז וואָלאָדיע זיך מוידע געווען, אַז קלאַודיע האָט צו אים טײַנעס. „זי זאָגט, אַז איך קען ניט, ווי אַנדערע, אָנרופן אַ פרוי מיט אַ צאַרטן נאָמען. אָט אין די ביכער, זאָגט זי, טראַכטן די שרײַבער אויס אַזוינס, אַז עס ווילט זיך וויינען פון פאַרגעניגן! זאָגט מיר, — האָט ער געבעטן, — ווי זאָל איך אָנרופן קלאַודיען? מיט וואָסער זיסן נאָמען? וועלכע ווערטער זאָל איך איר זאָגן?"
איך האָב זיך פאַרלאָרן, האָב געשמייכלט און צוגעשוויגן. ער איז אָבער ניט אָפּגעשטאַנען:
— נו, זאָגט, ווי פלעגט אײַך אָנרופן אײַער מאַן?
מיך האָט עס אופגעבראַכט. אַזאַ גראָבקײַט!
— וואָס ווילט איר נאָך וויסן? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.
ס׳איז אַרײַן קלאַודיע. זי איז שוין, ווײַזט אויס, געווען צוגעגרייט צו אַזאַ שמועס. און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו איר:
— איך פרעג, ווי זאָל איך דיך רופן, מיט וואָס פאַר אַ זיסן נאָמען?
זי האָט געקוקט אַף מיר מיט אַזעלכע פײַכטע אויגן, אַזוי געוואַרט אַף אַן ענטפער, אַז מיר האָט זיך שוין מער ניט געוואָלט אים דערציִען. איך האָב געזאָגט:
— עפּשער דאַרף מען זיך ניט שעמען מיט קיין געפילן, וועלן זיי אונטערזאָגן די נייטיקע ווערטער.
קלאַודיע האָט זיך אַ קרים געטאָן פון מײַן אייצע, נאָר איך האָב קיין בעסערע ניט געפונען. איך וויים ניט, וואָס האָט געווירקט, נאָר זיי האָבן גענומען רופן איינער דעם אַנדערן מיט

צוגעטראכטע נעמען, עס קלינגען אין זייערע שטימען נײַע, צארטע אינטאָנאַציעס. איך הער זיך ניט שטארק צו, נאָר קלאַוודיע שײַנט אלץ מער. קורץ, זייערע באַציִונגען זײַנען געוואָרן ווייכער, רײַכער, אזוי אז עס פאלט עפּעס אראָפּ אויך אף מײַן אָרעמען טיש. וואָלאָדיע שטיפט מיט אונ־דזערע קינדער. מע האָט געעפנט פאר מיר א שראנק מיט ביכער. זייער גוטע ביכער: טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, מאמין־סיביריאַק, נאָוויקאָוו־פּריבאָי... האָב איך זיך גענומען פאר דאָסטאָיעווסקין. איך לייען „אידיאָט" מיט אזא פארכאַפּנדיקן אינטערעס און נײַגער.

מיר דוכט, דאָסטאָיעווסקי איז א מענטש מיט הענט, וואָס קענען אָנטאַפּן א געדאַנק, מיט אויגן, וואָס זײַנען צונויפגעשטעלט פון א סאך, א סאך אייגעלעך, און זיי זעען אין דער טיף, אין דער ברייט און אין אלע ריכטונגען איינצײַטיק. איך בין געוואָרן א טשיקאַווער לייענער, איך זע פריִער דעם שרײַבער, דערנאָך זײַנע העלדן. שטעל זיך פאָר — איך לייען דאָסטאָיעווסקין און טראכט וועגן דעם, וואָס טוט זיך ארום מיר אין שטוב. איך ווייס ניט, ווער אף וועמען ווירקט: צי דאָס ארומיקע העלפט מיר בעסער פארשטיין דאָסטאָיעווסקין, צי דאָסטאָיעווסקי העלפט מיר באַנעמען דאָס, וואָס עס קומט פאָר ארום מיר. און איך פארגעס צײַטנווײַז וועגן דער וועלט, ווו דו געפינסט זיך.

געזונט און קויעך.

## קארפּאָווּנאַ

קארפּאָווּנאַ, מײַן עלטערע באַלעבאָסטע, איז זייער אַן אינטערעסאַנטער און אָריגינעלער מענטש. דו רעדסט, און דיר דאכט זיך, אז זי הערט דיך גאָרניט, ערשט זי גיט עפּעס א זאָג, און ס'איז ווי א קאַלטע קוואָרט וואסער אף א הייסן שטיין, איך קאָן דערנאָך לאנג ניט קומען צו זיך, אָט וועל איך דיר באלד עפּעס דערציילן.

נעכטן פארנאכט האָט געברענט די הרובע. אין קיך איז געווען ווארעם, אָנגענעם, און אונדז האָט זיך פארוואָלט געבאַקטע קארטאָפל. איך און קלאַוודיע האָבן גענומען רײַבן, וואשן די קאר־טאָפל, קעדיי עסן זיי דערנאָך ניט געשיילטערהייט. מיר האָבן זיי אײַנגענורעט אין אַש, פאר־מאכט דעם קוימען. און דאָ האָט, צו אונדזער גרעסטער פארווּנדערונג, אָנגעהויבן זשומען א פליג. א גרויסע שווארצע פליג איז אומגעפלויגן, זיך אומגעטראָגן איבערן צימער און געזשומעט ווי א באַלעבאָסטע, ווי עס וואָלט געקומען איר צײַט. און ווען? קימאַט אינמיטן ווינטער!

אונדז אלעמען איז זי שטארק געפעלן, און מיר האָבן באַשלאָסן ניט שטערן איר, ניט פאר־ניכטן זי. מיר האָבן גענומען צוטראכטן פאר איר א נאָמען. וואָלאָדיע האָט פאָרגעלייגט אוועק־זעצן זי אונטער א רעשעטע. געבן איר עסן און טרינקען און נאָכשפּירן, ווי און ביזוואַנען זי וועט דאָרט לעבן. קלאַוודיע האָט פאָרגעלייגט ארײַנוואַרפן זי אין א בינשטאָק, וועט איר זײַן אי וואַ־רעם, אי זיס. איך האָב געזאָגט, אז זי וועט דאָרטן אומקומען. און, ווי מײַן שטייגער איז, גענומען דערציילן וועגן דער אָפּירונג פון בינען. און דאָס האָט האָט געקלונגען ווי פאַנטאַסטיק.

איך האָב גענומען דערציילן אלץ, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן פליִענדיקע און פויזענדיקע באַשעפענישן, באַזונדערס וועגן מורעשקעס. פאראַן, האָב איך דערציילט, שווארצע און געלע מורעשקעס. די געלע פאלן אָן אף די שווארצע. שטענדיק האלטן די געלע מילכאָמע. זיי זײַנען, ווײַזט אויס, באַשאַפן אף פארניכטן. זיי בײַסן איבער די שווארצע אף דער העלפט, שלעפּן זיי און וואַרפן אין טיפע אָפּגרונטן. זיי צעשטערן די „שטעט" פון די שווארצע, פארכאַפּן אין געפענ־קעניש סײַ די גרויסע מורעשקעס, סײַ די אייעלעך, פון וועלכע עס דאַרפן זיך אויספּיקן די קינדער מורעשקעס.

איך האָב דערציילט און מאַמעש געזען פאר זיך היטלערס כאַאָלעס, וואָס פארניכטן מענטשן און שטעט, צינדן, ברענען און פּײַניקן...

איך האָב דערציילט, ווי די זיגער מורעשקעס צווינגען די געפאנגענע ארבעטן און אפילע קײַען פאר די זיגער דאָס עסן.

די שווארצע האָבן בא מיר ארויסגערופן טיפן מיטגעפיל, און איך בין געווען אזוי פאר־כאַפּט מיט דער אייגענער רעדנער־קונסט, אז איך האָב ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן.

די אלטע קארפּאָווּנאַ, וועלכע האָט ביכלאַל א טעווע אָפּהאַקן מיט א וואָרט דעם סאַמע געשמאַקן שמועס, ווען מע וואָרט גאָרניט דערוף, האָט אָבער געפונען א שפּארונע און מיך איבערגעשלאָגן:

— וואָס מע דאַרף ניט, ווייסטו אויך.

איך האָב ניט געפונען, וואָס איר צו ענטפערן, בין איך געבליבן ווי אָן לאָשן. און זי, די אלטע, האָט גלײַך צוגעגעבן:

— מיר וועלן שוין הײַנט קיין געבאַקטע קאַרטאָפּל ניט עסן.

מיר, קלאַוודיע און איך, האָבן זיך א וואָרף געטאָן צום אייוועלע. מיר האָבן צעשאַרט דאָס אַש און אַרויסגעקײַקלט עלף שוואַרצע, פאַרברענטע ניסלעך.

נו, איך וועל שוין מאָרגן פאַרענדיקן. איך וויל שלאָפן. א גוטע נאַכט.

איז פאַרזעצן דיר דערציילן וועגן איר? וועגן קאַרפּאָוונען?

וועגן איר קאָן איך דערציילן א סאַך.

זיצנדיק אַנומלטן פאַרנאַכט בא די באַלעבאָסטעס אין קיך, האָב איך דערציילט וועגן מײַן פריִערדיקער באַלעבאָסטע. א זון אירער, א יינגעלע פון א יאָר זיבן, האָט זייער אַן אײדעלע נעשאָמע. ער קאָן ניט פאַרטראָגן קיין שלעכטע רייכעס. א שמוציק העמדעלע וועט ער בעשום־אויפן ניט אָנטאָן. דער טאַטע זײַנער פלעגט אַרומגיין איבער די נאָענטע דערפער אויסבײַטן זײַערס, רעשעטעס, וועלכע ער פלעגט אַליין מאַכן, אַף עסנוואַרג; דאָס לעצטע מאָל האָט זיך אים אײַנ־געגעבן אויסבײַטן זײַן סכוירע נאָר אַף מילך. די קיילע אָבער, אין וועלכער מע האָט אים אַרײַנ־געגאָסן די מילך, איז געווען פון נאַפט (אַף צוריקוועגס האָט ער געדאַרפט קויפן נאַפט), די פּויער־טעס אין דאָרף האָבן אים אײַנגערעדט, אַז די מילך וועט דעם רייעך אָפּשלאָגן. ס׳איז אָבער גע־ווען א פּוסטע מײַסע. עס האָט גוט געשמעקט! אָבער אַלע האָבן געטרונקען די מילך, ווײַל מער וואָס צו עסן איז ניט געווען. ער, דער קליינער, האָט געוויינט, נאָר אין מויל ניט גענומען.

די אַלטע קאַרפּאָוונא האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— פּאַסקודסטוועס שמוציקע!

זי האָט דאָס אַזוי געזאָגט און אויפגעהויבן זיך, אַז מער האָט זיך ריידן ניט געוואָלט. פונ־דעסטוועגן האָב איך פאַרגעזעצט (די אַלטע האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט).

— האָב איך שוין געגעבן דעם יינגל א שטיקל ברויט מיט האָניק באַשמירט. ער האָט גע־נומען דאָס שטיקל ברויט און נאָך א שטיקל — מיט קיין זאַך ניט אָנגעשמירט, אַרופגעקראָכן אַפן אויוון און איז אַנשוויגן געוואָרן. די עלטערע האָבן גענומען זיך דערמאָנען, ווי מע האָט פריִער געלעבט. „מע פלעגט אַרײַנטראָגן פאַרנאַכט קאַלטינקע סמעטענע פון קעלער און קעז, אַפן טיש זיס געבעקס — געקנאָטן אַף פּוטער, געזײַערטע עפּל. יעדער עפּל — א האַלב קילאָ“. קורץ, מע האָט זיך צערעדט. מיטאַמאָל האָט ער, דער קליינער, אויסגעשאָסן א געוויין:

— א־אַא! זעט, וואָס איר האָט געגעסן! און וואָס גיט איר אונדז?

איך האָב געװײַלט פאַרזעצן, געוואָלט דערציילן די מײַסע ביזן סאָף, די אַלטע זאָל מיר ניט איבערשלאָגן.

— דאָס יינגל האָט ליב געהאַט טיי, צוויי גלעזער פלעגט ער אויסטרינקען און אָפּט בעטן נאָך. אָבער צוקער גיט מען דאָך איין שטיקל, און דאָך פלעגט אים סטײַען. איך האָב געוואָלט פאַר־שטיין, ווי גיט זיך עס אים אײַן. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער טרינקט אַפּאָנעם אויס די ערשטע גלאָז אָן צוקער, און דאָס שטיקל האַלט ער אַף דעם לעצטן ביסל טיי, אַף פאַרבײַסן. אַלנפאַלס, איך וואָלט אַזוי געטאָן. איך האָב זיך צוגעקוקט. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס שטיקל צוקער האַלט ער בא די סאַמע ליפּן און ניט ער זויגט עס, נאָר ער קושט עס לײַכט.

די אַלטע האָט גלײַך א זאָג געטאָן:

— האָסט זיך צוגעקוקט? וואָלסט אין מויל אַרײַנגעקראָכן!

איך מאַך אָן איבערײַס. איצט ראַנגלען זיך אין מיר צוויי פאַרלאַנגען — שלאָפן און שרײַבן.

איז זעץ איך פאָר.

מע זאָגט, די אַלטע איז א סעקטאַנטקע. איך ווייס ניט ביז איצט, צו וואָס פאַר א סעקטע זי געהערט. אַז איך האָב בא איר א פרעג געטאָן, האָט זי ניט געענטפערט. איך האָב געפרעגט, וויפל נעפּאַשעס האָט זיך איר אײַנגעגעבן אַרײַנציִען אין איר סעקטע. זי האָט געענטפערט: „אַף אַזעלכע, ווי דו, האָב איך קיין צײַט ניט געפאַטערט“. און זי האָט זיך אויפגעהויבן. דאָס האָט געהייסן: די אַאודיענץ איז געענדיקט. מער וועט זי ניט זאָגן קיין איין וואָרט.

שטעל זיך פאָר, ווי איך בין געווען פאַרוווּנדערט, ווען איך האָב דערזען בא דער סעק־טאַנטקע אַפן טישל טאָלסטאָיס ווערק „פאָטער סערגי“. איך האָב א פרעג געטאָן, צי געפעלט איר דער פאָטער סערגי.

— געפעלט ניט.

— און טאָלסטאָי?

— נאָך מער ניט.

— פאַרוואָס?

— אַז דו גייסט אין אָפּטרעט, פאַרמאַכסטו די טיר. און ווער האָט די רעכט זי עפענען?!

איך האָב זיך פאַר איר דערשראָקן און א זאָג געטאָן:

— פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וועלכע פאַרמאַכן די שטוב מיט אַ הויכן פּלויט.
— אויך ניט דײַן זאַך.
— אָבער ווי וועט אַ שרײַבער קענען שרײַבן און באַשרײַבן, ווען אַלץ וועט זײַן פאַר אים פאַרשלאָסן, פאַרמאַכט?
— גיי שוין, גיי! — און זי האָט זיך אופגעהויבן.
אָט אַן אַלטע!

## זײַן נייטיק און געפעלן זײַן

איך האָב הײַנט באַקומען דײַן בריוו פונעם 10 אָקטיאַבער. איך האָב ניט געקאָנט זי רויִק לייענען, און איצט פאַרנאַכט קאָן איך אַף איר רויִק ניט קוקן.

עס כאַפּט מיך אַרום אַ שרעק, אַף יעדן שריט און טריט וואַרט אַף דיר אַ קויל, אַ שפּליטער. איך זעץ זיך שרײַבן צו דיר שטענדיק מיט איין שטרעבונג, אָפּוואַרפן אַן אַ זײַט דאָס געפיל פון שרעק, דעם געדאַנק וועגן סאַקאָנע, אָבער ניט שטענדיק גייט זיך עס אײַן.

זיי האָבן דאָך אײַך פּאַשעט גערעטעוועט, די צוויי יינגלעך. איך שטעל זיך פאָר, ווי קאַלט און נאַס עס איז געווען דער פאַרנאַכט, ווי איר בלאָנדזשעט און זוכט אַ וועג צום דאָרף און ווייסט ניט, אַז די דײַטשן האָבן שוין אָקופּירט אַלץ אַרום! און דאָ — אַזאַ גליק! ווי עמעצנס אַן אויסגעשטרעקטע פרײַנטלעכע האַנט! זיי האָבן פאַרשטאַנען, די קינדער, אַז מע דאַרף אײַך ראַטעווען, און אַן מוירע זיך אונטערגענומען אַרויספירן דורך די גערטענער צום טײַכל! און דאָרט איז אַפילו קיין בריק ניט געווען! דרײַ דינע, גליטשיקע בערווענעס, זיי האָבן געפּויזעט צוזאַמען מיט אײַך... און דערנאָך אין דער פינצטער דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג צוריק! צוויי קינדער!

איך פאַרשטיי, ווי טײַער דיר זײַנען נאָך אַזאַ רעטונג אונדזערע בריוו. מײַנע, די קינדערס. דו געפינסט דעמלט ניט נאָר זיך, נאָר אויך אונדז. דו האָסט שוין ניט איין מאָל געזאָגט, אַז די קינדערשע בריוו און אויך מײַנע זײַנען דיר נייטיק און זיי געפעלן דיר. איך וואָלט וועלן וויסן, וועלכע בריוו געפעלן דיר און מיט וואָס? איך לייען נאָר איבער די קינדערשע, מײַנע — זייער זעלטן. ווײַל ריר זיך נאָר צו, וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז ס'איז פול מיט גרײַזן, אומקלאָרקײַט, אַמאָל אַפילו באַקומט זיך דאָס, וואָס דו האָסט ניט געוואָלט זאָגן. איז זאָל עס גיין אַזוי, ווי עס האָט זיך אָנגעשריבן. אָבער ווען דו זאָגסט אַזעלכע ווערטער, ווי „זײַן נייטיק און געפעלן זײַן", איז דאָס מיר זייער טײַער. זײַן נייטיק און געפעלן זײַן! דאָס זײַנען דאָך צוויי זײַלן, אַף וועלכע עס שטייט די וועלט. זײַן נייטיק און געפעלן וויל יעדערער, זאָל זײַן ניט שטענדיק, נאָר צײַטנווײַז, ניט אַלעמען, נאָר אויסדערוויילטע. אָבער אומבאַדינגט געפעלן. איז וואָס איז דער כעס, אויב איך וויל געפעלן מײַן אייגענעם מאַן, מיט וואָס איז ער ערגער פון אַנדערע אויסדערוויילטע?

איך האָב דאַפקע איבערגעלייענט דאָס, וואָס איך האָב איצט אָנגעשריבן, נאָר מײַן אייגענער שפּאַס האָט מיר גרינגער אַפן האַרצן ניט געמאַכט.

זײַ געזונט און, ווי מע זאָגט אין אַזעלכע פאַלן, זײַ רויִק — כ'בין מיט דיר.

## דער לעצטער לײַלעך

וואָס האָט ער דאָרט אָנגעבאַלבעט, דער פיפערנאָטער? איז וואָס האָט מען דיר איבערגעגעבן? איך זע אויס שלעכט? איך נייטיק זיך? איך האָב פאַרקויפט דעם לעצטן לײַלעך? פונוואַנען האָט ער דאָס אַלץ גענומען?

איך האָב טאַקע פאַרקויפט און ניט נאָר אַ לײַלעך, און ניט דעם לעצטן.

כ'האָב געדאַרפט קויפן עפּעס אַנדערש. און וואָס איז דאָ דער אומגליק — אַלע טוען איצט אַזוי. נאָר איך נייטיק זיך ניט. איך באַקום דײַן אַטעסטאַט — זיבן הונדערט פופציק רובל. צאָל פאַר אַלע דרײַ קינדער אין אינטערנאַט פינף הונדערט צען. די דירע מיט דער הייצונג און אַנדערע קלייניקײַטן — אַ רובל הונדערט פופציק. אַזוי אַז איך גיי אַרויס מיטן קערן. אַליין אַרבעט איך אין אינטערנאַט. וואָס צו עסן האָב איך. מיר האָט עטלעכע מאָל געשיקט אַ היפּשע סומע דײַן פּלימעניק אַבראַשע פון זײַן אַטעסטאַט. עמעס, דאָס געלט איז אויך ניט געווען איבעריק. ביכלאַל, געלט באַ מיר האַלט זיך ניט און וואַרט ניט איינס אַפן אַנדערן. ווײַל דאָס האָב איך פײַנט. און מע מוז טאַקע עפּעס צוקויפן אַפן מאַרק. אַ שטיקל פּוטער, אַ ביסל מילך, אַ געררייכערט פישל. אויך פון מאַלבושים און שיך אין אונדזער קלייט באַם אינטערנאַט. און אַלץ קאָסט געלט. איז טרעפט, אַז מע דאַרף זיך ווענדן צו אַ לײַלעך. אָבער נייטיקן זיך — דאָס איז אויסגעשלאָסן.

איך טראכט נאָר, ווען האָט ער, דער פלאַפּלער, באַוויזן זײַן דאָרט בא אײַך, ער זיצט דאָך די גאַנצע צײַט דאָ, אין הינטערלאַנד! אָט א פלוידערזאַק, און א שטויביקער פלוידערזאַק דערצו. אויסקלאַפּן איז אים אומעגלעך. ער האָט דאָ בא אונדז אַנומלטן פאַרקאַכט א מײַסע, אַרײַנגעמישט מיך אויך. איך בין געוואָרן אופגערעגט, אים אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס און געמומען אויסריידן. איז הער, ווי ער האָט זיך אויסגעדרייט.

— אָט א מײַסע! אָט א געשיכטע! — האָט ער אָנגעהויבן, און אַף א קאָל, — איך האָב געמיינט, איר וועט מיר זאָגן אזוי און אזוי, וועל איך אײַך ענטפערן אזוי, וואָלט איר מיר געענט־פערט ניט אזוי, נאָר אַנדערש... וואָלט דאָס געווען אינטערעסאַנט...

... און אזוי, ווי מיר איז אזעלכס ניט אײַנגעפאַלן, האָט ער מיט מיר ניט וואָס צו ריידן. דערווײַזן עפּעס אזא מענטשן איז אלציינס ווי קנעטן וואַסער. בעסער אָפּגיין אין א זײַט, און זאָל ער האַקן א טשײַניק.

דו האָב קיין יעסורים ניט. איך זע אויס ניט שלעכט, די קינדער — דאָס זעלבע. איך בין געוואָרן שענער, יינגער און אַפילע עטוואָס אויסגעוואַקסן. וואָס ווילסטו נאָך?

## בריוו אַף פּאַטשט

אָנשטאָט שרײַבן דיר האָב איך נעכטן אָנגעשריבן פינף, זעקס אָדער עפּשער זיבן בריוו פאַרשיידענע מענטשן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אזוי.

נעכטן איז מײַן פרײַער טאָג צונויפגעפאַלן מיט א מאַרק־טאָג. איך האָב זיך געקליבן אָנ־שרײַבן דיר א גרויסע בריוו, נאָר אין שטוב איז ניט געווען קיין טינט, בין איך אוועק אַף פּאַטשט מיט צוויי בייגעלעך פּאַפּיר. און דאָרטן האָט זיך גלײַך געלאָזט פילן דער מאַרק־טאָג. מענטשן א סאַך און הענטלעך אינגאַנצן דרײַ. איך האָב א בעט געטאָן א פרוי געבן מיר דאָס הענטלפען, ווען זי וועט ענדיקן שרײַבן. איז אָבער גלײַך געוואָרן א טומל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז א מענטשן זעקס וואַרטן אַף דער הענטלפען. איך בין צוגעגאַנגען צו א צווייטן, — דאָס זעלבע. בין איך אוועק אהיים נאָך א הענטלפען.

אַף פּאַטשט, ווי נאָר איך האָב גענומען שרײַבן, איז געוואָרן א ריי נאָך מײַן פען. איך האָב געמוזט דערקלערן, אז דאָס הענטל, מיט וועלכער איך שרײַב, איז מײַנס אָן אייגנס. דעמלט האָט זיך אַרויסגערוקט אָן עלטערע פרוי, א פויערטע, און האָט געבעטן אָנשרײַבן א בריוו איר זון אַף מילכאָמע, ווײַל זי אליין קען ניט שרײַבן. איך האָב באַשלאָסן אָנשרײַבן, זי זאָל איבער דער נע־שאָמע ניט שטיין. און דאָ בין איך אַרײַנגעפאַלן.

הער אויס. איך האָב גענומען שרײַבן. אלע האָבן זיך געוווּנדערט, ווי פלינק איך שרײַב, ווי איך זאָג אונטער, וואָס נאָך צו שרײַבן, פון וועמען נאָך איבערגעבן א גרוס און ווי־אזוי פרעגן, וואָס האָט זיך געטראָפן אין דער היים. און איך האָב געדענקט דעם נוסעך פון די שול־יאָרן, ווען כ'פלעג שרײַבן בריוו אלע דינסטן פון אונדזער גאַס: „איך לאָז גריסן דער מומע יעפּראָסי־ניע, און דעם פעטער ניקאָלײַ, און דער שוועסטער זייערער מאַשען, און צי האָט שוין אָנגעהויבן גיין די קליינינקע אַניוטקע... שרײַבט מיר אָן, וואָס הערט זיך מיט אונדזער קאַלב מאַשקע...“

די בריוו האָט זיך מיר אײַנגעגעבן. א גוטע, ניט קיין קאַרגע בריוו, די מוטער איז געווען גערירט, מיך עטלעכע מאָל געדאַנקט, דערנאָך אַרײַנגערוקט מיר עפּעס אין האַנט. איך האָב געעפנט די דלאָניע. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט א ניט גאָר ריין שטיקל צײַטונגס־פּאַפּיר, אין וועלכן עס איז געלעגן א שטיקל צוקער. ניט קלאָר־ווײַס און טאַקע א ביסל פֿײַכט אויך. איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו טאָן.

— איך דאַרף ניט, איך באַקום א פּאַיאָק, — האָב איך זיך גענומען אָפּזאָגן.

זי האָט פאַרבויגן מײַנע פינגער און שטילערהייט אײַנגערעדט:

— נעם, נעם. אַף וויפל טעג קלעקט דיר דײַן פּאַיאָק?

— עס קלעקט, עס קלעקט. לאָז דאָס איבער זיך.

— זאָג זיך ניט אָפּ! דאָס פּאַפּירל וועסטו אַרויסוואַרפן, און די טיי וועט זײַן זיס. נעם, באַליידיק ניט א מענטשן.

נו, ווי נעמט מען ניט א גאָב, וואָס מע גיט דיר פון גאַנצן האַרצן.

דאָ איז צו מיר צוגעגאַנגען אָן עלטערער מענטש מיט דער זעלבער ביטע — אָנשרײַבן א בריוו:

— שרײַבן קען איך, אָבער עס זײַנען בא מיר פאַרפאַלן געוואָרן די ברילן. זע איך גאָר־נישט ניט. און ווו וועסטו איצט, אין א צײַט פון מילכאָמע, קריגן ברילן. זײַ אזוי גוט. העלף.

איך האָב גענומען שרײַבן. ווײַזט אויס, צו קרוויים. ער האָט דיקטירט לאַגיש, רויק. ער וויל קומען צו זיי דאָרט איבערקומען די מילכאָמע. ער געדענקט, אז באַם פעטער אכאַטן זײַנען

געוועזן ברילן, איז אויב זיי זײַנען גאנץ, וועלן זיי אים צוניץ קומען. מיט ברילן איז ער א נייטיקער מענטש און וועט פאר אלץ מיט האַרעוואַניע אָפּדאנקען. פונעם זון דעם לייטענאַנט באַקומט ער אַן אַטעסטאַט, און פאר דעם געלט קאָן ער פולשטענדיק דורכקומען, נאָר געבליבן איז ער איינער אליין און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. און דאָרט אין א שטוב, ווו ס׳זײַנען דאָ אייגענע מענטשן, וועט ער ניט זײַן קיין איבעריקער, ווײַל טאָן קאָן ער אלץ.

נאָך דער בריוו האָב איך אָנגעשריבן נאָך עטלעכע. איך האָב אונטערגעזאָגט, געגעבן אייצעס, וואָס שרײַבן און וואָס פארשווײַגן.

ס׳איז אלעמען געפעלן, וואָס יעדער אָנגעשריבענע בריוו לייען איך איבער פון אָנהייב ביזן סאָף — זאָל זײַן אָן גענארערײַ. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך אליין געפילט, מיט וויפל נעשאָמע און הארץ עס שרײַבט זיך מיר, און מיר איז געווען גוט.

אָבער דיר שרײַבן האָב איך שוין ניט געקאָנט. אומדערוואַרט איז צו מיר צוגעגאַנגען א מיידעלע פון א יאָר צוועלף־דרײַצן און געבעטן אונטערזאָגן איר, וואָס זאָל זי שרײַבן איר כאַ־ווערטע. זי לערנט זיך שוין אין פינפטן קלאַס און זי קען, נאַטירלעך, שרײַבן, אָבער זי ווייסט ניט, וואָס צו שרײַבן. איך האָב זי פאַנאַנדערגעפרעגט וועגן איר כאַווערטע, וועגן זייער פרײַנט־שאַפט. דאָס מיידעלע איז אוועק א צופרידענע און האָט שוין קלאָר געוווּסט, וואָס זי וועט שרײַבן.

אהיים בין איך געקומען אין א גוטער שטימונג און גלײַך דערציילט אלץ דער אלטער. זי האָט מיך אויסגעהערט און א זאָג געטאָן:

— ס׳איז גוט, וואָס דו געפעלסט זיך.

— פאַרוואָס זיך? אָט זעט, וואָס פאַר א טראָפּיי איך האָב.

איך האָב איר באַוויזן דאָס שטיקל צוקער.

— קאָנסט עס ארײַנוואַרפן דעם כאַזערל אין שיסל. פלייש האָט א טאַם פון דעם, מיט וואָס מע האָדוועט עס. איך זע, דיר געפעלט ניט מײַן אייצע. איז לייג עס אוועק אויף דער פּאָליצע. די טיי וועט זײַן זיס, ביז דו וועסט קוקן אויף דעם.

איך האָב גענומען דאָס שטיקל צוקער צו זיך. איך האָב מיט פאַרדראָס געטראַכט וועגן דער אלטער. טאַקע אזוי: א מאַמע איז מיסטאָם ניט גרינג אָנגעקומען אָפּשפּאָרן א שטיקל צוקער צו באַדאַנקען דעם, וואָס וועט אָנשרײַבן א בריוו איר זון, איז ווי גיט מען עס א זאָג: „דעם כאַזערל אין שיסל״? און איך שטעל זיך פאָר, ווי דער כאַזער האָט איינס־צוויי און עס אופגע־כראַמקעט. ניין!

איך האָב עס אוועקגעלייגט, דאָס שטיקל צוקער, אויפן טיש און צוגעשפּאַרט זיך אויפן בעט. ס׳איז געווען באַנאַכט, ווען איך האָב זיך אופגעכאַפּט. דער טיש איז געווען באַלויכטן פון דער לעוואָנע, און דאָס שטיקל צוקער איז ווי מאַגערער געוואָרן. נאָר עס איז געווען דאָ, און דאָס האָט מיך געפרייט.

נאָר די אלטע קאַרפּאַוונאַ. אָט א נעשאָמע פון א פיש! דו האָסט געהערט, ווי זי האָט מיר געזאָגט: „גוט, וואָס דו געפעלסט זיך״. איך האָב דעמלט ניט באַמערקט די איראָניע אין די ווערטער. שוין זשע האָב איך דאָס אלץ געטאָן, ווײַל איך געפעל זיך? צי איך האָב איר אזוי דערציילט? „מיך האָט מען געדאַנקט, אלעמען איז געווען געפעלן, ווי איך שרײַב, איך האָב געקאָנט שרײַבן, ווען איך וויל...״ יאָ, איך האָב זיך באַרימט...

ניין, דו ווייסט, די אלטע איז פונדעסטוועגן ניט קיין איבעריקע אויף דער וועלט. גיט א קלאַפּ איבער די פליגעלעך, ווערסטו שטילער.

## וועגן א בריוו צו גרישײַעוון

איך האָב הײַנט באַקומען א גוטע בריוו פון דײַן רעדאַקטאָר גרישײַעוון. ער זינגט דיר אזעלכע שוואָכים, אז איך האָב אים געענטפערט אין דעם זעלבן טאָן און נאָך בעסער. זאָל ער ניט מיינען, אז אין דער היים שאַצט מען דיך ניט אָפּ. איך האָב אים נאָר געבעטן ניט קושן דיך, ווײַל דאָס געהערט מיר. און נאָך, אין דעם זעלבן טאָן. ווי מיינסטו, ער וועט זיך ניט באַליידיקן?

ס׳איז בעעמעס א גליק האָבן לעבן זיך אזא גוטן כאַווער, אזא איבערגעגעבענעם פרײַנט. פאַרשטענדלעך, ווי דיר איז וואַרעם מיט אים.

אז מע דערמאָנט זיך, ווי מע האָט זיך געסטאַרעט אײַך צעקריגן! אָנרייצן איינעם אויפן אַנדערן. און דאָס צווישן מענער אויף מילכאָמע. איז וואָס איז שוין צו ריידן, ווען עס טרעפט זיך אזעלכס בא אונדז אין הינטערלאַנד.

אָט האָבן זיך דאָ צעקריגט און שיר ביז כ׳ווייס־ניט־וואָס דערגאַנגען צוויי אונדזערע מאָסקווער פרויען איבער א כאַזערל. מע האָט געקויפט צוזאַמען א כאַזערל, קעדיי אויסהאָדעווען און דערנאָך טיילן דאָס פלייש. נאָר מע האָט פאַרגעסן, אז פריִער דאַרף מען דעם גאָבן עסן, און פון דעם האָט זיך אָנגעהויבן...

אין לעבן איז, ווייַזט אויס, שטענדיק אַזוי, ווען מע טראַכט ניט, אז פריִער ווי עפּעס באַקו־מען דאַרף מען א סאַך געבן און אז דאָס געגעבענע ווערט ניט פאַרפאַלן.

געוויס דאַרף מען זייַן אַזוי קלוג, ווי איר זייַט געווען, און ניט אונטערגעבן זיך קליינלעכע כעזשבוינעס, און דעמלט איז די פרייַנטשאַפט שטאַרקער. ווי עס שטייט אין דייַנער א שורע: „דער שוים צערינט, די ליבע דויערט ווייַטער".

מיר באַקומען אַלע דייַנע אַרטיקלען און דערציילונגען, וועלכע דו שיקסט אונדז. מיר זעען דייַן אַרבעט. באַזונדערס געפעלט אונדזערע קינדער דייַן הומאָר.

דו ביסט אַף מילכאָמע, און פון קיין שווערער אַרבעט טאָר מען זיך ניט אָפּזאָגן, נאָר עס פאַרדריסט, וואָס אַזויפיל מי און קראַפט גייט אַוועק ניט אַף דעם וויכטיקסטן, וואָס דו וואָלסט געקענט שאַפן.

איך בין מיסטאָמע ניט גערעכט. דאָ איז געווען דער פּאָעט סורקאָוו. ער האָט געהאַלטן א גרויסן פּאַרטראַג אין היגן קלוב. האָט מיט גרויס אַכטונג גערעדט וועגן דער אַרבעט פון שרייַ־בער אַף מילכאָמע, וועגן די נוצן, וואָס זיי ברענגען, און אויך וועגן דעם, אז פאַר די שרייַבער איז וויכטיק זייַן דאָרט, אַפן פראָנט. ער האָט זייער וואַרעם גערעדט וועגן דיר.

## קלאַוודיעס געבורטסטאָג

נו, איך האָב זיך דערוואַרט! איך האָב דיר געשריבן, ווי איך האָב זיך באַפרייַנדעט מיט מייַנע באַלעבאָסטעס. דערצו מיט יעדער איינער פאַרשיידן. קלאַוודיע דערציילט מיר וועגן אירע איבערלעבונגען, איך הער און שווייַג צו. מיט דער אַלטער פאַרקערט: זי רעדט ווינציק, אָבער איך לאָז זי ניט צורו — צי זי פאַר דער צונג. שטענדיק וווּנדערט זי מיך מיט אירע אויסדרוקן און אויספירן, וואָלאָדיע האָט מיך אופגעהערט צו אינטערעסירן. איך ווייס ניט, וועגן וואָס מיט אים ריידן. און שטענדיק טראַכט איך: „איַי, זאָל ער גיין!" נאָר דאָס שטערט מיר ניט פילן זיך דאָ גוט.

אַזוי איז געווען. איצט האָט זיך אַלץ געביטן. איך וועל דיר דערציילן, ווי דאָס איז פּאַרגעקומען.

נעכטן האָט קלאַוודיע שטילערהייט מיר געזאָגט (ביכלאַל האָט זי א טעווע הויך לאַכן און שטילערהייט עפּעס איַינרוימען ווי א סאָד):

— פאַרהאַלט זיך ניט נאָך דער אַרבעט, און ווי נאָר דו וועסט קומען אַהיים, טו זיך אָן וואָס שענער...

— וואָס איז? דייַן געבורטסטאָג?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— יאָ, מייַן געבורטסטאָג.

איך האָב גענומען זוכן אין מייַנע שמאַטעס, וואָס צו שענקען איר. געפונען דאָס ראָזע האַלדזטיכל מיט געלע קווייטעלעך, דו געדענקסט עפּשער, אייַנגעוויקלט עס אין א פּראָסט טיכעלע. א רוק געטאָן אונטער דער קישן און אַוועק אַף דער אַרבעט. איך בין געקומען ווי מעגלעך פרי און גלייַך דערהערט אומבאַקאַנטע שטימען אין קיך — הייסט עס, דאָרטן נעמט מען אויף געסט. איך האָב אַפּגיך איבערגעטאָן זיך, גענומען די מאַטאַנע און בין אַוועק אין קיך.

די קיך איז געווען יאָמטעוודיק באַלויכטן. דער טיש — באַדעקט מיט א ווייַסן טישטעך, פול מיט עסן און טרינקען. באַם טיש — וואָלאָדיע און א מאַנצבל אין די מיטעלע יאָרן, קלאַוודיע אויך. (פאַרוואָס האָט זיך מיר אויסגעדוכט אז איך הער א סאַך אומבאַקאַנטע שטימען?) די אַלטע גייט אַרייַן, גייט אַרויס. אַזאַ טעווע בא איר.

מיך האָט מען גלייַך באַקאַנט:

— מיכאַיל סעמיאָנאָוויטש, פּאָדפּאָלקאָווניק! — אונדזער שכיינע!

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט. אָט איז א מענטש, וועלכער וועט דערציילן וועגן דער מילכאָמע און עפּשער עפּעס וועגן איר גיכן סאָף. איך האָב זיך גלייַך געזעצט לעבן אים. איך האָב באַמערקט, אז אַלע האָבן זיך צעשמייכלט. איך האָב פון דעם קיין ווערט ניט געמאַכט און גלייַך פאַרפירט א שמועס וועגן די לעצטע נייַעס פון פראָנט, וועלכע מיר באַקומען פון ניט זיכערע קוואַלן, געפרעגט, וואָס קאָן ער דערציילן, און פון וועלכן פראָנט איז ער געקומען, און ווען וועט

שוין זײַן דער געגארטעטער סאָף. אױף א רעגע איז שטיל געװאָרן, אָבער מיכאיל סעמיאָנאָװיטש האָט זיך ניט פארלאָרן, דערקלערט, אז פריִער פון אלץ דארף מען אויסטרינקען און פארבײַסן. און גלײַך אָנגעגאָסן צו א גרויס גלעזל בראַנפן.

איך האָב זיך אופגעהויבן: „פאר דער אימעניניצע — פאר קלאַוודיען!" — אויסגעטרונקען און דערלאַנגט קלאַוודיען מײַן מאַטאָנע. קלאַוודיע האָט צעוויקלט דאָס פּעקעלע, ארופגעוואָרפן אױפן האלדז דאָס טיכעלע און זיך צעלאכט. קיינער האָט מײַן טאָסט ניט אונטערגעהאלטן. דאָס האָט מיך א ביסל פארוואונדערט, אָבער צײַט אױף צו טראכטן איז ניט געווען. מע האָט גלײַך אָנגעגאָסן נאָך און אויסגעטרונקען. פארבײַסן איז געווען מיט וואָס: ווורשט, קאָנסערוון, ווײַס געבעקס. איך האָב דערמאָנט קלאַוודיען, אז מע דארף א רוף טאָן די מאַמע, זי האָט א מאך געטאָן מיט דער האַנט: „זי איז אַן אלטע, וועט צום טיש ניט גיין".

אלע מײַנע פּרוּוון א קער טאָן דאָס געשפּרעך נעענטער צו דער מילכאָמע האָבן קיין דער־פאָלג ניט געהאַט. מיכאיל סעמיאָנאָוויטש האָט אָפּגערוקט, אָפּגעלייגט דאָס געשפּרעך אױף שפּעטער און האָט אָנגעגאָסן ווידער. ס'איז געוואָרן וואַרעמער, טומלדיקער. אין פענצטער האָט געקוקט א גרויסע לעוואָנע.

מיכאיל סעמיאָנאָוויטש האָט זיך ניט געקארגט קיין טרונק און האָט געהאלטן אין איין דער־ציילן וועגן דעם, ווו און ווי מע קאָן קריגן בראַנפן, וועגן א שטעטל (דעם נאָמען געדענקט ער שוין ניט), ווו ס'איז געשטאַנען זייער טייל, און וועגן דעם, ווי ער האָט זיך באַקענט דאָרט מיט אַן „אלטיטשקער" פון א יאָר זיבן און צוואַנציק און האָט בא איר געטאָגט און גענעכטיקט. וואָלאָ־דיע האָט אונטערגעהאלטן די פּיקאַנטע ליניע פונעם געשפּרעך. מע האָט צעשמירט די פראגע וועגן פרויען אלץ מער, דערציילט, ווי זיי יאָגן זיך איצט נאָך מענער. איך האָב געזאָגט, אז מיר איז גוט: אדאַנק מײַנע יאָרן פיל איך ניט דעם מוז געפעלן צו ווערן.

— דאָס איז נאָר פרויען־קאָקעטערײַ, — האָט א זאָג געטאָן מיכאיל סעמיאָנאָוויטש.

איך האָב גענומען דערווידערן:

— מאַנצבילען אינטערעסירן זיך ניט מיט אזעלכע, ווי איך...

ער האָט געזאָגט, אז ס'איז פאראַן א צײַט אין לעבן, ווי א צײַט אין יאָר, ווען אלטע און נײַע קאַרטאָפל זײַנען אין איין מעקעך.

קלאַוודיע האָט זיך שטארק צעלאכט, מיך האָט ווי א הייב געטאָן פון אָרט: עס האָט זיך מיר פארוואָלט געבן אים א שטויס, א קלאַפּ. כ'ווייס ניט, וואָס איז דאָס אָבער געווען פאר א בראַנפן. פארוואָס בין איך גלײַך א פאַל געטאָן צוריק אױפן שטול. איך האָב אופגעהויבן דעם קאָפּ און ווידער דערזען אין פענצטער די לעוואָנע. א קײַלעכיקע, א מעכטיקע און אזא נאָענטע, אז, דאכט זיך, עפן נאָר דאָס פענצטער און שטרעק אויס די הענט, דערלאַנגסטו זי. זי האָט געקוקט גלײַך אױף מיר. איך האָב ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס זאָל דאָס הייסן. איך האָב געוווּסט, אז א לעוואָנע דארף שווימען איבערן טונקל־בלויען הימל, באהאלטן זיך הינטער א וואָלקן און באַזוימען זײַן ראַנד מיט א העל־זילבערנער שײַן, דערנאָך באַווײַזן זיך פּאַמעלעך, ביסלעכווײַז, ווי פארשעמט, אלץ מער און מער... און די איז געשטאַנען ווי א צוגעקלעפּטע, און ניט פון אָרט. זי האָט מיר גוואַלדיק געשטערט, און איך האָב באַשלאָסן פארגיטיקן זי, אבי זי זאָל אוועק פונדאַנען.

איך האָב גענומען דערציילן אַן אלטע ייִדישע לעגענדע וועגן צוויי געליבטע, וואָס האָבן געגעבן א שווּע אין ליבע און טרײַהײַט ביזן טויט. און איידעס פון דעם זײַנען געווען די לעוואָנע און די קאַץ. איך האָב געפּלוידערט, און איך האָב עס געפילט. נאָר מיר איז נייטיק געווען די לעוואָנע און נאָך עמעצער צום רומל, — האָב איך ארײַנגענומען די קאַץ. זי איז געלעגן לעבן אויוון און געפינטלט מיט די גרינע אויגן.

די אלטע קאַרפאָוונא איז דורכגעגאַנגען אין פירהויז, האָב איך זי אויך ארײַנגענומען אין דער לעגענדע, ווי אַן אלטע, ווילע באָבע, וועלכע האָט געבענטשט די געליבטע אױף ליבע און טרײַהײַט. איך האָב גרינג געשפּינט די לעגענדע, אומפארשעמט ארײַנגעפלאָכטן דאָס, וואָס מיר איז געקומען בעשאַס־מײַסע אין קאָפּ. ווערטער זײַנען געלאָפן מיר אנטקעגן. איך האָב ניט געשאַ־נעוועט די געליבטע, געשלײַדערט זיי אין פארשיידענע אָפּגרונטן, געוואָרפן אין צוזאַמענשטויסן מיט שלעכטע מענטשן, מיט דער ווילדער נאַטור, ניט איין מאָל זײַנען זיי געווען גרייט צו פאראַט... נאָר יעדע נאַכט פלעגט זיך פאר זיי ווײַזן די לעוואָנע, די קאַץ, און זיי האָבן ווידער געשטרעבט איינער צום אנדערן. מע האָט מיך זייער אופמערקזאַם געהערט. וואָלאָדיע און קלאַוודיע זײַנען געזעסן נאָענט איינער צום אנדערן. מיכאיל סעמיאָנאָוויטש האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. איך האָב דאָס געזען און געפילט מײַן גרויסן דערפאָלג. דערפאר האָב איך אפאָנעם פארגעסן דעם סאָף פון דער לעגענדע און ניט געקאָנט צוטראכטן אַן אייגענעם, ניט קיין וואָכעדיקן. איך האָב פארענדיקט מיט א קורץ זיפצעלע:

— ניטאָ איצט יענע ליבע און יענע טרײַהײַט!

מיכאל סעמיאַנאָוויטש האָט גלײַך אַ קערעווע געטאָן דעם קאָפּ צו מיר, ווי ער וואָלט זיך קוים דערוואַרט, איך זאָל ענדיקן.

— פֿון וואָס פֿאַר אַ קאַסטן האָט איר ארויסגעשלעפּט אָט דאָס פֿאַרשימלטע אַלטוואַרג?

ער האָט זיך אַ הייב געטאָן, אַ וואַקל געטאָן און ווידער זיך אַוועקגעזעצט. דערבײַ אַזוי אַ שלעפּ געטאָן דעם טישטעך, אַז דער בראָנפֿן פֿון די גלעזלעך האָט זיך אויסגעפּליעסקעט, און דאָס האָט אים מיסטאָמע צוגעגעבן היץ.

— וועלכע ליבע און טרײַהײַט ווילט איר? אַ? — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — איר, אָנגעפּילטע מיט פּוסטע ראָמאַנען! איר פֿאַרשטייט, אין וואָס פֿאַר אַ צײַט מיר לעבן? נאָר אַ טראַכט טאָן! ניטאָ אַזאַ ליבע און טרײַהײַט! צי ווייסט איר, וואָס איז פֿאַראַן? פֿאַראַן אַ שרעקלעכע מילכאָמע איצט, און נאָך מער אַ שרעקלעכע וועט קומען דערנאָך, ווען מע וועט זיך נעמען פֿאַנאַנדערקלײַבן, ווער איז שולדיק... וועלכע ליבע און טרײַהײַט שטעלט איר זיך פֿאָר? צי מיינט איר עפּשער די ליבע און טרײַהײַט פֿון אײַער מאַן, וועלכער איז קוים ארויסגעקראָכן פֿון אָקאָפּ און פֿון שלאַכט, אַ מידער, אַ נאַסער און טראַכט נאָר, ווי דערקלײַבן זיך ביז אַ וואַסער-ניט-איז שטיבל און ביז אַ וואַרעם לײַב, אַף צו דערוואַרעמען זיך. צי עפּשער מאָלט איר זיך אויס אײַער מאַן אַף אַ זאַט פֿערדל צווישן גרינע לאָנקעס, ער רײַט דאָרט און טראַכט נאָר וועגן דער ליבע און טרײַהײַט פֿון זײַן איין-און-איינציקער הויכגעשעצטער פֿרוי. מיר זײַנען מילכאָמע-מענטשן, פֿאַרשטייען אַלץ און קאָנען אַלץ מויכל זײַן. און איר שלעפּט ארויס אַן אָפּגעריבענע מאַטבייע און גיט דאָס ארויס פֿאַר ריין גאָלד. מע דאַרף נעמען פֿון לעבן, וואָס עס לאָזט זיך, און אַליין געבן פֿון פֿולן האַרצן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אַף קלאַוודיען און וואָלאָדיען. זיי האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ס'איז זיי געווען צום טאַנץ זײַנע ווערטער. איך האָב קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין אינגאַנצן ניכטער. איך האָב נאָר געזאָגט:

— צי מיינט ניט מיכאל סעמיאַנאָוויטש, אַז זײַנע ווערטער זײַנען שפּאָגל-נײַ? איך האָב זיי געהערט אין מײַנע יוגנט-יאָרן — ווען פֿאַרליבטע ייִנגלעך האָבן ניט געוווּסט קיין אַנדער צוגאַנג צו אַ פֿרוי. כאָטש דעמלט איז ניט געווען מילכאָמע-צײַט.

ער איז אַ ביסל ווי אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער גלײַך גענומען איבערכאַזערן דאָס זעלבע מיט נײַע פֿאַקטן און באַמערקונגען. ער האָט ווידעראַמאָל פֿאַרבײַגייענדיק אַ שפּײַ געטאָן דיר אין דער קאַשע. נאָר איך האָב שוין ניט געוואָלט געפֿינען פֿאַר אים קיין שאַרפֿן ענטפֿער. דאָס געשפּרעך האָט געהאַלטן באַם אויסרינען, ווי אַ שטיקעלע פּוטער אַף אַ הייס מעסער. אָט-אָט גייט עס צו צום ראַנד און ווערט אויס. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: ניט קעדײַ צו וואַרטן אַף אַזאַ מיִעסן סאָף. בין אופֿגעשטאַנען און הויך געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט!“

דאָס האָט אַ קלונג געטאָן אומדערוואַרט און צו הילכיק. נאָר דאָס אַלץ פֿאַרשטיי איך שוין איצט. אין יענעם מאָמענט האָב איך פּאַשעט געוואָלט שלאָפֿן. איך האָב וועגן גאָרנישט ניט גע-טראַכט.

נאָר הײַנט אינדערפֿרי, ווען איך בין נאָך געווען פֿאַרזונקען אין טיפֿן שלאָף, האָט זיך מיטאַמאָל אָן עפּן געטאָן די טיר; לעבן מײַן בעט איז ווי אויסגעוואַקסן קלאַוודיע. אָן אַ גוט-מאָרגן, אָן אַ פֿאָרעדע איז זי אָנגעפֿאַלן אַף מיר:

— וואָס האָסטו דאָס נעכטן אָפּגעטאָן? האַ?

— איך ווייס ניט.

— זי ווייסט ניט! דו ווייסט ניט! ווי האָסטו דאָס באַליידיקט אַ פּאָדפּאָלקאָווניק! אַ פֿאַר-וווּנדעטן! ערשט צוויי וואָכן פֿון שפּיטאָל ארויס.

— איך האָב ניט געוווּסט.

— דו האָסט ניט געוווּסט?! איך האָב דאָך אַליין געהערט, ווי וואָלאָדיע האָט דיר געזאָגט, אַז ער וויל דיך באַקאַנען מיט אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, אַ פֿאַרווונדעטן, אַ ייִד. און דו האָסט געשמייכלט און מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט. הייסט עס, דו האָסט געוואָלט אַזאַ באַקאַנטשאַפֿט.

— איך האָב ניט געוווּסט...

איך האָב אַזוי געוואָלט שלאָפֿן, אַז איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס איך רייד. זי האָט ניט געענטפֿערט. אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ כאַפּ געטאָן זיך פֿאַר דער טיר און מיט אימפּעט ארויס.

איך בין געקומען צו זיך. גענומען זיך דערמאָנען, וואָס נעכטן איז געשען. און טראַט נאָך טראַט אופֿגעשטעלט אַלץ, וואָס איך האָב דיר שוין באַשריבן. איצט בין איך בעעמעס געווען אויסער זיך. שולדיק איז געווען מײַן אומצופֿרידנקײַט מיט וואָלאָדיען. ווען איך זאָל אים ניט פֿרעגן וועגן מילכאָמע, וועגן דער לאַגע אַפֿן פֿראָנט, ווו דו געפֿינסט זיך, ענטפֿערט ער מיט אַ

טאָן פון א באַפעל: „הערט, הערט די ראַדיאָ״. האָב איך זיך אופגעהערט צוהערן צו זײַנע ווער־טער. איך פלעג נאָר צושאָקלען מיטן קאָפּ, מאַכן אַן אָנשטעל, אז איך הער, און טראַכטן וועגן עפּעס מײַנס. איך דערמאָן זיך טאַקע, אז ער האָט גערעדט וועגן א באַקאַנטשאַפט מיט א פּאַד־פּאַלקאָווניק, נאָר איך האָב ניט באַנומען, אז מע מיינט דאָס מיך. איצט בין איך געווען גוט גע־שטראָפט. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט מײַן ווײַט ניט פריילעכן זײַן דאָ. איך האָב זיך געפּײַניקט אַלץ מער און מער. זיך געכאַפּט אָנטאָן, קעדיי לויפן דערווײַז, אויסטײַנען זיך.

נאָר אין שטוב איז קיינער ניט געווען. און ס'איז געווען אונטערגעשטראָכן די נײַע באַציִונג צו מיר. אין קיך איז דער סאַמאָוואַר געווען אויסגעלאָשן. קיין גלאָז אפן טיש, כאָטש קלאַוודיע ווייסט גוט, אז בא מיר איז הײַנט א פרײַער טאָג און אז איך האָב ליב צו טרינקען טיי אין דער היים. קלאַוודיעס צימערל, וואָס איז געווען שטענדיק פאַר מיר אָפן (איך פלעג אהין אַרײַנגיין א קוק טאָן אפן זייגער), איז איצט געווען פאַרמאַכט: אָנשטאָט א שלאָס זײַנען די רינגעלעך גע־ווען פאַרבונדן מיט א שטריקל. ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין מײַן צימער, האָב איך דערזען לעבן מײַן בעט דאָס ראָזע האַלדזטיכל מיט די געלע קווייטעלעך. אָט פאַרוואָס קלאַוודיע האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט!

יאָ. מע האָט מיך געטריבן.

צו וואָס איז געווען איצט דאָס הריזען זיך? נאָר אזא טעווע איז בא מיר. איך האָב גענומען זיך דערמאָנען, ווי איך האָב זיך געבלאָזן אַף וואָלאָדיען און דערלויבט זיך ניט צוהערן זיך צו דעם, וואָס א מענטש רעדט. און צו וואָס האָב איך טאַקע גענומען דערציילן וועגן ליבע און טרײַ־הײַט אין אזא צײַט און אין אזא סיטואַציע, ווען וואָלאָדיע און קלאַוודיע זיצן דערבײַ. איך בין מיסטאָמע געווען גוט שיקער. און נאָך די לעוואָנע, וואָס האָט מיר געמישט די געדאַנקען. צו וואָס איז געווען מײַן דעמאָנסטראַטיוו אוועקגיין? זיי האָבן געוויס געקאָנט באַליידיקן זיך.

און צוריק ריידנדיק: א פּאָדפּאָלקאָווניק, א פאַרוווּנדעטער, א העלד! און זאָל ניט פאַרשטיין א לעגענדע! א פּאַשעטע שיינע לעגענדע!

גאָט מײַנער, ווען וועל איך שוין באַקומען א דירע אַף א לענגערער צײַט! און ווען וועסטו שוין דאָרטן אופהערן מילכאָמע האַלטן.

וואַרט אַף א פאַרזעצונג.

## פאַרזעצונג

איך האָב דיר הײַנט באַטאָג אוועקגעשיקט א לאַנגע בריוו. נאָר פון גרויס אופרעגונג קאָן מען אָנשרײַבן דער טײַוול ווייסט וואָס. געוויס האָט מען געדאַרפט פאַרהאַלטן די בריוו, נאָר איך האָב געמוזט אויסריידן זיך; כאָטש אַף א צײַט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך. מער פון אַלץ פאַר־דריסט מיך, וואָס אין א צײַט פון אַזעלכע אופטרייסלונגען, — עס גייט א מילכאָמע און דו ביסט אַפן פראָנט, — קריכן אַרויס אַזעלכע קליינלעכע איבערלעבונגען, וועלכע דו קאָנסט ניט אָפּמאַכן מיט דער האַנט און וועלכע זײַנען פייִק לעשן גרויסע.

דעם גאַנצן טאָג הײַנט בין איך אומגעגאַנגען זוכן א דירע. פאַרשטייט זיך, איך קאָן דאָ בלײַבן: וואָס וועלן זיי מיר טאָן? נאָר ווי פאַרבלײַבט מען, אז אַרײַנגעלאָזן האָט מען מיך ניט פּאַשעט און גלאַט און אז א באַציִונג איז צו מיר געווען, ווי צו א מענטשן, מיט וועלכן מע רעדט, מע שפּאַסט, מיט וועלכן מע טרינקט צוזאַמען טיי.

א מײַסע — א נאַרישע, א פּוסטע און ווי א טיפע גרוב, וואָס מע קאָן זי ניט אַריבער־שפּרינגען.

איך האָב באַשלאָסן צו וואַרטן אַף דער אַלטער. איך פיל, זי האָט ליב מיט מיר צו ריידן, כאָטש זי באַווײַזט דאָס ניט. ריידן רעדט זי ביז א געוויסן מאָמענט, — ביז זי הייבט זיך אוף, און דעמלט איז א סאָף. איך האָב זיך גענומען גרייטן צו א געשפּרעך מיט איר. איך זאָל באַווײַזן זאָגן אַלץ, דערהויפּט, זי זאָל ענטפערן קלאָר, צי דאַרף איך בלײַבן. אַגעוו, וועל איך זען, ווער איז דאָ מער באַלעבאָסטע, אַף וועמען קאָן איך זיך אָנשפּאַרן.

איך בין געגאַנגען צום מאַרק באַגעגענען די אַלטע. איך האָב נאָך אין וועג גענומען דער־ציילן איר, ווי נעכטן איז געווען פריילעך. זי האָט א זאָג געטאָן:

— דאָס האָט מען צוליב דיר אַלץ אײַנגעאָרדנט.

איך האָב געענטפערט: ס'איז גוט, וואָס איר נעמט אוף אזוי רויִק מענטשן, וועלכע קלאַוודיע ברענגט אין שטוב.

— מילכאָמע ברענגט, וועמען דו ווילסט ניט אויך.

שוין אריַנגייענדיק אין שטוב, האָב איך פאַרגעזעצט:
— קלאַודיע האָט זיך באַליידיקט, וואָס איך בין נעכטן פרי אַוועק.
— און אויב דו ווילסט ניט אַזאַ באַקאַנטשאַפט, איז וואָס?
— זי זאָגט, איך האָב באַליידיקט אַ פּאַדפּאָלקאָווניק. אַ פאַרוווּנדעטן. ערשט צוויי וואָכן פון שפּיטאָל אַרויס.
— און אַ פאַרוווּנדעטער איז וואָס? ניט קיין מאַנצבל?
— זי זאָגט: ער איז אַ ייִד.
— און אויב אַ ייִד? אַ ייִד איז קיין מאַנצבל ניט? אַלע דאָס זעלבע. קלאַודיע איז אַ נאַר, אַ קאַלב. און וואָס איז דיר אַ ייִד צי ניט קיין ייִד? גלייבסט מיט אים אין איין גאָט? דו גלייבסט דאָך אין גאָרנישט ניט?
— איך האָב מיטאַמאָל ווי דערהערט מײַן מאַמעס שטים: „דו גלייבסט דאָך אין גאָרנישט ניט, דו האָסט זיך פון אַלץ אויסגעטאָן!“ איך האָב געזאָגט:
— טאַקע אַזוי. איז ווי זאָל איך מיט קלאַודיען ריידן? זי איז אַף מיר באַרויגעז.
— דאָס איז שוין דײַן זאַך. אַ מענטש קלײַבט זיך אויס אַן אָרט, וווּ אים איז גרינגער צו לעבן.

איך האָב ניט געוואַרט, ביז זי וועט זיך אופהייבן. איך בין אַרויס פריִער און אַרויס, ניט ווייסנדיק, וואָס צו טאָן. ס'איז, פאַרשטענדלעך, געווען לעכערלעך וואַרטן אַן אייצע פון דער סעקטאַנטקע. אַגעוו, צווייפל איך אפילע, צי זי איז געווען אַ סעקטאַנטקע. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן קיין מענטשן, וועמען עס זאָל אַזוי פרעמד זײַן דער געדאַנק אַליין פון אָנבינדן אַן אַנ־דערן זײַן מיינונג. זי זאָגט, און דו טו, ווי דו ווילסט. און די סעקטאַנטן פאַרקערט. אײַנריידן, אַרײַנציִען צו זיך אין סעקטע — אָט דאָס איז דאָך בא זיי דער איקער. אָבער זי?!

איצט בלײַבט דער הײַנטיקער פאַרנאַכט, און איך ווייס ניט, ווי צו האַלטן זיך. איך האָב פאַרגעסן, ווי איז געווען ביז איצט: איך פלעג גיין ניט געראָפּענעראהייט אין קיך טרינקען טיי, צי זיי פלעגן מיך רופן. איך זיץ אין צימער און טראַכט, וואָס וועט זײַן ווײַטער.

איך וועל גיין אַרײַנוואַרפן די בריוו.

סאָף קומט.

## ענדע

איך ווייס, דו וואַרטסט אַף אַ סאָף. וואָס זאָל איך דיר שרײַבן?

איך בין ניט אַרויס אין קיך נעכטן, און מע האָט מיך ניט גערופן. הײַנט אינדערפרי בין איך, ווי געוויינלעך, אַוועק אין קיך וואַשן זיך. דאָס איז דאָך געוויס מײַן רעכט וואַשן זיך יעדן אינדערפרי. איך בין אומיסטן געקומען אַהין וואָס פריִער, באַגריסט זיך, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט געשען. מע האָט מיר געענטפערט קוים־קוים, קאַלט. קלאַודיע האָט גערעדט צו וואָלאָדיען און געמיינט מיך, זי האָט געטײַנעט, אַז זי האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן פאַר רעכילעס, און אויב זי וועט וועלן, וועט זי אַליין אָנפלוידערן אַזעלכס, אַז מע וועט גערן זײַן אַנטלויפן.

— מילכאָמע וועט אַלץ אָפּשווענקען, — האָט זי געזאָגט, — ווי...
— ווי כ'ווייס ניט וואָס, — האָט זיך בא מיר ניט ווילנדיק אויסגעריסן.

וואָלאָדיע האָט אַף מיר אַ קוק געטאָן אַ ביסל פון אַ זײַט, מיט איין אייגעלע, ווי זײַן טעווע איז געווען. ער האָט געזאָגט:

— מילכאָמע־מענטשן פאַרשטייען אַלץ און קענען אַלץ מויכל זײַן.

זיי האָבן גערעדט ווי ניט צו מיר און שוין ניט געקוקט אין מײַן זײַט. איך בין אַוועק. זאָלן זיי גיין צום טײַוול. אַ מילכאָמע־מענטש דער וואָלאָדיע! וואָס זיצט ער דאָ? האָט זיך אײַנגעאָרדנט אַפן אַעראָדראָם: ניט קיין שלעכט געהאַלט, אַ פּאַיאָק, אַ פײַנע פרוי דערנעבן. און פון דעם מי־כאָיל סעמיאָנאָוויטשן איז מיסטאָמע געווען אַ סאַך געווענדט. ניט אומזיסט האָט מען זיך פאַר אים אַזוי געבוקט.

פאַרנאַכט בין איך אַוועק צו מײַן פריִערדיקער באַלעבאָסטע און צונויפגערעדט זיך שלאָפן בא זיי אין אַ וואַרעמען צימער, עמעס, דורך אים גייט מען דורך, נאָר וואָס זאָל איך טאָן. די פראַגע פון האָלץ בלײַבט און הענגט איבער מיר.

איך בין צופרידן. ווי זאָגט די אַלטע: אַ מענטש קלײַבט אויס אַן אָרט, וווּ אים איז גרינגער צו לעבן.

## נײַ־יאָר אין קינדערגאָרטן

איך האָב נעכטן געהאַט אַזויפֿיל פֿאַרגעניגן.

אין קינדערגאָרטן האָט מען געפּײַערט דאָס אָנקומענדיקע נײַ־יאָר. וואָלט דאָס יאָר אַזוי פֿול געווען, אַזוי מונטער, ווי דער יאָמטעוו.

ס'איז נאָר צו באַוווּנדערן, ווי אייניקע מענטשן האָבן ליב קונסט, שיינקײַט. אַזאַ מענטש איז די פֿאַרוואַלטערן פֿון אונדזער קינדערגאָרטן, דו מוזט זי קענען, אַלע אונדזערע דרײַ יינגלעך האָבן באַזוכט דעם קינדערגאָרטן.

איז אָט זי האָט אין אַ צײַט, ווען מע האָט עוואַקויִרט קינדער פֿון געפֿאַר, פֿון שרעק, אײַנגעפּאַקט די טעפּעכער, בילדער, קינדערשע שפּילגעצײַג און ניט פֿאַרגעסן מיטנעמען די מאַסקאַראַד־קאָסטיומען, אָן וועלכע זי האָט אַפּאַנעם ניט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלן אַ קינדער־יאָמטעוו.

ס'איז אַלץ געווען אַזוי אָרגאַניזירט און יאָמטעוודיק, אַז מע האָט געקאָנט פֿאַרגעסן, ווו און ווען דאָס קומט פֿאָר. דער זאַל איז געווען שיין צוגעקליבן, עס האָט געשפּילט מוזיק. די קינדער האָבן פֿאַרגעשטעלט אין שפּיל און אין טאַנץ אַ פֿרידלעך לעבן, און אַפֿילע די קליינע „סאָלדאַטן" זײַנען געווען פֿרידלעך געשטימט.

דו האָסט געדאַרפֿט זען אונדזער מיזיניק. דאָס איז געווען גאָר אַ באַזונדער נומער. ער איז געווען טשאַרלי טשאַפּלין.

אין אַ שוואַרצן גלאַנציקן צילינדער, אין לאַנגע־לאַנגע הויזן און אַ קורץ רעקל, אויף די פּיס גרויסע צעטראָגענע שיך, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, האָט ער ריטמיש, ווי צוגעפּאַסנדיק זיך מיט דער מוזיק, געשפּאַנט אין דער גרויסער ראָד פֿון די מאַמעס, באָבעס און זיידעס. מיט אַן ערנסט פּאַנעם האָט דער דאָזיקער טשאַרלי טשאַפּלין צוגעזונגען:

| | |
|---|---|
| Я, бедный Чарли Чаплин, | (איך, אָרעמער טשאַרלי טשאַפּלין, |
| Не ел, не пил, не чай пил... | האָב ניט געגעסן, ניט געטרונקען, טיי ניט געטרונקען). |

דאָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַזוי שיין, אַזוי אומדערוואַרט, אַז אַלע אַרום האָבן זיך פּשוט געכידעשט:

— גיט נאָר אַף אים אַ קוק!

— ווו האָט ער געזען טשאַרלי טשאַפּלינען?

— וועמעס קינד איז עס?

שטעל זיך פֿאָר מײַן האַנאָע און מײַן געפֿיל צו דיר, ווען איך האָב זיך געקערט אין אַלע זײַטן און יעדן איינעם דערקלערט, אַז דאָס איז דײַן זון, און אַז דו ביסט אַף מילכאָמע, און אַז בא דיר זײַנען דאָ נאָך צוויי עלטערע זין, און אַז דאָס איז דער יינגסטער, דער מיזיניק... איינע פֿון אונדזערע פֿרויען, וועלכע קען אי דיך, אי מיך, האָט געזאָגט:

— ס'ווײַזט אויס, איר קענט גוט דעם טאַטן.

דאָ איז צו מיר דערגאַנגען, ווי לעכערלעך כ'האָב אויסגעזען און ווי איך האָב זיך געהיצט. דאָס גאַנצע פֿאַרגעניגן געוואָלט צושאַרן דיר, און אונדז ביידן דערנענטערן צו אים.

איך געדענק, ווי מײַן מאַמע פֿלעגט זיך פּאָרען אין אויוון און צושאַרן די הייסע קוילן צו אַ טעפּל מיט אַ געשמאַק געקעכץ.

## וועגן אַ פֿאַרפֿאַלענער בריוו

איך ציטיר דײַן בריוו: „צי פֿאַרשטייסטו, אין וואָס פֿאַר אַ צײַט מיר לעבן, צי פֿאַרשטייסטו, ווו דו ביסט און ווו איך בין, ווי האָסטו זיך דערטראַכט שיקן אַ בריוו און צוזאָגן אַ פֿאָרזעצונג. דערנאָך די פֿאָרזעצונג, און דערנאָך אַ בריוו — אַן ענדע. צי איז דיר ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז אַ בריוו קאָן פֿאַרפֿאַלן ווערן, ווי עס האָט זיך געטראָפֿן מיט דײַן בריוו נומ. 21".

אָט אַזוי שרײַבסטו, און איך ווייס ניט, ווי אַף דעם ענטפֿערן. קורץ, דו ביסט גערעכט.

איך שטעל זיך גוט פֿאָר דײַן פֿאַרלאָרנקײַט, ווען דו האַלטסט אין האַנט „די פֿאָרזעצונג" און „די ענדע" און ווייסט ניט, וואָס איז געשען, וואָס איז די סיבע פֿון אַזויפֿיל איבערלעבונגען און פֿאַרוואָס בין איך געלאָפֿן זוכן אַן אַנדער דירע. אָבער איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס, אַז איך בין נאָך קיינמאָל אַזוי צופֿרידן ניט געווען פֿון אַ פֿאַרפֿאַלענער בריוו, ווי דאָס מאָל. און דערפֿאַר האָב איך קיין מינדסטן ווילן ניט איבערכאַזערן די גאַנצע מײַסע. די מײַסע אַליין איז קיין מײַסע ניט. דערצו איז זי געווען — און אויס, און דריטנס, איז ניט אַלץ, וואָס טרעפֿט זיך מיט אַ פֿרוי, דאַרף וויסן איר אייגענער מאַן.

זײַ ניט באַרויִקט און זײַ געזונט.

יוניק און ראַדי שרײַבן דיר אויך. און מאַריק מאָלט דיר א בריוו. אַט גייט בא אים אַפן פּאַפּיר פֿון קוימענדל א רויך. איך זע שוין, עס וועט זײַן א וואַרעמע שטוב און א גרויסער גרי־נער גאָרטן אַרום איר.

## עסטער קלײַבט זיך אוועקפאָרן

עסטער קלײַבט זיך אוועקפאָרן. מיר טוט עס בעעמעס באַנק. נאָר וואָס טוט מען, א טאָכ־טער איז בילכער פֿון א כאַוועריטע. דערצו נאָך האָט די כאַוועריטע ניט קיין גרויסן סטאַזש פֿון כאַוועריטשאַפֿט.

עסטער איז מיר אַלץ מער געפעלן, זי איז א ווױלער מענטש, דערציילן דערציילט זי אַזוי, אַז די ווערטער טאַנצן פֿאַשעט בא איר. און ווי אין א היציקן טאַנץ רופֿט איין טענצער אַרויס דעם צווייטן, אַזוי רופֿן אַרויס בא מיר אירע טאַנצנדיקע ווערטער א פֿאַרלאַנג אונטערוקן איר מײַנע טאַנצנדיקע ווערטער.

אנומלטן האָב איך איר געזאָגט וועגן מײַן אַרבעט־קלייד, אַז נאָך א ביסל און איך פֿאַל פֿון דעם אַרויס.

— וואָס רעדט איר?! איך וועל ניט דערלאָזן אַזאַ אומפֿאַרשעמטקײַט. — און האָט גענו־מען בא מיר א שטיק ציץ און אין עטלעכע טעג אַרום מיר געבראַכט א פּאַרטיק קלייד, און צו דעם נאָך א זיס קוגעלע, וואָס האָט געהאַט אַלע טאַמען פֿון מײַן מאַמעס א קוגעלע.

— מיט וואָס באַדאַנקען? — האָב איך געפֿרעגט.

זי האָט גלײַך געפֿאָדערט איר געבן מײַן פּאַס, האָט צוגעגרייט א שטיקל פּאַפּיר, אָנגעשריבן איר קיִעווער אַדרעס און גענומען בא מיר א וואָרט שיקן איר א טעלעגראַמע צום דרײַ־און־פֿער־ציקסטן נײַ־יאָר.

— איר קלײַבט זיך גלײַך איצט קיין קיִעוו? — האָב איך זי געפֿרעגט. און ערנסט א טראַכט געטאָן, אַז זי קען זאָגן נעווױעס. — איך זע עפּעס, איר אַרבעט ניט און גייט אַרום די לעצטע טעג פֿראַנק־און־פֿרײַ, ווי א פֿייגעלע.

— איר וואָלט געדאַרפֿט באַקענען זיך מיט מײַן נאַטשאַלניק פֿון צעך, וואָלט איר פֿאַר־שפּאָרט פֿרעגן. א מאַנצבל א גרויסער, א מעגושעמדיקער, רײַסט דעם קאָפּ אין דער הייך אַזוי, אַז ווען דו קוקסט אַף אים, זעסטו נאָר זײַן האַלדז. האַלט אין איין שרײַען, אַז דאָ אין הינטערלאַנד איז ער אַפֿן פֿראָנט! קיין טאָעס דערלויבט ער ניט מאַכן קיינעם. הײַנט שטעלט זיך פֿאָר, ווי גרויס איז זײַן טאָעס, אויב מיר אַרבעטן ניט שוין דעם דריטן טאָג, און ער לויפֿט אַרום, ווי א פֿאַרסאַמטער, און ברענט ווי אין פֿאַקן. און אַלע זײַנען צופֿרידן; ניט פֿון אומגיין ליידיק, נאָר פֿון דעם, וואָס ער וועט באַקומען די עמעסע מאַפּאַלע. שוין איין מאָל געווען אַזוי.

— און מע קאָן אים ניט געבן דעם וועג? איר זײַט דאָך אין פּראָפּקאָם.

— ווײַזן קאָן מען, אָבער ווו נעמט מען איצט אַן אַנדערן? מע דאַרף דאָך טראַכטן וועגן דעם פּלאַן. אין פּלאַן איז דער טאַכלעס. ער איז א מענטש, קאָן זײַן, א געבילדעטער, עפּשער קען ער ניט שלעכט די אַרבעט, נאָר אָט די גאַדלעס און גײַוועס פֿון א פּאַכדן! צו אַלע שושקערײַען הערט ער זיך צו, און אַז ער פֿאַלט דורך, כאַפּט ער צוריק... דעם עמעס גערעדט, איז טאַקע שווער פֿון אַזאַ הייך פֿאַרשטעלן זיך, אַז דו ביסט געווען א קלייניקער און געגנעצט די ווינדלעך.

ס'איז געווען א פֿאַרגעניגן צו ריידן מיט איר ייִדיש, האָב איך איר אונטערגערוקט נאָך א ביסל שטאָף.

— סאַראַ שיינע פֿרוי איר זײַט! ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכקײַט נאָכאַמאָל כאַסענע האָבן?

— פֿאַרוואָס ניט? געוויס געווען. איין מאָל אַפּילע מיט א סאַך נאַדן; א גרויסע דירע אין קיִעוו, א פֿײַנע דאַטשע מיט א סאָד פֿון אוואָדע הונדערט עפּלביימער הינטער קיִעוו. אָבער צו וואָס דאַרף איך פֿרעמדע זאָרג?

— איר זײַט געווען א שלאַנק מיידל, עסטער.

— און איצט? — האָט זי מיט א שמייכל געפֿרעגט.

— איצט זײַט איר א ברייטע ייִדענע.

— וואָס הייסט?

— בא אײַך זײַנען ברייטע אַקסלען, ברייט פֿאַכעט זיך דאָס קליידל, ווען איר גייט. און אַז איר האָט מיר געבראַכט דעם כויוו — טיי, איז מיט דער זעלבער ברייטקײַט — צוויי מאָל מער, ווי איר האָט גענומען.

— איר ווייסט, איך וועל אײַך זאָגן א קאָמפּלימענט, אַז מיר שמועסן אַזוי, ווילט זיך מיר פֿון אַלץ טרײַבן קאַטאָוועס.

# פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן

פרעגסט וועגן מײַן נײַער דירע. דעם עמעס גערעדט, איז אַף דער פריִערדיקער געווען עטוואָס בעסער. ביכלאַל זײַנען דאָס פאַרשיידענע הײַזער, אויב מע קאָן אַזוי זאָגן, פון א פאַר־שיידענעם ניוואָ. דאָ האָט די באַלעבאָסטע ליב צו קריגן זיך, און ביז זי שרײַט ניט אויס אַלץ, וואָס איר איז אַפן האַרצן אין דער רגע, און אויך דאָס, וואָס איז פאַרבליבן פון אַנומלטן, ווערט זי ניט אַנשוויגן.

דאָרטן האָבן קאַרפּאָוונאַ און קלאַוודיע געוווּסט, ביזוואַנען מע מעג אופהייבן די שטים. פלעגט איינע איבערכאַפּן די מאָס, פלעגט די צווייטע האָבן אַן אויסוועג: קאַרפּאָוונאַ פלעגט זיך אופהייבן, קלאַוודיע פלעגט אינגאַנצן אַרויס. און ס'פלעגט ווערן גלײַך שטיל.

די איצטיקע באַלעבאָסטע האָט ליב טרײַבן רעכילעס. דערציילן דערציילט זי פריילעך, מיט שטיק און האָוויײַעס, מע זאָל לאַכן.

דאָרטן, ווען קלאַוודיע האָט אַמאָל געפּרוּווט עמעצן אין גוטן מוט באַריידן, האָט די אַלטע זי גלײַך איבערגעשלאָגן: „נו, און איצטער דערצייל עפּעס וועגן זיך".

נאָר הער אויס בעסער וועגן מײַן באַלעבאָס. ער איז א פילאָסאָף, האָט זיך ליב גריבלען אין דער נעשאָמע. זײַן פילאָסאָפיע איז ניט פון די גאָר פאַרגעשריטענע, אָבער הערן אים איז אינטערעסאַנט.

ער איז א געוועזענער פּויער פון סיביר. מיר, האָט ער געזאָגט, טרויט ער און וועט ריידן אָפנהערציק. האָט ער זיך צערעדט... כאָטש ער איז א פּויער און זײַנע עלטערן און זיידעס זײַנען געווען פּויערים, נאָר ער האָט ליב געהאַט האַנדל־וואַנדל. נאָך אין די יונגע יאָרן איז ער אַוועק פון דער היים און זיך געלאָזן אין מיסכער. „אָט דאָס איז א לעבעדיקע אַרבעט! שטענדיק ווייסטו, וואָס עס טוט זיך אַף דער וועלט. דער ערשטער דערוויסטו זיך, ווי עס בײַטן זיך די פּרײַזן אַפן מאַרק, און נעמסט אין דעם אויך אַן אַנטייל. שטענדיק האָסטו א לעבעדיקן גראָשן, ווי עס פלעגט זאָגן מײַן פרײַנט רוווים. וואָס, ניט אַזוי?" — האָט ער געפרעגט בא מיר.

ער וואָלט מיסטאָם נאָך עפּעס געזאָגט, נאָר די פלוינעסטע האָט זיך דערשראָקן פאַר אַזעל־כע „זינדיקע" רייד און האָט זיך צעשריִען:

— אָט האָט א מענטש ליב ריידן! אָט אַן אַלטער נאַר!..

בעשאַס זי האָט געפּילדערט, האָט ער מיר א זאָג געטאָן מיט א ווונק אין איר זײַט:

— איך האָב אַף איר ראַכמאָנעס. וואָס זאָל זי טאָן, אַז זי האָט נעבעך א מאַן, וועלכער איז מיט צוויי און צוואַנציק יאָר עלטער פון איר. מוז זי שרײַען.

האָט זי זיך צעשריִען נאָך שטאַרקער. דער באַלעבאָס האָט מיט צוויי פינגער צונויפגעקלעמט די ליפּן און אַף די שפּיץ פינגער אַרויס פון מײַן צימער. איך האָב זיך גלײַך געלאָזט צו מײַן קאַנאַפּקע און אײַנגענורעט זיך אונטער דער פּאַטשיילע.

די טעג איז געווען גאָר אַן אומדערוואַרטער פאַל, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט ווידעראַמאָל מיט געפּילדער און געשריי.

דער באַלעבאָס האָט מיר געגומען דערוויזן, אַז יידן זײַנען א ווערטפּולע, א גאָט־געבענטש־טע נאַציע, ווײַל ער האָט געהאַט א כאַווער רוווים, איז דאָס געווען א מענטש, וואָס האָט קיינ־מאָל ניט געפעלשט, איז שטענדיק גרייט געווען העלפן א מענטשן.

דאָס איז געווען א גאָר נײַער שטאַנדפּונקט פאַר א מענטשן פון זײַן עלטער, אויב דערמאָנען זיך אָן יענע לאַנג פאַרגאַנגענע צײַטן, ווען פאַר אַן אַנטיסעמיט פלעגן אַלע יידן זײַן שלעכטס אַכוץ זײַן מוישקע.

איך האָב א פרעג געטאָן באַם באַלעבאָס:

— צו וואָס האָט איר געגעבן אײַער יינגערער טאָכטער א יידישן נאָמען ליִיא.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז יידן זײַנען א גאָט־געבענטשטע נאַציע.

— מיט וואָס געבענטשט? וואָס מע ברענט זיי אין די אויוונס פון אָסווענצים, קליינע, גרויסע, אייפּעלעך? אָסוועצים, מײַדאַנעק... איז וווּהין קוקט ער, אײַער גאָט? וואָס זעט ער?

— ווייַן ניט! דאַרפסט אַליין פאַרשטיין: איין גאָט אַף אַזויפיל מענטשן! מע דאַרף פאַר יעדן א גאָט.

— איז זאָל ער צעריסן ווערן אַף קליינע שטיקעלעך, דער גאָט אײַערער...

פרעג שוין ניט, וואָס פאַר א טומל עס האָט זיך אופגעהויבן. זי, די פלוינעסטע, האָט געשריִען, די קינדער האָבן געוויינט. איך בין אַנטלאָפן צו מײַן קאַנאַפּקע, אונטער דער פּאַטשיילע... אָבער ניט הערן איז געווען אומעגלעך.

— אלטער נאַר! רעדט און רעדט! נעכטן גערעדט, אייערנעכטן... — און זי האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, ווען און ווו דער אלטער נאַר האָט גערעדט.
דערנאָך האָט זי גענומען זיך אײַנשטעלן פאַר גאָט און באַשיטן מיט קלאָלעס מיך.
זאָלן אירע ווערטער אוועק מיטן רויך פון איר קוימען.

## א באַגריסונג

דו ביסט געוואָרן א מיטגליד פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. איין רעגע ביסטו געוויס געווען דער יינגסטער מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דו וואַרטסט פון מיר א באַגריסונג? — ביסט זי געוויס ווערט. אַרײַן אין פּאַרטיי אין דעם יאָר טויזנט נײַן הונדערט צוויי און פערציק! ס'איז דאָך אַן אונטערגעשטראָכענע און אונטערגעשריבענע פאַרפליכטונג צו זײַן פון איצט אָן צווישן די פאָרגעשריטענע פּאַרטיידיקער פון אונדזער לאַנד און פון אונדזער לעבן. א גוט וואָרט, א באַגריסונג האָסטו געוויס פאַרדינט!

אָבער דו האָסט מיך ניט געפרעגט, ווען דו ביסט אוועק אין אָפּאָלטשעניע, פאַרגעסנדיק, אז דיר איז אריבער פופציק. דו ביסט געוואָרן א מיטגליד פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אויך ניט האַלטנדיק זיך אָפּריַער קיין אייצע מיט מיר. נאָר איך בין דיר דאַנקבאַר, וואָס דו טוסט אָן מײַן בראָכע זאַכן, פולע מיט גוטע קאַוואָנעס און מוט. און אויב אפילו דו דערציילסט מיר וועגן דעם אכער־האַמײַסע, איז פונדעסטוועגן נאָכאַמאָל א גרויסן דאַנק דיר און א יאַשער־קויעך פאַר דרייסטקײַט און צילגעווענדטקײַט, צו וועלכע עס רופט אונדז די גרויסע און גרויזאַמע צײַט.

זאָל דיר ברענגען פאַרגעניגן מײַן באַגריסונג, אויב נאָר דאָס פעלט דיר.

די קינדער, איך מיין, אונדזערע עלטערע באָנים, גרויסן זיך מיט אזא טאַטן. זיי שטעלן זיך פאָר, ווי דו זעסט אויס און ווי זיכער דו שפּאַנסט איבער די מילכאָמע־וועגן. אָבער צי פאַרשטייסטו, ווי דאָס עלעקטריזירט זיי, איבערהויפּט יוניקן. ער איז פול מיט דראַנג און ווילן צו זײַן דאָרטן, ווו דו ביסט. ביידע טײַנען זיי צו מיר, אז איך האָב אויך ניט וואָס צו טאָן דאָ און דאַרף זײַן דאָרטן. און מיר קומט אויס ווײַזן און דערווײַזן, אז איך בין דאָ ניט איבעריק, אז עס דאַרפן זײַן מאַמעס, וואָס פאַרהיטן דאָס געזונט פון די קינדער און אז אין דעם זעען אײַן די טאַטעס א טאַכלעס, „ווײַל איר וועט זײַן די בויער פונעם לאַנד אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן".

שוין פאַרנאַכט איז צו מיר געקומען יוניק און ווידער גענומען דערווײַזן, אז זײַן כויוו איז זײַן אויפן פראָנט. א היציקער זון פון א היציקן טאַטן.

## געפונען זיך די פאַרפאַלענע בריוו

איך זע, איך זע שוין — א גליק האָט דיך געטראָפן, דו האָסט טאַקע באַקומען די פאַרפאַלענע בריוו. א שאָד. נאָר אויב דאָס האָט זיך שוין געטראָפן, מוז איך פאַרענטפערן אלע דײַנע קאַשעס פון דער פאַריקער בריוו. ס'איז מיר א ביסל שווערלעך, ווײַל, דעם עמעס געזאָגט, האָב איך דײַן בריוו ערגעץ פאַרוקט, פאַרדרייט, און בעשום־אויפן קאָן איך זי ניט געפינען. איך מוז זיך פאַרלאָזן אף מײַן זיקאָרן, און דערפאַר וועל איך זײַן קאַרגלעך, כאָטש איך האָב געוואָלט דיר ענטפערן אף יעדן אבזאַץ.

איך האָב זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, ווי דו האָסט אַרויסגענומען יענע צוויי, מיסטאָם ניט אבי ווי צונויפגעלייגטע בריוו מײַנע (די פאָרזעצונג און די ענדע), וועלכע האָבן זיך דערוואָרט אפן אָנהייב, און גענומען לייענען.

מיר איז געפעלן, וואָס דו האָסט געלייענט די בריוו מײַנע, „ווי א מײַסע פון די מילכאָמע־יאָרן", ביז דו האָסט זיך ניט אָנגעשטויסן, אז דאָרט איז פאַרמישט דײַן אייגן ווײַב. און דעמלט האָסטו גענומען לייענען פון אָנהייב, און מיט גאָר אַן אַנדער באַציִונג (גוט געזאָגט).

„נאָר שטעל זיך פאָר, — איז געשטאַנען אין דײַן בריוו, — איך האָב ניט געפילט קיין פאַרדראָס, קיין ווידערגעפיל צו דעם מיכאַיל בען שימען. וואָס איז דער וווּנדער? א מענטש נאָכן פראָנט, נאָכן שפּיטאָל..."

אָבער וואָרט צו. וואָס נעמסטו זיך אָן זײַן קריוודע? איך בין דאָך אף אים ניט אָנגעפאַלן. איך האָב דיר פּאַשעט דערציילט, ווי אלץ איז פאָרגעקומען.

כ'געדענק, דו האָסט גענומען דערקלערן גענוי דעם צושטאַנד פון א מאַנצבל, וואָס איז אזויפיל אויסגעשטאַנען, האָט אזויפיל איבערגעלעבט. און אָט פאַלט ער אַרײַן אין א וואַרעמער קיך, אַרום — געגאַרטע היימלעכקײַט, און דאָ צוויי ליבע פרויען. ווי ווערט מען ניט לוסטיק, שאַרפזיניק און א ביסל צעפאָרן...

פונדעסטוועגן, וואָס האָסטו זיך אזוי גענומען פאַרטיידיקן אים?

נאָר מיילע, דאָס איז ניט דאָס סאַמע וויכטיקע אין דײַן בריוו.

דער איקער איז דײַן מיינונג וועגן די פעלערן, וואָס איך בין באַגאַנגען.

„דער ערשטער טאָעס דײַנער, זאָגסטו, איז דאָס, וואָס האָסט אַ פאַרוווּנדעטן אָנגענומען פאַר אַ העלד. זאָלסט וויסן, אַז אַ פאַרוווּנדעטער איז ניט אומבאַדינגט אַ העלד!“

„דער צווייטער טאָעס דײַנער, זאָגסטו, וואָס דו האָסט ניט געוווּסט ביז איצט (און דיר איז שוין צײַט צו וויסן), אַז שטאַרקער פון אינסטינקטן איז נאָר דער מענטשלעכער געדאַנק“... אָבער זוען קעגן אים איז ארויסגעטראָטן בראַנפּן?..

גענוג, ליבינקער, איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען.

ווי שטענדיק, ביסטו צום סאָף גערעכט.

יאָ! דו האָסט אַרויסגעזאָגט אין דער בריוו נאָך אַ וויכטיקן געדאַנק, אַז „עס קליידט אונדז ניט, מיר זאָלן אָפּגעבן צופיל צײַט און נעשאָמע אַזעלכע פּאַסירונגען“.

אָ! דרײַ אַזעלכע אויספירן! דאָס איז קאַלאָסאַל!

מיטן לעצטן בין איך פולשטענדיק מאַסקים.

איז אַ סאָף זאָל דאָס נעמען! און אַן עק זאָל דאָס נעמען! און לאָמיר גיין ווײַטער און וואָס נעענטער צו דער היים.

פאַלני וופּעריאַדי[1]

## א ציכעלע

איך שטעל זיך פאָר, וואָס מע שרײַבט מענער אַף מילכאָמע. מיסטאַם ניט אַזעלכע נאַריש־קײַטן, ווי איך דערלויב זיך. נאָר אַלץ, וואָס רעגט מיך און פאַרנעמט אַן אָרט אין מײַנע געדאַנ־קען, מוז איך דיר באַשרײַבן. מעגסט מיר גלייבן, איך האָב אַף דיר ראַכמאָנעס. נאָר דו מוזט אויסהאַלטן. איך האָב דאָך געדולד אויסהאַלטן דײַן ניט זײַן מיט אונדז. אָט הער אויס.

אַ פּאָר וואָכן צוריק איז אין וועשערײַ פאַרפאַלן געוואָרן מײַנס אַ ציכעלע. איך האָב געבעטן דאָס מיידל, וואָס נעמט צו וועש, זײַן אַזוי גוט און בעסער אַ זוך טאָן. זי האָט מיר גראָב אָפּגעענט־פערט. איך בין געוואָרן אופגערעגט און געפאָדערט אַרויסרופן די פאַרוואַלטערן, און וואָס גי־כער, ווײַל איך האָב קיין צײַט ניט. די פאַרוואַלטערן איז געקומען, מיך אויסגעהערט, עפּעס אַ זאָג געטאָן דעם מיידל. דאָס מיידל איז אַוועק און געבראַכט דרײַ ציכעלעך. איך האָב באַמערקט, אַז איינס איז געווען מיט אַ געלן פלעק, דאָס צווייטע אַ צעריסנס, דאָס דריטע אַ העל־גרינס, מיט ווײַסע אָנגעמאָלטע בלומען. פון די דרײַ האָט די פאַרוואַלטערן אויסגעקליבן דאָס גרינע און אַרײַנגעלייגט מיר אין האַנט. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט:

— מײַנס איז געווען אַ פּאָשעט ווײַס ציכעלע, דאָס איז צו גוט...

— נעמט, נעמט! — האָט זי געזאָגט און איז אַוועק.

הײַנט בין איך ווידער אַוועק אין וועשערײַ מיט אַ קלומעק וועש און, שטייענדיק אין ריי, אַ כאַפּ געטאָן זיך, אַז כ׳האָב ניט באַטראַכטערהייט אַרײַנגעלייגט יענץ גרין ציכעלע. עס וועט דאָך אָפּקריכן אין וואַשן, אַ ראַכמאָנעס אַף די ווײַסע בלומען! און איך האָב האַסטיק אַרויסגעכאַפּט דאָס גרינע ציכעלע. מיטאַמאָל הייבט זיך אוף אַ פרוי און גיט אַ זאָג:

— זעט! דאָס איז דאָך מײַן ציכעלע, דעמלט האָט מען עס ניט געפונען, און איצט, ווײַזט זיך אַרויס, איז עס גאָר באַ אײַך!

פאַרוואָס האָב איך איר רויק ניט דערקלערט, אַז איך האָב באַקומען דאָס ציכעלע אָנשטאָט מײַנס, דעם פאַרפאַלענעם? און פאַרוואָס האָב איך איר גלײַך ניט אָפּגעגעבן איר ציכעלע? צוליב וואָס האָב איך גענומען מיט נערוועזקײַט אין קאָל אייצען, זי זאָל גיין גלײַך צו דער פאַרוואַלטערן און פאָדערן איר ציכעלע און איך וועל פאָדערן מײַנס, ווײַל איר ציכעלע איז אַ שיין ציכעלע און מײַנס איז אַ פּאָשעט ווײַס ציכעלע, און דערציילן, אַז די טעג איז צו מיר אַרײַן אַ פויערטע, האָט זי געוואָלט געבן פאַר דעם ציכעלע אַ היפּש שטיקל פּוטער און ווי גוט, וואָס איך האָב איר ניט אָפּגעגעבן דאָס ציכעלע.

די פרוי האָט מיך ניט אָפּגעשטעלט, געלאָזט זיך אויסריידן ביזן סאָף און געזאָגט:

— איך וועל ניט גיין טומלען איבער אַ ציכעלע. באַ מיר איז דער מאַן אַף מילכאָמע און דער זון אויך. איך האָב וועגן וואָס צו דײַגען. די פאַרוואַלטערן רופן? באַ איר זײַנען מיסטאַם די זעלבע צאָרעס. און אויב דאָס ציכעלע איז באַ אײַך, זאָל עס באַ אײַך בלײַבן.

איך בין געשטאַנען פאַרלאָרן, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן, און מיטאַמאָל דערפילט אַלע יענע מענטשן, וועלכע זײַנען דאָ געשטאַנען און זײַנען ווי אומיסטן אַנשוויגן געוואָרן.

---

[1] פאַרויס!

איך בין ארויס פון וועשערײַ מיט מײַן קלומעק וועש — אָט ליגט עס לעבן מיר אַפן שטול, ווי אַן אומזיסט באַשולדיקטער. איך געדענק, ווי האַסטיק איך בין געגאַנגען איבער דער גאַס און געזוכט אַ נאָענטן מענטשן, וועלכן איך זאָל אַלץ קאָנען דערציילן און וועלכער זאָל מיך באַרויִקן. נאָר די עטלעכע מענטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען אַנטקעגן, זײַנען געווען פּאַשעט פאַרבײַגייער און האָבן אַפילו ניט געקוקט אין מײַן זײַט. און נאָר סאַמע באַם הויז, ווו ס׳געפינט זיך דער אינטער־נאַט, האָב איך דערזען אונדזער יוני (די עלטערע קינדער האָבן הײַנט געאַרבעט אין קאָלווירט). ער איז געזעסן אַף אַ נידעריק דאַר פערדל. אַליין דאַר. די פיס האָבן דערלאַנגט ביז דער ערד. דער גאַנצער קערפּער זײַנער איז געווען אָפּגעלאָזן, נאָר דאָס פּאָנעם ערנסט און די שוואַרצע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווײַט. אַף אַ רעגע האָב איך אין אים דערזען דאָן־קיכאָטן מיט סאַנטשאָ־פּאַנסאָ אינאיינעם, און איך וואָלט, מעגלעך, פאַרגעסן אין אַ רעגע אָן מײַנע איבערלע־בונגען, ווען ניט זײַן פראַגע: „וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן, מאַמע?“

איך האָב אים געבעטן אַראָפּגיין פונעם נידעריקן פערדל און גלײַך אים אַלץ דערציילט. מיר האָט זיך ניט געוואָלט שטאַרק אַראָפּפאַלן אין זײַנע אויגן. האָב איך געגנומען ווי מעגלעך בעסער דערקלערן, אַז רופן די פאַרוואַלטערן האָט מיך דעמלט געצווונגען די גראָבקײַט פון דעם מיידל.

ער האָט מיך אויסגעהערט, דער דאָן־קיכאָט — סאַנטשאָ־פּאַנסאָ, אַרופגעוואָרפן דעם פוס אַפן פערדל און געזאָגט:

— יאָ, מאַמע, אַ פרוי דאַרף אויך האָבן אַ מאַנצבלשן כאַראַקטער.

אָט וויאַזוי אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט.

נו, איצט זאָג, ווי געפעלט דיר דער אויספיר פון אַ זעכצניאַריקן מאַנצבל? ווי געפעלט דיר, ווי ס׳איז מעקויעם געוואָרן מײַן האָפענונג אַף באַקומען אַ ביסל באַרעכטיקונג?

און דו, מײַן מאַן, וואָס קוקסטו דאָרט און שווײַגסט. גיי דערוואַרט זיך איצט פון דיר אַף אַ נייטיק און ריכטיק וואָרט.

איך ווייס, איך ווייס, וואָס דו וועסט מיר זאָגן: „אויב דאָס וועט דיך אָנלערנען!“ איך געדענק יענע פאַלן אין אונדזער לעבן, ווען דו פלעגסט מיר זאָגן אָט די ווערטער. אָבער פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט אויך ניט שטענדיק געווען גערעכט.

אַלנפאַלס פאַר הײַנטיקן מאָל — אַ דאַנק.

## אַז מע לייענט אַ בריוו פון סאָף

אַן אַנדערשמאָל דאַרף מען נעמען לייענען אַ בריוו פון סאָף. דאָרטן וועסטו געוויס זיך אַנ־שטויסן אויב ניט אַף אַ קוש, איז אַף אַ גוטן ווונטש.

דײַן גיכער ענטפער אַף מײַן פאַרפאַלן ציכעלע האָט מיר געקאָסט געזונט און טאַקע אונ־טערגעזאָגט אָט דעם אויספיר. איך האָב נאָך אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם גלײַכווערטל — „ווי, ווער און ווען עס לייענט אַ בריוו“. ווײַל דו האָסט געלייענט מײַן בריוו וועגן אַ פאַרפאַלן ציכעלע נאָך אַ שווערער נעסיע אַף די פּאָזיציעס. ביסט דורכגעגאַנגען אַ פעלד, אַ פאַרזייטס מיט מינעס, שיר ניט אומגעקומען. אַ שרעק! און דערנאָך נאָ דיר אַ מײַסע מיט אַ פאַרפאַלן ציכעלע. עס איז גרינג צו פאַרשטיין דײַן צעטומלטקײַט, דײַן פאַרוווּנדערונג: „וואָס איז דאָס פאַר אַ בריוו, וואָס פאַר אַ ציכעלע“... פאַר די לעצטע פאַר וואָכן, שרײַבסטו, האָסטו דאָך באַקומען פון מיר צוויי בריוו, און אין ערגעץ האָב איך ניט געשריבן וועגן אַזאַ שווערן פאַרלוסט. און, כידעשסטו זיך, ווי איז מיר גאָר אײַנגעפאַלן אַזוי אופירן זיך אין וועשערײַ. מיסטאָמע, ווילסטו מיך טרייסטן, בין איך געווען פון עפּעס צעטראָגן.

ניין, איך בין פון גאָרנישט ניט געווען צעטראָגן. און מאָך ניט קיין אָנשטעל פון אַ מאַן, וואָס פאַרגלעט צי געפינט שטענדיק אַ פאַרענטפערונג פאַר ניט קיין שיינע מײַסים פון זײַן ווײַב. וואָלסט געווען אַזאַ, וואָלט איך מיסטאָם ניט פאַרגעדענקען דײַן שטרענג ווערטל: „אויב דאָס וועט דיך אָנלערנען!“

וואָס איז ווערט דײַן אָנצוהערעניש, אַז דיך וווּנדערט, וויאַזוי האָב איך אַליין זיך אוועקגע־שטעלט אין אַזאַ ניט גאָר פײַנער סיטואַציע.

וועגן וואָס און וועגן וועמען רעדסטו? איך האָב זיך אין דער סיטואַציע ניט אוועקגעשטעלט, זי האָט זיך אַליין פאַרקניפּט. איז עפּשער האָב איך ניט געדאַרפט דערציילן וועגן אַלץ דעם זון און דערנאָך דעם מאַן? עפּשער. איך וואָלט פון דעם איצט אַ סאַך מער געגנומען זיך צום האַרצן, ווען דו וואָלסט צום סאָף בריוו ניט באַשריבן, ווי דו האָסט באַנאַכט געבויגן זיך אונטערן טיש און באַ דער שײַן פון אַ קליין לאַמטערנדל געלייענט ווידעראַמאָל מײַן בריוו, און ווי דיר איז זי

געפּעלן געוואָרן. „דו האָסט, ווי פאַר א האַנט, מיך אָפּגעשלעפּט פונעם פעלד מיט די מינעס. מיר איז אויך געפעלן געוואָרן אונדזער עלטערער זון, אין זײַן שטים האָב איך שוין געהערט דעם באַס פון א מאַנצבל".

אויב אַזוי, זינגט דײַן בריוו צום סאָף, איז זאָלן זיי זײַן, די נאַרישע אופּריכטיקע בריוו, נאָר, פאַרשטייט זיך, אָן נאַרישע סיטואַציעס, אין וועלכע, דעם עמעס געזאָגט, מיר שטעלן זיך אליין. און זאָלן ניט געשען קיין נאַרישע אומאַנגענעמלעכקייטן, וועלכע זײַנען פון אונדז ניט געוועגדט.

אָט האָבן מיר די קינדער איצט געבראַכט פון דיר גאָר אַן אַנדער בריוו. מע האָט דיך באַ־לוינט מיט אַן אָרדען פון רויטן שטערן. איך און די קינדער באַגריסן דיך און ווינטשן דערפאַלגן, זאָלסט קומען וואָס גיכער אהיים, און אויך אַלע אַנדערע.

שרײַב וועגן דײַן אַרבעט און גיב איבער מײַנע גרוסן דײַנע מיטאַרבעטער, וואָס קענען מיך. ווען האָסטו נאָך געזען אין מאָסקווע בעשאַס דײַן זײַן דאָרטן? שרײַב מיר אָן וועגן דעם. איך בין זייער צופרידן, וואָס דו ביסט געוועזן באַ אונדזערע קרוווים, וועגן זיי שרײַב אָן גענויער.

וועגן דײַן באַלוינונג וועל איך דיר נאָך אָנשרײַבן, נאָר איצט ווילט זיך מיר וואָס גיכער אַוועקשיקן די בריוו.

א גוטן טאָג.

## זעקס יינגלעך

ס'איז שווער צו ריידן, נאָך שווערער צו שווײַגן. ווי א צוואַנג האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ און ס'איז שווער צו עטעמען.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז נאָך דעם, ווי דו ביסט באַ אונדז געוועזן, נאָך דעם, ווי מיר האָבן א סך גערעדט און דו האָסט אַלץ געזען מיט די אייגענע אויגן, וועט שוין ניט בלײַבן וועגן וואָס צו שרײַבן. און אָט זעסטו דאָך, ס'געפינט זיך.

איך האָב אַמאָל געלייענט וועגן א געשפּרעך מיט א זשורנאַליסט. מע האָט איבער אים געשפּאָסט: „איר שרײַבט, איר האַלט אין איין שרײַבן! פאַר אַזויפיל יאָרהונדערטער האָבן דאָך מענטשן שוין אַזויפיל אָנגעשריבן!..."

זײַן ענטפער: „א קלוגער זשורנאַליסט וועט שטענדיק געפינען וועגן וואָס צו שרײַבן".

איך מיין, זײַן ענטפער איז געוועזן ניט ריכטיק, און דערפאַר ניט וויכטיק אויך. דער טאַך איז ניט אין נאַרישקייט אָדער קלוגשאַפט פון דעם אָדער יענעם זשורנאַליסט, דער איקער איז — דאָס לעבן, וויפל דו זאָלסט ניט שעפּן, וועט נאָך אַלץ בלײַבן; וויפל זשורנאַליסטן עס זאָלן ניט שרײַבן, וועט נאָך קלעקן פאַר א סאַך אַנדערע.

נעכטן זײַנען אומגעקומען זעקס יינגלעך. זיי זײַנען אומגעקומען פון אַן אויפרײַס פון א האַר־מאַט, וואָס איז געשטאַנען אין הויף פון וואָיענקאָמאַט³, ווו זיי האָבן זיך געלערנט ווערן סאָלדאַטן.

זיי איז געוועזן צו זעכצן־זיבעצן יאָר, און ווי קינדער, האָט זיך זיי געוואָלט געבן א קוק, וואָס טוט זיך באַ דעם האַרמאַט אינווייניק, דערגרייכן ביז זײַן בלוטיק האַרץ.

זיי האָבן גענומען אָפּדרייען די שרײַפעלעך פונעם האַרמאַט, זיך פאַרקען אין זײַנע אינ־געווייידן און קלאַפּן איבער אים, ביז ער האָט ניט אויסגעהאַלטן, דער האַרמאַט, און האָט זיך אויפגעריסן. זעקס יינגלעך זײַנען אומגעקומען! (דער זיבעטער איז גראָד אַוועק).

איינער פון די אומגעקומענע איז א יינגל פון אונדזער אינטערנאַט. אַזאַ ווילער, רויטער יאַט מיט גרויע פרידלעכע אויגן. און ער האָט געאַרבעט איבער דעם האַרמאַט מער ווי אַלע, מיטן גאַנצן דראַנג. עפּשער האָט ער ניט געדאַרפט דעם האַרמאַט? עפּשער האָבן אים געשטערט אַלע האַרמאַטן אויף דער ערד?

ס'זײַנען אומגעקומען זעקס יינגלעך ניט אָפּן פראָנט פון דער איצטיקער מילכאָמע, ניט פון א פײַנטלעכער קויל, נאָר פון א האַרמאַט, וואָס איז פאַרבליבן פון יענער וועלט־מילכאָמע 1914—1918.

אָט אַזוי רופן זיך איבער מילכאָמעס.

פון א מינע, וואָס איז איבערגעבליבן אין טײַך, ווערט דערהאַרגעט א מענטש, וועלכער איז געקומען פּאַשעט אויסבאָדן זיך. פון א האַרמאַט, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך יענער מיל־כאָמע ערגעץ אין א הויף פון א וואָיענקאָמאַט, ווערן דערהאַרגעט זעקס יינגלעך.

עפּשער וואָלטן זיי אַפילע ניט באַוויזן צו גיין אויף מילכאָמע, און אויב יאָ — וואָלטן עפּשער טלעכע פון זיי פאַרבליבן גאַנץ.

שוין צײַט, עס זאָל זײַן א סאָף צו אַלע מילכאָמעס. עס דאַרף דאָך ווען־ניט־איז זײַן א סאָף.

³ מיליטערישער קאָמיסאַריאַט.

# דער טעם פֿון לעבן

איך טראַכט אויך, אַז פֿאַר מיר און פֿאַר דיר איז דײַן קומען געווען נייטיק. ווי דו זאָגסט, מיר זײַנען דערגאַנגען צו דער גרענעץ פֿון אונדזער פֿאַפּירענעם לעבן. איצט האָבן מיר ווידער וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן. דערצו האָסטו דאָ אַזוי אויסגענומען, אַז מע האָט אָנגעהויבן טראַכטן בעסער וועגן מיר.

נעכטן איז צו מיר צוגעגאַנגען אונדזער דערציִערן ז. (איך וועל זי רופֿן „זײַען") און מיט אַ גוטן שמייכל מיר געזאָגט, אַז זי איז מיר אַלץ מוחל און טראָגט אויף מיר קיין הארץ ניט, אַזוי ביסטו איר געפֿעלן.

איך ווייס, איך האָב אָנגעהויבן פֿון פּאָצן־זײַט, אָבער איך וועל דיר אַלץ דערציילן ניט געאײַלט. דאָס וועט זײַן אַ מין מײַסע פֿון כאַדגאַדיאַ. מיר האָט זיך ניט געוואָלט דערציילן דיר דאָס אַלץ, ווען דו ביסט געווען בײַ אונדז. נאָר איצט נאָך דעם, ווי זי איז מיר מוחל געווען, ווילט זיך מיר, פֿאַרקערט, דערציילן.

איך וועל אָנהייבן פֿון יענער אַנקעטע (עפּשער געדענקסטו, אויף איר לינקער זײַט האָב איך געשריבן דיר אַ בריוו). די אַנקעטע האָב איך אַליין צוגעטראַכט. בײַ אונדז האָט מען אָרגאַניזירט אַ וואַנט־צײַטונג. די דערציִערן זײַען איז געווען דער רעדאַקטאָר. מיך האָט מען אויך געבעטן געבן אַ נאָטיץ. האָב איך געטראַכט, געטראַכט און צוגעטראַכט געבן אַ נאָטיץ אין דער פֿאָרם פֿון אַן אַנקעטע. יעדערער פֿון אונדזער קאָלעקטיוו גיט אַן ענטפֿער אויף דער איין־און־איינציקער פֿראַגע: וואָס האָסטו געטאָן אין דער צײַט פֿון דער מילכאָמע?

אָט איז אַ קליינער טייל פֿון די ענטפֿערס אויף דער אַנקעטע.

| | |
|---|---|
| די פֿאַרוואַלטערן פֿון דעם לערנטייל | דערצויגן אַלעמען צוזאַמען און יעדן באַזונדער — די קינדער, די דערציִערנס, ניט אויסגעמיטן דעם הויפּט־דירעקטאָר |
| די דערציִערן זײַען | אויך דערצויגן קינדער. |
| אַ קיך־אַרבעטערן מיטן נאָמען ריוו־רײַע־ראָזע | וואָס פֿרעגט מען בײַ מיר? איך רוף זיך דאָך אָפּ אויף אַלע דרײַ נעמען. |
| איינס פֿון די עלטערע ייִנגלעך | געווען נישקאָשע, ווען מע האָט געפּרעגלט קאַרטאָפֿל ניט געשיילטערהייט. כאָטש עס איז געווען ווייניק, אָבער דערפֿאַר האָט גוט געשמעקט מיט מאַכאָרקע |
| איינס פֿון די עלטערע מיידלעך<br>איינס פֿון די קלענערע ייִנגלעך | איך בין דעמלט געווען יונג און געמאַכט כיינדעלעך<br>געביטן הויזן אויף צוקער. זיס איז ניט געווען |

איך מיין, דו קאָנסט זיך שוין פֿאָרשטעלן, וואָס דאָס איז געווען פֿאַר אַן אַנקעטע. איצט לייען איבער נאָכאַמאָל דעם ענטפֿער פֿון דער דערציִערן זײַען. דערפֿאַר טאַקע איז די אַנקעטע אין דער וואַנט־צײַטונג ניט געווען. איצט וועל איך דיר געבן צו פֿאַרשטיין, וואָס האָט געהייסן דער ענטפֿער „אויך דערצויגן קינדער".

בײַ אונדז גייט דאָ אַ קאַמף מיט די דערוואַקסענע קינדער. זיי וואַלגערן זיך צופֿיל אין די בעטן. אינדערפֿרי פֿאַרשפּעטיקן זיי צום פֿרישטיק, דערנאָך פֿאַרשפּעטיקן זיי אין שול. מע האָט מיט זיי גערעדט מיט גוטן און מיט בייזן. עס העלפֿט ניט.

די דערציִערן זײַען האָט באַשלאָסן זיי אָנלערנען. געקומען אין עסצימער (זי איז אין דעם טאָג געווען די פֿאַראַנטוואָרטלעכע) און אָפּגעגעבן מיר אַ באַפֿעל: ניט געבן זיי הײַנט קיין פֿרישטיק... איך האָב גענומען דערווידערן, דערווײַזן. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט זיי געוואָרנט צוויי מאָל, און מײַן זאַך איז אויספֿילן דאָס, וואָס זי פֿאָדערט.

קאָנסט זיך פֿאָרשטעלן, ווי די קינדער, אַלע דערוואַקסענע, צווישן זיי אויך אונדזער עלטע־רער, האָבן דאָס אויפֿגענומען. אַ רעגע זיך פֿאַרלוירן און גלײַך זיך געלאָזט צו דער פֿאַרוואַלטערן. זי, אַ פּעדאַגאָג מיט אַ סטאַזש, האָט געפֿונען אַן אויסוועג: ניט זעצן די געשטראָפֿטע צום טיש, ניט געבן זיי קיין טיי, נאָר שטילערהייט יעדן אין האַנט אַרײַנשטופּן אַ שטיק ברויט מיט עפּעס פֿעטס. איך האָב ווידער גענומען דערווידערן: ווי קאָן מען אַזוי, אַן אויטאָריטעט פֿון אַ פּעדאַגאָג...

— ס'איז קיין אַרבעט ניט איבערלאָזן קינדער הונגעריק אינדערפֿרי. זיי זײַנען אַזוי אויך ניט איבעריקס זאַט. און זײַ רויִק, די קינדער וועלן אונדז ניט אויסגעבן, דער קעכער אויך.

איך און דער קעכער, וואָס זײַן וואָרט איז טײַערער פֿון אַ רענדל און וואָס בײַ אים איז

דער איקער אָנהאָדעווען א מענטשן, האָבן אויסגעפּילט דעם לעצטן באַפעל. ס'איז געוואָרן שטיל, רויק.

מיטאמאָל פליט אריַין די כאַוועֶרטע זיַין א באַרויגעזע, אָן אופגערעגטע, און צו מיר, און אף מיר... ווי האָב איך דאָס געוואגט אזוינס אָפטאָן, וואָס פאַר א רעכט האָב איך געהאַט? און צי ווייס איך מיַינע פליכטן?.. און אזוי וויַיטער.

איך האָב זיך אזוי פארלאָרן, אז איך האָב ניט געקאָנט עפּענען דאָס מויל. און וואָס האָב איך געקאָנט זאָגן? דעם עמעס? וואָלט זיך דאָך פארקאָכט א קאַשע, אז אלע וואָלטן זיך געוואָרגן. דערצו האָט דעם מויעך געעגבערט א געדאַנק: ווער? ווער האָט איר געקאָנט אלץ דערציילן? און פארוואָס האָט מען אָנגעוויזן אף מיר?

גיב נאָר א קוק, וואָס עס האָט זיך באַקומען.

איינע האָט געזאָגט אזוי, די אנדערע פארקערט, און שולדיק בין איך. נו, פרעג איך בא דיר, פאראן גערעכטיקיַיט אף דער וועלט? ניטאָ.

אגעוו, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די דערציִערן האָט אליין אלץ קלאָר געמאַכט. ווען זי איז געגאַנגען פאַריכטן די בעטן אין צימער פון די עלטערע קינדער, איז פון אונטער איינער א קישן ארויסגעפאלן א שטיקל ברויט מיט א שטיקעלע כאַזער־פעטס.

אויסגעלאָזן האָט זיך, אז איינס פון אונדזערע יינגלעך, וועלכער האָט פון ערגעץ קיין הילף ניט באַקומען און איז טאַקע געווען ניט איבעריקס זאַט, האָט, דערזעענדיק אזא אויצער, באַשלאָסן, אז א ביסל דאַרף מען איבערלאָזן אף שפּעטער, און האָט א רוק געטאָן א שטיקל ברויט מיט כאַזער־פעטס אונטער דער קישן.

איצטער איז דיר מיסטאם קלאָר, וואָס האָט באַטיַיט אין דער אנקעטע איר ענטפער: „אויך דערצויגן קינדער“.

איך מיין, אז די נאָטיץ איז טאַקע דערפאַר ניט אריַין. און איך האָב נאָך באַקומען א סוינע, א פרינציפּיעלן סוינע.

אלעמען איז די אנקעטע געפעלן געוואָרן. פאַרוואָס זשע האָט זי ניט געגעבן די נאָטיץ אין וואנט־ציַיטונג? איך האָב זיך באַליידיקט, נאָר דערנאָך האָב איך א טראַכט געטאָן, אז זי איז געווען גערעכט.

איך האָב דאָך זי געזען אין אנדערע סיטואַציעס, בא אנדערע אומשטענדן.

זומער זיַינען אונדזערע עלטערע קינדער געפאָרן ארבעטן אין קאָלווירט וויַיט פון דער שטאָט, א קילאָמעטער צען — צוועלף. זי, די כאַוועֶרטע זיַין, איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און דער אָנפירער, און איר האָט מען פארטרויט צונויפריידן זיך מיטן קאָלווירט וועגן לוין פאר דער ארבעט.

דער קאָלווירט האָט זיך טאַקע ניט געקאַרגט אף צוזאָגן, נאָר עס האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם. די כאַוועֶרטע זיַין האָט געהאַט אויסגעריסענע יאָרן: מיך האָט מען געשיקט אהין העלפן דער קעכערן און איך האָב געזען אירע שוועריקיַיטן.

געשלאָפן זיַינען די קינדער אף שטרוי, עסן באַקומען באַם קאָלווירט איז געווען ניט גרינג. און ווען ס'איז געקומען צו צעצאָלן זיך, האָט דער פאָרזיצער באַוויזן פוסטע הענט. און זי, דער אָרגאַניזאַטאָר, איז געווען ווי אין א קלעם: פון איין זיַיט די קינדער, פון דער אנדערער — דער קאָלווירט. די קינדער האָבן די גאַנצע ציַיט פאָרגעשטעלט זיך, וואָס און ווו זיי וועלן קויפן פאַר דעם באַקומענעם לוין, ווי זיי וועלן וויַיזן זעלבשטענדיקיַיט. זיי זיַינען דאָך ניט מער ווי קינדער. און דער פאָרזיצער פון קאָלווירט, אן אלטער טאַטער, וואָס האָט שלעכט גערעדט אף רוסיש, האָט אף אלץ געהאַט איין ענטפער:

— אף וועמען זאָלן די קינדער באַרויגעז זיַין?.. קינדער פון אינטערנאַט וועלן ניט זיַין הונגעריק. קינדער פון אינטערנאַט וועלן ניט גיין באָרוועס. קינדער פון אינטערנאַט דאַרפן האָבן גוטע לערער, וועלכע מוזן זיי דערמאָנען, אז ס'איז מילכאָמע און אז פעדאַגאָגיק איז נאָך דער מילכאָמע.

וואָס אָנבאלאַנגט דעם געזעץ פון פעדאַגאָגיק, אז אויב צוגעזאָגט, איז געגעבן, קאָן ער אויך דערוויַיזן, וואָס מע האָט אים צוגעזאָגט און וואָס געגעבן. און צעטיילנדיק א שטיקל פּאַפּיר מיט א ליניע, האָט ער קלאָר באַוויזן, וואָס מע האָט צוגעזאָגט און וואָס געגעבן.

| צוגעזאָגט | געגעבן |
| --- | --- |
| טווע אף פאַרזיי | א פּאַסיקל (—) |
| קאַרטאָפל ביז דער גערעטעניש | א פּאַסיקל (—) |
| ברענגען בעהיימעס, קעדיי געבן די קינדער ביז דריַי יאָר א ליטער מילך יעדן טאָג | א פּאַסיקל (—) |

איך געדענק גוט יענע הארבסטיקע נאכט. א שלאקסרעגן מיט א ווינט, אין דרויסן — דאָרפישע פינצטערניש, הינט בילן, און זי, דער אָרגאַניזאַטאָר, לאָזט זיך גיין צום פּאָרזיצער מיט דער האָפענונג עפּעס נאָך אויסבעטן. זי האָט זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן.
מיר האָבן זיך געשלעפּט אין א קאַלטן הארבסטיקן טאָג איבערן שליאך מידע, אָן באַגייס־טערונג; דאָרע פערד, אײַנגעשפּאַנטע אין קליינע וועגענער, האָבן געפּירט אונדזער ביסל האָב־און־גוטס, און נאָר אַדאַנק אונדזערע יינגלעך, וועלכע האָבן מיט א בײַטש און מיט א רוסיש געזאָלצן וואָרט אונטערגעטריבן די פערד, — האָבן מיר זיך פאַרנאַכט דערקליבן ביז דער שטאָט.
פאַרוואָס זשע האָב איך טאַקע ניט געקאָנט אָנשרײַבן וועגן איר אין וואַנט־צײַטונג עפּעס רעכטס און פאַרוואָס מיט איין פראַזע זיך אָפּגעפּאָרטיקט מיט איר אײַנגאַנצן?
אָט דאָס מאַכט שרײַבערײַ, ווען דו לאָזט זיך אָפּן וועג פון זײַן פּיקאַנט.
און ווער איז שולדיק? דער לייענער. ווײַל גיב אים עפּעס ניט אַזוי, ווי אים געפעלט, מאַכט ער דיך אײַנגאַנצן אָפּ מיט דער האַנט. און אַז ער לייענט שוין יאָ, גלייבט ער דיר ניט. און דאָס איז דאָך נאָך ערגער. איך וואָלט אים אויסגעדרייט צו זיך מיטן פּאָנעם און אויסגע־קושט, אָט דעם טיפּ!
אָבער זי, דער רעדאַקטאָר, האָט געטאָן קליגער. זי האָט מיך גאָר ניט צוגעלאָזט צום לייע־נער. און טו איר עפּעס. א קליינינקײַט צו זאָגן — דער גוואַלדיקער קויעך פון א רעדאַקטאָר! אָבער וואָס פאַרדריסט מיך מער פון אַלץ, איז די סיטואַציע. א שרײַבער, אויב מע דרוקט אים ניט, בלײַבט ער א סוינע דעם רעדאַקטאָר. מיך האָט מען ניט געדרוקט, און מיר איז נאָך גע־בליבן א סוינע דער רעדאַקטאָר.
אָבער הײַנט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט, ווי זי איז צו מיר צוגעגאַנגען און געזאָגט, אַז זי איז מיר אַלץ מוחל און טראָגט אָף מיר קיין סינע ניט, אַזוי ביסטו איר געפעלן, האָב איך באַשלאָסן, אַז דו ביסט געוויס ווערט צו וויסן וועגן דעם און פאַרשטיין דעם טאַם פון אונדזער לעבן.
א דאַנק.

## דער דענקמאָל

מיט עטלעכע טעג צוריק איז בא אונדז אין אינטערנאַט געווען א לעקציע וועגן קונסט. ביז איצט וועקט זי אין מיר פראַגן און לאָזט מיך ניט רוען. איך באַשליס דערציילן אַלץ דיר, ווײַל איך גיכער זיך באַפרײַען און קאָנען אָנהייבן טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. איז אָט, ערשטנס, וועגן דעם לעקטאָר גופא. א געוועזענער אַקאַדעמיקער פון דער לענינגראַדער קונסט־אַקאַדעמיע, דער גרעסטער אויטאָריטעט אין אַקאַדעמיע, אַליין א קינסטלער. אַן אַרויסגעוואָרפענער פון לעבן, פון לענינגראַד, פון אַקאַדעמיע. פאַרוואָס, פאַר ווען? — דאָס פרעג בא יענעם יאָר...[1] ביכלאַל האַלט זיך אָפּ פון פראַגן. איך מיט עסטערן האָבן אים א נאָמען געגעבן: „דער לעבעדיקער דענקמאָל דעם לאַנג פאַרגאַנגענעם יאָר..." נאָר אַזא נאָמען איז צו לאַנג און אויסריידן אים איז לאַנגווײַליק, האָבן מיר אים געגומען קירצן. איז ער בא אונדז געווען: „דער לעבעדיקער דענק־מאָל דעם יאָר", דערנאָך „דער לעבעדיקער דענקמאָל", איצט פּאָשעט: „דער דענקמאָל".
איז אָט דעם דענקמאָל האָט געפונען און געבראַכט צו אונדז די פאַרוואַלטערן פונעם לערנטייל. א דאַנק איר. זי זאָרגט ניט נאָר וועגן דער לערע פאַר אונדזערע קינדער, נאָר אויך וועגן אַנטוויקלען זייער קינסטלערישן געשמאַק. דער געלערנטער איז טאַקע א געפינס. איך מיין, אַז פאַר דעם איינזאַמען, דאָרן הויכן מענטשן מיט די העלע גרויע אויגן איז אונדזער געזינדל א היילונג. מיר זײַנען געוויס ניט די אַאודיטאָריע, וועלכע ער האָט פאַרדינט, אָבער דאָך זײַנען דאָס מענטשן — קינדער, דערוואַקסענע, וועלכע הערן אים מיט גרויס דאַנקבאַרקײַט. איך האָב געפילט אין דעם דאָזיקן עטלעכע־און־זעכציקיאָריקן מאַנצבל א גרויסן לערער, וועלכער איז שטענדיק גרייט בריטהאַרציק איבערגעבן זײַן וויסן, זײַנע קענטענישן.
ער האָט גערעדט וועגן פאַרשיידענע מאָלער און קונסט־מײַסטערס גאָר אָף עפּעס אַן אומגעוויינלעכן אויפן. ער האָט געזאָגט, אַשטייגער, אַז אײַוואַזאָווסקי איז ניט קיין גרויסער קינסטלער, אַז ער האָט נאָר געהאַט א גוטע האַנט אָף מאָלן יאַם און כוואַליעס. איבערהויפּט איז געווען אינטערעסאַנט זײַן דערקלערן די אַרבעט פון א קינסטלער. א קינסטלער האָט די רעכט, האָט ער דערוויזן, איבערפלאַנצן א בוים, איבערבויען א שטוב, אויב זי שטייט ניט דאָרט, ווו זי דאַרף שטיין לויט דער מיינונג פונעם קינסטלער, ער האָט גערעדט אַזוי בילדעריש, אַז

---

[1] געמיינט דאָס יאָר 1937.

איך האָב זיך ניט געקאָנט באַפֿרייַען פֿון דעם געפֿיל פֿון קינע צום פֿרייַען און ליכטיקן לעבן פֿון א קינסטלער — ער מעג איבעראַנדערשן א וועלט.

א בוים, וואָס איז געוואַקסן הינטער אונדזער שטוב און האָט מיט זייַנע נאַקעטע צווייַגן געקלאַפּט אין פֿענצטער, איז געווען דאָ, ווי מיר האָט זיך געדוכט, ניט צום פֿלאַץ און ניט צום הארצן.

גייענדיק דערנאָך אהיים, האָב איך שוין געזוכט פֿאַר אים אן אנדער, א בעסער אָרט. ווּהין? ווּהין וואָלט איך אים איבערגעפֿלאַנצט? און, שטעל זיך פֿאָר, איך בין געוואָרן מיד פֿון זוכן. דער איקער איז דאָך געפֿינען און זיַין זיכער, אז דו האָסט געשאַפֿן בעסערס און איבערצייַגן אין דעם מענטשן. איך בין שוין גערן געווען, וואָס איך בין ניט קיין קינסטלער.

אָף מאָרגן האָב איך זיך צוגעהערט צו די רעפּליקעס פֿון די קליינע אַרטיסטן (די קינדער גרייטן א פֿאַרשטעלונג צו נייַ־יאָר, און אונדזער ראַדיק שפּילט די הויפּט־ראָל) און פֿאַשעט געפּילט, ווי אייניקע פֿראַזעס וואָלטן אַנדערש אָנגעהויבן קלינגען, ווען מע שטעלט אין זיי איבער די פּונקטואַציע. נאָך דער רעפּעטיציע האָב איך געזומען דערווייַזן ראַדיקן, אז ער דאַרף איבער־רוקן אָט דעם פֿראַגע־צייכן מיט צוויי ווערטער ווייַטער, וועט די פֿראַזע האָבן גאָר אן אנדער טאַם. האָט ער מיר געזאָגט, אז מאַריא מיכייַלאָוונא, פֿאַרקערט, האָט געהייסן גוט פֿאַרגעדענקען אלע צייכנס: די פֿראַגע־צייכנס, די אויסרוף־צייכנס.

— און פֿונוואַנען ווייסטו אזוי גוט, — האָט ער געזאָגט, — ווי עס דאַרף קלינגען די פֿראַזע? מאַריא מיכייַלאָוונא איז דאָך א רעזשיסער, ווייסט זי בעסער. דו ביסט דאָך ניט קיין רעזשיסער.

אָט האָסטו ווידער דעם צווייפֿל, ווּ דאַרף מען שטעלן דעם טראַפּ און ווּ איז דאָס נייטיקע אָרט.

איך האָב געוואָלט באַפֿרייַען דיך פֿון אזא לאַנגווייַליקן שמועס וועגן קונסט. ער איז עפּ־שער פֿאַר דיר ניט נייַ. איך האָב געוואָלט און אפֿילע געפּרוּווט דערציילן דאָס עסטערן, נאָר מיט איר ריידן וועגן אזעלכע זאַכן איז אומזיסטע טירכע.

דערפֿאַר הערט זי גוט אויס דעם דענקמאָלס לעקציעס, וועלכע איך דערצייל איר איבער, און פֿאַרשיידענע געשיכטעס וועגן אים אליין.

איך האָב איר, אשטייגער, דערציילט, ווי דער קינסטלער איז א צייַט געווען אָפּן ווייַטן צאָפֿן, אין א דאָרף לעבן א געדיכטן וואַלד. דאָרטן האָט ער, דער פֿאַרוואָרפֿענער מענטש, אויס־געקליבן א פֿאַרוואָרפֿן ווינקל אין וואַלד, ווּ אָף א גרינער לאָנקע איז געשטאַנען א גרויסער פֿניאַק. דאָס איז געווען געוויס דעם פֿניאַקס ריכטיק אָרט, ווייַל אָף אים פֿלעגט דער קינסטלער זיצן און אפֿילע מאָלן. פֿאַר די בילדער זייַנע פֿלעגט ער קריגן א שטיקל פּוטער, אייער, א פֿישל. קונסט דאַרף מען אָפּאָנעם אומעטום.

אָפּן פֿניאַק פֿלעגט ער אָפּט רוען און טראַכטן.

איינמאָל האָט דער מענטש דערהערט — קליינע לאַפּקעס פּויקן: צאַק, צאַק, צאַק... א פֿליג־קער שטעכלער האָט צוגעטאָפּעט, געזומען נישטערן און זוכן לעבן זייַנע פֿיס. דער קינסטלער האָט זיך דערמאָנט, אז נעכטן, נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן מאָלן, איז בא אים ארויסגע־פֿאַלן פֿון האַנט א שטיקל ברויט מיט פּוטער און איז געבליבן ליגן. דאָס מאָל האָט ער שוין בעקיוון צעטיילט זייַן פֿרישטיק: זיך און דעם שטעכלער. און פֿון דעמלט אָן פֿלעגט דאָס קליין באַשעפֿענישל קומען יעדן טאָג אין דער זעלבער שאָ, אויב דער קינסטלער פֿלעגט אומיסטן פֿאַרשפּעטיקן, פֿלעגט דער שטעכלער שוין וואַרטן אָף אים. איצט האָט דער מענטש געפֿילט א כּוונה צו אַרבעטן, ווייַל אָף זייַנע הענט איז געווען דאָס קלייניקע קעסטקינד.

איך האָב דערציילט עסטערן, וואָס פֿאַר א פֿאַרגעניגן איך האָב געהאַט, ווען דער קינסטלער האָט מיך און נאָך א פֿרוי געפֿירט איבער די זאַלן פֿון היגן מוזיי, וועלכן ער האָט באַרייַכערט און אָרגאַניזירט אָף א גרויסשטאַטישן אויפֿן.

אָף די ברעגן פֿון דעם טייַך קאַמע האָט ער אויסגעגראָבן אוצרות: געפֿעס, צירונג, געצייַג פֿון די אלטע שוואַטים, וואָס האָבן געהייסן בולגאַרן. ער האָט אין די אָרומיקע דערפֿער און שטעט געקליבן עקספּאָנאַטן פֿאַרן מוזיי, געזאַמלט בילדער, סקולפּטורן, וואָס און ווּ ער האָט נאָר געפֿונען. די אַרטיקע מאַכט האָט אים געהאָלפֿן.

אייניקע בילדער פֿון היגן מוזיי, האָט ער אונדז דערקלערט, זייַנען ווערט צו הענגען אין די גרעסטע מוזייען פֿון דער וועלט. אדאַנק זייַנע אָנווייַזונגען זייַנען מיר ניט פֿאַרבייַגעלאָפֿן פֿאַרביַי א וווּנדערבאַר בילד (דעם מייַסטערס נאָמען האָב איך פֿאַרגעסן) — א מאַמע מיט צוויי קינדער טוען טפֿילע פֿאַרן זעצן זיך עסן.

מיר זייַנען געגאַנגען, דער קינסטלער פֿאָרויס, א רויִקער, אן אויסגעגלייַכטער, פֿול מיט

ווירדע, און ס'איז געווען נאַטירלעך, וואָס אַ מענטש מיט אַזויפיל וויסן, בילדונג, ערודיציע קאָן מען אַזוי פּאַשעט ניט איַינברעכן.

בילדונג קאָן מען אַפּאַנעם אָפּנעמען בא אַ מענטשן נאָר צוזאַמען מיטן לעבן.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געגאַנגען מיט עסטערן פאַרבײַ אונדזער אינטערנאַט. ס'האָט געשאָטן אַ געדיכטער, וואַרעמער שניי. גרויסע שנייעלעך האָבן זיך צונויפגעקלעפּט אין דער לופטן און רויִק, נאָכגיביק זיך געלייגט אַף דער ערד, אַף די ביימער, אַף די דעכער, אַפילע אַף מײַנע וויִעס. אַלץ איז געווען ווײַס — דער הימל, די ערד. איצט, ווען איך האָב געקוקט דורך די צונויפגעקלעפּטע וויִעס, האָט דער בוים, וועלכן איך האָב אַנומלטן געוואָלט איבער־פלאַנצן ערגעץ אַנדערש, אויסגעזען צעשוווּמען און מעטושטעש און מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער שטייט אַפּן פּאַסיקסטן אָרט. אָן אים וואָלט דאָ עפּעס געפעלט צום קישעף פון ווינטער. איך האָב אָנגעוויזן עסטערן אַפן בוים. זי האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד.

— וואָס האָט איר זיך צוגעבונדן צום בוים? און פאַר דעם דענקמאָל אַליין איז דאָ אַ פּאַסיק אָרט? וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט? איך פרעג דאָך בא אײַך?

— איך טראַכט.

— איר וועט נאָך לאַנג טראַכטן? וואָס האָט איר אָנגעטראַכט?

— ווען ער וואָלט פאַרבליבן אין לענינגראַד, וואָלט ער נאָך כאַלילע געקאָנט אומקומען פון הונגער, פון קעלט.

— אַ דאַנק אײַך.

איך ווייס ניט, צי וועט די בריוו מײַנע צוטרעפן צו דײַן איצטיקער שטימונג, נאָר דו זעסט אַליין, ווי איך האָב אַף איר געהאָרעוועט און וויפל פּאַפּיר אויסגעבראַכט. איז שיק צו, אויב דו קאָנסט, אַ ביסל פּאַפּיר.

## די ווערט פון אַ בריוו

הײַנט איז צו מיר אַף דער אַרבעט אַרײַן דער שרײַבער מ. מיט זײַן פרוי. ער האָט מיר געבראַכט אַ בריוו פון דיר. איך האָב, פאַרשטייט זיך, באַדאַנקט, געפרעגט וועגן דיר און די בריוו ניט אָנגעהויבן לייענען. ער האָט מיט קאַס אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס לייענט איר ניט די בריוו? פאַרוואָס טוט איר ניט דאָס, וואָס אײַך ווילט זיך?

— איך ווייס, מײַן מאַן וועט מיר גלײַך נעמען אויסריידן, פאַרוואָס איך שרײַב זעלטן, פאַרוואָס מײַנע בריוו זײַנען געוואָרן קירצער. מע טאָר די מענער ניט צעלאָזן.

— נו, נו? ווײַטער וואָס?

— יאָ, יאָ. איך האָב מײַן מאַן צעבאַלעוועט מיט מײַן ניטשפּאַרעוודיקײַט. און איצט פּיל איך זיך ווי אַן אַלטע פרוי, אַ געוועזענע שיינהײַט, וועלכע איז מעכויעוו אַ גאַנץ לעבן זײַן שיין און יונג. ווען און ווען האָט זי דאָס צוגעזאָגט? נאָר זי איז אַ שטענדיקער באַלכויוו.

— ווער פאָדערט פון אײַך לאַנגע בריוו? מיר זײַנען דאַנקבאַר פאַר אַלץ, וואָס איר שרײַבט. און צי זײַנען דאָס גרויסע בריוו צי קליינע, צו דער זאַך צי ניט צו דער זאַך — דאָס מאַכט שוין ניט אויס.

אַ ליבער, אַ היציקער מענטש. זײַן פרוי, אַ שיינע, אַ שטילע, נאָר איז נעבעך טויב און מאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי הערט אַלץ. זי שמייכלט צו.

ער האָט גענומען גוטמוטיק אויסלאַכן אירע בריוו:

— זי שרײַבט מיר, איך זאָל זיך היטן פאַר לײַז. איר האָט געהערט — מוירע האָבן פאַר לײַז... וויל איך וויסן, פאַרוואָס דאַרף איך פריִער מוירע האָבן — פאַר לײַז צי פאַר קעלט, פאַר אַ קויל צי פאַר געפאַנגענשאַפט?

זי, די פרוי זײַנע, הערט ניט און שמייכלט צו.

— פילאָסאָפירט ניט און שרײַבט! און שרײַבט, וואָס איר ווילט, לײַז, מײַז! נאָר שרײַבט וואָס אָפּטער. אַ בריוו אַפן פראָנט איז אַ שאַנס צו לעבן! אַ בריוו אַפן פראָנט גיט מען אַף ערשט נאָך דעם, ווי דער גליקלעכער טוט אַ גוטן טענצל. און יעדערער איז גרייט צו טאַנצן.

— מיר טאַנצן דאָ אויך, — האָב איך אים געזאָגט.

דו ווייסט, נעכטן האָב איך טאַקע געטאַנצט. כ'האָב באַקומען אַ בריוו פון דער מאַמען פון גאָרקי. ווי אַ מאַמע, שרײַבט זי וועגן אַלעמען און אַלץ. ווי אַ מאַמע, באַקומט זי בריוו זייער זעלטן און, ווי אַ מאַמע, איז זי צו דעם געוווינט. און זי איז שטענדיק אומרויִק און פול מיט שרעק פאַרן גוירל פון יעדן פון אירע קינדער און אייניקלעך, פון אייגענע און נאָענטע.

זייער אַ שרעקלעכע לאַגע איז געווען בא מײַן ברודער בערען. אין לענינגראַד, אין דער צײַט פון דער בלאָקאַדע, איז ער און זײַן פרוי געווען מער אַף יענער־וועלט, ווי אַף דער־וועלט.

דער עלטערער ברודער אונדזערער אַרן, וועמעס מיליטער־טייל איז געשטאַנען אונטער לענינ־גראַד, האָט זיך דערקליבן צו בערען, ווען ביידע — בערע און זײַן פֿרוי — זײַנען געלעגן אין אַ קאַלטן פּוסטן צימער, ניט האָבנדיק קיין קויעך אַפֿילע זעצן זיך. מיט גרויס שוועריקייטן האָט אַרע נאָכאַמאָל זיך דערקליבן צו זיי, געבראַכט צו שטיקלעך ברויט און נאָך עפּעס צום עסן. דעמאָלט האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן, און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי פֿאַרלאָזן די שטאָט, ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס מיט זיי קאָן געשען. זיי האָבן פֿאַר גאָרנישט ניט מוירע געהאַט.

אין דעם ווײַטן סיביר האָבן זיי באַקומען אַ דירע, אַרבעט און אַ ברויט־קאַרטל.

זײַ געזונט, ווי עס ווינטשט דיר דײַן ווײַב און אויך די מאַמע, אונדזערע שוועסטער, ברידער און אַלע אונדזערע טײַערע קרויווים און פֿרײַנט, וועלכע פֿרעגן זיך שטענדיק נאָך אָף דיר.

דײַן הײַנטיקע בריוו, וועלכע מיר האָט געבראַכט דער שרײַבער מ., איז זייער אַ גוטע בריוו. זי איז פֿול מיט האָפֿענונג. און דײַנע ווערטער, צאַרטע און שטרענגע, צו די קינדער זײַנען מיר זייער געפֿעלן געוואָרן. ראַדיק האָט געזאָגט:

— דעם טאַטן קאָן מען וועגן אַלץ שרײַבן.

יוני האָט צוגעגעבן:

— דער טאַטע האָט ניט געהאַט קיין צײַט דיך אויסזידלען פֿאַר דעם צעבראָכענעם שניצ־מעסערל... און בכלל פֿון דיר פֿאָדערט מען ווייניק.

## אָן אַ קעפּל

וואָס איז? דו ביסט ניט צופֿרידן מיט מײַן לעצטער בריוו? דו דערקענסט זיך ניט אין איר? כ'ווייס.. עפּשער האָב איך געוואָלט העלפֿן דיר פֿאַרברייטערן דײַן פֿאָרשטעלונג וועגן זיך אַליין? נאָר זאָלסט וויסן, אַז דו, אַזאַ, ווי איך שטעל זיך פֿאָר, געפֿעלסט מיר.

דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן באַשטייט דאָך אין דעם, וואָס עפּעס מיט עפּעס פּאַלט ניט צונויף. ס'פּאַלן ניט צונויף כאַראַקטערן, מיינונגען, שטימונגען. ווען זיי פּאַלן יאָ צונויף, דעמאָלט איז דאָס בעפֿיירעש אַ גרויס גליק. אָט האָסטו מיר אַמאָל געשריבן, אַז איך האָב דיר געענטפֿערט אָף אַ בריוו אַזוי, ווי דיר האָט זיך געוואָלט, איך זאָל דיר ענטפֿערן. אַ גליק! איצט האָב איך מיט פֿאַרגעניגן געלייענט דײַן בריוו, ווו דו שרײַבסט, אַז די בריוו וועגן דעם דענקמאָל איז דיר געווען אינטערעסאַנט. איך האָב געוואַרט אַ פֿאַרקערטן ענטפֿער. דו האָסט געדאַרפֿט פּאַטערן אַזויפֿיל צײַט צו לייענען זי! דו זאָגסט מיר צו אומקערן זיך צו דער בריוו. אָט־אָט וועסטו זיך אַ ביסל באַפֿרײַען!

דו האָסט מיר אַזויפֿיל מאָל צוגעזאָגט אומקערן זיך צו דער אָדער צו יענער בריוו, אַז איצט ווייס איך שוין אַפֿילע ניט, וועלכע בריוו מײַנע דו האָסט געהאַט אין זינען. נאָר איך וואַרט, ווײַל איך גלייב, וואַרטן בלײַבט אַלץ ווייניקער.

איך פֿיל, דו ביסט שטאַרק מיד. מיט וואָס זאָל איך דיר העלפֿן? מיט אַן אייצע. לייג זיך צו און כאַפּ אַ דרעמל! אָבער וויפֿל אויפֿרעגונג קאָן ברענגען אַפֿילע אַ גוטע אייצע! אויב זי קומט ניט צו דער צײַט, איז בעסער שווײַגן.

דו האָסט מיר ניט לאַנג דערציילט, ווי דו ביסט אין אַ פֿינצטערער נאַכט רײַטנדיק געפֿאָרן אין אַ שווערער נעסיִע און ס'האָט דיך געטריבן מער ווי אַלץ דער שרײַבערישער דראַנג צו זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן. איך וואָלט דיך ניט געלאָזט. וואָלט דאָס דורכגעגאַנגען גלאַט?

נאָר בעסער זאָג, צי דו האָסט באַקומען יוניקס בריוו מיט דער ליד. מיר דוכט, אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַ גוטע ליד. ער איז מיט אימפּעט אַראָפּגעלאָפֿן פֿון צווייטן שטאָק ווײַזן מיר. ווי דו געדענקסט, איז דאָס בײַ אים ניט דער ערשטער פּרווו. ער וואַרט איצט אָף דײַן מיינונג. ער האַלט אין איין טײַנען, אַז ער דאַרף זײַן דאַרטן, ווו דו. „די יוגנט זעט פֿריִער פֿון אַלץ די העלדישקײַט, וועלכע זי קאָן און וועט געווויס אַרויסווײַזן, און ווינציקער פֿון אַלץ באַנעמט זי די סאַקאָנע. און ווי מיינסטו, וואָס זענען די מאַמעס?” — האָב איך אים געפֿרעגט.

ראַדיק האָט דיר אויך אָנגעשריבן אַ בריוו וועגן זײַנע דערפֿאָלגן און געשיקט אויסצוגן פֿון זײַן טאָגבוך.

ניט לאַנג האָבן די קינדער פֿון זײַן עלטער געשריבן אין אינטערנאַט אַן אַרבעט אָף דער טעמע „ווער ווילסטו זײַן”.

ראַדיק איז דרײַ מאָל אַראָפּגעלאָפֿן צו מיר פֿון צווייטן שטאָק דערמאָנען, איך זאָל לעמאַן־האַשעם ניט פֿאַרשפּעטיקן קומען, ווען מע וועט פֿאַרלייענען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. מיר

איז געווען שטארק אַנגענעם, וואָס ער אינטערעסירט זיך אַזוי מיט מײַן מיינונג. פון זײַן „ווערק" האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונדזער ראַדיק וויל זײַן אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, וואָס שווימט אין ווײַטע ווײַטן. אָבער ווי גרויס איז געווען מײַן כידעש, ווען איך האָב דערהערט, וואָס ער שרײַבט וועגן זײַנע עלטערן. מיר זײַנען גאָר ניט ענלעך געווען אַף זיך אַליין. אַזוי שרײַבט זיך אים, צי עפּשער אַזוי ווילט זיך אים. און איך, דער נאַר, האָב זיך אַזוי דערפרייט, וואָס ער קאָן זיך ניט באַגיין אָן מיר!

איצט וווּנדער איך זיך שוין ניט, וואָס דו דערקענסט זיך ניט אין מײַנע בריוו.

עפּשער געפעלסטו זיך ניט אַזאַ, ווי איך האָב דיך באַשריבן, און האָסט מוירע, איך זאָל דיר ניט אײַנשמועסן.

א גוטע נאַכט

## דער פראָנט האָט זיך דערנעענטערט

מיר ווערן אַלץ מער אויס הינטערלאַנד, מיר דערנעענטערן זיך צו אײַך. מיר פאַרהענגען די פענצטער, און מיר נעמען אויף עוואַקויִרטע פון לענינגראַד. זייער אויסזען איז ווי אַ שווידער־לעכע אילוסטראַציע צו אַ ווערק וועגן שרעק און אומגליק. אַ פרוי, וועלכע דו האַלטסט פאַר אַ זעכציקיאָריקע, איז אַלט צוויי און צוואַנציק.

כ'האָב באַקומען פון דער מאַמען פון גאַרקי אַ בריוו. אַ ביטערע בריוו: עס קנאַלט.

דאָ, בײַ אונדז, האָבן אַלע מוירע: די עוואַקויִרטע האָבן מוירע, מע זאָל זיך ווידער ניט דאַרפן עוואַקויִרן. די היגע האָבן מוירע באַליידיקן די עוואַקויִרטע, מע זאָל ניט געשטראָפט ווערן מיט דער שטראָף פון זײַן עוואַקויִרט.

דו געדענקסט מיסטאַם גוט סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַ. זי האָט זיך אונטערגעגעבן איר אַלטער קרענק, וואָס האָט זי ניט איין מאָל געמאַכט אויס באַרדאַאַס. אַן אופגערודערטע, מיט ציטערנ־דיקע הענט איז זי אַרײַנגעפלויגן אין אונדזער אינטערנאַט, געוויינט און געטײַנעט: „דער סוינע גייט צו מאָסקווע. וואָס וועט זײַן? וואָס וועט זײַן! פאַר יעדעס שטיינדעלע פון גאַס איז דאָך אַ ווייטעק!"

ווי אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק מיט מענטשן געקניפּט און געבונדן, שטענדיק גרייט קומען צו הילף, איז זי איצט אויך געלאָפן צו מענטשן, און דאָס וועט זי געוויס ראַטעווען. מע האָט איר געגעבן רעפּועס, אוועקגעלייגט אין איזאָליאַטאָר, געגרעדט און אײַנגערעדט, ביז זי איז אײַנשלאָפן געוואָרן. ניט ווילנדיק, מאַכסטו אַ פאַרגלײַך מיט דער פּרוי פונעם פּאָעט ס. וועלכע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. יענע האָט אַלץ מער זיך פאַרטײַעט, דערווײַטערט זיך פון מענטשן, ביז זי איז אַוועק אינגאַנצן.

הײַנט אינדערפרי האָב איך פאַרזיכטיק געעפנט די טיר פון איזאָליאַטאָר. סאָפיאַ מיכײַ־לאָוונאַ איז שוין געזעסן אָפן בעט, האָט זיך דערפרייט מיט מיר און איז געווען אַ סאַך רויִקער.

אָט אַזוי איז איצט. און וואָס ווײַטער? וואָס קאָן מען וואַרטן, אַכוץ בעסערס?

## קלאַוודיע קלײַבט זיך נעמען אַ קינד

ביז מיר האָבן ניט קיין גוטע נײַס פון די פראָנטן, טרייסט איך זיך מיט אַזעלכע ווערטלעך: לעבן דאַרף מען מיטן גאַנצן קויעך, ווײַל אַלציינס לעבסטו דאָך;

ס'איז ניטאָ קיין צושטאַנד, ערגער פון וועלכן עס קאָן ניט זײַן. ס'איז ניטאָ קיין צושטאַנד, בעסער פון וועלכן עס קאָן ניט זײַן. איז טראַכט וועגן דעם צווייטן.

מיט עטלעכע טעג צוריק בין איך אַרײַן צו קאַרפּאָוונאַ־קלאַוודיע. איך האָב דיר שוין גע־שריבן, אַז זיי נעמען מיך אויף גוט, רופן אַפילע אַרײַנגיין, נאָר פאַרפירן ניט קיין רייד וועגן ווײַ־נען בײַ זיי. איך גיי אַרײַן, נאָר קיינע אַנצוהערעניש, אַז איך וואָלט געוואָלט אומקערן זיך צו זיי, דערלויב איך זיך ניט, כאָטש מיר וואָלט זיך עס געוואָלט.

איז אָט בין איך מיט עטלעכע טעג צוריק אַרײַן צו זיי. דאָרט האָט איין קאַרפּאָוונאַ פאַר גאָרנישט ניט מוירע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט פונדאַנען אין ערגעץ ניט פאָרן און ניט גיין — איר איז דאָ אויך ניט פריילעך.

— איך פאַרשטיי, — האָב איך געזאָגט, — איר טראַכט וועגן אײַערע קינדער, דעם זון, דעם איידעם.

— וואָס איז וועגן דעם זון צו טראַכטן? ער וועט ניט שיסן.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס רעדט איר?

— וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין. מיט דעם זון בין איך א פריַינט! קלאַוודיע — די טוט, וואָס זי וויל. און פאַר דעם זון בין איך א מאַמע. איך האָב אים געזאָגט: מיר זײַנען ניט געבאָרן מענטשן צו שיסן, צו הארגענען. דער איידעם, דער וועט שיסן.

ס'זײַנען אריַין קלאַוודיע און וואַלאָדיע. איך האָב דעם געשפּרעך מיט דער אלטער איבער־געריסן, אָבער וואָס זאָל דאָס הייסן! צי זײַנען דאָס גאָר סעקטאַנטישע שטיק?

קלאַוודיע האָט גליַיך אָף א קאָל דערקלערט, אז זי וויל נעמען א קינד פון קינדערהיים, וויַיל זי האָט מוירע, מע זאָל זי ניט אוועקשיקן גראָבן אָקאָפּעס. „ווי וועל איך איבערלאָזן די מאַמע אליין?"

איך האָב געוואָלט צוגעבן: „און וואָלאָדיען", נאָר אָפּגעהאַלטן זיך. קלאַוודיע האָט דער־ציילט: „מע האָט געבראַכט צוויי קינדערהיימען מיט פאַרוואָרלאָזטע קינדער, קליַיב אויס, וועלכס דו ווילסט. און אהער וועט דער סוינע ניט דערגיין! דאָס זאָגן אלע. און וואָס פאַר א געבענטשטע זאַך איך וועל אָפּטאָן. איך וועל דאָך אויסהאָדעווען א קינד, ניט צו פאַרגליַיכן מיט זייער האָ־דעוואַניע אין קינדערהיים".

וואָלאָדיען האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען אזא בארייַדעוודיקן. צי איז ער ניט ווערט, זאָגט ער, נאָך אזויפיל איבערלעבונגען א ווארעמע קיך און א ביסל רו. זײַן שטוב און היים איז באַרעוו געוואָרן, פון אעראָפּלאַן האָט ער געזען, ווי ס'האָט געברענט זײַן דאָרף, און עפשער זײַן וויַיב און קינד. און ער ווייסט ניט, צי וועט ער אינגאנצן ניט פאַרלירן דאָס אויג. זײַן רוקן איז ניט קיין רוקן, נאָר איין גרויסע ווונד. איך האָב אים געהערט מיט א ווייטעק און פאַרדראָס אָף זיך אליין. אָט האָט ער דאָך מיר אלע שפּיַילעס פאַרענטפערט: פאַרוואָס ער איז דאָ אין הינטער־לאַנד, פאַרוואָס ער קוקט מיט „איין אייגעלע". איך האָב זיך ניט איַינגעהאלטן און א פרעג גע־טאָן וועגן יענעם פּאָדפּאָלקאָווניק, מיכאַיל סעמיאָנאָוויטשן.

— ער איז נאָך דעמלט אוועקגעפלויגן אָפן פראָנט. ער האָט אינגאנצן געהאַט עטלעכע טעג אורלויב נאָכן שפּיטאָל.

איך האָב געזאָגט:

— פאַרוואָס זאָלט איר טאַקע ניט נעמען קיין קינד. איך וועל אויך קומען העלפן.

מע האָט שוין גענומען טראַכטן: וועמען נעמען — א יִינגעלע צי א מיידעלע. א קליינינקס צי א גרעסערס. קלאַוודיע האָט געטײַנעט, אז א מיידעלע איז נעענטער דער מאַמען, וועט זיך גרינגער צוגעוווינען. וואָלאָדיע האָט געוואָלט נאָר א יִינגעלע. די אלטע האָט געשוויגן. קלאַוו־דיע האָט מיר א ווונק געגעבן, אז זי וועט טאָן אזוי, ווי זי וויל.

דו האָסט זיך געבייזערט אָף מײַנער א בריוו מיט א פאַרזעצונג, איז איצט וועסטו מוזן לייענען מיט אן איבערריַיס, וועסט מוזן איבערריַיסן און זיך אָפּרוען, נאָר ניט פאַרענדיקן דער־ציילן וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען, איז א שאָד.

הײַנט, ווען איך בין ווידער אריַין צו קאַרפּאָווגאַ+קלאַוודיע, האָב איך דערזען, אז די יונגע איז שטאַרק צעטראָגן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען א קינד.

— וואָס איז? דו האָסט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן?

— יאָ. דערשראָקן.

און קלאַוודיע האָט דערציילט, אז הײַנט, ווען זי איז געגאַנגען צום קינדערהיים, האָט זי באַגעגנט אירע א כאַווערטע. באַ איר איז אויך א פריַינט א פליִער. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זי גענומען אין קינדערהיים א יִינגעלע, געבראַכט עס אהיים, און שטעל זיך פאָר... דאָס יִינגעלע איז איר פליִערס זון. און דאָ באַקומט זי א בריוו פונעם מאַן. מע האָט אים באַלוינט מיט אן אָרדען, און ער קומט אָף עטלעכע וואָכן אהיים. שטייט די כאַווערטע באַם קינדערהיים און גיסט טרערן. נו, וואָס זאָל זי איצט טאָן?

מיר האָבן געשוויגן. אלע זײַנען מיר געזעסן, די אלטע, איך, קלאַוודיע, און געשוויגן.

וואָלאָדיע איז געקומען. אפילע איך האָב אָף אים געוואַרט מיט אומגעדולד. א מאַנצבל, וועט זאָגן א וואָגיק וואָרט.

קלאַוודיע האָט ניט אויסגעהאַלטן, גליַיך אלץ דערציילט. וואָלאָדיע האָט זיך ווי אָנגעצונדן און געזאָגט, אז מאָרגן אינדערפרי וועט ער גיין אין די קינדערהיימען זוכן זײַן זון. „ני־קאָלקע, ניקאָלקע!"

מיט קאַס איז ער אָנגעפאַלן אָף קלאַוודיען:

— וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? מיר וואָלטן מיט דיר זיך פאַרשריבן ווי מאַן און וויַיב. דעם אטעסטאַט וועל איך איבערשריַיבן אָף דײַן נאָמען. און דו וועסט אופציִען מײַן זון. מײַן ריִע איז געוואָרן בעסער, מע וועט מיך אינגיכן פונדאַנען אוועקשיקן. אויב איך וועל דערלעבן זיך אומקערן, וועל איך זיך אומקערן אהער, ווי אין מײַן שטוב און היים, און איך וועל שטענדיק געדענקען וועגן מײַן גליק, וועגן דעם זון, וועלכער געפינט זיך אין גוטע הענט.

ער האָט גערעדט אַזוי הייס און איבערצײַגנדיק, ווי ער וואָלט שוין געפֿונען דעם זון און ער וואַרט נאָר אױף אַן ענטפֿער פֿון איר, פֿון קלאַוודיען.

קלאַוודיע האָט געשוויגן, כאָטש זי איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ניט לאַנג געטראַכט אױף צו געפֿינען אַ וואָרט. זי האָט שווער אַן עטעם געטאָן און געזאָגט:

— ניין. דײַן זון וועל איך דערציִען, דעם אַטעסטאַט קאָנסטו איבערשרײַבן אױף זײַן נאָמען. אָבער פֿאַרשרײַבן זיך מיט דיר ווי מאַן און ווײַב — דאָס ניט. אױף דעם זאָלסטו זיך ניט ריכטן. ווי וועל איך קוקן דעם מאַן אין די אויגן? וווהין וועט ער גיין? קימאַט פֿיר יאָר מיט אים געלעבט. זאָג, ער איז ווען געגאַנגען אָן מיר שפּאַצירן? זײַן געהאַלט ניט אָפּגעגעבן מיר ביז אַ קאָפּעקע! און אַז איך פֿלעג אַמאָל זיך פֿאַרקוקן אױף אַ פֿרעמדן מאַנצבל, פֿלעגט ער זאָגן: „פֿאַרברענג, פֿאַר־ברענג, קלאַוודיע! אַזאַ פֿרוי, ווי דו, וועט דען אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן מיט איין מאַן“, און האָט געלאַכט, געלאַכט...

כ׳האָב ניט באַמערקט, ווען די אַלטע איז אַרויס. איך בין אַוועק.

הינטערן פֿלויט איז אַלץ געווען ווי אין אַ ראָמאַן. די לעוואָנע האָט מיר באַלויכטן דעם וועג. די קליינע קאַליוזשעס האָבן געפֿינקלט, עס האָט געבלאָזן אַ קיל, מעכײַעדיק ווינטל. אַרום איז געווען אַזוי רויִק. ווען מע קוקט אָבער אַרײַן אין יעדער שטוב, ווי לעבן דאָרט מענטשן און וואָס איז בײַ זיי אױפֿן האַרצן...

## עסטער זעגנט זיך

איך האָב באַוויזן איבערגעבן עסטערן דײַן גרוס. זי איז געווען זייער צופֿרידן און שטאַרק געדאַנקט. אָבער זי איז געקומען געזעגענען זיך. בעשאַס דײַן זײַן בײַ אונדז איז זי געווען אין קאַזאַן. איצט פֿאָרט זי אײַנגאַנצן אַוועק צו דער טאָכטער. איך האָב געפֿילט, אַז עפּעס פּײַניקט זי. זי האָט אָנגעהויבן אַזוי:

— איך געדענק, איר האָט מוירע געהאַט, איך זאָל ניט מאַכן אַ בייז לעבן צווישן מײַן טאָכ־טער און איר מאַן. איז האָט קיין יעסורים ניט. עס וועט אַלץ זײַן גוט.

בײַ מיר איז געווען אַ געפֿיל, אַז עסטער פֿרעגט בײַ מיר קיין מיינונג ניט און וואַרט ניט אױף מײַנעם אַ וואָרט. זי פֿאַרהערט זיך אַליין.

— זי שרײַבט מיר, — האָט עסטער פֿאָרגעזעצט, — אַז „איצט לעבן מיר, ווי די טײַבעלעך. פּאַשע (אַזוי הייסט דער מאַן אירער) האָט דורכגעלייענט דײַן בריוו, מאַמע, און טוט אַלץ, אַז מיר זאָלן זיך אַפֿילו ניט אָנהייבן קריגן. אָבער ווען מיר ווערט אומעטיק און איך הייב זיך אָן טשע־פּען צו אים, שיקט ער מיך אָפּ צום טשוועקעלע. ער האָט צוגעקלאַפּט אַ טשוועקעלע אונטערן וואַנטזייגער, הענגט אױף דעם אוף אַלע דײַנע בריוו, מאַמע, און האָט נאָך פֿון אויבן צוגעקלאַפּט אַן אויפֿשריפֿט: „אַכטונג! הערן און ניט פֿאָלגן“.

„נאָר האָב ניט מוירע, מאַמע, — שרײַבט זי מיר ווײַטער, — זאָל ער זיי הענגען. איך האָב זיך שוין גוט אױף אים אָנגעהאַנגען“. ווי געפֿעלט אײַך מײַן טאָכטער, אַ? איך האָב זיך טאַקע ניט דערשראָקן און אָנגעשריבן, ווי זי דאַרף זיך אויפֿירן: „מאַך ניט קיין וועזן פֿון קלייניקײַטן און נעם זיי אוף מיט שמייכל און שפּאַס. זײַ ניט די גאַנצע צײַט לעבן דעם מאַן, גיי אױף פֿאַרזאַמלו־נגען און אַרבעט אין קאָמיוג. אַ ביסל געדולדע, וועט ער געוווינט ווערן!“

אַזוי האָב איך איר געשריבן, אַזוי האָב איך אַליין פֿריִער געלעבט, און אַזוי לעב איך איצט. איך בין אַ מיטגליד פֿון פֿאַבקאָם און פֿון דער שפּאַרקאַסע, איך גיב אַרויס ביכער איין מאָל אין וואָך. מע האָט מיך אַמאָל גערופֿן קאָכלעפֿל; בין איך בעדאַלעס!

„דו דאַרפֿסט וויסן אַלץ, — האָב איך געלערנט מײַן טאָכטער, — וואָס דײַן מאַן האָט ליב, און אַלץ, וואָס דײַן מאַן האָט פֿײַנט, טאָן דאַרפֿסטו אָבער אַזוי, ווי דו פֿאַרשטייסט. נאָר אַ ביסל געדולדע, וועט ער געוווינט ווערן! איך האָב אַזוי געלעבט מיט מײַן מאַן, און ער האָט פֿון אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן, געלעקט די פֿינגער“.

— וואָס טוט איר, עסטער! — האָב איך אַ זאָג געטאָן. — איר גיט דאָך אַרויס אַלע אונ־דזערע פֿרויען־סודיעס!

— אײַ, זײַט איר אַ קאַשערע נעשאָמע! — האָט זי זיך אַ הייב געטאָן. — איר דאַרפֿט וויסן, אַז דער גרעסטער סאָד איז זאָגן דעם עמעס! אַז מענער טרויען ניט פֿרויען, ווייסט איר? איז אַז מע זאָגט זיי דעם עמעסן עמעס, ווערן זיי פֿאַרכידעשט, צעטומלט, און דאָ כאַפּט מען זיי אַרײַן אין נעץ.

— קלאָרע ווערטער פֿון אַ געניטן מענטשן! איך וועל דאָס פֿאַרגעדענקען און אומבאַדינגט אויסניצן נאָך דער מילכאָמע.

— אויב איר האָט דאָס ניט אויסגעניצט ביז אהער, זע איך נאָך אײַך, אז איר האָט אנדערע מיטלען.

— אָבער איך דערצייל ניט וועגן זיי. איך צעטרענצל זיי ניט.

— ניין, נאָר דערציילן. דו דערציילסט, ווערסטו אויסגעליידיקט און נעמסט זיך אָן מיט עפּעס אנדערס און עפּשער בעסערס. א מענטש איז געגליכן צו א שוואָם. ביז דו וועסט ניט אויס־קוועטשן פון אים די אלטע וואסער, וועט ער ניט אײַנזאפּן קיין אנדערע, קיין נײַע.

— אָט וועל איך דאָס דערציילן הײַנט אין א בריוו צו מײַן מאן. איך שטעל זיך פאָר, ווי ער וועט פארכידעשט ווערן, צעטומלט ווערן, און איך וועל אים געוויס ווידער כאפּן אין נעץ און מיט נײַע מיטלען.

— שיקט אים פון מיר א קוש, און זאָל ער אים וויל באקומען.

— אָמיין.

דאָס האָב איך דיר, פארשטייט זיך, דערציילט דאָס סאמע אויבנופיקע פון אונדזער לעצטן שמועס. דערנאָך האָבן מיר שוין ערנסט זיך געזעגנט, געגעבן איינע דער אנדערער די אדרעסן, געוווּנטשן אלדאָס בעסטע און אויך אז עס זאָל אונדז צוקומען, וואָס אונדז פעלט.

מאָרגן וועל איך גיין זי באגלייטן, זי פאָרט מיט א שליטן ביז קאזאן.

א גוטע נאכט.

## שרײַבער

ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן: זײַ א מענטש, מײַן טײַערער. ווײַל איך האָב באמערקט, אז א מענטש א שרײַבער איז פריִער פון אלץ א שרײַבער. איך מיין דײַן ליד — „ליבע צו ווײַב און צו קינד". דו שרײַבסט: „די ליד האָט זיך אויסגעבויט. די מילכאָמע האָט געגעבן דעם נייטיקן שטאָף, דעם נייטיקן שטויס".

עפּשער דארף מען נאָך זאָגן א דאנק דער מילכאָמע? איך געדענק יענע פיר שורעס, וועל־כע זײַנען שוין אָפּגעלעגן בא דיר א היפּשע פאָר יאָר פאר דער מילכאָמע:

ליבע צו ווײַב און צו קינד —
א ווארעמקײַט טריפט אזא רײַפע,
זי מאכט מיך אי מילדער, אי שטײַפער —
ליבע צו ווײַב און צו קינד.

איך האָב אזוי ליב געהאט אָט די פיר שורעס. זיי האָבן מיך אויך געהאלטן אין א צושטאנד פון דערוואַרטונג. שוין זשע איז דאָס געווען מילכאָמע?

איז עפּשער א קאָפּאָרע די שטארקסטע ליד, אבי עס זאָל ניט זײַן קיין מילכאָמע. איך ווייס, איך ווייס — דו וועסט מיר ענטפערן מיט דײַנער א ליד, „צום הונט". אים האָט געטראָפן א קויל, וואָס דו האָסט געשיקט דעם סוינע, און דו זאָגסט צו אים:

— אָ, נארעלע, נאר,
כ׳האָב דיך דען געמיינט?

איך ווייס, דו האָסט אויך ניט דאָס געמיינט. אָבער ס׳ווילט זיך זידלען. וויפל יאָרן זײַנען געלעגן די שורעס, און דו האָסט ניט געוווּסט, וואָס מיט זיי צו טאָן. נאָר עפּעס האָבן זיי געטראָגן אין זיך, עפּעס אָנגעזאָגט. שוין זשע איז דאָס געווען מילכאָמע?

אָט אזוי האָסטו יענע שורעס געהאלטן, און זיי האָבן זיך ניט געוואָלט לייגן אף פּאפּיר און זײַנען געהאנגען אין דער לופטן.

איך דערמאָן זיך דײַן מעטאָד פון שרײַבן. דײַן ניט מיד ווערן האלטן אין זיקאָרן, כאזערן און מורמלען צען — פערצן שורעס, קעדיי מאכן פון זיי פיר. „ווײַל מער, אז אף פיר, איז דאָ קיין געדאנק ניטאָ". אזא צוגאנג האָסטו געפּאָדערט פון יעדן שרײַבער און פון א פּאָעט איבער־הויפּט. און נאָך געדענק איך, אז „א דיכטער איז מעכוייעוו געפינען אף אויסדריקן א געדאנק ניט קיין אויסגעטראָטענע וועגן און פון א סאך זעונגען, פאָרשטעלונגען אויסקלײַבן די וויכטיקסטע, לויט זײַן מיינונג, געוויינלעך. אין דעם איז די פאראנטוואָרטלעכקײַט פונעם דיכטער. א ליד, וואָס איז צעכראסטעט, איז קיין ליד ניט. א פּאָעט, וועלכער גיט דעם לייענער א שטיק ארץ — נא, קלײַב אליין אויס די קערנדלעך גאָלד, וועלכער פארגעסט, אז דאָס איז זײַן פליכט, דעם דיכ־טערס, אז ער האָט ניט דאָס רעכט ארופצוווארפן אָט די ארבעט אפן לייענער, — אזא פּאָעט איז קיין פּאָעט ניט".

איז וואָס איז געווען מיט דער ליד „ליבע צו ווײַב..."

ניט געכאפּט קיין געדאנק? ניט געווען קיין מיטלען, קיין ניט־אויסגעטראָטענע וועגן, צי ניט געקענט אויסבויען?

שיק זי מיר צו.

איך דערמאָן זיך אין דעם פּאָעט וועבער. ער איז אין יאָר 1939 געווען בא אונדז צוגאַסט. ער איז, דאַכט זיך, א ווילנער. וועבער האָט זיך אינטערעסירט מיטן מעטאָד פון שאַפן בא פאַר־שיידענע שרײַבער.

— לייב קוויטקאָ, — האָט מיר דערקלערט וועבער, — איז א דיכטער, וואָס האָט א מיינונג, אז די גאַנצע מי און צײַט, וואָס א פּאָעט פאַטערט אף פוצן, אויסבעסערן זײַן שאַפונג, האָט ניט קיין באַזונדערע באַדײַטונג. אבי דער דיכטער האָט טאַלאַנט, אבי ס׳גייט בא אים פון האַרצן, פון דער נעשאָמע, וועט עס זײַן גוט.

איך געדענק אויך אן אנדער מיינונג וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פון שרײַבער — דאָוויד בערגעלסאָנס. ער איז אַרײַן צו אונדז אין איינעם א פאַרנאַכט, אַראָפּגעלאָזט זיך אף א שטול און געזאָגט:

— איך קאָן וועגן גאָרנישט ניט ריידן. איך בין שטאַרק אויסגעמאַטערט, אָנגעשריבן אין־גאַנצן איין זײַטל און אזוי מיד.

איך האָב געזאָגט:

— אַלע ווייסן, וויפל האַרעוואַניע איר גיט אוועק אף באַאַרבעטן א שורע.

— אַ! — ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — ניט אין דעם גייט עס. ס׳איז שוין געגנוג פאַראַן שלײַפער, פוצער... עס גייט אין דעם, וואָס האָב איך דאָ געזאָגט, וואָס האָב איך געזאָגט אין דעם זײַטל, אין דעם אַבזאַץ, אין דער שורע... וואָס האָב איך דאָ געזאָגט?

איך האָב דערפילט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פונעם שרײַבער פאַרן לייענער, און נאָך — אז הייבן הייבט זי זיך אָן, די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, פון דער רעגע, ווען דער שרײַבער נעמט זיך פאַר דער פען, און עפּשער נאָך פריִער.

פאַרשטייט זיך, אז ניט בא יעדן שרײַבער איז דער זעלבער צוגאַנג, דאָס זעלבע געפיל. אָט האָסטו מיר אין דער לעצטער בריוו דערציילט וועגן די שרײַבער, וועלכע מע האָט ליב אף דער מילכאָמע, ווען מע לייענט אַמערסטן אין די שוצגראָבנס. דו האָסט אָנגערופן ערענבורגן ליטעראַרישער מינאָמיאָטשיק. און א מינאָמיאָטשיק דאַרף זײַן געשיקט, אָפּעראַטיוו, זײַן פאַראַנט־וואָרטלעכקײַט איז האַרבער, שטרענגער...

איך האָב אָנגערעדט א סאַך און אָנגעהויבן צווייפלען, צי איז דאָס אַלץ צו דער זאַך. און כ׳האָב מיטאַמאָל דערפילט מײַן פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דיר, ווי פאַר מײַן לייענער, איך זע, ווי דו קוקסט אַרײַן אין מײַן בריוו און שמייכלסט: „זע נאָר זע, ווי זי האָט זיך צערעדט״.

איז טאַקע מער קיין איין וואָרט! איך שווײַג. אָבער איבערגעבן דיר א גרוס פון די קינדער און זאָגן א גוטע נאַכט מעג איך?

## אויסגעטרונקען

יאָ, איך בין טאַקע א ביסעלע שיקער. נאָר זײַ פון דעם ניט צעטראָגן, איך בין רויק, איך טומל ניט און לאַך ניט. מיר איז פּאַשעט פריילעך, מיר איז גוט, כאָטש איך האָב, צווישן אונדז זאָל דאָס בלײַבן, אָפּגעטאָן א מיִעס שטיקל אַרבעט. באַלד וועל איך דיר אַלץ דערציילן, נאָר אָן היספּײַלעס. איך געדענק ניט, נעכטן צי אייערנעכטן, נאָר געוויס די טעג, זײַנען אַרײַן צו מײַן באַלעבאָס צוויי מאַנצבלען, שוין גוט בעגילופן און דערצו נאָך ניט מיט קיין פוסטע הענט. פאַרשטייסט מינאַסטאַם, מיט וואָס? מיט צוויי גרויסע בוטלען בראַנפן. פאַרשטייסט אויך מינאַסטאַם, אז דער בראַנפן איז געווען אָן אַן עטיקעטקע. לויטן קאָליר און רייעך איז קלאָר געווען — אייגענע אַרבעט, סאַמאָהאָן. אָבער עס האָט פאַרשמעקט די גאַנצע שטוב. און מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויסטרינקען, עס זאָל א ברען טאָן אין מויל. וואָס זשע טו איך?

איך דערוואַרט זיך, ביז אין איין בוטל בלײַבט א ביסל בראַנפן און ביז די שיקורים הייבן זיך ניט אָן קושן און האַלדזן... און דאָ גיי איך צו, גיב א שלעפּ דעם טישטעך, טו א טרייסל דעם טיש, עס ווערט א גערודער, און איך כאַפּ אַראָפּ דערווײַל דעם בוטל, לויף אַרויס אין מײַן צימער און גיס איבער פלינק אין גלאָז דעם בראַנפן, באַהאַלט זי אַפן פענצטער הינטער א ביכל, א צײַטונג, גיס אָן אין בוטל א ביסל וואַסער, לויף אַרײַן צו די שיקורים, מאַך אָן אָרדענונג אַפן טיש, פלעסקע אויס פון בוטל די וואַסער אַפן דיל. אז איך וויל זיך שוין אומקערן צוריק, הייבט אָן איינער פון די שיקורים טײַטלען מיטן פינגער אַפן בוטל: „ווו, ווו איז דער בראַנפן? ווו?״

איך ווײַז זיי די קאַליוזשע אַפן דיל. זיי אַלע גיבן זיך א הייב, לאָזן אַראָפּ די קעפּ צו דער קאַליוזשע. האָב איך זיך דערשראָקן, זיי זאָלן ניט וועלן א שמעק טאָן די וואַסער, נעם איך און גיב זיך א שטעל אַרײַן אין דער קאַליוזשע. וואָלסט זען, ווי זיי זײַנען געוואָרן אין קאַס. „וואָס

טוסטו, דו, מאָסקוויטשקע!" — האָט איינער געגעבן א געשריי. איך בין גלײַך אַנטרונען געוואָרן.

ס׳איז אָבער ניט געווען קיין מעגלעכקײַט אויסצוטרינקען! דעם באַלעבאָס׳ פלוינסטע איז אומגעלאָפן אַהין און אַהער, מײַן צימער איז דאָך א דורכגאַנגס־צימער. און זי, ווי א פלע־דערמויז, הין און צוריק! האָב איך זיך ניט דערוואַרט און בין אַנשלאָפן געוואָרן. אָבער אַט איצט, הײַנט, ווען אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָב איך צעגאָסן דעם בראַנפן אין צוויי גלעזלעך: דיר א ביסל ווייניקער, מיר א סאַך מער — איך ווייס, דיר גיט מען דאָרטן! און אַט האָבן א קלונג געטאָן די גלעזלעך איינס אָן דעם אַנדערן, און איך האָב אויסגעטרונקען ביידע. נישקאָשע, כ׳וועל אויסהאַלטן! איך ווינטש דיר זײַן געזונט און זיגן, זיגן! און אַלע מענטשן זאָלן זײַן געזונט און טרינקען אף סימכעס. איך ווינטש אַלעמען א גוט יאָר, — איך ווייס, איך ווייס, איצט איז ניט נײַ־יאָר, נאָר אַזוי זאָגט מען, — ווינטש איך אַלעמען א גוט יאָר, און גאָר. און איצט דאַרף מען זיך לייגן שלאָפן. און זאָלסט זען וואָס מער... א גאַנץ בינטל גוטע כאַלוימעס!

אָט וואַרט, איך וועל באַלד פאַנאַנדערקלעפּן דעם קאָנווערט (איך האָב אים אַליין געמוזט מאַכן), אַז איך זאָל קאָנען אַרײַנלייגן די בריוו. נו, שוין, שוין!..

## פאַרוואָס זאָל איך דיך ליב האָבן?

דו ביסט אין קאַס — איך שרײַב דיר ניט. ס׳איז א מיספאַרשטייעניש. נאָר ערשט נעכטן האָב איך דיר אַוועקגעשיקט צוויי בריוו. כ׳פיל, דו ביסט געווען גוט באַרויגעז, אויב דו האָסט געקאָנט אַזוי א זאָג טאָן: „פאַרוואָס זאָל איך דיך ליב האָבן?"

דאָס זײַנען בעעמעס ניט קיין פּוסטע ווערטער. און מיר געפעלט, וואָס דו האָסט סאָפּקאָל־סאָף געפונען צײַט צו פאַנאַנדערקלײַבן זיך אין דער דאָזיקער פראַגע. זאָל דיר גאָט העלפן. איך האָב שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויגמכיין אף דעם. איך מיין אף דער פראַגע, ניט אף ליבע, גאָט באַ־היט! ווײַל ליבע איז געוויס א וואַזשנער איניען. אין באַוווּסטן ווערטערבוך פון וו. דאַל פאַרנעמען די טײַטשן צום באַגריף: „ליבע, ליב האָבן" אַריבער צוויי הונדערט שורעס. דאָרטן האָסטו דעם וואָרצל פונעם וואָרט און זײַנע צווײַגן, און זײַן באַדײַט אין פאַרשיידענע געגנטן, און דעם פאַרקערטן טײַטש פון וואָרט, און ווי עס ווערט אויסגעניצט אין גלײַכווערטלעך, שפּריכווערט־לעך, מעשאָלים. און נאָך, און נאָך... אָבער איך וואָלט געזאָגט קירצער. ליבע, ליב האָבן הייסט — עפּעס ציט דיך צו א צווייטן מענטשן! און אין דעם עפּעס איז פאַראַן האַרץ, און נעשאָמע, און געדאַנק, און לונג־און־לעבער, לײַב־און־לעבן! און גיי טרעף, וואָס בא וועמען איז מער.

און אויב א וואָרט איז צונויפגעשטעלט פון אַזויפיל קאָמפּאָנענטן, איז ניט פּאָרזיכטיק שטעלן די פראַגע, „פאַרוואָס זאָל איך דיך ליב האָבן?" ווײַל ס׳איז גאָר קיין כידעש ניט, אויב בייסן לאַנגן צוזאַמענלעבן פון צוויי מענטשן ווערט איינער פון די קאָמפּאָנענטן (אויב ניט דרײַ כאָלילע) אויסגעשעפּט. גיב זשע א קוק, וויפל און וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן.

שטעל זיך פאָר דעם אינהאַלט פונעם וואָרט ביודזשעט — דעבעט און קרעדיט! ווערט אויסגעשעפּט איין טייל פון ביודזשעט, נעמט מען פון א צווייטן. טו אויך דאָס זעלבע, און מיר וועלן ווידער זײַן גליקלעך.

טראַכט בעסער וועגן אונדזערע קינדער. דאָס איז א גרויסער טייל פון אונדזער דעבעט. דאָרטן מעגסטו אַנטלײַען.

צו וואָס דאַרף איך דיך לערנען, אויב מײַן גאַנצע ליבע צו דיר האָט זיך געשפּײַזט און געגערט מיט דעם גרויסן וווּנדער, וואָס דו קאָנסט אַלץ פאַרשטיין.

## איבעריקע בריוו

אַז דו שרײַבסט אַזוי צאַרט „נאַרעלע", שטויס איך זיך אָן, דו מיינסט דאָס מיך. אָבער וואָס האָב איך דיר אַזוינס געזאָגט? דו האָסט דאָך מיר אויפגעוואָרפן, אַז מײַנע בריוו זײַנען געוואָרן קירצער און זעלטענער. וואָס איז מיט מיר, פרעגסטו.

האָב איך דיר געזאָגט, אַז דו וואָלסט בעסער געפרעגט, וואָס איז מיט מיר געווען, ווען איך האָב געגעבן א וואָרט שיקן דיר נאָר פופציק בריוו — ניט מער, און דעמלט וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע. נאָר כ׳האָב שוין אַוועקגעשיקט דרײַ און פערציק (איצט שרײַב איך שוין דעם פיר־און־פערציקסטן), און איך זע, ווי לײַכטזיניק און קורצזיכטיק איך בין געווען. איז וואָס זאָל איך טאָן, אויב ניט צעציִען די פּאַוזעס צווישן די בריוו?

איך האָב דיך געבעטן א רעכן טאָן, וויפל בריוו זיַינען געווען איבעריקע, קעדיי ניט אריַינע־מען זיי אין כעזשבן, דערנאָך אָפּוואַרפן יענע, וועלכע דו האָסט ניט באַקומען (לויט דער נומע־ראַציע פון מיַינע בריוו איז דאָך דאָס קלאָר), און די, וועלכע דו וועסט ניט ברענגען מיר וויַיזן.

געדענקסט, דו האָסט געשריבן, אז אלע מיַינע בריוו און די בריוו פון די קינדער טראָגסטו מיט זיך דעם גאַנצן וועג, און האָפסט מיר זיי וויַיזן. געדענקסט דיַינע ווערטער: „דו וועסט געוויס וועלן דערמאָנען זיך, וואָס איז געווען אין יענע יאָרן און ווי עס איז געווען״.

יאָ, איך וועל געוויס וועלן.

איז וואָס האָב איך פון דיר געוואָלט: זאָלסט מיך באַפריַיען פון דעם געגעבענעם וואָרט. און דו האָסט געענטפערט גאָר אָף אַן אַנדער אופן. מיט א מין באַרויגעז גיסטו מיר צו פאַר־שטיין, אז איך האָב ביכלאל ניט געהאַט קיין רעכט צו געבן אזא וואָרט. „דו האָסט זיך דאָך מיט מיר ניט צונויפגערעדט!״ „און וואָס זיַינען דאָס פאַרא ריידי? וואָס זיַינען דאָס פאַרא איבעריקע בריוו? עפשער איז איבעריק מיַין זיַין דאָ, עפשער איז איבעריק דיַין זיַין דאָרטן. קלאָר איז איינס — ניט איבעריק איז זיַין צוזאַמען. איז געשריבן זאָל זיַין״.

גוט. איך גיב זיך אונטער. גוט. און זאָל זיַין שטיל.

## אָנפאַלן אָנשטאָט פאַרטיידיקן זיך

נעם און צעריַיס זי, די שיקערע בריוו מיַינע. פאַראַן וועגן וואָס צו ריידן! ווער האָט דיך געבעטן לייענען פאַר אַלעמען מיַין בריוו. איך לייען אויך אַמאָל דיַינע, אָבער שטיקלעך, אַזוי צו זאָגן, ציטאַטעס. און דעריקער, אפריער קוק איך די בריוו דורך אַליין.

איך בין שולדיק, אז א כעוורע מאַנצבלען פאַלט איַין אין קאָפּ א מאַנקאָליע: צוזאַמען איבערלייענען אין דעם טאָג די בריוו פון זייערע וויַיבער. און נאָך אָף א קאָל.

מעשוגענע מענער! ווער ווייסט, וואָס א פרוי קאָן נעמען און אָנשריַיבן! ס׳איז נאָך גוט, וואָס נאָר איין מאָל איז איַיך אַזעלכס איַינגעפאַלן. מענער מאַכן זיך לוסטיק!

האָסט געדאַרפט כאָטש ניט פון די ערשטע אָנהייבן לייענען, וואָלסטו באַוויזן דורכקוקן און עפּעס דורכלאָזן. וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, אין בריוו?

„אזא בריוו דיַינע, — שריַיבסטו, — האָט פאַרטושקעוועט אַלע אַנדערע. מע האָט געלאַכט״. איינער פון איַיערע יאַטן, זאָגסטו, האָט דיך אַפילע א שטויס געטאָן אין פּלייצע און געוואָרנט: „קוק נאָך איר, ברודערקע! זי איז אָפן ריכטיקן וועג״.

נו, איז וואָס? דו פרעגסט, צי איז מיר ניט גענוג איין שטויס? איבערגענוג.

דו פרעגסט, צי פאַרשטיי איך, פון וועמען מע האָט געלאַכט?

— ניין, איך פאַרשטיי ניט.

און צי האָב איך ניט קיין כאַראַקטע?

— ניין. איך האָב ניט.

איַי, הער אויף, די גאַנצע געשיכטע איז ניט ווערט קיין פּוסטן בוטל. און איך גיב דיר א וואָרט, אז מער קיין סאַמאָהאָן טרינק איך ניט, וויַיל אזא גליקלעכער צופאַל מאַכט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר.

זיַי געזונט און ניכטער!

## קינדער

נו, קאָן א מענטש ווען־ניט־איז זאָגן, אז ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען? בעשום־אופן ניט.

היַינט אינדערפרי נאָך פרישטיק איז צו מיר אריַינגעלאָפן ראַדיק און גענומען עפּעס דערציילן. ניט אויסהערנדיק די מיַיסע, האָב איך גליַיך גענומען פאַריכטן זיַין שפּראַך. ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אָנגעהויבן פון אָנהייב, האָב איך אים ווידער פאַריכט און נאָכאַמאָל פאַריכט, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט און איז אַנטלאָפן. און וויפל איך האָב אים ניט גערופן, האָט ער זיך ניט אומגעקערט. איך בין געווען אַזוי אין קאַס אָף זיך אַליין, אז איך בין געגאַנגען, אופגעזוכט זיַין דערציַירן און איר אַלץ דערציילט. זי האָט זיך צעלאַכט, וויַיל ראַדי איז טאַקע געקומען פרעגן בא מיר, ווי שריַיבט מען אזא פראַזע, וועלכע קלינגט באַם ריידן גאָר אַנדערש, ווי באַם שריַיבן.

ס׳איז מיר פּאַשעט געווען אָף אים א ראַכמאָנעס. אָנשטאָט פאַנאַנדערקליַיבן זיך אין זיַין פראַגע האָב איך אים נאָך מער פאַרפּלאָנטערט. פון אַגמעס־נעפּעש בין איך אוועק כאָטש אָף א שאָ אַהיים.

נאָר דער גאַנצער טאָג איז פאַר מיר געווען ניט קיין גערעטענער.

מיך האָט דעריאָגט יוני. אָט קוק איך אים אָן! אַף ריידן נארישקייטן איז ער א כאַכעם, און ווען מע דאַרף עפּעס טאָן, איז דאָס שטענדיק ניט דעמלט, ווען ער קאָן אויספילן.

ער האָט מיך דעריאָגט און גענומען דערוויַיזן, אַז אים איז אומעטיק דאָ צו זיַין, אַז ווען ער וועט זיַין אַפן פראָנט, וועל איך קאָנען זיַין זייער שטאָלץ — דער מאַן און דער זון אַף מילכאָמע, און אַז ער איז שוין א דערוואַקסענער, אַף א קאָפּ העכער פון מיר, און אַז ווען ער וועט ניט זיַין לעבן מיר, וועל איך אויסזען נאָך יינגער. ווי געפעלט ער דיר?

אונדזערע שטימונגען זיַינען ניט צונויפגעפאַלן, און איך האָב געזאָגט: „אויב דו ביסט א דערוואַקסענער, איז קום מיט מיר היַינט אין פעלד אופקליַיבן די פאַרבליבענע קאַרטאָפל (דו ווייסט דאָך, ווו עס געפינט זיך יענץ שטיקל ערד. דו האָסט בייס דיַין זיַין דאָ געגראָבן מיט מיר אינייינעם קאַרטאָפל), האָט יוני זיך אָנגעבלאָזן, ניט געענטפערט און איז אוועק. איך האָב א געשריי געטאָן, אַז איך וועל וואַרטן אַף אים ביז אַזייגער זעקס. אויב דו מיינסט, אַז ער איז געקומען, האָסטו א טאָעס. איך בין אוועק נאָך אים, נאָר אים ניט געפונען, געטראָפן האָב איך ראַדיקן. ניט דערמאָנענדיק אין דעם אינדערפריִענדיקן געשפּרעך, האָב איך אים גליַיך גענומען דערציילן וועגן יוניקס אופירונג מיט א באַליידיקטן טאָן. האָט ראַדי געזאָגט:

— וואָס ווילסטו, מאַמע, ער האָט דאָך קיין ציַיט ניט. דו האָסט, און ער האָט ניט.

אָט אַזעלכע זיַינען זיי. שטענדיק האָבן זיי קיין ציַיט ניט, מע איז פאַרטאָן אין וויכטיקע געדאַנקען, שטענדיק פאַרלירט מען עפּעס און שטענדיק זוכט מען. איך קוק אַף אַנדערע. ס'איז דאָ מיט וועמען צו פאַרגליַיכן.

בא אונדז איז פאַראַן א ברודער מיט א שוועסטער פון א יאָר עלף — דריַיצן. זיי זיַינען זייער באַפריַינדעט. אָפט שטייען זיי צוזאַמען און ריידן צווישן זיך אַזוי רויִק און באַדאַכט. אין טשעמאָדאַן איז בא זיי אַן אָרדענונג, און שטענדיק קומט דאָרט עפּעס צו. די לעצטע פאַר כאַדאָשים האָט מען געגעבן די קינדער צו ציגעלעך צוקער אינדערפרי און פאַרנאַכט, האָבן זיי אָפּאָבעם באַנוגנט זיך מיט איין ציגעלע פאַר ביידן און אָנגעקליבן א היפּש ביסל צוקער; ניט לאַנג צוריק דערוויסן מיר זיך, אַז זיי האָבן דעם צוקער אויסגעביטן אַף א פּאָר הויזן. דאָס יינגל, דער באַלעבאָס פון די הויזן, האָט רויִק דערקלערט, אַז קיין איבעריקע פּאָר הויזן דאַרף ער ניט און צוקער פעלט אים אויס.

און אָט האָסטו גאָר אַזא מיַיסע.

צוויי יינגלעך, אויך פון א יאָר עלף-צוועלף, זיַינען אין קאַס געוואָרן אַף זייער דערציִערן און באַשלאָסן אָפּטאָן איר א שפּיצל. מע האָט זיך געשושקעט און געשושקעט, און מע האָט אָנגעשריבן אין מאָסקווע אַן אַנאָנימען בריוו צו איר מאַן, אַז זי שפּאַצירט דאָ אַרום און פאַרברענגט די ציַיט מיט א פרעמדן מאַנצבל. א מיידעלע, וואָס האָט געוווּסט פון דעם אָדער צופעליק דערזען דעם אָנגעשריבענעם און פאַרכאַסמעטן קאָנווערט, האָט אַלץ דערציילט דער דערציִערן.

מיר זיַינען אַלע געווען אויסער זיך. אַכוץ דעם, וואָס דאָס אַלץ איז ניט געשטויגן — ניט געפלויגן, ווי קומט עס צו קינדער? אַגעוו, אין מאָסקווע איז איינס פון די יינגלעך קימאַט יעדן טאָג געווען בא דער דערציִערן אין שטוב. די מישפּאָכעס זיַינען זייער באַפריַינדעט.

און עפּשער איז דאָס אַלץ ניט אַזוי שרעקלעך? עפּשער זיַינען דאָס בלויז, אַזוי צו זאָגן, הויצאָעס פון וווקס.

איך דערמאָן זיך, ווי איך, א מיידעלע אויך פון א יאָר צוועלף-דריַיצן, פלעג אויסזוכן די ליבע-בריוולעך פון מיַין עלטערן ברודער, אומבאַדינגט זיי איבערלייענען און נאָך אונטערשריַיבן זיך אויך. אַז מיַין ברודער האָט דאָס מיר דערמאָנט ניט לאַנג, האָב איך געלאַכט און לאַכלוטן ניט געקאָנט זיך דערמאָנען וועגן די דאָזיקע „מיַיסים-טויווים" מיַינע.

## יוניק

היַינט איז געווען א טאָג, וואָס האָט, ווי שטענדיק, געהאַט אַן אינדערפרי, א באַטאָג און א פאַרנאַכט. נאָר מיר איז געבליבן בלויז די נאַכט. וויַיל היַינט האָב איך באַגליִיט אונדזער עלטערן זון, אונדזער יוני, אַף מילכאָמע. דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען פול מיט אַן א שיר געדאַנקען און פראַגעס: פאַרוואָס בין איך אַליין? פאַרוואָס ביסטו ניט מיט מיר? פאַרוואָס זאָלסטו אים ניט קאָנען זאָגן דאָס נייטיקע וואָרט? פאַרוואָס? פאַרוואָס האָסטו אים ניט גענומען מיט זיך, ווען דו ביסט געווען בא אונדז? פאַרוואָס האָב איך ניט געצוווּנגען דיך דאָס טאָן?

דער דירעקטאָר פון אונדזער אינטערנאַט האָט אים געגעבן א היפּשן פּאַיאָק: ברויט, צוקער, זייף. נאָר יוני האָט דאָס קימאַט אַלץ איבערגעלאָזן מיר. איך האָב אַלץ געשפּאַרט אים אין זעקל, ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון זעקל.

ס'איז געווען א שרעקלעכער פראָסט, און זיי, די מאָביליזירטע, האָבן געדאַרפט גיין צופוס ביז קאַזאַן. אזא מעהאלעך! און איך האָב ניט געהאַט פאר אים קיין ווארעמע זאכן. קיינער האָט זיך ניט געריכט אף אזעלכע פרעסט און אף אזא שנעלן ארויסרוף. נאָר פריַינט האָבן געהאָלפן אים ווארעמס אָנטאָן. די פאַרוואַלטערן פון אונדזער לערנטייל האָט געוואָלט גיין אין וואָיענקאָמאַט בעטן א ביסל פאַרהאַלטן אים, קעדיי בעסער אויסריכטן אין וועג אריַין. נאָר איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, כ'האָב מוירע געהאַט רייצן דעם גוירל. און ער, יוניק, איז געווען מאָלע־סימכע: עס איז סאָפּקאָלסאָף געשען דאָס, וועגן וואָס ער האָט געטרוימט, און ער איז אין דעם ניט שולדיק.

די נאַכט מײַנע איז פול געווען מיט דערמאָנונגען. איך האָב אים געזען א קליינינקן פון א יאָר דריַי. מיר קליַיבן זיך מיט אים פאָרן צום יאַם, און איך האַלט זיך אָן אייצע מיט א דאָקטער: ווו איז פאר אים בעסער צו זײַן, ווי פאר א קינד, א געבאָרנס אין מאָסקווע. דער דאָקטער קוקט אף אים און זאָגט: ער איז א גוט, געזונט קינד מיט א ווילן שמייכל און וועט אין ערגעץ קיין אגמעס־נעפעש ניט פאַרשאַפן.

איז שוין זשע וועט ער אונדז פאַרשאַפן אגמעס־נעפעש איצט?

איך האָב זיך דערמאָנט, ווי אים, א קינד פון זעקס־זיבן יאָר, האָט א דורכפאָרנדיקער אווטאָמאָביל א קלאַפּ געטאָן אין אַקסל מיטן העַנטל פון דעם טירל און ער איז שיר ניט אומגעקומען. ווי מוטיק, מיט א שמייכל אף די ליפּן, פלעגט ער גיין מיט מיר אף מאַסאַזש. אים האָט גוט וויי געטאָן, און דער מאַסאַזשיסט האָט זיך געוווּנדערט, ווי דאָס קינד איז אויסגעהאַלטן, „אז איר רײַבט אזוי, טוען אײַך מינאַסטאָם וויי די פינגער?“ — האָט יוני געפרעגט באַם מאַסאַזשיסט.

ווען ער איז געווען גאָר א קליינינקער, געדענקסט, פון א יאָר צוויי, איז ער אוועק אין וואַלד. מיר האָבן זיך אפילע ניט אָנגעשטויסן, אז ער איז ניטאָ. ער האָט שוין אָפּגעשפּאַנט אוואַדע א קילאָמעטער. אורי, מוישע ליטוואַקאָווס זון, האָט אים צופעליק דערזען און געבראַכט אַפּן וועלאָסיפּעד אַהיים. מיר האָט מען דעמלט געזאָגט: „איצט מעגט איר זײַן זיכער, ער וועט ניט פאַרפאַלן ווערן“.

און ווען אים האָט איבערגעפאָרן א מאָטאָציקל, ער איז אַלט געווען א יאָר דרײַצן־פערצן, געדענקסט, העכער צוויי כאָדאָשים איז ער געלעגן אין שפּיטאָל, און איז דעמלט אויך געווען רויִק, געקומען איז ער אַהיים אף קוליעס, א מיוון אף אלע קרענקען, א ספּעציאַליסט אין הילכעס היילונג, און האָט אונדז דערוויזן, אז ער איז געווען דער סאַמע לײַכטער כוילע.

ער זאָל זיך נאָר איצט אויך אומקערן, באַרײַכערט מיט א סאַך וויסן.

אלע טײַנעס צו אים פאַרן ניט פאָלגן, ניט הערן מיך זײַנען אוועק אין א זײַט. איך האָב נאָר געדענקט, אז ער איז דער טײַערסטער, דער ווײלסטער און בעעמעס מײַן בעסטער אייצעגעבער.

ער איז געשטאַנען לעבן וואָיענקאָמאַט, געשמייכלט און געכעזשבנט, וויפל געשענקטע בגאָדים ער טראָגט. און שטיפעריש געזאָגט:

— איך בין הײַנט אליין אויך ניט מײַנער.

דערנאָך האָט ער געשפּאַנט אין א שערענגע מיט נאָך יִנגלעך, אליין אויך א יִנגל, וואָס נייטיקט זיך געוויס אין דער מאַמען. און איך האָב געפילט, אז איך דאַרף אויך א מאַמען, פאר וועמען איך זאָל זײַן א קינד און צו וועמעס אַקסל איך זאָל קאָנען צופאַלן און אויסוויינען זיך.

ראַדי און מאַריק האָבן באַגלייט יונין און זײַנען געווען גליקלעך, וואָס זייער ברודער איז שוין אויך א סאָלדאַט.

זײַ געזונט און שטאַרק, און לאָמיר האָפן.

## א גוירל

אָט אזוי קאָן מען אָנהייבן גלייבן אין גוירל. עס זאָל זיך מאַכן גאָר אזא צופאַל: איר פאַרלאָזט א שטוב, א גאַנצע און א זיכערע. אף מאָרגן געפינט איר נאָר כורוועס, און איר אליין זײַט געראַטעוועטע.

אָבער פאַרוואָס איז דיר געקומען דער געדאַנק אומבאַדינגט ארויסגיין פון שטוב? מיט וואָס איז זי דיר ניט געפעלן געוואָרן? איך קוק אף דיר מיט די אויגן פון דײַנע סאָלדאַטן און איך הייב אָן פאר דיר מוירע האָבן. וואָס איז דאָס — פאָרגעפיל צי א פּאָשעטע צופעליקײַט? זאָל דאָס זײַן דער גוירל?

דו שרײַבסט, אז דאָרט זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן מײַנע בריוו. אייניקע פון די לעצטע האָסטו געוואָלט נאָכאַמאָל איבערלייענען און פון דער שרעקלעכער אופרודערונג קאָנסטו זיך ניט דערמאָנען, וועגן וואָס איז דאָרט געווען געשריבן.

א גאַנצן אינדערפֿרי האָב איך געטראַכט און זיך געפּרוּווט דערמאָנען.

איך האָב דיר געוויס געשריבן וועגן אונדזער צוריקוועגס, וועגן אונדזער רײַזע מיט דער שיף איבערן טײַך אָקאַ. איך האָב דיר געוויס געשריבן וועגן מײַן פֿאָרן צו יוניקן. צוויי מאָל בין איך בא אים געווען, געהאַט פֿון אים עטלעכע בריוו פֿון מיליטער־שול, דערנאָך פֿון פֿראָנט — קורצע, קאַרגע, און אויס...

אָן אים און אָן דיר זײַנען מיר איצט דאָ, אין מאָסקווע. אָן דיר, אָן אים.

איך האָב דיר אין א בריוו געשיקט גרוסן פֿון די ייִדישע שרײַבער, פֿון די, וועלכע זײַנען געווען דאָרט, ווו איך, — פֿון האַלקינען, נוסינאָוון, עליע גאָרדאָנען, נויעך לוריע און אויך פֿון די שרײַבער, וועלכע זײַנען איצט אין מאָסקווע.

עפּשער איז געווען מײַנע א בריוו וועגן דעם דענקמאָל? עפּעס געדענק איך, אַז איך האָב דיר וועגן אים געשריבן. איך האָב אים דאָ געזען בא באַקאַנטע. ער האָט ניט קיין רעכט דאָ צו וווינען. אין לענינגראַד אויך ניט. פֿון דאָרט האָט ער באַקומען א ידיעה, אַז דאָרט איז זײַנס גאָרנישט ניט געבליבן. זײַן ביבליאָטעק איז פֿאַרברענט געוואָרן אין די יאָרן פֿון בלאָקאַדע. זײַנע אייגענע זײַנען שוין אַפּאַנעם אויך ניט זײַנע. ער פֿאַרנעמט זיך איצט מיט רעסטאַווירן אוראַלטע קלויסטערס, וועלכע זײַנען רויִנירט געוואָרן בייס דער מילכאָמע.

דו שרײַבסט, אַז דו האָסט געפֿונען א שטיקל בריוו מײַנע וועגן דעם טײַך קאַמע און דו געדענקסט ניט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. איך האָב דיר מיסטאָמע געשריבן וועגן אונדזער פֿאַרגרייטן האַלץ אַף דעם לעצטן ווינטער, אין עוואַקואַציע. דאָס איז געווען אָן עפּאָפּיי, וואָס האָט אונדז געקאָסט געלט, געזונט און יוניקס האָרעוואַניע. געוויס האָב איך דיר באַשריבן דעם טײַך קאַמע, וואָס טראָגט אין דער צײַט פֿון א פֿאַרפֿלייצונג אַף זײַן רוקן ניט נאָר שיפֿן, נאָר אויך הייצוואַרג, בערוועננעס, ברעטער, דעכער פֿון שטאַלן, פּלויטן. דאָס כאַפּן בא אים אַרויס די אײַנוווינער פֿון די אַרומיקע שטעט און דערפֿער.

ביז איצט זע איך דאָס בילד פֿון דעם געוויסער. דער טײַך שפּרייט זיך זיכער, מעכטיק, קוקט זיך אפֿילע ניט אַרום אַף די יונגען אין גומענע שטיוול און לעדערנע הויזן, וועלכע קריכן ווײַט און טיף אין זײַנע וואַסערן, פֿאַרטשעפּען מיט לאַנגע דראָנגען די סטיכישע גאָב און שלעפּן זי צום ברעג.

עפּשער זײַנען געווען נאָך בריוו, נאָר איך געדענק ניט.

אָבער וואָס איז דאָס טרויערן איבער פֿאַרפֿאַלענע בריוו? לאָמיר בעסער טראַכטן וועגן די לעבנס, וואָס זײַנען געבליבן גאַנץ. און בריוו וועל איך דיר אָנשרײַבן נאָך. א סאַך. דו וועסט זיצן אין דײַן צימער, און איך וועל דיר פּונעם צווייטן שרײַבן בריוו. איך וועל אויסטראַכטן פֿאַר דיר פֿאַרשיידענע געשיכטעס און מײַסעס און שיקן מיט דער פּאָטשט. לויט דײַן שמייכל וועל איך פֿאַרשטיין, אַז דו האָסט זיי באַקומען און זיי געפֿעלן דיר. זיי וועלן דיר אומבאַדינגט געפֿעלן, ווײַל איך ווייס שוין, וואָס דיר קאָן געפֿעלן ווערן. און איך וועל ניט פֿאָדערן קיין שריפֿטלעכן ענטפֿער.

טו נאָר א טראַכט, ווי גרינג דיר וועט זיך לעבן.

אָט זאָל איך נאָר באַקומען א בריוו פֿון יוניקן.

## א בריוו אין שפּיטאָל

שטעלסט זיך פֿאָר מײַן שטימונג, ווען איך באַקום עטלעכע מײַנע בריוו צוריק. וואָס האָט זיך מיט דיר געטראָפֿן? וויאַזוי און פֿאַרוואָס ביסטו אַרײַנגעפֿאַלן אין שפּיטאָל? טאָקע ניט מער ווי א קאָנטוזיע? דו הערסט שלעכט? איז קום שוין צו פֿאָרן. דאָ זײַנען דאָך גענײטע דאָקטוירים. דו שרײַבסט, אַז דו ביסט שוין קימאַט ווי געזונט. וואָס הייסט „ווי" און וואָס הייסט „קימאַט"? דו זאָגסט, אַז מע לייגט דיר פֿאָר אַרבעטן אין שפּיטאָל. דירעקט פֿון דער מילכאָמע האָט מען דיך אַפּאַנעם באַפֿרײַט. דו האָסט אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס דו האָסט געקענט, און אויך דאָס, וואָס דו האָסט ניט געקענט. איך פֿיל, מע וועט דיך אָפּלאָזן. צי דאַרף איך קומען נאָך דיר? זײַ אײַנגעשפּאַרטער און פֿאָדער. דאָ וואַרטן אַף דיר: איך, און די קינדער, און אונדזערע שרײַבער, און די ליטעראַטור, און אויך א ביסעלע רו.

## ניטאָ קיין בריוו

מיר ווילט זיך אַזוי דיר זאָגן עפּעס גוטס, נאָר איך קאָן דיר דאָס אפֿילע ניט צוזאָגן אַף לעהאַבע, ביז איך וועל ניט באַקומען א בריוו פֿון יוניקן. ווי מיר וואָלטן זיךביידע געפֿרייט! מיר דאַרפֿן דאָך קיין סאַך ניט — בלויז עטלעכע שורעס.

איך פֿיל, אַז מיר זײַנען איצט נאָך מער געבונדן איינער מיטן אַנדערן — איך און דו — אין דעם צוזאַמענדיקן וואַרטן אַף א בריוו פֿון אים.

איך האָב מוירע כּעזשבּענען, וויפל טעג און וואָכן זײַנען אוועק פון יענער לעצטער בריוו זײַנע. די לעצטע בריוו זײַנע איז טאַקע באַשטאַנען פון עטלעכע שורעס. א בריוו פון וועג. דער וועג פון דער מיליטער-שול צום פראָנט, דוכט מיר, איז געווען נאָך קירצער, ווי די בריוו אליין. יוני האָט זי אפילע ניט באַוויזן דערשרײַבן. איך קאָן זיי אָבער ניט פארגעסן, יענע קורצע און אָנגעלאָדענע שורעס: „מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט, מאַמע, און שוין געזען אַזעלכס, וואָס איַיך וועט קיינמאָל ניט אויסקומען צו זען"...

צי איז דאָס א ייִנגלשער אויסדרוק פון גרויסן זיך מיט דעם גורל, וואָס איז אים אויסגעפאַלן, צי א מין זאָרג-געפיל, אַז אַזוינס זאָל זיך מיט אונדז קיינמאָל ניט טרעפן.

ער האָט געזען... וואָס? ווי האָט ער אויסגעזען דאָס, וואָס ער האָט געזען? און ווו איז ער איצט אליין?

דער פאָטשט-טרעגער כאַכמעט זיך: „מע שרײַבט, מע שרײַבט! האָט געדולד!"

— האָט געדולד! — פלעגט אָף מיר אָנפאַלן עסטער, ווען איך פלעג וואַרטן אָף א בריוו פון דיר. — ניט הײַנט — איז מאָרגן, ניט מאָרגן — איז איבערמאָרגן, איר וועט באַקומען א בריוו.

אירע נעוויִעס זײַנען שטענדיק מעקוייעם געוואָרן. איך טראַכט: ווען זי וואָלט געווען דאָ, וואָלט איך באַקומען א בריוו פון יוניקן.

איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן דיר די בריוו מיט דרײַ טעג צוריק און וואַרט אַלץ, עפשער וועל איך זי צערײַסן און קאָנען אָנשרײַבן גאָר עפּעס אַנדערש.

איך קוק אַרויס אין פענצטער. א כמאַרע הענגט איבער דער ערד, שוואַרצע בייזע וואָלקנס. איך האָב זיי געפילט נאָך אינדערפרי, און די קיד-אַרבעטערנס האָבן געזען א ריינעם הימל און מיך געוואָלט אײַנשמועסן אין דעם. איך האָב געזען, ווי זיי קוקן אָף מיר מיט ראַכמאָנעס, און איך האָב שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן — עפשער ווייסן זיי עפּעס און סטאַרען זיך נאָר ניט אַרויסווײַזן עס.

אָט האָט א גאַס געטאָן פלוצעם א רעגן און נאָך מיט א האָגל. איך לויף. איך וועל אומיסטן אַרויסלויפן אין דרויסן, זאָל ער מיך פאַטשן.

## די לעצטע בריוו

די מילכאָמע גייט אויס, און דײַן וועג אַהיים איז אַלץ קירצער. קום גיכער! צי וועלן מיר זיך אָבער צונויפקלײַבן אַלע בא אונדזער טיש? ווער וועט אונדז פעלן, אומגעהייער פעלן? מיר וועלן טראַכטן איינע און דאָס זעלבע און ריידן נאַרישקײַטן.

אָט קלײַב איך פאַנאַנדער דײַנע בריוו, פאָטאָגראַפיעס און זע דײַן דורכגעגאַנגענעם וועג. איך קוק אָף דײַנער א פאָטאָ און לייען די פראַגע אָף דער לינקער זײַט: „ווי זע איך אויס?" קנייטשן אָפן פּאָנעם, מער ווי יאָרן.

אָט שרײַבסטו וועגן א בריוו פון האָפשטיינען. אונדזערע ייִדישע שרײַבער פון אופא באַ-גריסן דיך מיט דײַן זײַן אָף דער וועלט. זיי האָבן א צײַט צוריק פאַרעכנט דיך פאַר ניט קיין היגן. אַזאַ האַרציקע, ליבע בריוו.

אָט איז א פאָטאָ — דו טרעטסט אַרויס אָף א פּלאַץ אין שטאָט, א רויִנירטער, א פאַר-טאָפּטשעטער מיט דײַטשישע שטיוולעס. דער זעלבער מיטינג, נאָר עס רעדט א פרוי, וועמעס מאַן די מערדער האָבן אופגעהאַנגען.

אָט זײַנען א סאַך דײַנע בריוו, פול מיט זאָרג פאַר אונדז, מיט האָפענונג און טרייסט. דו טרייסט מיך איצט אויך. צי טראַכסטו טאַקע אַזוי, צי דו מיינסט דאָס זעלבע, וואָס איך, און רעדסט נאַרישקײַטן.

אָט איז דײַנע א בריוו וועגן דעם ווילנער קינדערהיים, ווו מע האָט צונויפגעזאַמלט צוויי הונדערט פופציק קינדער, געראַטעוועטע פון שרעק און העפקער.

אָט זײַנען בריוו פון מײַן מאַמען, שוועסטער, ברידער, דײַנע פּלימעניקעס, דײַן ברודער, וועלכע האָבן מיך א צײַט געזוכט, מיך געפונען און געהאָלפן.

אָט איז א בריוו דײַנע וועגן די מאַטאָנעס צו נײַ-יאָר; מע האָט אײַך געגעבן קעסטלעך מיט גוטע זאַכן. דו האָסט אויך באַקומען פון אונדזערער א צאָפן-שטאָט געשמאַקע זעמעלעך, אײַנגעמאַכטס, האָניק. מיר האָבן אויך פון עוואַקואַציע געשיקט אָפן פראָנט אַזאַ קעסטל. אַלע זין, דעמאָלט דרײַ, האָבן אין דעם גענומען אָן אָנטייל.

אָט איז דײַנע א בריוו. דער טינט — אינגאַנצן צעפלאָסן. בייס דער פאַרפלייצונג זײַנען א סאַך בריוו דערטרונקען געוואָרן. די בריוו, אָן אויסגעוויייקטע, האָט געפונען דעם וועג צו מיר. ווי טײַער זײַנען זיי געווען, די געראַטעוועטע בריוו. אין דער, וואָס איך האָב דערהאַלטן, איז

קימאַט ניט צו פאַרשטיין קיין איין וואָרט, אַפילע דעם אַדרעס. און דאָך האָט מען מיר זי צוגעשיקט. ס'איז געווען א גרוס פון דיר. די מיטאַרבעטער פון דער פּאָטשט — זיי זײַנען מענטשן אין פולן זין פון וואָרט.

אַט איז א בריוו מײַנע, וועלכע האָט דיך ניט געפונען און אומגעקערט זיך צו מיר. א בריוו וועגן סאַרא פּיביך, דער באַוווסטער יידישער זינגערן.

מע האָט מיר דערציילט, זי האָט זיך געמוזט, ווי פיל אַנדערע, עוואַקויִרן און איז געפאָרן אין א וואַגאָן א טעפּלושקע, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, מיט זאַכן. ס'איז געווען ווינציק לופט און ס'האָט אָן אויפהער געשריִען א קינד. זי, סאַרא פּיביך, איז צוגעגאַנגען און גענומען זינגען איר באַוווסטע וויגליד. ס'איז געוואָרן לופטיקער, דאָס קינד און אַלע אַרום זײַנען אַנשוויגן געוואָרן.

צי האָט ווען־עס־איז א קינסטלער געהאַט א גרעסערן דערפאָלג?

אַט איז דײַנע גאָר א שמייכלענדיקע בריוו.

דײַן פען שרײַבט, אַז דו האָסט מוירע קומען אַהיים, איך זאָל דיר ניט שטעלן קיין האַרבע פראַגעס: פאַרוואָס האָסטו זיך געכאַלעמט מײַן געוועזענער באַלעבאָסטע קלאַוודיען? פאַרוואָס — פאַרטיידיקט דעם פּאָדפּאָלקאָווניק מיכאַיִל בען שימענען? פאַרוואָס — געשמייכלט צו דער פרוי אָף דער פּאָטאָ? קום צו פאָרן. איך וועל דיך וועגן גאָרנישט ניט פרעגן. די „פאַרוואָסן" זײַנען געווען, וועלן נאָך עפּשער זײַן, און לאָמיר זיי אויך אָנרופן — לעבן. אָבער ווי וועלן מיר לעבן אָן אונדזער יונין?!

איך זע דײַן וועג אַהין און דײַן וועג צוריק און יענע וועגן, וואָס האָבן געקרייצט זיך מיט דײַנע. איך זע דײַן מאַמעס לעצטן וועג, און דײַן שוועסטערס, דעם לעצטן וועג פון מײַנע קרוֹווים און אייגענע, וועלכע מע האָט געטריבן אָף אומקום, און נאָך... און מיר דוכט, אַלע שטראָמען זיי צו מיר.

מע האָט מיר אַמאָל דערציילט וועגן א ביטער לעבן פון א מיידל אין דער שטיפמוטערס שטוב. זי האָט מוירע געהאַט און ניט געוואָלט קיינעם דערציילן וועגן אירע פינצטערע טעג און נעכט. איין וועג און אויסוועג האָט זי פאַרמאָגט — נאָך א טאָג האָרעוואַניע, זידלערײַ לויפן צום ווײַטן דעמב אין גאָרטן, אַרומנעמען אים און אויסריידן פאַר אים איר ביטער האַרץ. און דער בוים... וואָס קען א בוים? ער האָט גערוישט און געקלאַפּט מיט די צווײַגן, פאַרנייגט פאַר איר זײַנע בלעטער. און אַז מע האָט אַראָפּגעזעגן דעם בוים, איז זײַן האַרץ געווען שוואַרץ פון טרויער.



## אירמע דרוקער

# שטייט אויף צו נעגינע



ווי יאָר האָט דער לינעצער — עלישע, כאַצקעלע דעם שניצערס זון, — זיך געלערנט פידל שפּילן בא יאַנקעלע פּרימע, דעם ערשטן פידל אין לינעצער קאַפּעלע. אפֿן דריטן יאָר האָט יאַנקעלע אַליין געייצעט שיקן עלישען קיין בערדיטשעוו צו פעדאָצערן. א יאָר צײַט איז אַדורך, ביז עלישעס עלטערן, כאַצקעלע דער שניצער מיט זײַן כײַע־עסטערן, האָבן צונויפגעקליבן אַף וועג־הויצאָעס.

פון סכאַרלימעד האָט זיך פעדאָצער אָפּגעזאָגט.

— זאָל אײַער עלישע קומען, — האָט פעדאָצער געענטפערט אַף כאַצקעלעס באַקאָשע, — ער וועט זײַן בא מיר ניט דער ערשטער און אוואדע ניט דער לעצטער. פון אָרעמע קינדער קומט די טוירע, קומט די נעגינע!

צו פעדאָצערן איז עלישע אָנגעקומען צו דרײַצן יאָר, גלײַך ווי ער איז געוואָרן באַרמיצווע. אין מעשעך פון זעקס זמאַנים — דרײַ יאָר — איז עלישע געוואָרן פעדאָצערס בעסטער טאַלמיד. אין בערדיטשעוו און אין דער גאַנצער געגנט האָט מען אים גערופן „דער צווייטער פעדאָצער". האָט מען גערעדט וועגן רעבן, האָט מען ניט געקאָנט פאַרבײַגיין דעם טאַלמיד, און האָט מען באַוואונדערט עלישען, האָט מען איינצײַטיק גערימט פעדאָצערן.

אין אָנהייב פון פערטן יאָר האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט. בערדיטשעוו און די גאַנצע געגנט זײַנען געגאַנגען כאָדאָראָם — פעדאָצער האָט אָפן, פאַר אַלעמען, דערקלערט, אַז ניט ער איז דער ערשטער, נאָר זײַן טאַלמיד עלישע...

געווען איז עס אין איינעם א שאַבעסצונאַכטס. פאַר א גרויסן קלעזמער־אוילעם האָט עלישע געשפּילט פעדאָצערס א נײַע מעלאָווע־מאַלקע. נאָכן שפּילן איז געוואָרן נאָך שטילער, ווי באַם שפּילן. מע האָט געהערט און געזען בלויז די טריט פון דער אוועקגייענדיקער רו.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך פעדאָצער און געזאָגט:

— דער לינעצער האָט מיך איבערגעיאָגט, דער לינעצער האָט מיך איבערגעשטיגן.

עלישע האָט אופגעציטערט...

דער רעבע האָט פאַרשטאַנען זײַן טאַלמיד:

— אונדזערע כאַכאָמים זאָגן: אַף אַלעמען פאַרדריסט, ווען מע יאָגט דיך אַריבער, כוץ אַפן זון און אַפן טאַלמיד. ווײַל ווי ווײַט דער זון זאָל ניט איבערשטײַגן דעם פאָטער און דער טאַלמיד זײַן רעבן, איז דער וואָרצל פון די ברייט צעוואַקסענע צווײַגן דאָך דער טאַטע, דאָך דער רעבע.

פעדאָצער האָט פאַר אַלעמען אין די אויגן אַרופגעלייגט זײַנע הענט אַף עלישעס קאָפּ, אים געגעבן סמיכע און געבענטשט. אַלע בײַוועזנדע, די טאַלמידים, די קלעזמער פון פעדאָצערס קאַפּעלע און די פאַרשיידענע אָנגעפאַרענע, האָבן זיך אופגעהויבן פון זייערע ערטער. שטייענדיק האָבן זיי אָפּגעגעבן קאָוועד דעם רעבן פאַר אַלע זײַנע שליכעסן, וואָס ער האָט אויסגעפּילט, פאַר אַלע זײַנע געניג, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין זײַן לעבן.

זיי האָבן אָפּגעגעבן קאָוועד דעם טאַלמיד, וואָס האָט זויכע־בעגוירל געווען מיט דער סמיכע פונעם רעבן זיך לאָזן איבער נײַע, נאָך ניט געטראָטענע וועגן. אַלע זײַנען געשטאַנען, און פעדאָ־צער איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן זאַל, ווי דער שטייגער זײַנער איז געווען, און גערעדט וועגן דעם גליק פון די, וואָס לאָזן זיך אין וועג. אינעם גיין אַליין איז שוין דאָס קומען, ווי אין זוכן איז פאַראַן די פרייד פון געפינען.

עלישען האָבן געשראָקן די אומבאַקאַנטע וועגן:

— וועל איך דען קענען? אַזויפיל האָפענונגען לייגט מען אַרויף אַף מיר, וועל איך זיי באַרעכטיקן?

און פעדאָצער, גלײַך ווי ער וואָלט געהערט עלישעס אומרויִקע געדאַנקען, דערווידערט זײַן טאַלמיד:

— ווער עס טראַכט: וועל איך געווינען אָדער פאַרשפּילן — פאַרשפּילט! ווער עס טראַכט: ווער וועמען וועט בײַקומען — איך דעם סוינע אָדער דער סוינע מיך, דער ווערט באַזיגט.

— נעגינע, — האָט ער געזאָגט, — איז אָפּט ווי יענץ פאַרפּירעריש פּײַערל, וואָס האַלט זיך אין איין רייצן מיט דיר — באַוויַזט זיך און ווערט ניט, גיט אַ בליץ און לעשט זיך אויס. איז לאָז זשע, עלישע, זיך ניט פאַרפירן.

* * *

ניט גרינג איז אָנגעקומען פעדאָצערן איבערגעבן עלישען אין אַנדערע הענט. ער האָט זיך געייצעט, געשריבן בריוו און זיך נאָכגעפרעגט, אין וועלכער שטאָט, אין וועלכער מוזיק־שול און וועמען פון די פּראָפעסאָרן קאָן מען פאַרטרויען עלישען.

יעדער איינער האָט אַרויסגעשטעלט אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער מוזיק־שול און אַן אַנדער פּראָפעסאָר.

זייער אַ סאַך האָבן געהאַלטן, אַז גלײַכער פון אַלץ וואָלט געווען, ווען עלישע פאָרט אַוועק קיין אויסלאַנד. דאָס וואָלט געהייסן גיין אַף אַן אײַזערנעם בריק.

וועגן אויסלאַנד האָט פעדאָצער אַפילע הערן ניט געוואָלט.

— אַ פידלער איז ניט קיין דאָקטער און ניט קיין אינזשעניער. אַ דאָקטער און אַן אינזשעניער קאָן מען אומעטום ווערן, און אַ פידלער — דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, אַ פידלער באַדאַרף די אייגענע ערד, די ערד, וואָס האָט אים גענערט מיט אירע זאַפטן און מיט אירע קלאַנגען. ער באַדאַרף זי, ווי אַ זויגקינד די ברוסט פון זײַן מוטער.

פעדאָצער האָט זיך פאַרופן אַף נאַכמען בראַסלאַוועו, וואָס האָט געזאָגט: „פאַרטרײַב דעם פּאַסטעך פון זײַן ערד, און דער ניגן ווערט אויס אייגענער ניגן, ער ווערט אַ פרעמדער און אַ קאַלטער ניגן.

לויט די רייכעס פון די גראָזן, וואָס דער פּאַסטעך האָט אײַנגעזעטעמט אין זיך גלײַך פון זײַן געבוירן אָן, שאַפט ער די ניגונים זײַנע; פעלן אויס אָט די רייכעס, פעלט אויס יעדער טאַם".

געבליבן איז, עלישע זאָל פאָרן קיין קיִעוו. קיִעוו איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. עלישעס פאָטער, כאַצקעלע דער שניצער, איז מאַסקים געווען מיט פעדאָצערן. און בײַ כײַ־עסטערן, בײַ עלישעס מאַמען, האָבן אַלע שטעט געהאַט איין פּאָנעם. כײַ־עסטער האָט געוויינט און געקלאָגט: „איך האָב זיך שוין איין מאָל אָפּגעבריט. געגנוג פונמײַנעטוועגן, אַז איך האָב אַ מאַן אַ שניצער..."

אַ טייל לינעצער האָבן געהאַלטן מיט כאַצקעלען, זיי האָבן זיך געגרויסט מיט עלישען און אים געוווּנטשן אַלדאַסגוטס, און אַ טייל, אַ גרעסערער טייל, האָט געהאַלטן מיט כײַ־עסטערן און געלאַכט אין די הויפּנס פון כאַצקעלען, וואָס גלייבט, אַז קיִעוו וועט זיך אַרומטראָגן מיט זײַן עלישען. אַ מאָדנער ייִד אָט דער כאַצקעלע. קיין זאַך האָט אים ניט אָנגעלערנט.

די לינעצער האָבן געהאַלטן, אַז פידל שפּילן איז קיין מעלאָכע ניט, אַ סימען, יעדער קלעזמער אין לינעץ און אין אַלע שטעטלעך אַרום האָט נאָך אַ צווייִ מעלאָכעס אַף קאָנען אויס־האַלטן אָט די מעלאָכע...

און צווייטנס, דאַרף מען אַף פידל ניט „קאָנטשען". סטעמפּעניו האָט ניט „געקאָנטשעט", און פעדאָצער האָט אויך ניט „געקאָנטשעט". פידל שפּילן איז פון די זאַכן, וואָס דער מאַלעך לערנט אויס בײַ דער מאַמען אין בויך. האָט ער ניט אויסגעלערנט, איז פאַרפאַלן. אין קיין „שקאָ־לעס" באַקומט מען עס ניט, און פאַר קיין געלט קויפט מען עס ניט.

אָט ווען עלישע וואָלט געפאָרן „קאָנטשען" אַף דאָקטער אָדער אַף פּראָוויזאָר, וואָלט עס געווען אַ זאַך, וואָלט מען געקאָנט מעקאַנע זײַן אי עלישען, אי כאַצקעלען, אי כײַ־עסטערן. ווײַל וועדליק די גוטע צײַטן און וועדליק די גוטע געשעפטן, איז ווער ווייסט, ווי עס וועט האַלטן בײַ אונדז מיט סימכעס, אָבער מיט קרענק זײַנען מיר באַוואָרנט אַף שטענדיק, אַף קינדס־קינדער.

עלישע איז אַוועקגעפאָרן קיין קיִעוו. אַוועקגעפאָרן „קאָנטשען" אַף פידל...

אין זײַנע ערשטע בריוו האָט ער געהאַלטן אין איין באַשרײַבן די גאַסן, דעם באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרוף פון דער שטאָט, די הויכע מויערן, דאָס וואָלאַדימירער בערגל, דעם דניעפּער.

דערנאָך איז אַוועק אַ סעדרע פון אָפּערעס, קאָנצערטן, סימפאָנישע אָרקעסטערס, באַלעטן, כאָרן, סאָליסטן, דעקאָראַציעס.

דאָס האָט ער געהערט, און יענץ האָט ער געזען, און ס'איז נאָך דאָ אַ וועלט צו זען, אַ וועלט צו הערן און קלערן. כאַצקעלעס און עלישעס פרײַנט האָבן ניט אופגעהערט שטוינען און זיפצן — אָפּגעשטופּט אַ לעבן, פאַרשפּילט אַ וועלט, גאָרנישט ניט געזען און פון גאָרנישט ניט האַנאָע געהאַט, זאָל עלישע כאָטש זען, זאָל ער כאָטש האַנאָע האָבן.

מער פון אלץ האָט זיי איבעראַשט עלישעס בריוו וועגן דעם, ווי ער האָט מיט זײַן שפּילן פידל אויסגענומען בא איינעם א פּראָפעסאָר.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אף פעדאָצערן און אים ניט געקאָנט גענוג אָנלויבן.

— הערט א מײַסע, — האָבן זיך די לינעצער געוווּנדערט, — זיי דאָרטן פונדערווײַטן באַמערקן די ברילִיאַנטן, וואָס וואַלגערן זיך בא אונדז אין דער בלאָטע, און מיר, מיר זײַנען ווי די בלינדע, וואָס זעען גאָרניט.

עלישע האָט געשריבן און געשריבן, און וואָס מער מיט א בריוו, אלץ מער מיט א גוטער בסורע.

דער פּראָפעסאָר האָט אים פאָרגעשטעלט אנדערע פּראָפעסאָרן. עלישע האָט פאַר זיי געשפּילט, און אלע האָבן אים צוגעזאָגט באקומען וווינרעכט, ער זאָל קאָנען זיך צוגרייטן און אָנקומען אין א מוזיק־שול...

אזוי איז דורך א גליקלעך יאָר פון וואַרטן, פון האָפן, פון גלייבן.

עלישע האָט די עקזאַמענעס אויסגעהאַלטן. עס האָבן אים באַגריסט טאַטע־מאַמע, פעדאָצער, פעדאָצערס טאַלמידים, פעדאָצערס קאַפּעלע און די קאַפּעלעס פון אלע ארומיקע שטעטלעך.

בא זײַנע לינעצער אָנהענגער האָט עלישע איצט געהייסן ניט אנדערש ווי דער סטודענט, דער לינעצער סטודענט.

— וואָס מאַכט עפּעס דער סטודענט? וואָס שרײַבט דער סטודענט? וואָס זאָגט און וואָס טראַכט דער סטודענט?

און אָט אין איינעם א פרימאָרגן, ווען די לינעצער זײַנען געקומען צו כאַצקעלען און כײַע־עסטערן זיך נאָכפרעגן אפן סטודענט, האָט כײַע־עסטער ניט אויסגעהאַלטן און אויסגעבראָכן א געוויין:

— ארויס פונדאַנען! אוועק, אז מײַנע אויגן זאָלן אײַך ניט אָנקוקן, וואָס קומט איר מיר זאַלצן אף די וווּנדן...

אין יענעם טאָג האָט פעדאָצער זיך ניט צוגערירט צום פידל, ניט געלערנט מיט זײַנע טאַלמידים, מיט קיינעם קיין וואָרט אויסגערעדט: עלישע איז אין קיִעווער מוזיק־שול ניט אָנגענומען געוואָרן.

נאָכן קיִעווער דורכפאַל האָט עלישע געטרייסט טאַטע־מאַמע און פעדאָצערן: ס'איז נאָך ניט אלץ פאַרפאַלן, איינער א פּוילישער פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער מוזיק־שול נעמט אים מיט זיך קיין וואַרשע. וואַרשע איז ניט קיִעוו. אין וואַרשע וועט ער געוויס אָנקומען.

און ווען אין וואַרשע האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע, וואָס אין קיִעוו, האָט עלישע זיך געקלאָגט פאַר פעדאָצערן:

„אז דער פויגל זאָל פליִען ווײַט און הויך, דאַרף אין דער לופטן ניט טרעפן קיין קויל פון א יעגער, און אף דער ערד דאַרף פאַר אים ניט זײַן פאַרשפּרייט קיין נעץ".

באַם דריטן דורכפאַל, ווען עלישע האָט געמוזט איבער דעם, וואָס ער האָט ניט באַקומען קיין וווינרעכט, פאַרלאָזן פּעטערבורגער אָרקעסטער, האָט ער זיך אופגעהערט קלאָגן, אופגעהערט שרײַבן און מער קיינעם ניט געגעבן צו וויסן, ווו ער איז, וואָס מיט אים קומט פאָר.

שלעכטע גרוסן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון עלישען. עמעצער האָט אים באַגעגנט מיט א ציגײַנער־אָרקעסטער, עמעצער האָט אים געהערט שפּילן אין א ווײַנקעלער. אָט איז ער אין אָדעס, און אָט איז ער אין מאָלדאַוויע.

מיט דער צײַט האָבן אויך די שלעכטע גרוסן פון עלישען אופגעהערט אָנקומען. אלע שפּורן זײַנען פאַרווישט געוואָרן, גלײַך ווי ער איז גאָר אף דער וועלט ניט געווען.

— ווּ איז מײַן זון? — האָט כאַצקעלע שניצער זיך נאָכגעפרעגט בא פעדאָצערן.

— ווּ איז מײַן טאַלמיד? — האָט זיך נאָכגעפרעגט פעדאָצער בא כאַצקעלע שניצער.

— ווּ איז עלישע? וואָס איז געוואָרן מיט עלישען? — האָבן זיך נאָכגעפרעגט בא פעדאָצערן עלישעס כאַווײרים און קלעזמער פון פאַרשיידענע קאַפּעלעס.

און וואָס מער מע האָט זיך נאָכגעפרעגט, אלץ טיפער איז געוואָרן פעדאָצערס וווּנד.

— עלישע! עלישע! ווען איך דערמאָן זײַן נאָמען, ברומען אין מיר מײַנע געדערים און עס וויינט אין מיר מײַן האַרץ. ווײ איז דעם רעבן, וואָס זײַן טאַלמיד איז פאַרטריבן געוואָרן פון זײַן טיש, און ווײ איז דעם טאַלמיד, וואָס האָט ניט קיין היים, וואָס האָט ניט קיין טיש, וואָס האָט ניט קיין רעבן!..

די פרייד האָט זיך אָפּגעטאָן פון פעדאָצערס האַרץ, די פרייד האָט זיך אָפּגעטאָן פון זײַן נעגינע. און ער האָט לעצטנס אף כאַסענעס געמוזט שפּילן בלויז זײַנע אַלטע זאַכן, ווײַל די נײַע זאַכן זײַנען פול געווען מיט טײַנעס, מיט פאַריבל, מיט אַצוועס.

* * *

פעדאָצערן האָט זיך געוואָלט צונויפגיסן זײַן צאַר מיטן צאַר פון עלישעס פאָטער, און ניט נאָר כאַצקעלעס צאַר איז אים נייטיק געווען, נאָר אויך זײַן טיפער ביטאָכן.

כאַצקעלע פאַרוואָרפט פעדאָצערן מיט בריוו.

„...אײַ, ווי איך וואָלט געוואָלט, רעב פעדאָצער, מיט אײַך א שמועס טאָן וועגן מײַן אָדלער, ווײַל ווער נאָך, ווי איר, דער מאַן פון נעגינע, פאַרשטייט און פילט, וואָס אַזוינס איז זיך אויפהייבן הויך־הויך און זיך אוועקטראָגן ווײַט־ווײַט”.

נאָר באַלד איז אין כאַצקעלען גיוווער דער פאָטער, און ער שרײַבט וועגן עלישען אַזוי, אַז אַ שטיין פון וואַנט קאָן עס רירן.

„...אפילע א סאַד מוז אָנגעטרויט ווערן א צווייטן, מוז אַרײַנגעגרעדט ווערן אין עמעצנס אויערן, הײַנט אַוואַדע און אַוואַדע דער ווייטעק פון א באַליידיקטן, פון אַן איינזאַמען נאַווענאַדניק. און עלישע איז אליין, איינער אליין”...

אליין?

„ניין, — דערווידערט גלײַך כאַצקעלע דער שניצער כאַצקעלען דעם פאָטער, — ניין, מײַן עלישע איז ניט אליין, מײַן עלישע איז מיטן פידל, און פאַר א פידל קאָן מען זיך אויסריידן, אויסוויינען, אויסשרײַען און אויסטײַנען. א פידל איז ווי אַן אָפענער אויער, ווי אַן אָפן, וואַרעם מענטשלעך האַרץ. א פידל נעמט זיך אָן די קריוודע פונעם פידלער און איז זײַן גרויסער מייליץ־יוישער”.

איז וויאַזוי באַזינגט מען ניט אַזאַ כאַצקעלען? וויאַזוי נעמט מען ניט אַרײַן אַזאַ אלס דריטן מיט אים וועט זײַן א מעזומען — דער טאַטע, דער רעבע, דער טאַלמיד.

יאָ, ער וועט אָפּלייגן אַלע יאַזדעס און פאָרן קיין לינעץ. ער מוז זען כאַצקעלען, ער מוז זיך באַגעגענען מיט אים פאָנעם־על־פאָנעם. אין כאַצקעלען וועט ער דערזען ניט נאָר דעם פאָטער, נאָר אויך דעם זון.

* * *

פון בערדיטשעוו איז פעדאָצערן שווער געווען זיך אַרויסרײַסן קיין לינעץ. נאָר ווען ער האָט מיט זײַן קאַפּעלע אָפּגעשפּילט עטלעכע כאַסענעס אין יאַרמאָלינעץ, טולטשין און נעמיראָוו, האָט פעדאָצער געהאַלטן, אַז איצט איז געקומען דער נייטיקער מאָמענט צו פאַרווירקלעכן זײַן טרוים.

אָפּגעשיקט זײַן קאַפּעלע קיין בערדיטשעוו, האָט פעדאָצער אליין זיך פאַרהאַלטן מיטן אויסרייד, אַז ער קלײַבט זיך דאָ, אין די אַרומיקע שטעטלעך, פאַרשרײַבן א ריי יידישע ניגונים.

פעדאָצער האָט אָפּגעוואַרט, ווען עס פאַלט אויס אין לינעץ א יאַריד־טאָג. אין אַזאַ טאָג איז לינעץ שטאַרק פאַרהאַוועט און פאַרטראָגן, אין אַזאַ טאָג פאָרן זיך צונויף אַהער ליוועראַנטן, ציגײַנער, אָקסן־הענדלער, קאַצאָווים, פּויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט טוווע, קי, שעפסן און פערד, שטעטלשע באַלמעלאָכעס מיט זייער טאַנדעט־אַרבעט, קרעמער און קרעמערלעך און גלאַט יידן, וואָס האַנדלען מיט גאָרניט, מאַכן אַן טומל, און אין טומל פאַרגעסן זיי, אַף וועלכער וועלט זיי געפינען זיך.

ערעוו דעם יאַריד האָט זיך פעדאָצער אומבאַמערקט אַרײַנגעשמוגלט אין לינעץ. ער האָט אָפּגעצאָלט דעם באַלעגאָלע פאַר זיך איינעם, ווי פאַר אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס וואָלטן געקאָנט אַרײַן אין דער בויד, ווײַל וואָלט מיט אים נאָך עמעצער געפאָרן, וואָלט אין א האַלבער שאָ אַרום גאַנץ לינעץ געוווּסט, אַז פעדאָצער איז געקומען.

די לינעצער קלעזמער וואָלטן זיך צונויפגעלאָפן און געבעטן אים, ער זאָל זיי גלײַך אויסשפּילן, קעדיי זיי זאָלן קאָנען איבערשרײַבן זײַנע נײַע זאַכן. די שטאָט־באַלעבאַטים וואָלטן גלײַך געשטעלט א כופע פון א העקדעש־פּאָרל, און ער וואָלט זיי געמוזט מעסאַמייעך זײַן. פון אַזאַ מיצווע האָט ער אין ערגעץ און קיינמאָל זיך ניט אָפּגעזאָגט, און ער וואָלט זי אויך אין לינעץ געמוזט מעקײַעם זײַן.

די שטאָט־באַלעבאַטים וואָלטן אים צורו ניט געלאָזט און אײַנגעבעטן, ער זאָל שפּילן פאַר שיסל־געלט לעטויוועס קאָהאָל. ער וואָלט קיין פרײַע מינוט ניט געהאַט און וואָלט בעשום־אויפן ניט געקאָנט ווי עס געהער צו זײַן זיך באַגעגענען מיט כאַצקעלען.

דער באַלעגאָלע האָט פעדאָצערן אַראָפּגעלאָזט הינטערן שטעטל, ווען אין לינעץ איז נאָך געווען טיף נאַכט, ווען אָפן לינעצער פרילינגדיקן הימל האָבן נאָך געלויכטן שטערן און פרי געפעדערטע פײַערלעך פון פינפער, אַכטער און צוועלפער לעמפלעך האָבן פון דער ווײַטן געווונקען מיט א באַרעכהאַבע צו די אָנגעפאָרענע יאַריד־לײַט.

פעדאָצער האָט געבלאָנקעט איבער די לינעצער גאַסן. כאַצקעלע איז געווויס ניט אופגע־שטאַנען אום האַלבער נאַכט, ווי אַנדערע לינעצער, ווײַל וואָס האָט צו טאָן אַ שניצער אַפן יאַריד?

ארומגייענדיק איבער די לינעצער גאַסן, האָט פעדאָצער זיך פאַרגעשטעלט די באַגעגעניש מיט דער שטוב, וווּ עס האָט זיך געלאָזט הערן עלישעס ערשטער געבורט־געשריי, דער ערשטער קלאַנג פון זײַן פידל.

פון די אַלע כאַצקעלעך, וואָס פעדאָצער האָט זיך פאַרגעשטעלט, האָט ער אויסגעקליבן דעם סאַמע טשיקאַוון און אים שוין ניט אָפּגעלאָזט פון זיך. ער וועט אים פאַרגלײַכן מיט דעםווירקלעכן כאַצקעלען און זען, אַף וויפל זײַן פאַרשטעלונג איז ריכטיק און אַף וויפל זי גרײַזט.

ווען עס האָט געגומען שאַרױַען אַף טאָג, איז פעדאָצער געקומען אין כאַצקעלע דעם שניצערס געסל, און דאָס געסל האָט אויסגעזען אַ סאַך ערגער פון די אַלע ערגסטע געסלעך, וואָס פעדאָצער האָט זיך פאַרגעשטעלט.

דאָס געסל האָט זיך געטרונקען אין בלאָטע, און מער ווי אַלע שטיבלעך האָט זי אײַנגעזויגן כאַצקעלעס אײַנגעהויקערט שטיבל מיט די צוויי בלינדע פענצטערלעך. דער דאַלעס האָט גע־שריגן פון אַלע זײַטן: דאָ וווינט כאַצקעלע שניצער.

ווי נאָר פעדאָצער האָט אָן עפן געטאָן די טיר פון קיך, האָט ער גלײַך דערזען באַם אויוון אָן אײַנגעהויקערטע פרי פאַרעלטערטע פרוי מיט אַ פאַרפלאַמט פּאָנעם און מיט אַ שעלטנ־דיק מויל.

פון ווערקשטעל באַם פענצטערל האָט זיך אופגעהויבן כאַצקעלע שניצער, אַ רירעוודיקער, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. ווען ניט די ווייַנענדיקע קנייטשן אַף זײַן געזיכט, וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ער האָט צו דער וועלט קיין טײַנעס ניט.

פעדאָצער האָט פאַרגליכן די בײדע כאַצקעלעך — יענעם פון זײַן פאַרשטעלונג און דעם, באַם ווערקשטעל — און איז געבליבן צופרידן. ער האָט קימאַט ווי געטראָפן. פעדאָצער האָט אָנגערופן זײַן נאָמען.

כאַצקעלע האָט פון איבעראַשונג פאַרביטן די נעמען: אָנשטאָט פעדאָצער האָט ער אויס־געשריַען „עלישע! אוי, עלישע!“ און גלײַך ווי ער זאָל וועלן אויסקויפן די שולד פאַר פויגייע־בעקאָוועד זײַן דעם רעבן, האָט כאַצקעלע ניט אופגעהערט איבערכאַזערן: „פעדאָצער! פעדאָצער!“

— כײַע־עסטער, דאָס איז פעדאָצער! אונדזער עלישעס פעדאָצער! אונדזער פעדאָצער! דער באַרימטער פעדאָצער! סאַראַ גרויסן גאַסט מיר האָבן, מיר זײַנען גאָר ניט ווערט אַזאַ קאָוועד, מיר האָבן גאָרניט פאַרדינט אַזאַ כעסעד. כײַע־עסטער, וואָס שטייסטו? דו ווייסט, וועמען מיר האָבן פאַר אַ גאַסט? אים אַליין, פעדאָצערן! פעדאָצערן!

און זי, כײַע־עסטער, כאַצקעלעס פלוינעסטע, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען באַם אויוון, אַזוי איז זי געבליבן שטיין, און אַזוי ווי זי האָט געשאָלטן, אַזוי האָט זי ניט אופגעהערט שעלטן. מער ניט, זי האָט אַף אַ ווײַלע אָפּגעלאָזט כאַצקעלען, דעם מאַן אירן, און זיך גענומען צו אים, צו פעדאָצערן.

— אַ, דאָס זײַט איר, דער שיינער פעדאָצער, וואָס מײַן שיין מאַנדל לאָזט אײַך פון מויל ניט אַרויס און הערט ניט אוף דורך די נעכט אײַך שרײַבן בריוו? דאָס האָב איך אײַך צו פאַר־דאַנקען? דאָס האָט איר מיר געפּאַטערט מײַן עלישען, דאָס האָט איר אים אײַנגערעדט, אַז ער קען שפּילן, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער שפּילער, אַז פון אים וועט זײַן אַ לײַט? אַז אָך און ווי איז דער מאַמען, וואָס פאַר אַ לײַט ס'איז פון אים געוואָרן...

— ווּ ער איז איצט, ווייס איך גאָר ניט. מע האָט אונדז איבערגעגעבן די שיינע גרוסן, אַז מע האָט אים געזען מיט קאַטערינשטשיקעס און מע האָט אים געהערט שפּילן ערגעץ אין אַ שענק פאַר די שיקורים. אהיים ווײַזט ער זיך ניט, אהיים שרײַבט ער ניט!

כײַע־עסטער רעדט און רעדט, און כאַצקעלע בעט פעדאָצערן, ער זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן, ער זאָל איר מויכל זײַן. ס'איז איר ביטער אַפן האַרצן. אַ מאַמע! אַ מאַמעס האַרץ! כאַצ־קעלע טראָגט אונטער פעדאָצערן אַן אַנטיקל. אַן אויסגעשניצטע טאַבעק־פּושקע. פעדאָצער קאָן זיך גאָר ניט אָנשפּיגלען אין איר, קאָן זיך גאָר ניט אָנלויבן.

כײַע־עסטערן פאַרדריסט, וואָס פעדאָצער טוט איר אַפּצולאָכעס און לויבט איר כאַצקעלען, און מיט אַ קוויטשענדיקער קלאָלע טרעפט זי אין זיי ביידן — אין כאַצקעלען און אין פעדאָצערן:

— און ווער איז שולדיק אין אַלץ: ער, דער שיינער טאַטע. איך האָב געזאָגט און געטײַ־נעט: כאַצקל, מע דאַרף עלישען לערנען אַ מעלאָכע, מעלאָכע איז מעלוכע, און פידל שפּילן איז אַ שפּיל און ניט קיין מעלאָכע. און ער האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ — טאַלאַנט און טאַלאַנט, עלישע איז אַ טאַלאַנט, און מע טאָר אים ניט אָפּרײַסן פון פידל.

און כאַצקעלע, גלײַך ווי ניט אים מיינט מען עס, דערלאַנגט פעדאָצערן אַ כאַנעקע־לעמפּל מיט פיגורן פון די ווידערשפּעניקע כאַשמוינאָים.

— אַן אַנטיק־שעבעאַנטיק! — שרײַט אויס באַגײַסטערט פעדאָצער, און די אויגן באַ כאַצ־קעלען נעמען שײַנען, און ווען ניט די וויינענדיקע קנייטשן אַפן געזיכט, וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ער איז טאַקע דער גליקלעכסטער פון אַלע גליקלעכע.

און ווידער אַ קווויטשענדיקע קלאָלע:

— אַ לעבן האָט ער מיר געגעבן, אַז ניט דערלעבן האָב איך געמעגט דעם טאָג, וואָס איך האָב אים דערקענט. אַ שנײַדער נייט דען דערפאַר, ווײַל ער וויל ווײַזן, אַז ער קען אופנייען אַ שיינעם בעגעדז? ער נייט צוליב דעם, ער זאָל פאַרדינען. ער זאָל קאָנען אויסהאַלטן אַ ווײַב מיט קינדער. אַזוי איז אַ שוסטער, אַזוי איז אַ סטאָליער, אַזוי איז יעדער באַלמעלאָכע, און מײַן שניצער, אויסגעשניצט זאָל ער ווערן פון דער וועלט, דאַרף נאָר דאָס שניצערײַ.

כאַצקעלע שטעלט ארויס אַ ריי פיגורן, ווי ער זאָל פּרוּוון אופשטעלן אַ וואַנט קעגן כײַע־עסטערס קלאָלעס.

און פעדאָצער באַטראַכט יעדע פיגור און קוועלט אָן:

— עס לעבט! עס לעבט! זיי האָבן אויגן און זעען, זיי האָבן אויערן און הערן, זיי האָבן אַ נאָז און שמעקן, זיי האָבן הענט און רירן מיט זיי, זיי האָבן פיס און באַוועגן זיך. זיי זײַנען פון האָלץ, אָבער אין זיי פליסט בלוט און עס קלאַפּט אין זיי אַ האַרץ...

כאַצקעלע וויל דאַנקען פעדאָצערן, ער וויל אים דאַנקען פאַר דערזען און דערהערן, ער וויל עפּעס זאָגן וועגן דער אומגעהייער שווערער און הייליקער אַרבעט פון שניצערײַ און קאָן ניט. צו גרויס איז זײַן גליק, ער זאָל עס קאָנען אויסריידן, ער זאָל עס קאָנען אַרויסזאָגן.

פעדאָצער פילט און פאַרשטייט כאַצקעלען, און טיף אינווייניק אין אים האָט געגומען שפּילן אַ לויב־געזאַנג דעם קינסטלער. ווי ווייניק ער באַדאַרף האָבן, דער עמעסער שעפער: דער שני־צער, וואָס שניצט, דער שפּילער, וואָס שפּילט, דער זינגער, וואָס זינגט, דער מאָלער, וואָס מאָלט, דער שרײַבער, וואָס שרײַבט. איין גוטער קוק, איין יאַשער־קויעך, און ער איז דער גליקלעכסטער, איין גוט וואָרט פון אַזאַ, וואָס פאַרשטייט, פון אַזאַ, וואָס האָט ליב, און דאָס איז די העכסטע באַלוינונג!

און כײַע־עסטער שעלט, און כײַע־עסטער כויזעקט:

— קוק אים אָן. ווי ער באַרימט זיך דאָס מיט זײַנע געצקעס. איך זאָל אַזוי לעבן, ער האָט זיך געררירט פון זינען, ער האָט קינדערשן סייכל.

און כאַצקעלע ווערט ניט מיד אַלע ווײַלע אַראָפּטראָגן פון בוידעם אַן אַנדער יעקאַר־האַמציִעסל, וואָס וואַלגערט זיך פאַרשטויבט שוין יאָרנלאַנג און קיינער אין לינעץ וויל אַפילע אַף דעם קיין קוק ניט געבן.

פעדאָצער פּרוּווט לינדערן כײַע־עסטערס צאַר מיטן טיפסטן צאַר — מיט עלישען. ער רעדט וועגן אים מיט אַזויפיל ליבע, אַז עס ווערט ליכטיקער אין פינצטערן שטיבל און כײַע־עסטערס קלאָלעס בלײַבן ניט דערשאָלטן.

— איר פאַרשטייט, — דערקלערט פעדאָצער, — דער איילע־טוילדעס, דער ייִכעס־בריִיו, דער אָפּשטאַם און די סוויווע פון יעדן טאַלמיד פאַרנעמט באַ מיר זייער אַ וויכטיק אָרט. נאָר דעמלט, ווען איך דערפיל דעם רייעך פון דער ערד, אַף וועלכער עס זײַנען געמאַכט געוואָרן די ערשטע טריט, קאָן איך אָנווײַזן דעם ריכטיקן וועג. נישטאָ אַזאַ טאַלמיד, וואָס זאָל ענלעך זײַן צום צווייטן, און דעריבער דאַרף דער עמעסער רעבע פאַר יעדן טאַלמיד זײַן אַ באַזונדערער רעבע.

כאַצקעלעס אַלע קנייטשן פון געזיכט זײַנען פול געוואָרן מיט שײַן, און כײַע־עסטערס שעפּטשענדיקע ליפּן האָבן געהאַלטן אין איין זוכן, מיט וואָס צו פאַרבײַטן אירע קלאָלעס.

— לערנען, — האָט פעדאָצער פאַרגעזעצט זײַן געדאַנק, — איז פריִער פון אַלץ דער־לערנען. און נאָך מער איז עס נייטיק, ווען דער טאַלמיד באַרײַכערט זײַן רעבן, ווערט אײַנגעבאַקן אין האַרצן. איך האָב דאָ אין זינען מײַן בעסטן טאַלמיד, אונדזער עלישען. און ווײַל עלישע איז אײַערער און מײַנער, דאַרף מײַן צאַר און אײַער צאַר זיך באַהעפטן.

כאַצקעלע האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן פעדאָצערס געדאַנק:

— איך מיין אויך אַזוי. לאַנג לעבן זאָלט איר, רעב פעדאָצער, וואָס איר זײַט געקומען אָהער מיר אָפּגעבן דעם גערעכט. איר פאַרשטייט, רעב פעדאָצער, עלישען שניץ איך, פון זינט ער איז געבוירן געוואָרן.

כאַצקעלע האָט אײַלנדיק גענומען צונויפטראָגן אַלע עלישעס: עלישע טוט דעם ערשטן שמייכל, עלישע מאַכט דעם ערשטן טראָט.

כאַצקעלע אַליין ווערט איבעראַשט, גלײַך ווי ער זאָל צום ערשטן מאָל זען אָט די פיגורן.

— איר הערט, ווי עלישע הערט?!

— איך הער! איך הער! איך זע! יאָ, יאָ, אָט אַזוי האָב איך אים געהערט און געזען, אָט אַזוי האָב איך אים זיך פאָרגעשטעלט, ריכטיק! ריכטיק!

און כאַצקעלע טראָגט, און כאַצקעלע ווײַזט אײַן עלישען נאָכן צווייטן. און אָט נעמט ער אַרום אײַנעם אַן עלישען, דעם סאַמע באַליבטן, — עלישע מיטן פידל אין דער האַנט.

פעדאָצער דערפרייט זיך, גלײַך ווי דער פאַרפאַלענער טאַלמיד זײַנער וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעזוכט.

— ריכטיק! ריכטיק! אָט אַזוי פלעגט ער שטיין בײַ מיר, ווען איך האָב מיט אים געלערנט, אָט אַזאַ האָט ער זיך מיר פאַרקריצט אין זיקאָרן! ריכטיק! דאָס איז עלישע מיט אַלע פּישטשעווקעס.

כײַע־עסטער האָט אויסגעבראָכן אַ געוויין.

— וויינט ניט, כײַע־עסטער, וויינט ניט, — האָט זי פעדאָצער געטרייסט, — איר האָט אַ געבענטשטן בויך, אַף אַלע מאַמעס געזאָגט אַזעלכע קינדער, ווי אײַערע עלישע. וויינט ניט. געפאַלן הייסט נאָך ניט פאַרפאַלן. עס וועלן קומען און עס מוזן קומען בעסערע צײַטן, און מיר וועלן נאָך אַלע האָבן אַ סאַך נאַכעס פון אים. אָט וועט איר זען, איר וועט נאָך דערמאָנען מײַנע רייד.

כײַע־עסטער איז אומבאַמערקט אַרײַן אין צווייטן צימערל, זיך פליִיק איבערגעטאָן אין אירע שאַבעסדיקע בגאָדים, פאַרשפּרייט אַפן טיש דעם שאַבעסדיקן טישטעך און אָנגעצונדן די ליכט אין אירע צווויי מעשענע לײַכטער.

כײַע־עסטער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל שאַבעס זײַן... און אַ שאַבעסדיקע, גלײַך ווי זי וואָלט קיינמאָל וואָכעדיק ניט זײַן, קיינמאָל ניט אויפגעהויבן איר שטים און קיינמאָל פון מויל קיין קלאָלע ניט אַרויסגעלאָזט, אַ זאָג געטאָן:

— רעב פעדאָצער, כאַצקעלע, גייט וואַשט זיך, שוין צײַט עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן...

דער טאָג איז אַזוי גיך אַדורך, אַז פעדאָצער און כאַצקעלע האָבן ניט באַמערקט, ווי דער אָונט האָט זיך אָנגערוקט.

פעדאָצער האָט באַרויִקט אַלע וויינענדיקע קנייטשן אַף כאַצקעלעס געזיכט און אים צוגע־זאָגט בלײַבן נעכטיקן אין לינעץ.

ביז טאָג איז נאָך ווײַט, און מע קאָן זיך פאַרגינען אַרויס אין דרויסן, עטעמען מיט פרישער לופט.

שטערנדלעך, אָן אַ צאָל שטערנדלעך האָבן זיך געהאַלטן אין אײַן אָנצינדן אַפן פרילינג־דיקן הימל.

אַזויפיל אָנגעצונדענע לויכטנדיקע שטערנדלעך אין דער הייך און אַזויפיל אַראָפּגעפאַלענע און אויסגעלאָשענע שטערנס אין דער נידער. פעדאָצער האָט געטרייסט כאַצקעלען, און כאַצ־קעלע פעדאָצערן, און עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז זיי ביידע זײַנען פון די גליקלעכסטע מענטשן אין דער וועלט.

— די לינעצער, ווי אײַער כײַע־עסטער, — זאָגט פעדאָצער, — האַלטן, אַז דער גרעסטער שלימאַזל אין לינעץ זײַט איר, כאַצקעלע דער שניצער, אָבער אין דער עמעסן זײַט איר דער מאַזלדיקסטער פון זיי אַלע. יאָ, איר זײַט דער מאַזלדיקסטער, ווײַל איר זײַט דער אויסדערוויילטער, וועמען ס׳איז געגעבן געוואָרן די פרייד פון באַשאַפן, די ברײשיס־פרייד פון דערפילן, ווי ס׳איז גוט, ווען מע באַרײַכערט מיט עפּעס וואָס די וועלט. ווי לאַנג שמײַסט מען זיי, די גווירים פון גאָר דער וועלט, צי האָבן זיי אויסגעזען און צי וועלן זיי אַמאָל אויסזען אַזוי גליקלעך בײַ זייערע פולע זעק מיט געלט, אָנגעלאָדענע שפּײַכלערס און קלייטן, ווי איר, רעב כאַצקעלע, האָט הײַנט אויסגעזען צווישן אײַערע פיגורן.

דער גליקלעכסטער אין לינעץ איז אַזוי דערוואָרעמט און דערהויבן געוואָרן פון פעדאָצערס רייד, אַז ער האָט אים געגומען בעטן פאַר די אומגליקלעכע, פאַר די לינעצער.

— איר דאַרפט זיי מוחל זײַן, וואָס זיי פאַרגעסן אָן מיר, וואָס זיי גיבן מיר ניט אָפּ קיין קאָוועד. יעדער אײנער פון זיי האָט זיך זײַן פעקל צאָרעס, יעדער אײנער פון זיי האָט אַ ביטער האַרץ.

ס׳איז שוין געוואָרן שפּעט נאַכט, לינעץ איז שוין לאַנג געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, און בלויז דורך די שפּאַלטן פון געציילטע לאָדנס האָבן זיך דורכגעריסן פאַסיקלעך שײַן.

און כאַצקעלע בעט זיך בײַ פעדאָצערן:

— איר זײַט געקומען אַהער ווי אַ ניסטער, ווי אַ פאַרבאָרגענער, און דאַרפט אַוועקפאָרן פונדאַנען ווי אַ ניגלע, ווי אַן אַנטפּלעקטער. איר דאַרפט און איר מוזט פאַר די לינעצער זיך אַנטפּלעקן מיט אײַער נעגינע. די לינעצער וועלן אײַך קיינמאָל אָט דעם כעסעד ניט פאַרגעסן, זיי וועלן עס פאַרגעדענקען אַף דאָר־דוירעס און זיך באַרימען: „מיר זײַנען זוכע געווען צו הערן פעדאָצערן! מיר האָבן אים אַליין מיט אונדזערע אויגן געזען!“ זאָגט ניט אָפּ, רעב פעדאָצער! אויב ניט צוליב זיי, טוט עס צוליב מיר, אויב ניט צוליב מיר, איז טוט עס צוליב עלישען.

— וויאַזוי, — האָט זיך געוווּנדערט פֿעדאָצער, — ס'איז דאָך נאַכט, אַלע זײַנען פּאַרזונקען אין שלאָף און איך האָב אַפֿילו דעם פֿידל ניט מיט זיך?

— יאָ, נאַכט, — איז כאַצקעלע געשטאַנען אַף זײַנס, — די פּאַרזונקענע אין שלאָף וועלן באַלד אופֿגעוועקט ווערן, און אַ פֿידל וועט דאָ אויך באַלד זײַן.

די אומגעריכטקייט און אויסערגעוויינלעכקייט פֿון כאַצקעלעס אײַנפֿאַל האָבן מיטאַמאָל פּאַרכאַפּט פֿעדאָצערן.

— גוט! איך וועל שפּילן, איך בין מאַסקים! איך בין מאַסקים בלויז מיט דעם טנאַי, אַז שפּילן וועל איך אין אײַער הויף. פֿריִער פֿון אַלץ וויל איך אָפּגעבן קאָוועד אײַך, אָפּגעבן קאָוועד אונדזער עלישען. זאָלן זיי, די לינעצער, וויסן, וואָס פֿאַר אַ זון עס פֿאַרמאָגט כאַצקעלע דער שניצער. איז גייט, רעב כאַצקעלע, און וועקט אוף אַלע לינעצער, זאָלן זיי אופֿשטיין צו נעגינע!

און כאַצקעלע איז ניט געגאַנגען — כאַצקעלע איז געלאָפֿן, ניין, ער איז ניט געלאָפֿן, נאָר געפֿלויגן.

דעם ערשטן האָט ער אופֿגעוועקט דעם לינעצער פֿידלער, דעם אָנפֿירער פֿון לינעצער קלעזמער־קאַפּעלע:

— שטייט אוף צו נעגינע! פֿעדאָצער איז אין לינעץ! נעמט מיט אײַער פֿידל, ווײַל זײַנעם האָט ער איבערגעלאָזט אין דער היים. און נאָך זײַט וויסן: שפּילן וועט ער באַ מיר אין הויף, ערגעץ אַנדערש־ווו וויל ער ניט.

— וואָס רעדט איר? פֿעדאָצער? ווי קומט אהער אינמיטן נאַכט פֿעדאָצער? — האָט דער אָנפֿירער פֿון דער קאַפּעלע אַ פּראַל אוף געגעבן דעם לאָדן, צעעפֿנט דאָס פֿענצטער און אָנגעשטעלט אַף כאַצקעלען אַ פּאָר אויגן, גלײַך ווי יענער וואָלט אים אָנגעזאָגט, אַז מאָשיִעך איז געקומען.

כאַצקעלע האָט אָפּגיך, אין איין אָטעם דערציילט דעם אָנפֿירער פֿון דער קאַפּעלע, אַז פֿעדאָצער איז געקומען אהער ווי אַ גניסטער, און אַז ער, כאַצקעלע, האָט באַ אים געפּועלט ווערן אַ ניגלע.

— לאַנג לעבן זאָלט איר, — האָט דער לינעצער פֿידלער ניט געוווּסט, וויאַזוי אָפּצודאַנקען כאַצקעלען פֿאַרן גרויסן קאָוועד, וואָס ער האָט אים אופֿגעוועקט דעם ערשטן.

— אָט גיס איך אָפּ נעגל־וואַסער, אָט טו איך זיך אָן, אָט כאַפּ איך דעם פֿידל, און אָט וועל איך לויפֿן מיט אײַך אופֿוועקן די קאַפּעלע און אַלע לינעצער.

אין צען מינוט אַרום זײַנען די לינעצער קלעזמער געווען אַף די גאַסן מיט זייערע קיילים. דער פּויקער איז געלאָפֿן פֿאָרויס און געפּויקט אין פּויק, נאָך אים די קאַפּעלע. אין דער מיט — כאַצקעלע שניצער.

— שטייט אוף צו נעגינע! פֿעדאָצער איז דאָ אין שטאָט!

— ווער אײַלט עס אַזוי כאַסענע האָבן?

— שטייט אוף און פֿרעגט קיין קאַשעס ניט!

— שטייט אוף צו נעגינע! פֿעדאָצער איז דאָ אין שטאָט!

— וואָס, אַ כאַסענע אינמיטן־דערינען?

— ווער כאַסענע, וואָס כאַסענע? די נעגינע וועט פֿראַווען כצאָס. פֿעדאָצער וועט באַווײַזן, וואָס פֿעדאָצער קען און וואָס פֿעדאָצער הייסט!

— ווו וועט ער שפּילן?

— באַ כאַצקעלע שניצער אין הויף.

— האַלעמײַ ניט אָפּן שול־הויף?

— באַ פֿעדאָצערן איז דער שול־הויף כאַצקעלעס הויף.

— שטייט אוף צו נעגינע! פֿעדאָצער איז אין שטאָט!

— שטייט אוף צו נעגינע! פֿעדאָצער איז אין שטאָט!

און ווו נאָר אַ שטיבל, האָט עס אופֿגעשײַנט מיט אַ פֿײַערל, ניט מיטן נעכטיקן וואָכעדיקן האַלב־באַנאַכטיקן יאַריד־פֿײַערל, נאָר מיט יענעם יאָמטעווודיקן פֿײַערל, וואָס שײַנט, דערוואַרעמט און דערהייבט.

* * *

שטענדיק, ווען פֿעדאָצער פֿלעגט דעם פֿידל נעמען אין האַנט, האָט ער אויסגעזען אַ סאַך העכער, ווי ער איז געווען. און איצט, שפּעט באַנאַכט, פֿאַר די, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין דער בלאָטע פֿון כאַצקעלעס הויף, און פֿאַר די אַלע, וועלכע האָבן זיך אויסגעזעצט און פֿאַנאַנדערגעלייגט אַף די דערבײַיִקע דעכער, איז אָט די הויכקייט געווען ניט גענוג, און פֿעדאָצער האָט זיך געמוזט אופֿהייבן און אוועקשטעלן אַף אַ טיש מיט הויכע פֿיסלעך.

די לינעצער זײַנען אויסגעגאַנגען הערן בלויז פּעדאָצערן, נאָר פּעדאָצער האָט קיינמאָל אַף זײַן לעבן ניט מעווײַעש געווען קיין אָרטיקע קאַפּעליע, און ער האָט צום אַלעמערשטן אָנגעהויבן מיט די לינעצער קלעזמער פון זײַנער „א כאַסן־קאַלע־באַגעגעניש״, דערנאָך האָט ער געשפּילט מיט זיי „א שער״, „א פריילעכס״, „א דאָבראַניטש״, און ערשט נאָכן „זײַ־געזונט״ האָט ער גענומען שפּילן סאָלאָ.

פּעדאָצער האָט געשפּילט צום ערשטן מאָל אַפן פידל דאָס, וואָס האָט שוין ניט איין מאָל טיף אינווייניק אַרויסגעשפּילט און אַרויסגעזונגען פון אים. ער האָט געשפּילט וועגן רעבן, וואָס האָט פאַרלוירן זײַן בעסטן טאַלמיד, פּעדאָצער האָט צום ערשטן מאָל געשפּילט אַפן פידל דאָס, מיט וואָס לינעץ האָט אים פאַרן מעסלעס באַרײַכערט.

דער צאַר פונעם רעבן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן צאַר פונעם פאָטער, דער ווײ איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

עס האָט געטאָגט אין דרויסן, עס האָט געטאָגט אין דער מעלאָדיע פונעם פידל, עס האָט געטאָגט בא פּעדאָצערן אַפן האַרצן: „געפאַלן הייסט נאָך ניט פאַרפאַלן״... עלישע איז ניט צו אַש געגליכן, נאָר צו די פונקען אונטערן אַש, וואָס באַם קלענסטן ווינטל פלאַקערן זיי אויף אין אַ פלאַם. און אויב אַפילע צען אַזעלכע, ווי עלישע, וועלן אויסגעלאָשן ווערן און בלויז איינער, אַן עלפטער, וועט אויפלאַקערן און אויפשײַנען פאַר גאָר דער וועלט, הייסט עס, אַז די צען האָבן ניט אומזיסט געזוכט דאָס פײַערל, הייסט עס, אַז די צען האָבן אין דעם עלפטן געפונען זייער טיקן.

קיין זאַך גייט ניט לעיִבעד!
דער ניגון ווערט ניט איבערגעריסן!

---

# כראָניק

## שוואַרצמאַן־טעג אין אוקראַיִנע

אין אוקראַיִנע איז ברייט אָפּגעמערקט געוואָרן דער 75־טער געבורטסטאָג פון אַשער שוואַרצמאַן. אין ראַפּאַלאָווקע, אַף שוואַרצמאַנס קייווער, איז פאָרגעקומען אַ מיטינג, געווידמעט דעם דיכטער, דעם העלדישן שלאַכטמאַן. אין מיטינג האָבן אָנטיילגענומען אַרבעטער פון די אונטערנעמונגען, אײַזנבאַנער, קאָלווירטניקעס, וועלכע זײַנען געקומען מיט פאָנען, אָרקעסטערס און מיט בילדער פונעם דיכטער.

אַף דער פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון דער ראַפּאַלאָווקער מעבל־פאַבריק איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס בעטן דעם געגנט־אויספּירקאָם אָנרופן די פאַבריק אַפן נאָמען פון אַשער שוואַרצמאַן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אוועקשטעלן אַף שוואַרצמאַנס קייווער אַ דענקמאָל פון גראַניט אַנשטאָט דעם הילצערנעם דענקמאָל.

אין אַשער שוואַרצמאַנס געבורטסשטאָט קאָראָסטישעוו איז דורכגעפירט געוואָרן אין קולטור־הויז אַ גרויסער ליטעראַרישער אָוונט, געווידמעט דעם דיכטערס 75־טן געבורטסטאָג. די קאָראָסטישעווער צײַטונג האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציִעל ליטעראַריש זײַטל וועגן שוואַרצמאַנס שאַפונג און פאַרעפנטלעכט זײַנע לידער אין דער איבערזעצונג אַף אוקראַיִניש. עס איז אָנגעמערקט באַצייכענען דאָס הויז, וווּ שוואַרצמאַן האָט געוווינט, מיט אַ מעמאָריִאַל־ברעט.

די קיִעווער צײַטונג „ליטעראַטורנאַ אוקראַיִנאַ״ האָט אָפּגעדרוקט לידער פון אַשער שוואַרצמאַן אין דער איבערזעצונג פון די באַוווּסטע אוקראַיִנישע דיכטער פּאַוולאָ טיטשינאַ, מאַקסים רילסקי, מיקאָלאַ טערעשטשענקאָ און איוואַן גאָנטשאַרענקאָ. עס איז אויך פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערער אַרטיקל פון דעם ליטעראַטור־פאָרשער כ. לויצקער וועגן שוואַרצמאַנס שאַפונג.

## א באַזוך אין רעדאַקציע

דעם 29 אָקטיאַבער האָבן די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד״ באַזוכט די באַרימטע גראָסמייסטערס טיגראַן פּעטראָסיאַן, וועלט־טשעמפּיִאָן פון שאַכמאַטן, דער עקס־טשעמפּיִאָן וואַסילי סמיסלאָוו, די גראָסמייסטערס פּאַול קערעס, לעאָניד שטיין, באָריס ספּאַסקי, אַלעקסאַנדער קאָטאָוו, איסאַק באָלעסלאַווסקי און דער צווישנפעלקערלעכער מײַסטער לעוו אַבראַמאָוו.

אין אַ פרײַנטלעכן שמועס מיטן הויפּט־רעדאַקטאָר זײַנען באַרירט געוואָרן אַ ריי פראַגן וועגן דער אַרבעט פונעם זשורנאַל און וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.



אין דער ביבליִאָטעק פונעם זשורנאַל „אָגאָניאָק״ (פאַרלאַג „פּראַוודאַ״) איז אין אַ טיראַזש פון 103.000 עקז. דערשינען אַ זאַמלונג „לידער פון ייִדישע דיכטער״. אין דער זאַמלונג זײַנען פאָרגעשטעלט 14 מאָסקווער ייִדישע פּאָעטן: מ. גרוביאַן, אי. באָרוכאָוויטש, ש. כאַלאָדענקאָ, א. ווערגעליס, י. שטערנבערג, מ. טייף, א. גאָנטאַר, ז. טעלעסין, ש. דריז, ר. בוימוואָל, מ. ליפשיץ, י. קערלער, מ. שטורמאַן, ד. בראָמבערג.

די איבערזעצונג האָבן געמאַכט די רוסישע דיכטער ל. מאַרטינאָוו, א. אַכמאַטאָוואַ, וו. באָקאָוו, א. בעזימענסקי, יו. מאָריץ, וו. טושנאָוואַ אאַ.



יאָסל בוכבינדער

# לירישע לידער

* * *

די ברעגן צערוקן איך וועל פון די טײַכן,
עס זאָל זייער ברייטקײַט צו יאַמען זיך גלײַכן,
כ'וועל טיפער צעגראָבן דעם אָפּגרונט פון יאַמען,
דערפירן די יאַם־טיף ביז אָקעאַנען.

די טײַכן פון וויטעק, פון ליידן די יאַמען
צונויפרוקן וועל איך וואָס ענגער צוזאַמען,
עס זאָלן קיין יאַמען פון טרערן ניט פליסן,
נאָר יאַמען פון גוטסקײַט די ערד זאָל פאַרגיסן.

* * *

אָט די ווײַסקײַט פון שניי, וואָס באַפאַלט דיך,
מאַכט מילדער נאָך מער דײַן געזיכט,
איז ווארעם מיך אָן מיט דײַן קאַלטקײַט,
מיט דײַן שנייִיקן כיין,
וואָס באַפרירט און באַצירט
אי די האָר, אי די וויִעס און ברעמען,
אי די אויגן, וואָס ווערן פון שניי
מערער נאָך שוואַרץ.
אָט די פּראַסטיקע רויטקײַט,
וואָס וויל דיך פאַרשעמען,
זי רעגט מיך, זי רופט מיך,
זי וועקט מיר מײַן האַרץ
בלויז צו דיר, בלויז צו יונגקײַט צו דײַנער,
וואָס איך האָב שוין איינמאָל,
ווי דו, אויך פאַרמאָגט,
נאָר אוועק איז מײַן יוגנט
ווי בודיאָנעס אַ רײַטער,

וואָס צוריק וועט ניט קומען,
אין די שלאַכטן פאַריאָגט.
איז פאַרוואָס זשע באַזײַטיקט
דײַן בליק זיך אַלץ ווײַטער
און ווילסט ניט באַמערקן מײַן האַרץ,
ווען עס פלאָגט?
דו געדענק, אַז מײַן האַרץ איז מיט דיר
און מיט מיר דײַן פאַרווינטערטע מילדקײַט,
וואָס פרירט און וואָס ברענט.
כ'וויל, דער ווינט זאָל צעטראָגן די שטילקײַט,
צעווייען די ווײַסקײַט, וואָס באַצירט דײַן
געשטאַלט.
צונויפקלײַבן וועל איך
דײַן צעשאָטענע מילדקײַט
מיט ליבשאַפט, וואָס האָסט מיר אַהערצו
געבראַכט,
כאָטש אַפילו אַ ווײַלע האָסט פון מיר ניט
געטראַכט.

* * *

וועסטו זען אַ שויב פאַרלאָשן,
ווי אַן אויסגערונען אויג,
צווישן אַנדערע פאַרשאָטן
מיט אַ טונקל־גרויען שטויב, —
לאָז זיך גלײַך אוועק אַהינצו,
האָב ניט מוירע, וואָס ס'איז פינצטער,
צינד אָן פײַער אין דער שויב.
זײַ אַ דינער אַ געטרײַער,
צו דער צײַט זאָלסט ברענגען פײַער,
דאָרט, ווו ס'לעשט זיך אויס אַ שויב.

וועסטו זען אַ צווײַג צעבראָכן
פון אַ מוירעדיקן ווינט,
שוין אַרומגעלייגט מיט מאָכן,
ווייפל יאָרן, ווייפל וואָכן,
און די גרינקײַט שוין אַנטרינט, —
זאָלסטו טעג און נעכט ניט שלאָפן,
זאָלסט נאָר היילן אירע ווונדן,
ביז דערהערן וועסט ניט ווידער
פרישע פרילינגדיקע שאָרכן
פון דער צווײַג, וואָס גרינט.

ווּעסטו זען א האַרץ אין ערלעכס,
ווי עס פֿײַניקט זיך פֿון לייד,
און עס נאָגט, עס בענקט געפֿערלעך
נאָך אַוועקגערויבטער פֿרייד, —
גיי אַוועק צו יענע גערטנער,

ווּעסט דאָרט אָפּזוכן מײַן בייט,
ווּ פֿאַרפֿלאַנצט האָב איך אַף שטענדיק
פֿאַר א האַרץ, וואָס לײַדט געפֿערלעך,
אַזאַ זויבערדיקע פֿרייד.

° °
°

א ליכטיקע, א שנייִיקע לעוואָנע,
א קאַלטער און א רויִקער באַנאַכט.
כ'הער דאָס אָטעמען פֿון אומעטיקע קליאַנען,
כ'זע, ווי ס'וויגן זיך די שאָטנס אַפֿן שליאַך.

כ'וויל, ס'זאָל קיינער אָט די שטילקייט ניט
צעשטערן,
פֿון וועלט מײַנער דעם רויִקן געמיט,
אין שוטפֿעס מיט די ווונדערלעכע שטערן
די גוטסקייט פֿונעם לעבן איך פֿאַרהיט.

° °
°

א ביסעלע שניי איז פֿאַרבליבן
באַהאַלטן אין ליכטיקן טאָל,
ווײַל ס'האָט זיך די זון ניט דערקליבן
צו אַלץ מיטאַמאָל.
דער שניי האָט די ווײַסקייט פֿאַרלאָרן,
און אויסגעוועבט האָט זיך די קעלט,

די זון האָט דעם פֿרילינג געבאָרן,
דערוואַרעמט די פֿראָסטיקע וועלט.
נאָר דאָ, אין דער שטיל, ווי פֿאַרבאָרגן,
פֿון ווינטער — א לעצטער געשריי.
איך בענק נאָך א פֿרילינג־פֿרימאָרגן,
נאָך פֿראָסט בענקט דאָס ביסעלע שניי.

° °
°

אָנגעצונדן האָט דער וואַלד זײַן קאַלטן גרינעם פֿײַער
און געעפֿנט זײַנע וועגן אי פֿאַר מיר, אי פֿאַר מײַן טרײַער.
קום איך אָפּט צו גיין אַהערצו, צו מײַן ווינקעלע מײַן שטענדיקס,
בעט זיך אויסעט א גלעגער פֿון די גראָזן לעם די צעדערס,
כ'עפֿן ברייטער מײַנע אויגן — כ'זאָל דערזען די וועלט אינגאַנצן,
און א זעונג אַזאַ ווײַטע ברענגט א בענקשאַפֿט אין מײַן האַרצן.
ס'דוכט מיר אויסעט, מײַן געליבטע זיצט פֿאַרזונקען אין א שווײַגן,
און מיט וואַרעמקייט מיט מילדער עס פֿאַרוויגן זי די צווײַגן.
אירע האָר זײַנען צעשויבערט, צווישן בלעטער זיך פֿאַרפֿלאָנטערט,
און זי קוקט אַף מיר פֿאַרכידעשט, און דאָס קאָל מײַנס זי דערקאָנט ניט,
כ'קוק זיך אײַנעט: אין די קוסטעס, ווּ, מיר דאַכט, זי איז געזעסן,
שטאַרצט א פּניאָק אָן אָפּגעברענטער, וואָס האָט שוין די קרוין פֿאַרגעסן...

° °
°

האָט זיך אָפּגעשטעלט א בוים אינמיטן פֿעלד,
וואַקסט ער איינזאַם באַ די וועגן פֿאַר דער וועלט.
כאָטש די בלעטער זײַנע גרינען יעדן יאָר,
נאָר דער בוים איז עפּעס אומעטיק ביז גאָר.
וויל ער רוישן, וויל זיך טיילן מיט זײַן פֿרייד,
האָט א ווײַטקייט מיט דיביימער אים צעשיידט.

בעט ער בא דעם פויגל: בוי זיך אויס א נעסט,
ווי בא אלעביימער, מײַנע צווײַגן פעסט.
פליט אוועק דער פויגל, גלײַך ניט אים ער מיינט.
דוכט מיר, ווי איך הער, דער בוים האָט זיך צעוויינט.
פרוּון ווינטן אים א שלעפּ טאָן פאר די וואָרצלען פון דער ערד,
ווערן בלעטער ניט צעשאָטן, ווערט זײַן בליִונג ניט צעשטערט.
אויך די ביימלעך לעם די וואָרצלען האָבן זאַפטן ניט פארפעלט.
ווער א וואלד זיך דאָ צעוואקסן אין דעם ברייטן־ברייטן פעלד.



אז קיינער זאָל מײַן שלאָף מיר ניט צעשטערן אינעם וויגל,
פלעג די מאמע מײַנע אויסשפרייטן א לײַלעכל פון אויבן
און מיט אן אײַנגעשטילטן מורמלענדיקן ניגן
אײַנוויגן דעם שלאָף אין מײַנע אויגן.
נאָר מיט הענטעלעך מיט קינדערשע פארצאפּלט
האָב איך דאָס לײַלעכל פון זיך אראָפּגעצויגן,
מיט די נעגל כ'האָב די פינצטערניש צעדראפּעט,
פאר פארדראָס האָב איך די ברוסט שוין ניט געזויגן,
ווײַל דער לײַלעך האָט פארשטעלט די שײַן פאר מײַנע אויגן,
ווען מײַן הארץ האָט זיך צו ליכטיקײַט געצויגן.



איך האָב א הארץ, וואָס קרענקט און זאָרגט פאר יענעם,
דאָס זעלבע הארץ פאר זיך אליין אויך זאָרגט,
ווען אָפּוועגן די ליידן און די זאָרגן זאָל איך קענען, —
אף וואָגשאָלן פון יוישער, וואָס די וועלט מײַנע פארמאָגט,
קיין געוויכט וואָלט ניט געקלעקט מיר אָפּצוּוועגן זאָרגן
און ליידן פאר מײַן היימלאנד, פאר מײַן צארטער היים.
ווען דאָס הארץ מײַנס זאָל ניט זאָרגן
פאר רוסלאנדס יעדן מאָרגן, —
אויסגערונען וואָלט עס שטיל פון זיך אליין.

## דער צווילינג

ווער איז די מוטער פון „אך“ און פון „ווי“
און ווער האָט געבוירן דעם דאָזיקן צווילינג? —
ווען איך וואָלט דערהערט זייער ערשטן געשריי,
באַם ראנד פון געבורט וואָלט איךביידע פארטיליקט.



מאַטל שטורמאַן

# קאָסמאָנאַווטן

## א בסורע

אַן אַנהייב־פרילינגדיקער מאָסקווער אינדערפרי.
א לינדער שניי, קאָן זײַן דער לעצטער, גייט,
דער הימל — גרוי,
פאַרנעפּלט און פאַרוויט.

נאָר פלוצעם האָט די זון
אין הייך צעשטראַלט זיך —
און אויפן האַרצן גרינגער, העלער ווערט;

און פלוצעם האָט א בסורע
דונערדיק צעשאַלט זיך
אויף דער ערד.

די גאַנצע וועלט
פאַרקישעפט און פאַרגאַפט:
אַרום דעם ערדקויל קרײַזט
דער ערשטער קאָסמאָנאַווט!

## אויפן זיבעטן הימל

ער האָט אויפן זיבעטן הימל
ניט געזען קיין מלאָכים
מיט זילבערנע פליגל,
קיין וווּנדער־גאַניידן.
ער האָט נאָר געזען,
ווי ריזיקע שטערן זיך וויגן,
ער האָט נאָר געהערט,
ווי מיט האַרצן מיט זײַנעם
זיי ריידן.

ער האָט ניט געזען דעם אַלמעכטיקן,
ניין, —
ווי גלײַך
ער א גאָט איז
געוועזן אַליין.

העט־העט אין דער נידער
דער ערדקויל זיך דרייט,
דער מענטש אין דעם הימל
זײַן גאַנג האָט געהערט.
אין ליכט פון באַגינען,
מיט אויגן פאַרבענקטע
געקוקט האָט דער מענטש אויף דער ערד...

## מײַן שוועסטער

וואַלענטינא טערעשקאָווא־ניקאָלײַעוואַ
געשענקט

איך בין א בעניאָכיד געוועזן אַלע יאָרן,
קיין שוועסטער קיין טרײַע איך האָב ניט
פאַרמאָגט,
דו ביסט מיר, ווי יעדן, א שוועסטער געוואָרן,
דײַן שיף אין די קאָסמישע שטרעקעס זיך טראָגט.

א לעבעדיק האַרץ שלאָגט אין האַרץ
פונעם קאָסמאָס!
דו שלאָפסט צווישן שטערן — אין הימלשן טוי,
דו ביסט ניט קיין געטין — א מיידל א פּראָסטע,
וואָס האָט זיך דעם שטערן דעם רויטן פאַרטרויט.

דיר כאַלעמט זיך עפּשער די וואָלגע די ברייטע,
פון שטאָט יאַראָסלאַוול דער בלוי־גרינער זוים;
דער העלדנמוט זאָיעס אין קאָסמאָס באַגלייט דיך,
און טשײַקינאַ ליזע באַפליגלט דײַן טרוים.

דו פליסט, אונדזער „טשײַקע", און שטאַרק
דײַנע פליגל.
דײַן מיידלשע שטים קלינגט פון הימלשער
הויך,
און קיינער דײַן שטערנשן וועג ניט פאַריגלט,
פון אַלוועלט דײַן שמייכל דײַן צאַרטער אונדז
לויכט.

מאָטל סאַקציִער

# פעווראַל

ס'האָט נעכטן נאָך געגעבן קאָרטן,
געווילדעוועט האָט דער פעוראַל.
און היינט, ווען כ'בין אריין אין גאָרטן,
האָט ער געטאָן מיך א באַפאַל
מיט פרילינג־זון, מיט פויגל־שאַל,
מיט זשום און מיט געפּליסטער זיסן,
גלייך שוין אַף טאָמיד דורכגעריסן
די אייז־וואַנט איז, וואָס זיך געשטעלט
ס'האָט, ווי א שוץ, די ווינטער־וועלט,
גלייך ס'האָט דער ווינטער אָפּגעטראָטן
מיט זיינע סמאַליענדיקע פרעסט,
וואָס האָבן אונדז געברענט, געבראָטן, —
און אָט וועט פריילעך, ווי אַף נאָטן,
דער שטאָרך א שפּיל טאָן אין זיין נעסט,
און ביימער אופגעלעבטע וועלן
באַצירן זיך מיט צוויט, ווי קרעלן.

א פרילינג־טאָג. א טאָג א ליבער.
נאָר דאָס איז נאָך קיין שום באַווייז —
אין סאָסנע־וואַלד, אין טיפע גריבער
פעוראַל כאַפּט נאָר דעם אָטעם איבער
און וועט מיט שניי־גרייפּלעך, ווי רייז,
דעם גאָרטן מיינעם נאָך פאַרשיטן.
זיין טעווע קענען מיר פון לאַנג.
באַקאַנט אונדז זיינען זיינע זיטן:
מע דאַרף זיך פאַר זיין מילדקייט היטן,
זיין רוקצוג איז א כיטרע גאַנג...

נאָר היינט איז גוט. א ליבע וואַרעם.
און דו מיט מיר גייסט אום געאָרעמט,
דיין שמייכל — פרילינגדיק־צעבליט.
די זונען־שיין, דעם פויגל־ליאַרעם
זאַפּט ווי א שוואָם איין מיין געמיט, —
און ווערן וועט פון דעם א ליד...

# מיט מענטשן

פליוסקעט אויס איר גאָלד און פּערלמוטער
די פרילינג־זון. ס'קומט עפּעס א ניט־גוטער
און טוט פון שטוב מיך א פאַרלאָק
און פירט מיך איבער גאַסן אום א גאַנצן טאָג.

ניט גערייגעט גיי איך מיר. אָן ציל איך גיי.
קוק די מיידלעך נאָך. די האָר בא זיי ווי
סנאָפּעס היי,
אַף געטאָקטע אַקסלעך צעלאָזטע —
שמעטערלינגען אין קליידעלעך אין פּראָסטע.
אין די טאַשן ביכער און א פּוטערבראָט,
און אין הערצער טראָגן זיי א פרילינג־סאָד...

כ'מיש מיך מיט דעם יונגוואַרג אויס און כ'וועל,
ווי זיי אַליין, אויך רירעוודיקער, יונגער,
און כ'דרינג מיך דורך מיט זייער פרייד אַלץ
מער,
מיט זייער טרוים. מיט זייער הייסן לעבנס־
הונגער.

צווישן זיי איך גיי, און ס'איז מיר גוט און גרינג.
און, ווי דער מידבער־גייער פונעם קוואַל, איך
טרינק

די שיין פון מענטשלעכע געזיכטער,
איך הער זיך צו צו רייד, וואָס זיינען קלוג
און ניכטער,
איך שליס זיך אָן צו זייער טאַט, —
ווי קאָן איך פון זיי בלייבן מין־האַצאַד,
ווען אַף דער וועלטנס־וואָג זיך וויגן אומרויק
די שאָלן?

און ווען איך קער מיך אום אין צימערל מיין
שמאָלן
און טו די טיר אַנטשלאָסן א צעפּראַל,
פּונקט ווי דער שטאָלגיסער צום אויוון, ווו עס
שמעלצט זיך דער מעטאַל,

צום טיש פּאַל איך צו, און איבערשמעלצן
האַסטיק
מיין וואָרט איך נעם, וואָס וויל זיין ביייגעוודיק
און פּלאַסטיש,
און כ'הויך דעם פרילינג־רויש אין דעם אריין, —
פון מענטש סאָוועטישן די שיין.

■

# באַם דענקמאָל

אין מאַרמאָר אָנגעטאָן, אין סאַד א מוטער
שטייט,
די שאָטנס פון די ביימער אף איר פּאָנעם
צאַפּלען.
ווי טרויעריק זי קוקט מיט אויגן אָן
שוואַרצאַפּלען,
און יעדערן איר בליק באַגעגנט און באַגלייט.
צי קאָן דען זען אן אויג אָן דעם שוואַרצאַפּל,
וואָס איז הייס?
צי פילן קאָן א האַרץ, אַרײַנגעפּאַסט אין
מאַרמאָר?
געפּרוווט מע זאָל ניט זײַן, וואָס אויסשטיין
קאָן א מאַמע,
איר קראַפט און איר געדולד האָט דען א
מאָס, — ווער ווייסט?

זי שטייט אין מאַרמאָר אָנגעטאָן און זי
דערמאָנט דעם גרויל,
דעם וויי־געשריי פון די געפאַלענע אף דער
מילכאָמע.
זי שווײַגט.

נאָר שפּאַלט דעם שטיין — איר בלוט וועט
נעמען שטראָמען,
ווײַל אין דער מאַמעס האַרץ עס טרעפט די
ערשטע קויל,
נאָך פריִער —
ווי זי נעמט דעם קאָרבן זוכן אין די פעלדער,
נאָך פריִער —
ווי זי טרעפט אין האַרץ דעם זעלנער...

# פרילינג

• • •

איר הערט,
איר הערט,
איר הערט? —
די ערשטע דונערן... זיי שאַלן!
און ווידער הערשט די זון,
זי פּויקט אין טיר, אין שויב.
פאַר שרעק דער ווינטער
איז פון דאַך אראָפּגעפאַלן
און ראַשיק זיך א שאָט געטאָן פון רינווע־טרויב,

אין ריטשקעס זיך צעגאָסן,
אין א טײַכל,
און אויסגעלאָזט האָט זיך
א מוטנער שטראָם פון אים.
א שפּערל
אויסגעסטאַרטשעט האָט דאָס בײַכל,
פון קאַלטן וואַסערל א שלונג געטאָן
און גלײַך געפּרוווט די שטים.
טשיריק...
טשיריק...
ער פּײַפּט מיט פאַרגעניגן,
אים דאַכט, זײַן שטימעלע —
עס דונערט גאָר!
טשיריק...
טשיריק...
און א צופרידענער ער נעמט זיך
אף א צווײַגל וויגן,
און ס'קומט צו אים זײַן כאַווערטע —
זײַן פרילינגדיקע פּאָר.

• • •

אין הויכע וואפּנע־שטיוועלעך
די יונגע ביימלעך ציִען זיך צום רוים,
אף די בערעזעס כיינדלען זיך
די ערשטע בלעטלעך גרינע,
דאָס יונגע ביימעלע, עס גוידערט זיך,
פּונקט ווי אף אן עמעסן געווען עס וואָלט
א גוואַר א בוים,
אז בעסאַכאַקל גאָר
דעם שטאַם מע קאָן אַרומכאַפּן
בלויז מיט צוויי פינגער.

נאָך זויגלינגען... א יאָר קוים אַלט.
ס'איז אַלץ פאַר זיי א נײַס —
די זון איז נײַ, דער רעגן נײַ,
צו פייגל ערשט זיך צוגעלאָזן.
אין הויכע וואפּנע־שטיוועלעך
זיי שײַנען ווײַס,
פון שטורעם ניט געפּרוּווט,
נאָך ניט געפּאָקט, געמאָזלט.

און דאָך, ווי וווּנדערלעך
איז דער בעריאָזקעס כיין, ווי רײַף!
ניט ווײַט — א דעמבל, א געפּאַקטער יאַט,
עס דאַכט: ער אײַלט זיך גאָר ניט וואַקסן.
עס רוישט א שטאַרקער ווינט
און פּרוּווט, צי דאָס בעריאָזקעלע איז שטײַף,
און ער — דאָס דעמבל — טוט קיין ריר
זיך ניט:
נאָך קליין — און שוין אַן אַקשן.

פון דינסט

יאַנקעוו שטערנבערג

# הונדערט יאָר „דאָס קליינע מענטשעלע“— הונדערט יאָר מענדעלע



וואדע איז נאָך ביזן 1864 שוין געווען א ווירקזאמער פעריאָד פון מענדעלעס שאפונג — זײַן העברעיִשער פעריאָד. פון 1864 אָבער, ווען עס האָט זיך אין צעדערבוימס „קאָל מעוואסער“ באוויזן דער ערשטער וואריאַנט „דאָס קליינע מענטשעלע“ אף פּאַשעט „זשארגאָן“ — אין דער „שפראך פון דער שיפכע“ (דינסט), ווי די מאסקילים פון מענדעלעס דאָר האָבן האָפערדיק גערופן אונדזער צאפלדיק־לעבעדיק מאמע־לאָשן, — הייבט זיך ערשט אָן אָט דער צײַט־אָפּשניט, וואָס האָט, ווי זײַנע שאָען א גוטער זייגער, שוין אָפּגעקלאפּט הונדערט שטארקע יאָר — הונדערט יאָר מענדעלע מויכער־ספאָרים.

אז שפראך איז ניט בלויז שפראך, נאָר טאָמיד אויך דער אינהאלט, וואָס זי טראָגט אין זיך, איז דער בעסטער באווײַז, די בעסטע איליוסטראציע טאקע די שאַפונג פון מענדעלען, אין וועלכן דער באדײַטנדיקער העברעיִשער שרײַבער שאָלעם־יאַנקעוו אבראמאָוויטש איז ניט נאָר באָטל געוואָרן, נאָר ער האָט אויך שפּעטער א טיקן געקראָגן, א העכערע מאדרייגע דערגרייכט. פּאַשעטער גערעדט: דער העברעיִש־שרײַבנדיקער מענדעלע מויכער־ספאָרים (דער זיידע, ווי באוווּסט, האָט קיינמאָל ניט אופגעהערט צו שרײַבן העברעיִש) האָט א סאך צו פארדאנקען מענדעלע מויכער־ספאָרים דעם יִדיש־שרײַבנדיקן. און ניט נאָר אינהאלטלעך, נאָר אויך סטיליסטיש. ווער עס באהערשט מער אָדער ווייניקער אונדזערע ביידע לעשוינעס, ווייסט עס זייער גוט. ס׳האָט אמאָל מוישע ליטוואקאָוו זיך אויסגעדריקט, אז „יִדיש וועט נאָך לאנג זײַן א באלכויוו לעגאבע לאָשנקוידעש“. ער אליין אפילע אין זײַן סאָוועטישן שטורמישן „אומרו“־פעריאַד האָט געגוג צינשן געצאָלט דער דאָזיקער אלטער קולטור־שפראך. נאָר ניט דאָס בין איך איצט אויסן. עס ווילט זיך בלויז פײַערלעך דערמאָנען, אז מיט מענדעלען, דעם שעפער סײַ פון דעם העברעיִש־ליטעראַרישן און סײַ פונעם יִדיש־ליטעראַרישן סטיל, האָט זיך אָנגעהויבן דער רומפולער פעריאָד, ווען לאָשנקוידעש איז געוואָרן אף א גאָר לאנגער צײַט א גרויסער באלכויוו לעגאבע יִדיש. ניט דאָ איז דאָס אָרט אָט די טעמע ברייטער צו אנטוויקלען, האגאם ס׳וואָלט גראָד עפשער קעדײַ געווען דאָס צו טאָן שוין צוליב דער פאריסענער גײַווע, מיט וועלכער אייניקע אָפיציִעלע „העברייער“ דערלויבן זיך צו ריידן וועגן אונדזער פאָלקס־שפראך.

הייסט עס, ניט געקוקט דערוף, וואָס מענדעלע האָט זיך געוואקלט צווישן דער גאָלדענער צונג, ווי עס איז געווען פאר אים העברעיִש, און דער פליישיקער, ווי עס איז געווען פאר אים דאָס לאָשן פונעם פראָסטן האמוין, האָט אין אים געזיגט ניט נאָר דער פאָלקס־דעמאָקראט, נאָר אויך דער פאָלקס־קינסטלער. דאָס אוטיליטארע פאר זײַנע אופקלערערישע טענדענצן איז געגאנגען האנט אין האנט מיט דער שיינקײַט, וואָס עס האָט צו אים ארויסגערעדט פון דער אויסטערלישסטער פאָלקס־שאפונג — פון דער גערעדטער וואָכעדיקער שפראך.

נאָך אין 1904, דה. מיט גאנצע זעקס יאָר פאר דער היסטאָרישער טשערנאָוויצער שפראך־קאָנפערענץ, שרײַבט דער זיידע אין א בריוו צו זײַן באליבט אייניקל שאָלעם־אלייכעם: „און לעמאן־האשעם ניט רופן די יִדישע שפראך — זשארגאָן, איר הערט, זשארגאָן איז א כארפּע. זשארגאָן האָב איך פײַנט! איר פארשטייט?“[1]

אין די דאָזיקע פאטעטישע רייד (מענדעלע האָט אויך געקאָנט זײַן ביז גאָר ליריש־פּאטעטיש!) קומט צום אויסדרוק זײַן ליכטיקער קינסטלער־באוווּסטזײַן, זײַן ליכטיקע קינסטלער־וויזיע. ער איז דאָך טאקע געווען דער ערשטער, פאר וועמעס דיכטעריש אויג די יִדישע שפראך האָט אנטפּלעקט איר גאָרע פאָלקישקײַט, איר גײַסט און מאטעריע, ניצנדיק זײַנע באליבטע אויסדרוקן. און אָט אזוי איז דער שעפער פונעם קינסטלערישן רעאליזם בא יִדן געוואָרן, נאטירלעך, אויך דער שעפער פונעם יִדישן קינסטלערישן שפראך־נוסעך.

אין „קליינעם מענטשעלע“ האָט ערשט מענדעלע צונויפגעטראָגן די שטיינער פאר דער ארכיטעקטאָניק פון זײַן סטיל, וואָס מיט יעדן נײַעם ווערק ווערט ער שטרענגער, געשליפענער, געלײַטערטער און אדעקוואטער צו זײַן אינהאלט, אָפּשפּיגלענדיק די פולע קינסטלערישע ענערגיע, וואָס האָט זיך צעזונגען אין מענדעלען, זינט ער איז געוואָרן מענדעלע.

דאָס געשטאלט מענדעלע מויכער־ספאָרים, וואָס מיר טרעפן צום ערשטן מאָל אין „קליינעם מענטשעלע“, ווערט טאקע דעריבער פארעכנט פאר דעם זיידנס גרעסטע, געניִאלסטע קינסטלערישע האמצאָע. דאָס דאָזיקע וווּנדערלעכע הארמאָנישע געשטאלט, זײַענדיק דער אידעאלער אויסדרוק פון אינספּיראציע און באוווּסטזײַן, דיכטונג און וואָר, איז געוויס געקומען צו אים ווי אן אנטפּלעקונג, גאנץ אומדערווארט. אזוינע „וווּנדער“, ווען זיי פאסירן, בײַטן צומאָל ראדיקאל דאָס פּאָנעם פונעם שרײַבער און ווערן פון אים גופע באטראכט, ווי א גליקלעכער נעס. אזוי, אשטייגער, איז געווען א גרויסע איבערראשונג דאָס געשטאלט קאָלא ברוניאָן פאר אזא

---

[1] זע דאָס „מענדעלע־בוך“ פון נאכמען מײַזיל, פארלאג „איקוף“, ניו־יאָרק.

קינסטלער, ווי ראָמען ראָלאַן, וואָס אין זײַן פאָרוואָרט צו דעם דאָזיקן בוך כידעשט ער זיך אליין, ווי דאָס האָט געקאָנט מיט אים פאסירן. „קאָלא ברוניאָן“, — שרײַבט זײַן אווטאָר, — איז געקומען צו מיר, אפאָנעם, ווי א רעאקציע קעגן מײַנע צען יאָר פארשמידט זײַן אין די שווערע קלייזײַען פון „זשאן קריסטאָף“, וועלכע זײַנען אין אָנהייב געווען ווי אָנגעמאָסטן אף מיר, אָבער צום סאָף זײַנען זיי מיר געוואָרן זייער ענג“.

פאר שאָלעם־יאנקעוו אבראמאָוויטש, וואָס איז געווען פארשמידט אין גאנצן שווערן קלאפער־געצײַג פון דער האסקאָלע־פּראָבלעמאטיק אף לאַשנקוידעש, איז דאָס דערשײַנען פון דעם אומגעריכט־אופגעבליצטן געשטאלט מענדעלע געווען בעלי סאָפעק נאָך א גרעסערע אופריכטונג און היסגאלעס, ווי קאָלא ברוניאָן פאר ראָלאנען.

מענדעלע, דער גליקלעכער סינטעז פון פאָלקס־מענטש און פאָלקס־אינטעליגענט, קוקט אריבער אויך איבער שאָלעם־אלייכעמס טעוויע, וואָס איז, אייגנטלעך, לויט זײַנע אויסערלעכע פאָסטעמקעס, מענדעלעס א זון, אָבער מיט אויסגעשפּראָכן־אייגענע כאראקטער־שטריכן, זעלבסטפארשטענדלעך. זיי, די ביידע געשטאלטן, געפינען זיך אין דער זעלבער קרוווישער שײַכעס, ווי, לעמאָשל, קאסרילעווקע מיט קאבצאנסק, יעהופּעץ מיט גלופּסק. נאָר לאָמיר, אָנשטאָט אונטערזוכן דאָס אלץ, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט פראנק־און־פרײַ איבערגענומען און אסימילירט פון מענדעלע מויכער־ספאָרים — אן ארבעט, וואָס די ליטעראטור־פאָרשונג האָט שוין אָפּגעטאָן, — בעסער באוווּנדערן דעם זיידנס לויטערע ליבע און גרויס פארשטענדעניש פאר דעם אייניקלס געני. אין דעם דאָזיקן ליטעראטור־היסטאָרישן פאקט איז דאָ, מעג מען דרייסט זאָגן, נאָך מער אָלימפּיש־אָביעקטיווע מילדקײַט אפילע ווי מיצאד פושקינען לעגאבע גאָגאָלן, וועלכן ער, דער גרויסער דיכטער, האָט געליפערט די סוזשעטן סײַ פון „רעוויזאָר“ און סײַ פון די „טויטע נעפאשעס“. נאָר אויך ניט דאָס בין איך אויסן... (שרײַבנדיק וועגן הונדערט יאָר מענדעלע, פארשאפט מיר א באזונדערע האנאָע אויסצודריקן זיך אין דער דאָזיקער כאראקטעריסטישער מענדעלע־מאניר).

„ניט דאָס בין איך אויסן“... דאָס דאָזיקע בארימט געוואָרענע ווערטל מענדעלעס טרעפן מיר שוין אויך אין „קליינעם מענטשעלע“. אוואדע האָט עס געקראָגן א רײַכערע פונקציאָנעלע אָנלאָדונג אין מענדעלעס שפּעטערע רײַפע ווערק, וואָס דערלויבט אפילע צו זאָגן, אז ערשט הײַנט, ווען מיר זײַנען אײדעס פון די דראמאטישע זוכענישן פון א סינטעז צווישן קונסט און טענדענץ אין אלע ליטעראטורן פון דער גאָרער וועלט, זעען מיר און שטוינען, ווי מענדעלע האָט די דאָזיקע פּראָבלעם אזוי דערפינדעריש געלייזט מיט זײַן, ווי עס דאכט זיך, אומיטלבאר־פּאָשעטן פאָרטל: „ניט דאָס בין איך אויסן“.

אלע זײַנען הײַנט אויך מוידע: די שארף־אויסגעדריקטע נאציאָנאלע פאָרם האָט זעלטן בא מענדעלען פארווישט דעם סאָציאלן אינהאלט, און דער שארף־אויסגעדריקטער סאָציאלער אינהאלט האָט זעלטן פארווישט זײַן נאציאָנאלע פאָרם.

פערעץ האָט ניט ווייניק גײַסטיקע ענערגיע אָפּגעגעבן ניט בלויז אף צו שאפן, נאָר אויך אף צו דעפינירן ייִדישע ליטעראטור. מענדעלע האָט אויך געפיבערט מיט דער זעלבער פּראָבלעם (ער איז דאָך געווען פון אונדזערע אינטעלעקטועלסטע שרײַבער), אָבער זײַן קונסט־פילאָסאָפיע איז פארכאסמעט אין זײַן שאפונג, און מיר אליין דערשיפרירן זי ארויס פון זײַנע קינסטלערישע ווערק.

מענדעלע איז געווען א פילזײַטיק־באגאבטער פאָלקס־מענטש? א דענקער? א רעפאָרמאטאָר? יאָ, דרײַ מאָל יאָ. אָבער פריִער פאר אלץ איז ער געווען א קינסטלער־נאטור. וואָס זאָג איך „קינסטלער־נאטור“? ער איז געווען א קינסטלער א ריז! בלויז א קינסטלער פון אזא אורקראפט האָט געקאָנט פאר אונדז אויסבלוטיקן דעם אָנהייב, אוועקלייגן דעם יעסאָד, באשאפן דעם ברייִשיס פון א ייִדישער קינסטלערישער ליטעראטור. טראכט זיך ארײַן אין מענדעלעס פערזענלעכער ביִאָגראפיע — פיזישער און גײַסטיקער — און אין דער ביִאָגראפיע פון זײַן דאָר, וועט פאר אײַך ערשט קלאָר ווערן די גאנצע מאָס פון זײַן קינסטלער־גוווּרע. אליין זײַן רעאליסטישער פייזאזש, וואָס מיר באגעגענען שוין א רעמעז אף אים אויך אין „קליינעם מענטשעלע“, איז נאָך ביז הײַנט מאָלערישע שול פאר ייִדישע פּראָזאיִקער און דיכטער, אומאָפּהענגיק פון דער אָנגעהעריקײַט־מאָס זייערער צום זיידן.

נו, און זײַן שפּעטערדיק ארויספירן אפן שויס פון דער נאטור זיך, מענדעלען, בעשוטפעס מיט אלטער יאקנעהאָז — מיט זייערע קלאָסישע דיִאלאָגן! קיין שענערס, טיפערס און דערהויבענערס האָט נאָך עפּשער אונדזער שיינע ליטעראטור ניט באשאפן, ווײַל גראָד דאָ, אין אָט די בילדער, נאָך גיכער אפילע, לויט מיר, ווי אין „מאסאָעס ביניאָמין“, שלאָגט אָן מענדעלע אין דער הייך פון סערוואנטעסן, וואָס איז דאָך א הייך פון אלע הייכן.

אָט די, אגעוו, פערד־ און וועגעלע־אָנטרײַבערס אין טאלעס און טפילן; אָט די צוויי ייִדישע מויכער־ספאָרימניקעס מיט א באלעגאָלע־בײַטש אין האנט און מיט א ייִדישן סוס, וואָס פארשטייט אזוי קלוג דעם אונטערשייד פון א היי אין קאָרעטע ביז א היי אין סידער; אָט די בונטפארביקע אויסטערלישע פּרעסקעס זאָגן שוין אָן אין א געוויסער מאָס אויך מארק שאגאלס רעאל־פאנטאסטישע אָדער פאנטאסטיש־רעאלע ייִדישע פּלאסטיק.

ניט קיין ווונדער, וואָס ייִדישע מאָלערס האָבן מיט אזויפיל ליבשאפט געמאָלט מענדעלען — מיט זײַן פאר אונדז הייליק געוואָרענער בויד און מיט זײַן פאר אונדז הייליק געוואָרענער קליאטשע; ניט קיין ווונדער, וואָס ייִדישע טעאטער־קינסטלער האָבן אים מיט גרויס פאראד ארופגעבראכט אף דער בינע; ניט קיין ווונדער, וואָס ייִדישע דיכטער האָבן אים אזוי פאטעטיש און אזוי טיף באזונגען; ניט קיין ווונדער אויך, געוויס, וואָס שוין אזויפיל יאָרן ווארטן מיר אפן ייִדישן מוזיקער, וואָס זאָל האָבן, ווי מיר אלע, זיך אויך אײַנגעהערט אין אונטערמונטערנדיקן סקריפּ פון די פארשטויבטע רעדער פונעם זיידנס בויד, און זאָל ענדלעך שאפן די ברייטלײַוונטדיקע מוזיקאלישע פאָעמע מאסאָעס מענדעלע מויכער־ספאָרים, וועלכע זאָל א קלונג טאָן, אדאנק די ווירקזאמסטע עקספּרעסיע־מיטלען, וואָס מוזיק פארמאָגט אין איר רעשוס, ווי דער אפּאָטעאָז פון אונדזער אלעמענס גרויסער אייביקער מענדעלע־פארערונג.

# 1884 דער ניסטער 1964



היאָר מערקן מיר אָפּ דעם 80־טן געבורטסטאָג פון איינעם פון די גרעסטע פּראָזאיִקער אין אונדזער ליטעראַטור — דעם ניסטער. דאָס דאָזיקע יובילײ־יאָר האָט „סאָוועטיש היימלאַנד“ אָנגעהויבן דערפון, וואָס עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער ראָמאַן „פון פינפטן יאָר“, וועלכן ז׳ער שרײַבער האָט ניט באַוויזן דערפירן ביזן סאָף: א קאָרבן פונעם סטאַלין־קולט, איז ער אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען אין די רײַפסטע יאָרן פון זײַן שאַפן.

דער ניסטער איז געבוירן געוואָרן דעם 1 נאָיאַבער 1884. אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דער דאַטע דרוקן מיר אין הײַנטיקן נומער אייניקע קאַפּיטלען פון י. לוואָווסקיס „זיכ־רוינעס פון מיטצײַטלער וועגן דעם ניסטער“.

יאַנקעוו לוואָווסקי

## אין טאָגטעגלעכן לעבן



ס איז געוויס שווער אָפּצוטיילן דעם מענטש פון דעם קינסטלער. און דאָך...

אין זײַן שאַפן, אין זײַנע קינסטלערישע זעונגען איז דער ניסטער שטענדיק געווען אַזאַ וואַטרען. ער האָט געקענט מיט פולע הויפנס אָנוואַלגערן איין פּרעכטיק בילד אפן צווייטן, איין וואונדערלעכע מײַסע אף דער צווייטער; אין זײַנע ווערק געפינען מיר א פאַרבלענדנדיקע שעפע פון פאַרבן און קאָלירן. אין טאָגטעגלעכן לעבן אָבער איז דער זעלבער מענטש געווען א קאַרגער אף א וואָרט, א שווײַגער. אפילע אין באַוועגונגען איז ער געווען געצוימט, אײַנגעהאַלטן און פאַרשלאָסן אין זיך אף זיבן שלעסער.

דער ניסטער האָט ליב געהאַט דערמאָנען א וואָרט פון דעם כסידישן רעבן כאַיִמל טשערנאָוויצער וועגן איינעם זײַנעם א כאָסיד: „אוי, אָט דער שווײַגער לעכערט מיר די אויערן“.

ווען דער דאָזיקער רעב כאַיִמל זאָל געווען קענען דעם ניסטער, וואָלט ער געוויס אויך פון זײַן שווײַגן ניט גע־קאָנט אויסהאַלטן.

אָט איז א מײַסע־שעהאָיאָ, א לעבעדיקער פאַקט. דער ניסטער האָט געהאַט אַמאָל אָפּגערוט אין דעם שרײַבע־רישן אָפּרו־הויז אין גאַליצינאָ. אין עסצימער פלעגט מען דאָרט, ווי עס פירט זיך בא שרײַבער, שמועסן, ריידן א סאַך. דער ניסטער אָבער האָט, ווי געוויינלעך, געשוויגן, האָט איינער א רוסישער שרײַבער, דעם ניסטערס א גוטערפרײַנט, אויך, זעט אויס, ניט איבערגעטראָגן זײַן שווײַגעניש און א געשריי געטאָן:

— Нистор, вы когда-нибудь замолчите?![1]

דאָס אַלץ דאַרף אָבער ניט שאַפן קיין פאָרשטעלונג, אַז דער ניסטער איז געווען ביכלאַל אינגאַנצן אָפּגעזונדערט, אַז ער האָט, כאָלילע, ניט ליב געהאַט קיין מענטשן. ניין, צו דעם ניסטער האָבן זיך הערצער געצויגן און פאַר אים געעפנט זיך. מענטשן האָט ער ליב געהאַט, און זיי — אים. מע האָט זיך געטיילט מיט אים מיט די אינ־טימסטע איבערלעבונגען, און ער האָט פאַר יעדן געהאַט זײַן וואַרעם, האַרציק וואָרט.

אין די אָוונטן פלעגן אַרײַנקומען צו דעם ניסטער אין שטוב פאַרשיידענערליי געסט. ס׳פלעגן זיך טרעפן

---

[1] ניסטער, איר וועט אַמאָל אָנשוויגן ווערן?!

מענטשן מיט שווערע, צעבראָכענע הערצער, וואָס זײַנען געקומען אויסדערציילן, וואָס בא זיי אָף דער נעשאָמע טוט זיך, האָפנדיק, אז ער וועט זיי מיט א גוט וואָרט, מיט א קלוגער אייצע אויסהעלפן. און דער ניסטער איז געוואָרן זייערער אן אָך־לעצאָרע, א הארציקער פרײַנט. ער האָט געמיט זיך, ווי מעגלעך, זיי שטארקן, דערמוטיקן, פלעגן זיי טאקע סראָוו אוועקגיין פון אים באַרויִקטע, מיט א בלישטשענדיק פײַערל אין די אויגן...

אָפט פלעגן זיך ארײַנכאפּן צו אים שרײַבער, שוין געניטע פען־לײַט, ווי אויך אָנפאנגער. מע האָט געלייענט א נײַע זאך, גערן געוואָלט אויסהערן זײַן מיינונג וועגן א ווערק.

דער ניסטער האָט שטענדיק געזוכט מעגלעכקײַטן צו טרעפן זיך מיט מענטשן. עמעס, ער האָט מער געהערט, ווי גערעדט. ווען עמעצער האָט דערציילט עפּעס וויכטיקס אָדער עפּעס נײַס, פלעגט ער, ווי ער האָט אמאָל זיך אויסגעדריקט וועגן ייִצכאָק־לייבוש פּערעצן, ווערן „אן איינער, וואָס איז לויטער אויער". ער פלעגט זיך דאן בעטן: „אנו, דערציילט עס נאָכאמאָל, איך בעט אײַך, נאָכאמאָל". אויב עמעצער האָט געזאָגט עפּעס וויציקס אָדער ביכלאל שארפזיניקס, האָט ער ליבלעך געשמייכלט. א שמייכל האָט ער געהאט א וווּנדערלעכן, ערגעץ אין די ווינקעלעך פון די אויגן. דער ניסטער האָט געקאָנט הויך לאכן, מיטן פולן מויל, ווי א קינד, און אפילע פארגיין זיך פון געלעכטער. אליין וויצלען זיך האָט דער ניסטער ניט איבעריקס ליב געהאט. אנעקדאָטן האָט ער לאכלוטן ניט איבערגעטראָגן. א זאָג טאָן א שארף, קלוג וואָרט, שטענדיק טרעפלעך צום אָרט, צו דער זאך — דאָס יאָ. ס׳איז אָבער געווען בא אים אזוי זיך, דערעכאגעוודיק.

דער מענטשלעכער, ווי אויך דער שעפערישער נײַגער זײַנער איז געווען אן אומגעהייערער. ער האָט שטענדיק געדאַרשט צו זען און צו הערן וואָס מער, אײַנזאפּן אין זיך יעדעס נײַ וואָרט, יעדן נײַעם געדאנק. און בעעמעס, דעם ניסטערס רײַזע אין די ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע קאָלאָניעס אין קרים, זײַן מיטפאָרן, שוין אין א בעקאָוועדיקן עלטער, מיטן עשעלאָן קיין ביראָבידזשאן דערקלערן זיך דאָך אויך מיט זײַן דאָרשט נאָך נײַע אײַנדרוקן, נאָך נײַע באגעגנישן מיט מענטשן.

ער האָט געהאט גרויס דערעכערעץ פאר מענטשן און זיך געפילט פאראנטוואָרטלעך פאר זיי אפילע אין קלייניקײַטן. זײַן פרוי דערציילט, אז ווען זיי האָבן געדארפט גיין צו עמעצן אין געסט, פלעגט ער זי שטארק צוײַלן, זיי זאָלן ניט פארשפּעטיקן. „מענטשן ווארטן דאָך", — פלעגט ער זאָגן.

צוגאסט איז ער געגאנגען זעלטן. אין די אָוונטן האָט ער מיינסטנס געלייענט, געהערט מוזיק. איז אים אָבער אויסגעקומען אָף א סימכע בײַצוזײַן, האָט ער געקענט זיך שטארק מעסאמייעך זײַן, אָנקוועלן פונעם נאכעס, וואָס אלע האָבן דאָ געהאט. ער האָט דאן, ווי לוזי, זײַן הויפּט־העלד אין דער „מישפּאָכע מאשבער", „זיך געפילט לײַכט, אופגעלייגט, ווי ס׳וואָלט זיך ניט געפונען קיין איין ווינקל אין הארץ, וואָס זאָל זײַן פארנומען מיט מאָרעשכוירע".

פאר אלץ איז בא דעם ניסטער אײַנגעשטעלט געווען באשטימטע צײַט און אָרט. צעוואָרפנקײַט, צעשטרייטקײַט, וואָס דאָס טרעפט אָפט בא שרײַבער און קינסטלער, איז אים אינגאנצן פרעמד געווען. אינערלעכע אָרגאניזירטקײַט, שטרענגע דיסציפּלין, אָרדענונג און פּינקטלעכקײַט אין אלץ — דאָס איז בא אים געווען אן אײַנגעבוירענע אייגנשאפט, א לעבנס־נויטווענדיקײַט. דאָס האָט זיך שטענדיק געפילט אפילע אין זײַן אויסערלעכן אויסזען.

אז דער ניסטער איז געווען א גרויסער אָנעוו, אן אויסערסט באשיידענער מענטש, דאָס איז אלעמען באוווסט. די מידע פון אניוועס ציט זיך דורך, ווי א גלײַכער שנור, איבער זײַן גאנץ לעבן, פון דער פריסטער יוגנט.

אין 1910 האָט די גוואלדיקע פארערונג, וואָס ער האָט געהאט פאר י.־ל. פּערעצן, אים געבראכט אָף א צײַט פון זשיטאָמיר קיין ווארשע. ער האָט זיך נאָענט באקאנט מיט פּערעצן און עטלעכע מאָל בא אים געווען. פּערעץ האָט אים אײַנגערעדט, ער זאָל בלײַבן אין ווארשע, און אים אפילע פאָרגעלייגט ארבעט. האָט אָבער דער ניסטער זיך דערפון אָפּגעזאָגט, און ער שרײַבט וועגן דעם אין זײַנע זיכרוינעס אזוי: „איך האָב זיך ניט געפילט צוגעפּאסט צו דער טומלדיקער גרויסשטאָט, און לויט מײַנע אייגנשאפטן, וועלכע איך האָב ריכטיק אָדער ניט ריכטיק אָפּגעשאצט, איז מײַן אָרט געווען אין א פּראָווינציעלער אויסבאהעלטעניש, פונוואנען איך זאָל פון צײַט צו צײַט ארויסשטעקן דעם קאָפּ, ווי דורך א קליינשטוביקן פענצטערל אין גאָטס דרויסן ארויס, און בלויז טרוימען וועגן טומל אין גרויסשטאָט". דער ניסטער פלעגט זאָגן וועגן זיך, אז ער איז „א פּראָווינציִאל לויט דער טעווע".

שפּעטער האָט אים דאָס לעבן געבראכט אין א סאך גרויסע שטעט, אי קיין קיִעוו, אי קיין בערלין, אי קיין מאָסקווע. אָבער די באשיידנקײַט זײַנע האָט ער קיינמאָל און אין ערגעץ ניט אָנגעווירן. אין 1944, ווען ער האָט געוווינט אין מאָסקווע, האָט מען אים א פּאָר מאָל פאָרגעלייגט לייענען לעקציעס וועגן ליטעראטור, האָט ער געענטפערט: „וואָס פאר א לעקטאָר בין איך, אז איך קען קוים־קוים פאר זיך"...

ער האָט פײַנט געהאט ווארפן זיך אין די אויגן. קיינמאָל זיך ניט געיאָגט נאָך קאָוועד, נאָך פּאָפּולערקײַט. טראָץ דעם איז ייִראס־האקאָוועד אים נאָכגעגאנגען פוסטריט דאָס גאנצע לעבן. אומעטום האָבן אלע די, וואָס זײַנען געקומען מיט אים אין וואָסער־עס־איז בארירונג, זיך באצויגן צו אים מיט א באזונדער אָפּשײַ און אכטונג. זײַן האלטונג און אופירונג, זײַן עמעסדיקײַט און יוישערדיקײַט האָבן ארויסגערופן בא מענטשן טיפן דערעכערעץ און ליבע.

## באם שרײַבטיש

יעדערער, וועמען ס׳איז אמאָל אויסגעקומען צו האלטן אין דער האנט דעם ניסטערס א קסאוויאד, ווייסט, וויפל שווערע מי, מאמעש אומענטשלעכע האָרעוואניע, ער פלעגט ארײַנלייגן אין זײַנס א ווערק. איר קוקט אָף א בלעטל פון דעם ניסטערס א מאנוסקריפּט, אָף אָט דעם פּיצל ווינקעלע פון זײַן שאפונג־לאבאָראטאָריע, און זעט פאר זיך אן עמעסן לאבירינט פון געמעקטע, פאריכטע, ארופגעשריבענע און צוגעשריבענע שורעס און ווערטער — אין מיטן בלעטל, פון אויבן, פון אונטן, בא די זײַטן, ארום און ארום.

דער ניסטער האָט געשליפן יעדעס וואָרט זײַנס. א גרויסער מײַסטער, האָט ער פיל אופמערקזאמקײַט אָפּ־

געגעבן דער פאָרם, אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט זײַנע זעונגען און געדאַנקען.

אין איינער פון זײַנע פאַנטאַסטישע מײַסעס[1] איז פאַראַן בא דעם ניסטער אַן אָרט, וווּ ער דערציילט אונדז אזוי וועגן שאַפונג־פּראָצעס: „און אזוי ווי סאָפרים בלײַבן סאָפרים, און סאָפרים געניטע קענען זיך פון דער ספאָרים־הערשאַפט ניט באַפרײַען, האָבן זיי זיך ארײַנגעלאָזט... זיך פאַרטיפט... און טאָג און וואָכן זיצן זיי איבער טעקסטן אָפּ, געפינען אַלטע זינענס אויס און מאַכן פּיירושים נײַע, און גרײַזן זײַנען אויך אַן איניען, און גרײַזן מוזן דאָך פאַריכט ווערן, און אָט די ארבעט איז דאָך זייער ליבסטע, און יעדער אָס איז א באַרג בא זיי, און זיי קריכן און קריכן און גאַנצע טעג, מאַכט זיך, קענען איבער קיין שורע ניט אַריבערקריכן“.

זעט אויס, אַז בא דעם ניסטער אַליין איז אויך צײַטנווײַז אַן אָס א גאַנצער באַרג געווען און אים איז אויך אָפּט גאָר ניט גרינג געווען אַריבערקריכן איבער א שורע.

ווען כאַווײרים האָבן געהאַט א פרעג געטאָן בא אים, פאַרוואָס ער אַרבעט אזויפיל און אזוי לאַנג אויף זײַנעם א ווערק, האָט ער געענטפערט:

— מיר דאַרפן זיך לערנען בא יענע געהויבענע ייִדן — סאָפרים, וואָס פלעגן טאָן זייער אַווידע יאָרנלאַנג...

אין זײַנעם א בריוו צו דאָוויד בערגעלסאָנען האָט דער ניסטער געשריבן: „ליטעראַטור איז יאָמטעוו, ליטעראַטור איז פײַערלעכקײַט“. דאָס זיצן און ארבעטן באַם שרײַבטיש איז טאַקע געווען בא אים א יאָמטעוו, אָבער אויך אַן אַווידאָס־פּערעך. שרײַבן, ארבעטן פלעגט ער דעריקער אין דער ערשטער העלפט טאָג. כאַווײרים און פרײַנט האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם און האָבן באַמיט זיך אין די פרימאָרגנס מיט קיין זאַך אים ניט שטערן. אין דער דאָזיקער צײַט האָבן אפילע די שטוב־מענטשן ניט געטאָרט מיט אים ריידן, גאָרניט פרעגן בא אים.

— אַז מע האָט אויף אים אינדערפרי נאָר א קוק געטאָן, — דערציילט זײַן פרוי, — האָט מען גלײַך געזען, אַז ער איז שוין פאַרכושט, פאַרטראָגן אין זײַנע אוילעמעס.

— איך, — דערציילט זי ווײַטער, — פלעג זיך סטאַרען אין די דאָזיקע אינדערפריִעדיקע שאָען אַוועקגיין צוליב שטוב־איניאָנים. אויב אָבער איך האָב געדאַרפט בלײַבן אין דער היים, בין איך אַרומגעגאַנגען איבערן צימער מאַמעש ווי א קאַץ, שטילערהייט. און דאָך האָב איך געפילט, אַז מײַן אָנוועזנהײַט אין צימער, ווו ער אַרבעט, איז אים געווען שווער.

דער ניסטער האָט געהאַלטן, אַז דיכטן, שרײַבן דאַרף מען נאָר בא פאַרמאַכטע טיר־און־טויער, אַז דאָס איז א טיף־אינטימער איניען.

עס האָט זיך פאַרהיט א פרײַנטלעכער שאַרזש, וואָס דער קינסטלער העלמאַן האָט געמאַכט אין 1920 אויף דעם ניסטערס אויסבאַהאַלטן זיך בייסן שרײַבן. העלמאַן האָט אָנגעמאָלט, ווי דער ניסטער זיצט אינדרײַען אײַנגעבויגן אונטערן טיש און שרײַבט. בלויז די מײַזעלעך, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין זײַנע מײַסעס, שטייען דערבײַ מיט אָפענע מײַלכלעך און קוקן זיך אײַן, וואָס ער טוט.

דער ניסטער פלעגט אָפּט אפילע דעם זייגער אָפּן טיש אויסקערעווען מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, ער זאָל אים ניט ווײַזן דעם צײַט־געלאָף און ניט דערמאָנען, אויף וואָס פאַר א וועלט ער געפינט זיך דאָן.

עס איז באַוווּסט, אַז יעדער שרײַבער, יעדער קינסטלער האָט זיך זײַנע טנועס, זײַנע „געניג“ בייסן שרײַבן. בא דעם גאַנצן אינערלעכן שעפערישן אומרו זײַנעם, איז דער ניסטער באַם שרײַבטיש אויסערלעך געווען רוּיִק, שטיל. געזעסן באַם טיש א פאַרמויעכטער, א פאַרטיפטער און געשריבן. פון צײַט צו צײַט נאָר פלעגט ער זיך אויפהייבן פונעם בענקל, אומגיין א ביסל איבערן צימער און נאָכדעם ווידער זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן, אַלץ מעיושעוודיק, באַדאַכט און באַזאַכט.

אָבער אָט די דאָזיקע רוּיִקײַט איז, ווי געזאָגט, געווען א ריין אויסערלעכע. אין טאָך איז אין די דאָזיקע שאָען אָנגעגאַנגען אַן אויסערגעוויינלעך אָנגעשטרענגטע מויעך־און הארץ־ארבעט, ער האָט ניט בלויז געשריבן, נאָר געלעבט מיטן לעבן פון זײַנע העלדן.

דעם ניסטערס פרוי דערציילט:

— געווען איז דאָס אין נאָיאַבער 1937. פיניע האָט דעמלט געאַרבעט איבערן בוך „די מישפּאָכע מאַשבער“, אויף דעם קאַפּיטל, ווו עס דערציילט זיך וועגן דער געפערלעך־קראַנקער נעכאַמקע, מוישע מאַשבערס באַליבטסטער טאָכטער, וועגן איר גסיסע, טויט און קווורע. איינמאָל קומט ער אַרויס פון זײַן ארבעט־צימער און הייבט מיך אָן אויספרעגן, ווי איך פיל זיך (איך בין עפּעס ניט געזונט געווען דעמלט). דערזע איך פלוצלינג, אַז זײַנע אויגן זײַנען ווי פאַרטרערט. איך האָב זיך דערשראָקן און פרעג, וואָס איז מיט אים. ענטפערט ער מיר: „איך האָב נאָרוואָס באַגראָבן נעכאַמקען“, און פון זײַנע אויגן הייבן זיך אָן גיסן טרערן.

בא דעם ניסטער איז שוין אזוי אײַנגעפירט געווען, אַז עס האָט ניט געטאָרט אַוועקגיין קיין איין טאָג, ער זאָל ניט ארבעטן. און אויב עמעצער האָט אָפּגערויבט בא אים א פרימאָרגן, האָט ער זייער געליטן דערפון און איז שוין דערנאָך דעם גאַנצן טאָג שטאַרק צעררודערט געווען.

נאָענטע פרײַנט מערקן אָפּ אזא שטריך זײַנעם. ער האָט ניט ליב געהאַט צו דערציילן ווע מען־ניט־איז וועגן זײַנע שעפערישע פלענער אָדער וועגן זײַנס א ניט פאַרענדיקט ווערק.

דער ניסטער האָט אפילע אַליין אמאָל מוידע געווען, אַז איבער אָט דער געוווינהײַט זײַנער, איבער זײַן ניט וועלן ריידן מיט קיינעם וועגן דעם, וואָס ער טוט, קומט אים אויס ניט זעלטן צו לײַדן.

אין א בריוו פון 1928 צו נאָכעם אויסלענדערן קלאָגט זיך טאַקע דער ניסטער דערוף. ער שרײַבט דאָרט אזוי:

„אַז איר וועט האַלטן די פען, שרײַבט א ביסל קיִעווער רעכילעס וועגן „בוי“, „וווּספ“[1], וועגן וואָלקנשטיינס[2] ארבעט, ווײַל קיינער שרײַבט מיר ניט, מיסטאָמע דערפאַר, ווײַל איך האָב געבעטן בא מיר ניט פרעגן, וואָס איך טו. ס׳איז בא מיר א קרענק אזא, אָבער אַן אומשולדיקע און נישט קיין קלעפּיקע. און איך, פאַרקערט, האָב דאַפקע ליב צו וויסן, וואָס אַלע אונדזערע דאָרט טוען. אָבער דער אוילעם שטראָפט מיך. און אזוי, ווי מ׳האָט זיך צונויפגערעדט. נו, זאָלן זיי געזונט זײַן“.

דער ניסטער איז געווען פאַרטאָן אין שרײַבן ניט

[1] „פון מײַנע גיטער“. „מוסער“, ז. 96.

[1] „בוי“, „וווּספּ“ — ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס פון יענע יאָרן; [2] וואָלקנשטיין — ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער.

בלויז דאַן, ווען ער איז געזעסן באַם שרײַבטיש. אין דער צווייטער האַלב טאָג פלעגט ער געוויינלעך ארויסגיין אין גאַס. ער האָט ליב געהאַט שפּאַצירן. זײַן שפּאַציר־גאַנג האָט געדויערט א שאָ צווי אין טאָג. ער פלעגט אַוועקגיין צופוס גאַנץ ווײַט. אייגנטלעך, איז עס געווען דער העמשעך פון זײַן אינדערפריִעדיקער ארבעט.

די קאָמפּאָזיטאָרן ריווע באַיארסקאַיא דערציילט וועגן דעם, ווי־אַזוי זי האָט דערזען אַמאָל דעם ניסטער אין אַזאַ שפּאַציר־שאָ:

„עס איז געווען א הארבסטיקער טאָג. אפן הארצן איז בא מיר אויך געווען אַסיענדיק. בין איך ארויס אַף טווערסקאַי בולוואַר, און דאָרט האָב איך פּלוצלינג דער־זען דעם ניסטער שטיין אָנגעשפּאַרט אין א בוים. ביז דאַן האָב איך אים ניט איין מאָל באַגעגנט: אין שרײַבער־הויז, אַף פאַרזאַמלונגען. נאָר אַזאַ לויכטנדיקן, שטראַלנ־דיקן האָב איך אים דאָס ערשטע מאָל דערזען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אין דער דאָזיקער מינוט שאַפט ער איינס פון זײַנע שענסטע מײַסעלעך. און מיסטאָמ איז עס אַזוי געווען. צוגיין צו אים, איבערשלאָגן זײַנע ראַיוינעס האָב איך קיין האַזע ניט געהאַט"...

אָט אַזוי האָט דער ניסטער שפּאַצירט.

ס'פלעגט אויך טרעפן, אַז ווען ער האָט געמוזט זיך אָפּרוען, באַפרײַען זיך פון דער אייביקער שעפערישער אָנלאָדונג, האָט ער געבעטן די פרוי, זי זאָל מיט אים מיטגיין, קעדיי „באַם ריידן זאָל דער קאָפּ ניט ליגן אין שרײַבן".

אין 1920 האָט דער ניסטער געוווינט אין קיִעוו. עס האָט דעמאָלט דאָרט געוווינט אויך בערגעלסאָן. און זיי האָבן זיך אָפּט געטראָפן בא נאַכמען מײַזיל, ווו ס'פלעגן זיך אין די אָוונטן צונויפנעמען די קיִעווער שרײַבער. דערציילט מען, אַז בערגעלסאָן פלעגט זיך וויצלען:

„נאָך ניסטערן גייען שטענדיק נאָך זײַנע שרעטעלעך. זיי באַגלייטן אים אויך דעמאָלט, ווען ער לאָזט זיך גיין אַף מאַרינסקע־בלאַגאָוועשטשענסקע גאַס, 36, צו די מײַ־זילס. ער הייבט זיך אויף אפן צווייטן שטאָק, קלינגט אָן. און דאָ ערשט קערעוועט ער זיך אויס אַף צוריק און באַפוילט סוידעסדיק־שטיל די שרעטעלעך: אַוועקט, אַוועקט פונדאַנען".

מיילע, איז דאָס טאַקע א ווילער, גוטמוטיקער וויץ. די סיבע אָבער פון דעם ניסטערס אייביקער פאַרטראָגנ־קײַט מיט זײַנע מײַסעלעך, פון זײַן היסבוידעדעס פּראַ־וועץ דרינגט ארויס פון זײַן גאַנצן מעהוס: פון זײַן פאַרטיפטקײַט אין זיך, פון זײַן גרויסן אכרײַעס־געפיל פאַרן ארויסגעזאָגטן וואָרט און פאַר דער ליטעראַרישער ארבעט ביכלאַל.

דער ניסטער האָט זיך צו זײַנע אייגענע ווערק באַ־צויגן זייער שטרענג. ער האָט ניט געקאָנט ארויסלאָזן פון דער האַנט אָדער ווײַזן עמעצן אַזעלכס, וואָס ער האָט ניט גערעכנט, אַז ס'איז אינגאַנצן בישליימעס. האָט געטראָפן, אַז ער איז געבליבן ניט צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, פלעגט ער עס אָן ראַכמאָנעס פאַרניכטן.

נאָכעם אויסלענדער האָט מיר דערציילט, אַז אין 1917 האָט דער ניסטער אים בא א געלעגנהײַט געזאָגט, אַז ער האָט ערשט ניט לאַנג פאַרברענט דרײַסיק אייגענע לידער. איציק קיפּניסן האָט דער ניסטער איינמאָל וועגן א ניט־אײַנגעגעבענער דערציילונג אַזוי געזאָגט:

„מײַנע א זאַך ליגט דאָ אין קויש. א נאָענטער מעס ליגט דאָ לעבן מיר"...

מיט טיפן ערנסט האָט דער ניסטער זיך שטענדיק באַצויגן צו דער שרײַבערישער „מעלאָכע".

## אַף נײַע שעפערישע וועגן

סאָף צוואַנציקער יאָרן האָט דער ניסטער אָנגעהויבן אין זײַן שאַפונג אריבערגיין פון די פאַנטאַסטיש־כידעש־דיקע וועלטן צו דער ערדישער, מאַמאָשעסדיקער ווירק־לעכקײַט. דאָס איז געווען א שווערער און ביז גאָר קאָמפּליצירטער פּראָצעס. אין דער הינזיכט איז זייער אינטערעסאַנט דער בריוו, וואָס ער האָט אין 1934 יאָר געשריבן צו זײַן ברודער אין פּאַריז, צום קינסטלער מאָטל קאַהאַנאָוויטש:

„...איך, ווי דיר איז באַוווסט, בין פון אלע יאָרן א סימבאָליסט. איבערגיין פון סימבאָליזם צו רעאַליזם איז פאַר א מענטשן, ווי איך, וועלכער האָט א סאַך געהאַ־רעוועט אַף צו פאַרפולקומען זײַן מעטאָד און אויפן פון שרײַבן, — זייער שווער. דאָס איז נישט קיין פראַגע פון טעכניק. דאָ מוז מען ווי אפּסנײַ געבוירן ווערן. דאָ מוז מען איבערקערן די נעשאָמע אַף דער אנדערער זײַט... כ'האָב א סאַך פּראָבעס געמאַכט. די ערשטע צײַט גאָר נישט געלונגען. איצט, דאַכט זיך מיר, בין איך ארויף אַף א וועג. איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן א בוך[1]. לויט מײַן מיינונג און לויט דער מיינונג פון נאָענטע באַקאַנ־טע, א וויכטיקן. איך וויל דעם בוך ווידמענען אלע מײַנע קויכעס, וואָס איך פאַרמאָג. ס'האַנדלט זיך וועגן מײַן גאַנצן דאָר — פון דעם, וואָס איך האָב געזען, געהערט, איבערגעלעבט און אויסגעפאַנטאַזירט... און שרײַבן מײַן בוך מוז איך; אויב ניט, בין איך אויס מענטש; אויב ניט, ווער איך אויסגעמעקט פון דער ליטעראַטור און פון לעבעדיקן לעבן. ווײַל וואָס הייסט א שרײַבער, וועל־כער שרײַבט ניט, פאַרשפּאַר איך דיר זאָגן. דאָס הייסט, ער עקזיסטירט ניט, ער איז ניטאָ אַף דער וועלט..."

וועגן די דאָזיקע וואַקלונגען, ראַנגלענישן מיט זיך אליין, וועגן די שווערע כעווליי־לײַדע אין יענעם פּע־ריאָד איז דאָ א ריי אָנצוהערענישן אויך אין דעם ניס־טערס ווערק פון יענער צײַט: אין „אונטער א פּלויט", „מוסער", „געקעפּט". קלאָרער און דײַטלעכער דערציילט ער אונדז דערפון אין זײַן מײַסע „שיקער".

די דאָזיקע מײַסע הייבט זיך אָן אַזוי:

„— הא, און אַז א מענטש, וואָס האָט פאַר אלץ פאַר־שטאַנד און זינען, פאַר אלץ א וואָרט און אלץ קאָן פאַר־ענטפערן, נאָר זיך אליין און זײַן אייגן לעבן ניט?.."

דערציילט דאָרט ווײַטער דער ניסטער, אַז דער מענטש האָט א סאַך געשריבן און „צו פיל און צו לאַסט זײַנען אים די קסאַווים". דער מענטש מאַטערט און מוטשעט זיך, די „ספאָרים שטיקן און שטיקן אים", און דאָך שיידן זיך מיט זיי קאָן ער ניט. לעבן נאָר מיטן אלטן איז אומעגלעך, און צום נײַעם צושטיין איז אים אויך אומגע־הייער שווער. אָבער סאַפקאָלסאָף געפינט ער אין זיך־געגנוג קויעך און טוט אריבערשפּרינגען איבער זיך אליין.. און די מײַסע „שיקער" ענדיקט זיך מיטן געוויינלעכן ניסטערישן אָפּטימיסטישן אויספיר:

„...א בראָך און א בראָך. און א בראָך איז א בראָכע"..

[1] עס רעדט זיך וועגן „מישפּאָכע מאַשבער". — י. ל.

דער דאַזיקער קוק אף א בראַך ווי אף א בראַכע האָט אויך מיטגעהאָלפן דעם ניסטער, ער זאָל זיך אליין מענאַצייעך זײַן, אף א נײַעם שפּעריש ווּעג זיך לאָזן און איבערגיין צו זײַנע רײַכע, גלענצנדיקע רעאַלע פאַרצייכענונגען און שילדערונגען, ווי די „דרײַ הויפּטשטעט", „מיטן צווייטן עשעלאָן", צו זײַן גרויסער עפּאָפּיי „די מישפּאָכע מאַשבער" און דעם ראָמאַן „פון פינפטן יאָר".

וועגן דער „מישפּאָכע מאַשבער", ווי אויך וועגן דעם ניסטערס פאַרצייכענונגען, האָט מען בעשײַטע א סאַך געשריבן. ווילט זיך זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן „פון פינפטן יאָר".

דער ראָמאַן איז, ווי באַוווּסט, אונדז געבליבן בעיערושע אין טאַך נאָר ווי א מין „טשערנאָוויק", וואָס איז דורכן מעכאַבער ניט באַאַרבעט און ניט פאַרענדיקט געוואָרן (אַגעוו, איז נייטיק פאַריכטן א טאָעס, וואָס איז דערלאָזט געוואָרן בײַסן פאַנאַנדערקלײַבן דעם קסאַוויאַד: אף זײַטל 7 „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1, 1964 רעדט זיך וועגן „דערבענטער אוניווערסיטעט". עס דאַרף זײַן: דערפּטער, איצט טאַרטו), און דאָך ווילט זיך זאָגן, אַז אפילע אין אַזאַ פאָרם איז דאָס דאָזיקע ווערק פאַר אונדז פון באַזונדערער כשיוועס. עס באַווײַזט, אַז די טעמע „פון פינפטן יאָר", די ערשטע רוסלענדישע רעוואָליוציע, אירע פרײַהײַטס־אידעאַלן — דאָס אַלץ האָט לאַנגע יאָרן געדרעגט דעם ניסטער.

און נאָך איין מאָמענט ווילן מיר דערבײַ אונטערשטרײַכן.

אין דעם ראָמאַן „פון פינפטן יאָר" איז פאַראַן א סאַך, אַזוי צו זאָגן, אווטאָביאָגראַפישעס. מיר, דעם ניסטערס בניי־איר, זעען עס בעכוש, מיר טאַפּן עס אָן מאַמעש מיט די הענט. מיר האָבן דאָך אַליין געטראָפן פיניען (ער איז נאָך דעמלט דער ניסטער ניט געווען) אף די פאַרטיי־בירזשעס, אף די מאַסאָווקעס און דיסקוסיעס, וואָס ער שילדערט אַזוי מײַסטערהאַפט אינעם ראָמאַן. אף איינער אַזאַ דיסקוסיע, מעגלעך טאַקע אף דער זעלבער, וואָס ער באַשרײַבט, בין איך אַליין געווען. אַרום וואָס דער וויקועך האָט זיך געפירט, געדענק איך שוין ניט. אין מײַן זיקאָרן האָט זיך פאַרהיט דער זאַל, ווי מיר זײַנען געשטאַנען געפּרעסט ענג איינער צום אַנדערן און אָנגעשטרענגט אויג און אויערן, קעדיי צו זען און הערן אַלץ.

* * *

אין 1940 האָט דער ניסטער אָנגעשריבן זײַן באַוווּסטן בריוו צו דאָוויד בערגעלסאָנען לעקאָוועד בערגעלסאָנס דרײַסיקיאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט, א בריוו, וואָס מיר קאָנען איצט באַטראַכטן ווי דעם ניסטערס שעפערישע קרעדאָ. דאָרט שרײַבט ער צווישן אַנדערן:

„...דעם עמעסן פאָלקס־קינסטלערס באַרוף איז ניט נאָר די קונסט אין ענגסטן זין פון וואָרט, נאָר יעדעס מאָל, צוזאַמען מיט איר און ניט אָפּצוטיילן פון איר, אויך דאָס דידאַקטישע, דאָס לערערישע, דאָס שטראָפנדיקע אָדער טרייסטנדיקע, וואָס דאָס באַטײַט אויך יעדעס מאָל דאָס פאָרויסגיין און פאָרויסזען פונעם קינסטלער, ווי א פאָלקס־פירער, וואָס זאָרגט פאַר די געפירטע. זאָלן זיי קיין שטרויכלונגען אף זייער סאָציאַלן וועג ניט טרעפן, און אויב שוין יאָ געטראָפן, — זאָל זיך דאָס מער ניט איבערכאַזערן.

דאָס איז דער העכסטער קינסטלער־באַרוף, פאַר וועלכן דער קינסטלער גיט אַוועק און שענקט זײַן גאַנץ לעבן אָן איבערבלײַב..."

דעם דאָזיקן געבאָט איז דער ניסטער טרײַ געווען זײַן גאַנץ לעבן.

# דער „נײַער פרעסע"—אונדזער האַרציקן גרוס

דרײַסיק יאָר פאַריזשער „נײַע פרעסע" — דאָס איז א סאַכאַקל פון א רומפולן וועג, פון דעם ערלעכן אַקשאָנעסדיקן קאַמף פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין פראַנקרײַך פאַר א נײַ לעבן, פאַר שאָלעם און פרײַנטשאַפט צווישן די פעלקער. די „נײַע פרעסע" איז דער געטרײַער וואַכזאַמער היטער פון די בעסטע טראַדיציעס פון יידישער פּראָגרעסיווער קולטור און פון נײַער רעוואָליוציאָנערער קולטור־שאַפונג.

„סאָוועטיש היימלאַנד" שיקט אירע האַרציקע באַגריסונגען דער „נײַער פרעסע" און ווינטשט איר ווײַטערדיקע דערפאָלגן אין דעם אומדערמידלעכן קאַמף פאַר די אינטערעסן פונעם פאָלק.

# כראָניק

## נײַס פון אויסלאַנד

אין ניו־יאָרק זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין צוויי בענדער אַלע ווערק פון עליאָקום צונזער. אין דער זאַמלונג גייען אַרײַן 140 לידער. אָן ערעך 50 פון זיי זײַנען אין די פריערדיקע פּובליקאַציעס ניט געווען געדרוקט. אין דער זאַמלונג איז אויך אײַנגעשלאָסן צונזערס איינציק דראַ־ מאַטיש ווערק „מעכיראַס יויסעף" און זײַן אווטאָביאָגראַפיע, וואָס פאַרמאָגט אינטערעסאַנטן קולטור־היסטאָרישן און שטייגערישן מאַטעריאַל פון XIX יה.

■

דער פאַריזשער ביכער־פאַרלאַג „גאַלימאַר" האָט אַרויסגעגעבן א זאַמלונג נאָוועלן פונעם יונגן אַמעריקאַנער שרײַבער פיליפּ ראָט „אף ווידערזען, קאָלומבוס". דער אווטאָר מאָלט דאָס יידישע לעבן אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אף א סאַרקאַסטישן אויפן פאַרורטיילט ער דעם ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם פון די אַזויגערופענע ליבעראַלע קרײַזן אין אַמעריקע.

■

אינעם וואַרשעווער פאַרלאַג „יידיש בוך" איז דערשינען א זאַמלונג ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען פון שלוימע בעליס „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען". דאָס בוך באַשטייט פון עטלעכע אָפּטיילן.

ליטעראַרישע פּאָרטרעטן

מוישע נאַטאַוויטש

# פון סאַמע האַרצן...

טייף איז ווירקלעך א זעלטענער דיכ־
טער און אָריגינעלער טאַלאַנט.
דאַוויד בערגעלסאָן

גלײַך פון אָנהייב איז מוישע טייף געקומען אין אונדזער דיכטונג מיט זײַן „זעמערל“:

גענוג צו זינגען „העמערל“,
גענוג „געזאַלצט א יאַם“,
איך זינג א נײַעם זעמערל,
וואָס ווייסט ניט פון קיין צאַם.

„גענוג צו זינגען „העמערל“ איז געווען א ליד און א רוף. דעם דיכטערס דאָר האָט אונטערגעכאַפּט אָט די ליד, וואָס האָט געקלונגען ווי אַן אָנזאָג פון א נײַעם לעבנס־שטייגער. יאָרנלאַנג האָט אינעם געזאַנג וועגן ארבעט זיך געלאָזט הערן דאָס קלאַפּן פונעם רייזען־„העמערל“: „אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ...“ ס'איז אָנגעקומען א נײַע טקופע, און ס'האָבן זיך געדאַרפט דערהערן נײַע לידער.

פאַר פּאָעזיע איז וויכטיק זאָגן דאָס וואָרט צו דער צײַט. אין אַפּרעל 1923 האָט א קלונג געטאָן אין דער ייִדישער פּאָעזיע טייפס ליד „לענין“. לענין האָט נאָך דעמלט געלעבט. אין דער ליד הערט זיך דער מאַרש פונעם נײַעם יוגנט־דאָר. דער טאָן — א באַפרײַטער, א ריינבורוסטיקער, ווי פון א שאַלנדיקן טראָמפּייט:

הערט, ווי ס'גייען
יונגע רייען,
רייען אָן א שיר.
לענין
גייט מיט אונדז צוזאַמען,
לענין זײַנען מיר.

מיט די „רייען, רייען אָן א שיר“ האָט גליקלעך גע־שפּאַנט א פאָרשטייער פון דער מינסקער יונגער גוואַרדיע, א ייִנגל מיט קודלאַטע האָר, אין א לעדערנער טוזשורקע, — א יונגער פאַבריק־מאַשיניסט און א דיכטער. אונטער זײַן ארבעט־העמד האָט געשלאָגן א הייס האַרץ.

זײַן ראָמאַנטישע יוגנט קלאַפּט נאָך ביז איצט אין „פענצטערל פון זיקאָרן“:

און אין אָוונט, נאָך דער ארבעט,
פלעגן מיר אין סאָד שפּאַצירן
אין די קאָרטענע פּידזשאַקלעך,
אין געניצעוועטע הויזן,
זעלטן־ווען צו זאַט געגעסן,
נאָר געזונגען און געלייענט
מאַיאַקאָווסקיס
Левой! Левой!

און האָפּשטיינס —
מיר גייען
אין דײַנע פאַרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהײַס!

(„דאָס געזאַנג וועגן ברידער“)

ער האָט אויך „געזונגען און געלייענט“ קוויטקאָן. קוויטקאָס לידער האָט ער ניט בלויז געקענט אָף אויס־ווייניק, — מערקווירדיק, ווי טייף רופט זיך איבער מיט קוויטקאָן דיכטעריש.

די „יונגע רייען, רייען אָן א שיר“ פון זײַן ליד „לענין“ גיסן זיך צונויף מיט קוויטקאָס „שטאָלענער מענגע“ פון אין „רויטן שטורעם“, וועלכע גייט באַ־פעסטיקן „ערדישן וווּנדער“.

די „מיר“ — איינע און די זעלבע באַ טייפן און באַ קוויטקאָן.

באַ טייפן:

מיר — די פרײַהײַט,
מיר — די צוקונפט.

באַ קוויטקאָן:

מיר, צעקריגטע מיט די טאַטעס,
מיר פאַרברענען אַלטע שמאַטעס.

דער איבערוף מיט קוויטקאָן איז זייער אינטערעסאַנט. ס'גייט ניט אזוי אין ליטעראַרישער באַווירקונג, ווי אין דער גײַזעצמעסיקער אַנטוויקלונג פון אונדזער פּאָעזיע. די מאָטיוון פון די ערשטע אָקטיאַבער־פּאָעמעס האָבן געמוזט פאַרגרעסערט ווערן. טייף האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אָט דעם שעפערישן פּראָצעס. זײַן דיכ־טונג פון די צוואַנציקער יאָרן איז איינע פון די אַנט־פּלעקונגען פון דער נײַער קוואַליטעט פון דער יונגער ייִדישער נאָכאָקטיאַבער־פּאָעזיע, וואָס הייבט אָן אַרי־בערגיין פון אַבסטראַקט־סימבאָלישער געשטאַלטלעכקײַט צו רעאַליסטישער קאָנקרעטקײַט. טייפס געזאַנג־סטיי־כיי — א האַפּערדיקע, א יוגנטלעך־צעבראָזיטע — האָט געשלאָגן מיט זאַפטן פון לעבן. ער קומט מיט נײַע אַסאָציאַטיווע בילדער און פאַרברײַטערע מעטאַפאָריש־קײַט, וואָס גיבן איבער דעם שטורמישן „גאַלאָפּ“ פון רעוואָלוציע און בירגערקריג. זײַן דאָר איז ערדיש אפילע אין זײַן העלדישער ראָמאַנטיק:

באַ אונדז אין האַרצן זינגען שטאָלצע דוירעס,
אָט פאַרוואָס אונדז ברעכט ניט אײַן די נויט,
באַ אונדז אין האַרצן ברענען ליכטיקע מענוירעס,
אָט פאַרוואָס מיר זינגען פאַרן טויט.

אָט די ווערטער האָבן זיך פאַרקריצט אין זיקאָרן פונעם לייענער צוזאַמען מיט כאַריקס ליריש־פײַערלעכן געזאַנג וועגן די הייסע יונגען פון מינסקער בלאָטעס. טייף געהערט צו דער גלענצנדיקער קאָהאָרטע ייִדישע דיכטער פון ווײַסרוסלאַנד. ער געהערט צו איר ניט בלויז געאָגראַפיש, נאָר אָרגאַניש־דיכטעריש. די ייִדישע דיכטונג פון ווײַסרוסלאַנד — דאָס איז כאַריק, קולבאַק, אַקסעלראָד, טייף און נאָך און נאָך; דאָס איז א שטיק לײַב־און־לעבן פון אונדזער ליטעראַטור; דאָס איז אייגנ־אַרטיקע פאַרב, קלאַנג, קאָלאָריט, פאָלקלאָר — א מינסקער „אייגנס“־ווינקל; דאָס איז „ווײַסרוסישער

פאַרקלערטער טרויער" און די העראָיִק פון בירגערקריג, ס׳איז קולבאַקס „בויטרע" און „זעלמעניאַנער", זעליק אַקסעלראָדס „דערהויבענע שטילקייט", כאַריקס שפּילדאַרשטיקע קאַטערינקע, טייפּס וויִאָלאָנטשעל...

די ליריש־פילאָסאָפישע פּאָעמע „וויִאָלאָנטשעל" פון די דרײַסיקער יאָרן האָט פאַרטיפערט די עסטעטישע פּאָזיציעס אין אונדזער דיכטונג, זי האָט דעמאָנסטרירט די ראָמאַנטישע רײַזע פונעם דיכטער, וואָס רײַסט זיך אַרויס פון „שווערן רויך פון שטייגער" און בלײַבט דאָך צוגעבונדן צום לעבן, צו די ע ר ד י ש ע געזעצן פון שיינקײַט. אָן עכטער פּאָעט האָט זיך צעבונטעוועט קעגן די, וואָס „צימבלען אויף די לירעס, שרײַבן לידער מיט די עקן, מיט די הענט — מעסירעס"...

כאַראַקטעריסטיש, ווי טייף קערט זיך אָפּ פון די סכעמאַטישע ליניעס אין דער דיכטונג און געפינט אין זײַנע בעסטע לידער פאַרב און בילד אַפילו פאַר אַזעלכע מאָטיוון, וואָס פלעגן מערסטנטייל אויפגעפּאַסט ווערן אין פלאַן פון הוילער ריטאָריק.

פאַראַן דיכטער, בײַ וועלכע יעדע ליד איז אַ מין באַזונדער וועלטל פאַר זיך: אַזעלכע לידער זעען אויס ווי צייכנס, צעשטעלטע אויף וועגן — איינער פונעם צווייטן אָפּגעטיילט. אָט איז אײַך צום לייענען אַזאַ ליד, און אָט אַזאַ ליד, נאָר אומזיסט וועלן זײַן אײַערע באַמיִונגען צו דערזען אין זיי דאָס האַרמאָנישע געשטאַלט פונעם דיכטער.

בײַ טייפן גייען די לידער אין איינהײַטלעכן שטראָם, וואָס הייסט „לעבן און שאַפן". דעריבער באַקומען זיי אַלעמאָל דעם עכטן באַטײַט און די ווירקונגס־קראַפט אין זייער זשאַנערישער פאַרבונדנקײַט, אין דעם קאָנטעקסט פון דער לעבנס־געשיכטע פונעם דיכטער.

די יוגנט זײַנע איז „ווי די צוגן דורכגעפלויגן". נאָכדעם זײַנען געקומען יאָרן פון שווערע ניסיונות. וועגן דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָט טייף ניט בלויז געשריבן, ער איז געווען איר סאָלדאַט. זײַנע מילכאָמע־באַלאַדעס גייען אַרײַן אינעם אוצר פון אונדזער דיכטונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין „סאַמע פײַער".

פון „סאַמע פײַער" איז געקומען פיניגבערגס שטרענגע מילכאָמע־סימפאָניע; קושניראָווס „סאָלדאַט אין דער שורע"; ווערגעליסעס באַטאַליק און ענערגישער אָטעם; גרוביאַנס „געזאַנג וועגן מוט"; טעלעסינס בילדערישע מילכאָמע־רעטראָספּעקציעס; טאַלאַלײַעווסקיס פּאָעטישע מילכאָמע־כראָניק; באָרוכאָוויטשעס גליק־געפיל פון דעראָבערטער יוגנט; מאַלטינסקיס אומיטלבאַרער מילכאָמע־געזאַנג; קערלערס לידער וועגן דער „בלוטנדיקער ערד"; ס׳איז די שאַפונג פון יענע דיכטער שלאַכטלײַט, וואָס האָבן מיט „ביקס אין האַנט און וואָרעם בלוט אין האַרצן" אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַרן היימלאַנד.

טייפס מילכאָמע־לידער און באַלאַדעס צייכענען זיך אויס מיט זייער באַזונדערן קאָלאָריט און דראַמאַטיק. ער איז אין זיי אַ לײַדנשאַפטלעכער דערציילער, אַ מײַסטער פון באַלעבן געשעענישן, פון בילדערישער אָנשוילעכקײַט.

אין דער ליד „אין סטעפּ" זעט מען דעם דיכטער צוזאַמען מיט די קריגער, וואָס לאָקערן נאָך דעם סוינע מיט פאַרטײַעטן אָטעם:

אין פעלצן אָנגעטאָן, אין ווײַסע לײַלעכער מאַסקירט
מיר ליגן אויפן סטעפּ, ווי בערגלעך שניי,
און יעדעס בערגעלע — עס ליגט און שפּירט
מיט לעבעדיקע אויגן צוויי.

אַז מע לייענט טייפס ליד „אונטער מאָסקווע", הערט מען, ווי אויפן אַלטן רוסישן קאַלוגער טראַקט בושעוועט די מעטעליצע — אָט די „ווילדע קאַלע מיט האָר צעשויבערטע, אין ווײַסן קלייד". אויסניצנדיק די מיטלען פון קלינגעוודיקער ווערב־סינאָנימיק, באַלעבט דער דיכטער די נאַטור־סטיכיי: די מעטעליצע זינגט, פליט, יאָגט, קלאַפּט, קלאָגט, שרײַט, פײַפט. די פּערזאָניפיצירונג איז דאָ ניט קיין ליטעראַריש־פּאַפּירענע, ניט קיין געקינצלטע.

דערציילעריש־פאָלקסטימלעך זײַנען טייפס מילכאָמע־באַלאַדעס „די שוועס", „דער סטאַרשינאַ צאַלע שיק", „דער בריוונטרעגער", „אַ מיידל — אַ פּילאָט", „אַ מינסקער יאַטל", „דעם קלעזמערס אייניקל". ווען מיר האָבן זיי געלייענט מילכאָמע־צײַט, האָט זיך געשאַפן דער אײַנדרוק, ווי עס וואָלטן זיך געוויקלט כראָניק־קאַדרען פון אַ דאָקומענטאַלן פילם...

פאַראַן בײַ טייפן אַ רעקוויִעם־געזאַנג — „אַ ליד פון אַ סאָלדאַט". אין „סאָלדאַטסקן רוקזעקל" ליגט באַהאַלטן דער פּאָרטרעט פונעם דיכטערס יִינגעלע, וואָס די דײַטשן האָבן דערמאָרדעט. נאָכן שלאַכט, אין ערדשטיבל, בײַם קאַנעצל, וואָס ברענט, הערט ער, ווי דאָס קינד בעט זיך אויף די הענט...

איז עפּשער ווייסט איר, פויגעלעך,
צי עפּשער ווייסטו, ווינט,
וווּ איז עס, מײַן יִינגעלע?
וווּ איז עס, מײַן קינד?

דאָס ווענדן זיך צו ווינט און פייגל איז געווען אַ פאַרשפּרייט קינסטלעריש מיטל אין דער פראַנס־דיכטונג. עס דערמאָנט אויך אין די רירנדיקע פאָלקסלידער. אָבער דאָ גייט די ליד ניט פון ליטעראַרישע קאַנאָנען. שוין אַרויסקומענדיק פון האַרצן, בינדט זי זיך אָן אין ליטעראַרישער טראַדיציע.

נאָך דער מילכאָמע דערמאָנט דער דיכטער ווידער דאָס אומגעקומענע קינד:

זינג איך, און מיר דאַכט, איך הער,
ווי עס בעט מײַן יִינגעלע:
טאַטע, קויף אַ קיכעלע,
טאַטע, קויף אַ זעמעלע!

אינעם שיינעם פרידלעכן מאָסקווער אָוונט, ווען עס פאַלט אַ שנייעלע, הערט זיך די שטים פונעם דיכטער אויף דער גאָרקי־גאַס:

שטייט!
שטייט!
שטייט!
ניט אײַלט אַזוי, ניט לויפט,
גייט אַרײַן אַהער אין קלייט,
קויפט פאַר אַלע קינדער, קויפט
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
קיכעלעך מיט זעמעלעך!

טייף איז אַ דיכטער פון אַ שווערן לעבנס־גורל. ער האָט צוויי מאָל געליטן פונעם סטאַלין־קולט. כ׳געדענק אים אין אומרויִקע אָוונטן, ווען ער פלעגט אײַנשלאָפן אַ מידער. כ׳האָב אים אין יענע צײַטן אויך געזען אין זײַן „אינדערפרײַיִקער גימנאַסטיק", ווי ער שפּרינגט אויף פון בעט, פּראַלט אויף דאָס פענצטער און איז מעכאַבעד דעם הוילן גוף מיט הילכנדיקע פּרעשק פון נאַסן האַנטעך. דאָס האָט „די נעשאָמע געמאַכט גימנאַסטיק". נאָך

די שווערע יאָרן פון צעשיידונג האָבן מיר זיך באגעגנט אַף קאווקאז. דער ליבער זומער האָט געקוועלט, און פונעם דיכטערס הארצן האָט זיך געריסן א נײַע ליד: „ווי גוט — כאָטש איין מינוט — ווי גוט צו לעבן אַף דער וועלט!" דאָס איז איינע פון די צוועלף ליריש-עלע-גישע לידער „דער שניי דער פּאראַאַריקער".

די לידער-ציקלען „דער שניי דער פּאראַאַריקער" און „א געזאַנג צו דיר, עסטערל" געהערן צום שיר-השירים פון טייפּס דיכטונג. „דער שניי דער פּאראַאַריקער" איז א בינטל בלומען אַף דער פאַרגאַנגענער יוגנט. „א געזאַנג צו דיר, עסטערל" איז א געזאַנג פון אומגעקערטן גליק-געפיל. ס'איז די אופריכטיקע ליבע, די ליבע פון אָפּענע, ניט „אראָפּגעלאָזטע אויגן". ס'איז די ליד, וואָס וויל זיך ניט שיידן מיטן דיכטער, דאָס געזאַנג פון אופגעוואכטן שעפערישן געמיט:

אָ, לידער מײַנע, הייסע פונקען,
אפּסנײַ אין הארצן איך צעבלאָז.

מיט „זילבער פון האָר" איז געקומען צו טייפן דאָס „רײַפע וואָרט, דאָס געגאַרטע". סיהאָט זיך נאָך מער פאַרפולקומט „טייפּס זשאנער" — מיט אזא נאָמען האָט מיט דרײַסיק יאָר צוריק אָנגערופן יעכעזקל דאָברושין זײַן ארטיקל וועגן טייפן.

„מוישע טייפּס דיכטונג, — האָט געשריבן י. דאָברושין, — אָט ווי זי האָט זיך ארויסגעוויזן אין זײַן ערשטן לידער-בוך, איז הויפּטזאכלעך א זשאנער-דיכטונג. מוישע טייפן ציט צום זשאנער, צו דער כאראַקטעריסטישער ליד, צו דער נאָוועלנאַרטיקער דיכטערישער צייכענונג. ניט נאָר אין זײַנע צוויי גרויסע אָפּטיילונגען פונעם בוך: „שעפערישע פּרוּוון" און „פּאָעמען" הערשט פולשטענדיק דער דערציילערישער נוסעך, דערין אויך טייפּס באליבטע, אפּאָנעם, פּאָרם פון פּאראָדיע און סאטירע — נאָר אויך אין זײַנע קלענערע באזונדערע לידער איז צו מערקן טייפּס נייגונג צו דיאַלאָגיזירן, צו פאַרשטעלן דורך דער ליד, וואָס לאָזט זיך דעריבער פּאַרלייענען, ווײַל זי פאַרמאָגט אינווייניקסטן סוזשעט און שילדערישע כאראַקטער-שטריכן".

דאָ זײַנען פאַרצייכנט א ריי גרונט-שטריכן פון טייפּס דיכטערישן אייגנאַרט, וועלכע האָבן זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן נאָך מער אנטפּלעקט און אנטוויקלט.

דער דערציילעריש-געשפּרעכלעכער פּאָעטישער נוסעך, די נאָוועלנאַרטיקע דיכטערישע צייכענונג, די נייגונג צו דיאַלאָג האָבן געפירט טייפן פון דער זשאנערישער ליד צו דער באלאדע און פּאָעמע.

אין זײַנע באלאדעס און פּאָעמעס פאַרייניקט זיך די קאָנקרעטע דעטאַל מיטן פּאָעטיש-באַפליגלטן געדאנק. דאָס קאָנקרעט-פאַבולדיקע דערלאָזט ניט, אז דער געדאנק זאָל פאַרוואנדלט ווערן אין אן אבסטראַקציע, און דער בילדעריש-אויסגעדריקטער געדאנק דערלאָזט ניט, אז די קאָנקרעטע דעטאַל זאָל אראָפּנידערן צו פּאָטאָגראַפיע, גיט איר צו פּאָעטישן שווּנג.

טייפּס באלאדעס און פּאָעמעס פאַרמאָגן סוזשעט, אָבער דאָס איקערדיקסטע אין זיי איז דאָך ניט אזוי די געשילדערטע געשעענישן, ווי דער „אויב ניט נאָך העכער"...

דער סוזשעט, לעמאָשל, פון דער פּאָעמע „דאָס געזאנג וועגן ברידער" קאָן זיך ארײַנלייגן אין עטלעכע שורעס פון א צײַטונגס-כראָניק: צוויי פראָנט-קאַווירים, סאַפּיאָרן, פײַווע און יעגאָר, רייניקן נאָך דער מילכאָמע אָפּ די שטאָט פון פאַרבליבענע מינעס. אויספילנדיק אָט דעם מעסירעסנעפּעשדיקן טאָט, קומען זיי העלדיש אום. אזא איז די געשעעניש, איר דיכטערישן טיקן באקומט זי ניט אין דער דעטאַליזירטער שילדערונג, נאָר דעריקער אינעם באזינגען זי, אין די לירישע אסאָציאַציעס און רעמיניסצענצן, וואָס ווערן דורך איר דערוועקט.

י. דאָברושינס האשאָרע וועגן דעם, אז פּאראָדיע און סאטירע איז „טייפּס באליבטע, אפּאָנעם, פּאָרם", האָט זיך פולשטענדיק באַרעכטיקט אויך אין דער פּאָעמע. נאָך אין טייפּס פרײַיִקע לידער האָט י. דאָברושין דערזען די „געטרײַע זעלנער", וואָס זײַנען „גרייט געבן פײַער", ער האָט דערזען, ווי טייף „שטעלט אוף זייער געלונגען די סאטירישע טיפּן: די מאַדאם פּערלמוטער, די פריצטע פון דער פּאָעמע „אן אינטערעסאנטער צופאַל" און נאָך פילע געשטאַלטן", וואָס זײַנען ארויסגעקומען „לעבעדיק, בײַסיק און דעריקער כאראַקטעריסטיש". עמעס, דאָברושין האָט אויך אָנגעוויזן אַף אייניקע שוואכע זײַטן פון טייפּס סאטירע, וואָס דריקן זיך אויס אין דעם, וואָס דער דיכטער „געברויכט צופיל רייד" און אָנשטאָט „א גראָב טאָן טיפער אין די סאָציאַלע וואָרצלען", גיט ער זיך אָפּ מיט „שטייגערישן געמעל" און „עמפּירישער שילדערונג".

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט טייף אויסגעשליפן די מיטלען פון פּאראָדיע און סאטירע. ער ווערט לאקאָניש און קאָנצענטרירט, ער פאַרטיפט די סאָציאַלע כאראַקטעריסטיק פון זײַנע געשטאַלטן. אין דער פּאָעמע „דאָס געזאַנג וועגן ברידער" זעען מיר דאָס באזונדערס בוילעט, ווען ער מאָלט פון „פרײַסן-לאַנד דעם יונקער":

„אָ, נאכטיגאַל, מײַן נאכטיגאַל" —
האָט דאָ געוויס געזונגען
אין די לאַקירטע שטיוועלעך
פון פרײַסן-לאַנד דער יונקער.
ווו לעבסטו איצט? ווו זינגסטו איצט,
דו ריינער, שיינער אריער,
„אָ, נאכטיגאַל, מײַן נאכטיגאַל"
די מערדערישע אריע!
ווי הארציק פלעגסטו זינגען זי
אין אָוונט אפּן גאנעק
און קוקן אפן רויך, וואָס קנוילט
פון אוישוויץ און מײַדאנעק.
און איצטער זיצסטו ערגעץ שטיל
באַם טײַכל מיט דער ווענטקע,
און זונטיק, נאָך דער „גאָטעסדינסט"
טרינקסט ביר און שפּילסט א „ווענטען".
איך ווייס ניט, וואָס דערציילן וועסט
אין הימל פאַרן בעסדן,
נאָר פאַרגעדענק! ביזוואַן דו לעבסט,
איך האָב מיט דיר א כעזשבן.

דאָס איז סאטירע, וואָס פלעט און דעמאַסקירט.

טייפּס פּאראָדיע האָט מיט דער צײַט באקומען נײַע ניואַנסן. ס'איז צו איר אויך צוגעקומען לירישע איראָניע, וואָס באגלייט פיל מאָטיוון, דערונטער אפילו טראַגישע.

אינעם לירישן לידער-ציקל „דער שניי דער פּאראַיאַריקער" מאָלט טייף מיט צאַרטער איראָניע א בילד, ווי ס'טראָגט זיך פון הימל א רײַטוואָגן צום שטאָטישן טעאַטער, ווו ראָכל-לייע וועט זינגען, שפּילן אַף איר דודע... ווי דער אומגעריכטער גאַשמײַעסדיקער זאָג פון

פערעצעס באַנציע שוויַיג: „ווי איך טאקע אלע טאָג אינדערפרי א הייסע בולקע מיט פרישער פוטער!“, אזוי טוען א קלונג אין טייפס פּאָעמע די ווערטער:

אוי, עס בענקט זיך אין גאניידן נאָך א
טעלער קאשע,
נאָך דעם שאבעסדיקן קוגל און א גלעזל
מאשקע...

אזוי ווערט מיטאמאָל צעשטערט די הימל־ראָמאנטיק. ס׳טראָגט זיך א „רײַטוואָגן פון הימל“, און...

אף דער קעלניע זיצט א מאלעך מיט א
נאָז א רויטער,
זשליאָקעט בראנפן פון א פלעשל, ווי
דער גאזלען בויטרע.

ס׳גיט א קער דעם רײַטוואָגן פון הימל צו דער „זינ־דיקער ערד“, פון „אוילעמהאבע צו אוילעמהאזע“.

דינע לירישע איראָניע שטראָמט, ווי א שטיפעריש פרילינגדיק קוועלכל, אין „א געזאנג צו דיר, עסטערל“. די „צניִעסדיקע“ נאטור שטויסט זיך צונויף מיט דער „זינדיקער“ ערדישקײַט. א ווינטעלע צעשפילט זיך, רוישט, טרייסלט די צווײַגן, וועקט די בלעטער, זיי זאָלן א קוק טאָן אף אונטן, ווו ס׳טוט זיך „דיזן־דאזן, דאָס און יענץ“... און די בלעטער בעטן זיך באם ווינטעלע דעם „אזעספּאָנעם“, עס זאָל שווײַגן און לאָזן הערן, וואָס די פארליבטע ריידן...

נאָר דאָס ווינטעלע דער אקשן
טוט א כאפ די הייסע קושן,
טוט א ברי מיט זיי די צווײַגן,
יעדער בלעטל אפן בוים.
וויגן זיך די צווײַגן, וויגן,
שושקען זיך די בלעטער, שושקען,
אך ווי גוט, ווי גוט — א כיִעס!
אוי, דו ווינטעלע באָסיאק...

טייף איז פארוואָרצלט אין דער פאָלקסטימלעכער שעפערישער טראדיציע, עס גייט אים נאָך דער „מאמעס מײַסעלע פון קינדער־יאָרן“. עפשער דערפאר האָט ער זײַנע ערשטע לידער געשריבן אין פאָלקלאָרישן טאָן. דער פאָלקלאָר לערנט, ווי צו ריידן וועגן גרויסע גע־שעענישן אײַנגעהאלטן, פּאָעטיש, אומיטלבאר.

ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק איז פון
פערד אראָפּגעקראָכן,
האָבן אלע געוויינט פון פרייד,
ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק האָט
געשטעלט א טראָט,
זײַנען אָנגעלאָפן קינד־און־קייט.

אזוי האָט ער אין זײַן ערשטער ליד „עלפטער יול 1920“ באזונגען די היסטאָרישע באגעגעניש מיט די טיילן פון דער רויטער ארמיי אינעם באפרײַטן מינסק. די דאָזיקע ליד איז ארײַן אין אונדזער נײַעם פאָלקלאָר.

קולבאק, כאריק, טייף האָבן אין דעם פורעם פון דער ייִדיש־ווײַסרוסישער פאָלקסליד ארײַנגעגאָסן א נײַעם אינהאלט, פונקט ווי מארקיש, קוויטקאָ, פעפער האָבן אָנגעזעטיקט מיט נײַעם אינהאלט דאָס ייִדיש־אוקראיִנישע פאָלקס־געזאנג.

טייף פארפאסט פאָלקסטימלעכע מײַסעלעך און לע־גענדעס און וועבט זיי ארײַן אין זײַנע באלאדעס און פּאָעמעס.

דאָס איז ניט קיין סטיליזירטער פאָלקלאָר. טייף איז שטארק ניט אינעם סטיליזירן די פאָלקס־מײַסע, נאָר אינעם אויסדיכטן זי אפסנײַ. דאָרט, ווו ער שאפט זי אפסנײַ, איז ער בעעמעס דערפינדעריש.

...„האָט געלעבט אמאָל א שנײַדערל, האָט זיך אים געכאָלעמט א כאָלעם, דעם שנײַדערל, אז אינמיטן וועג שטייט א בוים, א יונג ביימעלע און אפן ביימעלע הענגט אן עפעלע, א גינגאָלדן עפעלע...“ אזוי ווערט דערציילט אין פאָלק. און בא טייפן טרעפן זיך צונויף צום ערשטן מאָל דאָס „גאָלדן עפעלע“ פונעם טראדיציאָנעלן ייִדישן מײַסעלע מיטן רוסישן „יאבלאָטשקאָ“, אוןביידע קײַק־לען זיך שוין צוזאמען:

עך, דו, יאבלאָטשקאָ,
עפּל רוסישער,
דײַנע בעקעלעך
נאָר צעקושן זיי.
. . . . . . . . .
עך, דו, יאבלאָטשקאָ,
סאמעט קעפעלע,
קײַקל זיך אף גאָרער וועלט,
גאָלדן עפעלע.

(„דאָס גאָלדענע עפעלע“)

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט טייף פּראָקלאמירט אין אונדזער דיכטונג: „א וועג דעם אינסטרומענט! פאר אים אן אָרט א ברייט־געראמען!“, ווײַל דעם אינסטרו־מענט, די מוזיק איז ניט אָפּצוטיילן פונעם לעבן.

אָט, לעמאָשל:

וואָס איז, ברידער, א באיאן
פאר א פויער פון ריאזאן?
דאָס איז קאָרן, היי און וויקע,
דאָס איז פעלדער זילבער־גריקע,
דאָס איז בלינעס, דאָס איז שמאלץ
און כאזיירימלעך, און זאלץ.
דאָס איז פוטער, דאָס איז האָניק,
דאָס איז אלץ!
אלץ!
אלץ!
דאָס איז, ברידער, א באיאן
פאר א פויער פון ריאזאן.

(„דער סטארשינא צאלע שיק“)

אליין דעם דיכטער האָט „דער פרילינג אָנגעצייכנט“, אז „אלע נאכט זאָל אים צוקאָפּנס שפּילן א גאָלדענער וויִאָלאָנטשעל“...

זײַן פּאָעמע „א ראָמאנטישע נאכט“ איז געבויט ווי א מוזיקאלישע סימפאָניע. טייף האָט צעשטעלט זײַן אָרקעסטער: פויקן — אף דער ברעט; פלייטן — אף די פענצטער; קאָנטראבאסן — אפן בעט; גלעקלעך — אף דער טומבע; פײַפיאָלן — אפן טיש; פידלען — אף דער שוועל; טרומייטערס מעשענע — „ערלעכע פלע־בייען“ — אפן אויוון. און אָט הייבט זיך אָן די סימ־פאָניע, ווי געוויינלעך, פון אן ארײַנפיר — א מין אלעג־ראָ מיט א דינאמישן ריטם און קאָנפליקט: „די קאָנ־טראבאסן מיט די פידלען קריגן זיך פאר ייִכעס“... די אלעגראָ וואקסט אריבער אין א לירישן געזאנג: עס זינגט דער ארמענישער אשוג סאיאט נאווא, עס זינגט יויסעף באָוושאָווער זײַן „רעוואָליוציאָן!“...

נאָכדעם קומט דער קאָנטראסטירנדיקער טייל — די סקערצאָ. דער אָרקעסטער גייט אריבער אין אָנגריף. די

אינסטרומענטן ווארפן זיך אפן „פענדזל לאקערמאן" — דעם „קעניג פון די כאלטוריסטן":

קאָנטראבאסן גיבן פײַער,
טאצן קײַקלען אים אין שטרויי,
און מײַן קליינער פויקל הודעט:
גוט אזוי! גוט אזוי!

די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט א סימפּאָנישן פינאל: ס'הייבט אָן שאַרײַען, ס'קומט דער טאָג.

שוין א סאך יאָרן פאַריבער, זינט דער דיכטער האָט אויסגערופן: „זאָל לעבן מײַן אָרקעסטער!" און זײַן אָרקעסטער לעבט, די קיילים שפּילן, און וואָס אמאָל מיט נאָך ריינערן קלאַנג.

די טיפקײַט פון טייפס לידער ווארפט זיך ניט אין די אויגן, פון זיי שפּארט ניט ארויס דער „ערודיט", און פאַרט גייט זײַן פּאָעזיע פון א גרויסער טיף. פון וועלכער? פונעם הארצן.

פארשטייט זיך, אז נאָך פערציק יאָר שאַפן איז טייף גוט געשולט אין הילכעס פאָרם. ער פּרוּווט דאָס וואָרט, ווי דער פויער פּרוּווט אף די ציין דאָס קערנדל. מיט זײַן פּאָעטישער דורכדרינגלעכקײַט דערמאָנט ער אויף דעם מײַסטער — דעם זייגערמאכער, וואָס פּיקט געניט מיט זײַן פּינצעט אין סאמע „הערצל"... באַלע־רעוודיק, ווי טייף לייענט איצט אפּסניי איבער זײַנע פּרידערדיקע ווערק: ווו ס'איז נייטיק — קירצט ער, ענדערט, ניט אָנרירנדיק דערבײַ דעם אָטעם פון יענער צײַט, ווען זיי זײַנען געשאַפן געוואָרן. ער ארבעט אף דער „קורצער ליד", ווו יעדעס וואָרט — „ווי גליד צו גליד, ווי צאָן צו צאָן — א פעסטע שורע".

פאַרן וואָרט פילט ער אכרײַעס: „פּאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט — הייסט פּאַרזיכטיק זײַן מיטן הארצן".

ער ווייסט, וואָס איז אזוינס א גוטע ליד:

א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
אווו ס'איז דאָ א דאך און א פונדאמענט,
אווו ס'איז דאָ א פענצטערל, וואָס ווײַזט
העט־ווײַט א שליאך א ברייט־געראמען.
א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
אווו עס ווילט זיך לאנג פארברענגען,
און ווען דו גייסט פון איר ארויס,
דו וועסט די שטוב נאָך לאנג געדענקען.
א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
דאָרט ערגעץ צווישן בערג פארשנייטע,
וווהין א פײַערל דיך ציט,
וואָס וועט דיך לאנג אין וועג באגלייטן.

אזעלכע זײַנען טאקע מוישע טייפס גוטע לידער: היימלעכע, מיט א פענצטערל, מיט א פײַערל...

די היימלעכקײַט פון טייפס לידער האָט צוגעצויגן ניט איין רוסישן איבערזעצער. זײַן בוך „אויסדערוויילטעס", וואָס איז דערשינען אין 1958, האָבן איבערזעצט אָנגע־זעענע רוסישע דיכטער. איצט איז דערשינען זײַן נײַ בוך לידער „טקיעס־קאף" אין דער פּרעכטיקער איבער־זעצונג פון יונא מאָריץ. אָט דאָס בוך באַשײַנט דעם זעכציקיאָריקן יובילײ פונעם דיכטער.

צי איז ניט פאראן אזוינס, וואָס טייף דארף בײַקומען?

געוויס, פאראן. ס'טרעפן זיך אין זײַן דיכטונג „אל־געמיינע ערטער". אף דעם האָט דאָוויד בערגעלסאָן נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן אָנגעוויזן טייפן, „דעם זעלב־שטענדיקן דיכטער, וואָס גייט מיט זײַן אייגענעם וועג". ס'טרעפט נאָך, ווען די ריטאָרישע פראזע פאַר־פלייצט זײַן ליד. אָפט טראָגט זי מיט זיך אייגנארטיקע פּאָעטישע עמאָציאָנעלקײַט, און צומאָל ווערט זי דאָך אָן דאָס עמאָציאָנעלע, ניט געקוקט אף אירע הויכע טענער. אין אזעלכע פאלן איז טייפס שטילער לירישער פראַגעצייכן שטארקער פונעם אויסרופצייכן...

קימאט אין טייפס יעדער פּאָעמע קאָן מען זען, ווי ס'פלעכט זיך איבער דאָס עפּישע און דאָס לירישע, דאָס רעאליסטישע און ראָמאַנטישע, דאָס מאָלערישע און פּאָעטיש־פּובליציסטישע, — מיט אָט דעם זשאַנע־רישן סינטעז איז פארבונדן די אייגנארטיקײַט פון זײַנע פּאָעמעס, נאָר אמאָל — אויך די געוויסע א י י נ א ר־ט י ק ײַ ט, ווען די לירישע אַפּוועגדונג הייבט אָן דאָ־מינירן איבער דער סוזשעטישער האנדלונג.

טייפס אָפטע טראגישע דערינערונג שטייט געוויס ניט אויסער דער דראמאטיק פון אונדזער הײַנט. נאָר אמאָל טרעפט מיט אים, ווי מיטן העלד פון זײַן ליד „וואָרצ־לען": א שטאָט טליעט אין רויך און אין אש. גאנץ געבליבן, ווי אין „מײַסעלע א נעס", איז בלויז א גע־סעלע... דאָרט אין א שטיבל זיצט אײַנגעבויגן בא א טישל אן ארכיטעקטאָר. ער צייכנט אף א בויגן דעם „נײַעם קערפּער פון דער שטאָט" און טראכט דערבײַ, וואָס טאָן מיטן גאנץ געבליבענעם געסעלע. עס פאַר־מעקן? דער ארכיטעקטאָר האָט דאָס געסל ניט אָנגע־רירט — „ער ווייסט אליין ניט, ווי זײַן געסל באַקומען האָט זיך אינדערמיט"...

טייף איז ענלעך אף אָט דעם ארכיטעקטאָר. די דע־רינערונג איז פארבליבן ניט גערירט, און וואָס ער זאָל ניט אופבויען, פארנעמט זי אָפּט דעם „אינדערמיט"...

נאָר אָט איז זײַן ליד „צײַטיקע קארשן". א דיכטער גייט געפינען זײַן ליד, א מאָלער זײַן בילד, א פידלער — זײַן קלאנג, זיי זוכן דעם וועג פון זייער שאפונג. גייט מען אזוי לאנג, ביז מע קומט הינטער דער שטאָט, צו א גרוב. קומט מען און מע שווײַגט.

— זאָג, דיכטער, ניט שווײַג!
האָסט געפונען דײַן ליד?
— געפונען... מײַן מוטער דאָ ליגט...
— זאָג, מאָלער, ניט שווײַג!
האָסט געפונען דײַן בילד?
— מײַן קינד איז דערהארגעט דאָ ווילד...
— היי, פידלער, ניט וויין!
האָסט געפונען דײַן קלאנג?
— איך הער דאָ מײַן קאלעס געזאנג...

האָבן זיי שוין געפונען דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט? ניין, זאָגט טייף, מע דארף גיין ווײַטער:

ווו איז ער, דער וועג? דער וועג רופט אהין,
אווו אונדזער שטאָט שײַנט זומערדיק־גרין,
ווו צײַטיקע קארשן דערמאָנען אין שטוב
א בלוטיקן טאמוז באם הייליקן גרוב...

דאָס איז א ריכטיקע לייזונג פון דער שעפערישער פּראָבלעם. מע דארף, ווי דאָס האָט אויך שמואל האלקין געשריבן אין זײַנע „טיפע גריבער, רויטע לײם", אז „דער ווי זאָל ניט אריבער", — מע דארף גיין אויך ווײַטער, צום לעבן!



# א שמועס מיט נאטאן אלטמאנען

## (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג)

גרויסער קינסטלער — א גרויס לעבן. אין זײַן גערואַמען, ליכטיקן ווארשטאַט באַווײַזט אונדז נאטאן אלטמאַן בילדער און סקולפּטורן, וואָס ער האָט געשאַפן. פיל פון זיי זײַנען אויסגעשטעלט אין די מוזייען פון גאָר דער וועלט — אין פסםר, אמעריקע, פראנקרײַך, יאפּאַניע, שוועדן, פינלאנד און א סאך אנדערע לענדער. אָט זײַנען רעפּראָדוקציעס פון די באַוווסטע בילדער „די באָבע“, „דאָס מיידל מיטן הונט“, „דער פּאָרטרעט פון אנא אכמאטאָווא“, וואָס ווערן עקספּאָנירט אינעם רוסישן מוזיי אין לענינגראד. אָט איז א קאָפּיע פון דעם בילד „די פרוי באם ראַיאל“, וואָס געפינט זיך אין דער טרעטיאקאָווער גאלעריי. די סקולפּטור „א קאָפּ פון א יונגן ייִדן“ איז געווען אויסגעשטעלט אין פּאריזש. אין ווינקל, אפן ביכער־טישל שטייט די רעפּראָדוקציע פונעם „פּאָרטרעט פון אן אלטן ייִדן“ — א ווערק, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר אלטמאנס יוגנט־פּעריאָד. אין דעם דאָזיקן בילד האָט זיך שוין בוילעט אַנטפּלעקט די שטרעבונג פונעם קינסטלער צו הויכער רעאַליסטישער קונסט.

אין צענטער פונעם ווארשטאט שטייט אונטער א צודעק איינע פון די לעצטע און באדײַטנדיקסטע ארבעטן פונעם קינסטלער — זײַן נײַע לענין־סקולפּטור, די, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאר דער אויסשטעלונג „דער סאָציאַליסטישער לענינגראד“. דער אויסשטעלונג־קאָמיטעט האָט הויך אָפּגעשאצט די דאָזיקע ארבעט און באשטימט אָפּגיסן די סקולפּטור אין בראָנזע.

נאטאן אלטמאנס סקולפּטור־פּאָרטרעט פון לענינען האָט א גרויסע און אינטערעסאנטע געשיכטע. דער ערשטער וואריאַנט פונעם דאָזיקן פּאָרטרעט איז געשאפן געוואָרן פון דער נאטור, אין לענינס קאבינעט אין קרעמל.

דאָס איז געווען אָנהייב 1920. סיהאָט זיך דערנעענטערט לענינס 50־טער געבורטסטאָג. דער מעלוכע־פארלאג האָט פאָרגעלייגט אלטמאנען שאפן לענינס פּאָרטרעט. דער קינסטלער האָט מיט פרייד אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. ער האָט שוין לאנג געטרוימט וועגן דעם. אָבער ווי דערשלאָגט מען זיך, אז וולאדימיר איליטש זאָל פּאָזירן דעם קינסטלער? אלטמאן האָט זיך געווענדט צום פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג אנאטאָלי וואסיליעוויטש לונאטשארסקי.

מיט אנאטאָלי וואסיליעוויטשן איז אלטמאן געווען באקאנט נאָך פון די יאָרן, ווען ער האָט געלעבט אין פּאריזש און לונאטשארסקי האָט זיך דאָרט געפונען אין עמיגראציע. גלײַך נאָך דער רעוואָליוציע האָט אלטמאן געארבעט אין בילדונג־קאָמיסאריאט, פריִער אלס מיטארבעטער און דערנאָך אלס שעף פונעם אָפּטייל פאר פּלאסטישער קונסט. ער פלעגט זיך אָפט זען מיטן פאָלקס־קאָמיסאר. אין 1919—1920 האָט ער געקלעפּט לונאטשארסקיס סקולפּטור־פּאָרטרעט.

איינמאָל, ווען דער קינסטלער איז געקומען צו לונאטשארסקין, האָט ער דערהערט:

— נאטאן איסײַעוויטש! אלץ איז אין אָרדענונג.

ס׳האָט זיך ניט געגלייבט.

אים, נאטאן אלטמאנען, דעם זון פון די אָרעמע און קרומע וויניצער געסלעך, איז דעם ערשטן באשערט צו מאָלן לענינען פון דער נאטור. עמעס, וולאדימיר איליטש האָט ניט אײַנגעשטימט פּאָזירן, ער האָט נאָר דערלויבט, אז דער קינסטלער זאָל קומען צו אים אין קאבינעט ארבעטן. זאָל ער טאָן, וואָס ער דאַרף, זיי וועלן איינער דעם צווייטן ניט שטערן.

פּאָשעט און נאטירלעך איז פאָרגעקומען די ערשטע באקאנטשאפט.

דער קינסטלער, וואָס איז געקומען פארפרי אין לענינס קאבינעט, האָט אויסגעקליבן אן אָרט, פונוואנען ער זאָל קאָנען גוט זען לענינען בא זײַן שרײַבטיש. ער איז געשטאנען גרייט אָנצוהייבן זײַן ארבעט, ווען עס האָט זיך פּלוצעם געעפנט די טיר, וואָס פירט אין קאָרידאָר, און אין קאבינעט איז ארײַן וולאדימיר איליטש.

— גוטמאָרגן, כאווער אלטמאן! — האָט לענין זיך באגריסט און אוועקגעזעצט זיך באם טיש, אף וועלכן עס זײַנען געלעגן די זײַטלעך פון זײַן קומענדיקער ארבעס „די קינדער־קרענק פון „לינקײַט“ אינעם קאָמוניזם“. דער קינסטלער האָט זיך גענומען קנעטן די ליים.

אָט אזוי, פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט לענינען, האָט אלטמאן געארבעט זעקס וואָכן — אלע טאָג פון צען אינדערפרי ביז פינף פארנאכט.

בייס וולאדימיר איליטש פלעגט שמועסן מיט די באזוכער, איז דעם קינסטלער געווען גרינגער צו ארבעטן: ער האָט דאן געזען לענינען אין פארשיידענע ראקורסן.

לענין האָט זיך אינטערעסירט מיט דער ארבעט פונעם קינסטלער, פלעגט אָפט מיט אים שמועסן. אלטמאן האָט געשענקט לענינען זײַן ארבעט — א בארעליעף פון כאלטורינען. לענינען איז ער שטארק געפעלן געוואָרן. ביז הײַנטיקן טאָג שטייט דער בארעליעף לעבן פּאָרטרעט פון מארקסן אפן ווענטל פונעם דיוואן אין לענינס קאבינעט אין קרעמל.

בייס נאטאן אלטמאן האָט געארבעט איבער דער סקולפּטור, איז געשען אזא עפּיזאָד:

אין דרויסן זײַנען שוין געשטאנען ווארעמע טעג, און די ליים פלעגט גיך טריקענען. די סקולפּטור האָט מען אָפט באדארפט באנעצן. איינמאָל האָט אלטמאן געמוזט אוועקגיין, און ער האָט געבעטן לענינען, מ׳זאָל מאָרגן ביז זײַן קומען באנעצן די סקולפּטור. וולאדימיר איליטש האָט עס פארגעדענקט. אפן צווייטן טאָג אינדערפרי האָט ער געבעטן די מיטארבעטערן פון סעקרעטאריאט נא־

סאשא לעפּעשינסקאיא אריַינטראָגן קאלט וואסער. ווען זי האָט געבראכט דאָס וואסער, הערט זי פּלוצעם אזא ביטע:

— זײַט אזוי גוט, גיסט עס אויס אף מײַן קאָפּ...

נאטאשע האָט זיך פארלוירן. זי איז צוגעגאנגען מיטן וואסער גאָר נאָענט צו לענינען. ער האָט אף איר א קוק געטאָן און זיך פאנאנדערגעלאכט:

— ניט אף מײַן קאָפּ, נאטאשע, גיסט אף יענעם קאָפּ, אונטערן לײַוונט!

לענין האָט דערנאָך דערציילט וועגן דעם אלטמאנען און דערבײַ ווידער שטארק געלאכט.

ווען די סקולפּטור איז שוין געווען פארטיק, האָט לענין זיך געזעגנט מיט אלטמאנען. ער האָט געווונטשן דעם קינסטלער גליק און שעפערישע דערפאָלגן, אים באדאנקט פארן אלבאָם מיט די צייכענונגען, וועלכע אלטמאן האָט געשאפן פאר די זעקס וואָכן. דער אלבאָם ווערט ביז הײַנט אָפּגעהיט צווישן לענינס ביכער אין קרעמל.

די לענין־סקולפּטור האָט נאטאן אלטמאן געשאפן, ווען ער איז שוין געווען א רײַפער און ברייט־באוווסטער קינסטלער. צו יענער צײַט האָט ער שוין געהאט א ריי אויסשטעלונגען אין רוסלאנד, פראנקרײַך און אנדערע לענדער. זײַנע בילדער „א ייִדישע לעווײַע“, „די מוטער“, „א קלויסטער“, „די באָבע“, „א פּאָרטרעט פון אן אלטן ייִדן“, „די פרוי באם ראַיאל“ האָבן שוין געהאט א שעם אין דער וועלט. זייער אָפט האָט מען געקאָנט באגעגענען דעם נאָמען פונעם קינסטלער אף די שפּאלטן פון צײַטונגען און זשורנאלן. די יאָרן ביז דער רעוואָליוציע זײַנען פאר נ. אלטמאנען כאראקטעריסטיש מיט פארשיידענע שעפערישע זוכענישן, נאָר אין טאָך בלײַבט ער שטענדיק א רעאליסט. ווען איר קוקט זיך אײַן אין די מענטשן אף נאטאן אלטמאנס בילדער, דאכט זיך אײַך, אז אף זייערע פּנעמער איז צעגאָסן אן אינערלעכער שמייכל. דער מענטשלעכער שמייכל — דאָס איז אלטמאנס שטענדיקער מיטגייער אף זײַן רײַכן שעפערישן וועג. פון דעם האָט ער אָנגעהויבן, ער האָט געזוכט דעם שמייכל אפן מענטשלעכן פּאָנעם.

אין דער פּראָווינציעלער וויניצע, ווו נאטאן אלטמאן איז דעם 22 דעקאבער 1889 יאָר געבוירן געוואָרן און ווו ער איז געוואקסן, האָט ער ניט געהאט בא וועמען זיך צו לערנען מאָלן.

צו צוועלף יאָר שיקן אים די עלטערן אוועק זיך לערנען אין דער אָדעסער קונסט־שול. נאָכן פארענדיקן די שול פארברענגט ער א קורצע צײַט אין דער היים, און אין 1910 פאָרט ער אוועק קיין פּאריז פארפולקומען זײַן מײַסטערשאפט אין דער קונסט־אקאדעמיע. אין 1913 קערט ער זיך אום קיין רוסלאנד, קיין פּעטערבורג. ער ברענגט מיט זיך א ריי אלבאָמען פון זײַנע אויסשטעלונגען. אין יענע יאָרן זוכט נאָך אלטמאן זײַן אייגענעם וועג. צווישן אנדערס פארנעמט ער זיך דאן מיט אויסזוכן נײַע נאציאָנאלע פאָרמען פאר דער ייִדישער גראפיק. ער שאפט פארשיידנארטיקע אָרנאמענטן, שארבלעטער פאר ביכער. די דאָזיקע ארבעטן זײַנען שפּעטער אופגעזאמלט געוואָרן אינעם ספּעציעלן אלבאָם „ייִדישע גראפיק“. זיי זײַנען אים צוניץ געקומען אויך באם אילוסטרירן די ווערק פון שאָלעם־אלייכעם, האָפשטיין און אנדערע שרײַבער.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געעפנט פארן קינסטלער ברייטע האָריזאָנטן. מיט זײַן גאנצן וועזן האָט ער זיך אײַנגעשלאָסן אין דער בויונג פון דער סאָוועטישער קונסט. אין שפּיץ פון א באדײַטנדיקער גרופּע קינסטלער פארנעמט ער זיך מיט דער יאָמטעוודיקער באפוצונג פונעם גרויסן פּאלאץ־פּלאץ אין פּעטראָגראד צום ערשטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ער נעמט אָנטייל אין דער קינסטלערישער אויספאָרמירונג פון א ריי מאסן־אינסצענירונגען אין פּעטראָגראד. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון זײַן ארבעט אלס טעאטראלער־קינסטלער. אין 1920 יאָר ארבעט ער צוזאמען מיט וואכטאנגאָוון אינעם טעאטער „האבימאָ“. ביז הײַנטיקן טאָג גייט דער ספּעקטאקל „האדיבוק“ אין אלטמאנס קינסטלערישער אויספאָרמירונג. אין 1921 שאפט ער די דעקאראציעס צו וולאדימיר מאיאקאָווסקיס „מיסטעריע בוף“..

פונעם ערשטן טאָג אָן, זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „גאָסעט“, און ביזן 1928 ארבעט נאטאן אלטמאן אלס הויפּט־קינסטלער פונעם טעאטער. פאר דער צײַט האָט ער קינסטלעריש אויספאָרמירט די ספּעקטאקלען „אוריִעל אקאָסטא“, „דאָס צענטע געבאָט“, „טרואדעק“. אין 1932 יאָר נעמט ער אן אקטיוון אָנטייל אלס קינסטלער אין דער ארבעט איבערן ספּעקטאקל „דער פאנצערצוג 69־14“ פון וו. איוואנאָוו אינעם פּאריזשער אינטערנאציאָנאלן טעאטער.

ניט איין מאָל האָט די טעאטראלע קריטיק אָפּגעצייכנט נאטאן אלטמאנס בעסטע ארבעטן אין טעאטער: „אָטעלאָ“ (1944), „גאמלעט“ (1954), „די זיגער פון דער נאכט“ פון אי. שטאָק (1950), „טריסטאן און איזאָלדא“ פון א. ברושטיין (1946).

נאטאן אלטמאן איז אויך אקטיוו טעטיק אלס קינסטלער אין קינאָ. צוזאמען מיט ש. מיכאָעלסן און מ. גראנאָווסקין האָט ער אין 1925 יאָר געשאפן דעם פילם „ייִדישע גליקן“. אין 1957 יאָר האָט ער געארבעט אף דער קינסטלערישער אויספאָרמירונג פונעם פילם „דאָן קיכאָט“ אין דער שטעלונג פון ג. קאָזינצעוו.

פילארטיק און פרוכטבאר איז די שעפערישע טעטיקײַט פונעם קינסטלער פאר די סאָוועטישע יאָרן. ניטאָ אזא געביט פון דער קינסטלערישער שאפונג, אין וועלכן נאטאן אלטמאן זאָל ניט אָנטיילנעמען. אין 1920 שאפט ער איינעם פון די ערשטע סאָוועטישע דענקמעלער — דאָס איז דער דענקמאָל רענטגענען אנטקעגן דעם רענטגען־אינסטיטוט אין לענינגראד. ער נעמט אפילע אָנטייל אינעם קאָנקורס אף שאפן די ערשטע סאָוועטישע פּאָסט־מארקעס און באקומט די ערשטע פּרעמיע.

דאָס באדײַטנדיקסטע אָרט אין נאטאן אלטמאנס קינסטלערישער שאפונג פארנעמט זײַן פּאָרטרעטן־גאלעריי: די סקולפּטורן פון וו. אי. לענין, ס. כאלטורין און א. לונאטשארסקי, די קינסטלערישע פּאָרטרעטן פון א. טאָלסטאָי, אי. באבעל, אי. ערענבורג, אנא אכמאטאָווא, מיכאָעלס, זוסקין, דאָברושין און פיל אנדערע.

צו זײַנע 75 יאָר איז דעם קינסטלערס אויג נאָך קלאָר און זײַן האנט איז בעקויעך נאָך א סאך אופצוטאָן.

— וואָס קלײַבט איר זיך טאָן, נאטאן איסײַעוויטש?

— ארבעטן! — ענטפערט דער ערן־מיטגליד פון דער לענינגראדער אָרגאניזאציע פון קינסטלער. ער גרייט זיך אקטיוו אָנטיילצונעמען אין דער זאָנאלער אויסשטעלונג „דער סאָציִאליסטישער לענינגראד“. ער גרייט אויך צו זײַן יובילײ א נײַע פּערסאָנעלע אויסשטעלונג.

— ארבעט קלעקט איבערן קאָפּ, — זאָגט מיט א שמייכל נאטאן אלטמאן.

זאלמען קאהאן

# שמועל פּערסאָוו

ער וואָלט איצט אלט געוואָרן 75 יאָר. ווען ער ווערט ניט פאַרשניטן צוריק מיט 12 יאָר, וואָלט ער שוין געווען, הייסט עס, אַן עלטערער מענטש. עס איז אָבער שווער, זייער שווער פאָרצושטעלן זיך שמועל פּערסאָוון ווי אַן אלטן, ווי א זאָקן. כאָטש ער איז פרי גראָו געוואָרן, האָט זײַן זילבערנער קאָפּ האָר אויסגעצייכנט געפּאָרט זיך מיט די יונגע לעבעדיקע אויגן, מיט דער אויסערגעוויינלעכער גײַציקײַט צום ארומיקן לעבן, צו אינטערעסאַנטע מענטשן. אים האָט געצויגן צום הײַנטיקן טאָג. און אין דעם איז באַשטאַנען די יונגקײַט זײַנע.

פּערסאָווס לעבן איז געווען רײַך מיט געשעענישן און ווײַט ניט קיין גרינגס. געבוירן איז ער אין 1889 יאָר, אין שטעטעלע פּאָטשעפּ, געוועזענע טשערניגאָווער גובערניע. אין דער פריִער יוגנט נאָך האָט ער פאַרזוכט דעם טאַם פון ביטערער נויט. אויסגעפּרווט פאַרשיידענע מעלאָכעס, געמאַטערט זיך אָף צו פאַרדינען דאָס בידנע שטיקל ברויט. צו 17 יאָר געצוווּנגען געווען עמיגרירן קיין אמעריקע. געאַרבעט אין שאָפּ, געווען א ליפטיאָר אין אַן אוניווערמאַג. אין 1909 יאָר אָפּגעדרוקט אין אמעריקע די ערשטע דערציילונג. אײַנגלידערן זיך אָבער אין אַמעריקאַנער אַרט לעבן איז ער ניט אימשטאַנד געווען, ער האָט שטאַרק געבענקט אַהיים און אין 1910 זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד. וואָס האָט ער ניט איבערגעטאָן! אַן אָנגעשטעלטער אין א לײַ־ און שפּאָר־קאַסע, א ביבליִאָטעקער. בעשאַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע טעטיק געווען אין די הילפס־אָרגאַניזאַציעס צווישן די „בעזשענצעס". נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געאַרבעט אין פאַרשיידענע בילדונגס־אַנשטאַלטן. אין 1918 שוין געדרוקט זיך אין דער ייִדישער קאָמוניסטישער פּרעסע. אין 1920 איז דערשינען דאָס ערשטע ביכל זײַנס „שערבלעך", וווּ ער האָט אָף א סאַטירישן אופן באַוויזן די שערבלעך פונעם אַמאָל און שאַרף זיי פאַרורטיילט. אזוי האָט ער אָנגעהויבן, אזוי האָט ער פאָרגעזעצט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס: האַס צום אָפּשטאַרבנדיקן, וואָס פּרווט זיך קעגנשטעלן די פרישע, אופגעקומענע קויכעס אין דער געזעלשאַפט, האַרציקע, אייפערדיקע ליבע צו אַלדאָס נײַס, וואָס די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט מיט זיך געבראַכט.

פּערסאָווס פילצאָליקע גרעסערע און קלענערע פּראָזעווערק זײַנען ניט אַלע פון איין און דעם זעלבן קינסטלערישן ווערט. פאַראַן שטאַרקערע און שוואַכערע. אָבער אַלע זײַנען זיי אָנגעהויכט מיטן אָטעם פון אונדזער עפּאָכע.

איז קיין כידעש ניט, וואָס שמועל פּערסאָוו איז געוואָרן אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור דער ערשטער מײַסטער פון דער קינסטלערישער פאַרצייכענונג, פון דעם סאַמע אָפּעראַטיוון זשאַנער. זײַנע פאַרצייכענונגען וועגן מאָסקווער מעטראָ, וועגן א ריי העלדן פון סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַן גרויסער דאָקומענטאַלער בוך וועגן דער אוראַלער מעטאַלורגן־שטאָט ליסווע טיילן זיך אויס מיט פאַקטן־אָנגעזאַפּטקײַט. פּערסאָווס פאַרצייכענונג איז שטרענג, קאָנקרעט, אָן איבעריקע פליטערלעך, אַמאָל איז זי אַפילע שוין צו זאַכלעך, נאָר זי לאָזט איבער א טיפן אײַנדרוק, ווײַל דער שרײַבער ווײַזט אײַך א שטיק לעבעדיקע סאָוועטישע ווירקלעכקײַט. די ייִדישע פּערסאָנאַזשן זײַנען בא אים, פונקט ווי אין לעבן, געקניפּט און געבונדן מיט זייערע רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע כאַווײרים. עכטער אינטערנאַציאָנאַליזם איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פּערסאָווס שאַפונג.

שמועל פּערסאָוו איז געגאַנגען פון דער דערציילונג צו דער פאַרצייכענונג און פון דער פאַרצייכענונג צו דער קינסטלערישער פּראָזע. אומדערמידלעך האָט ער געזאַמלט מאַטעריאַל. און עס איז גאַנץ מעגלעך, אז וואָלט ער ניט אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען, וואָלט ער נאָך געקומען מיטן גרויסן נאָכמילכאָמעדיקן ראָמאַן, מיט דער קינסטלערישער פאַראַלגעמיינערונג פון זײַן גרויסער לעבנס־דערפאַרונג.

פּערסאָוו איז געווען ביז גאָר א באַשיידענער מענטש, נישט ליב געהאַט דערציילן וועגן זיך. טאַקע דערפאַר ווילן מיר פאָרלייגן דעם לייענער א פּאָר בלעטלעך זיכרוינעס, אָנגעשריבן פון א מענטשן, וועגן וועלכן פּערסאָוו האָט אַליין אַמאָל געשריבן. דאָס איז סטעפּאַן יאַקימאָוויטש פּאָדאָיִניצין, א געוועזענער אַרבעטער, אַן אַלטער קאָמוניסט, א רוס לויט דער נאַציאָנאַליטעט, אַן אָנגעזעענער סאָוועטישער ווירטשאַפטלער (איצט איז סטעפּאַן יאַקימאָוויטש שוין אַלט אַריבער זיבעציק, א פּענסיאָנער). אונדז דוכט, אז פון פּאָדאָיִניצינס לעבעדיקע אײַנדרוקן ווערט נאָך קלאָרער דאָס געשטאַלט פון דעם זעלטענעם מענטשן און שרײַבער שמועל פּערסאָוו.

## אָט אזא געדענק איך אים



עגן דעם שרײַבער פּערסאָוו האָב איך זיך דערוווּסט סאָף 1935. איך האָב דעמלט געאַרבעט אין דער סאָוועטישער האַנדלס־פאָרשטייערשאַפט אין ענגלאַנד. א כאַווער, וועלכער איז געקומען צו פאָרן פון מאָסקווע, האָט מיר געבראַכט א בריוו פונעם שרײַבער. פּערסאָוו האָט מיר געגעבן צו וויסן, אז לויט דער איניציאַטיוו פון גאָרקין דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן א סעריע ביכער — די געשיכטע פון פאַבריקן און זאַוואָדן. אים האָט מען פאַרטרויט צו פאַרנעמען זיך מיטן ליסווער מעטאַלורגישן זאַוואָד. און אזוי־ווי איך בין געווען דער ערשטער סאָוועטישער דירעקטאָר פון אָט דער אונטערנעמונג, בעט ער מיך פאַרצייכענען און צושיקן אים מײַנע דערינערונגען.

עס האָט מיך דערפרייט, וואָס מײַן ליבע היים, מײַן זאַוואָד, וווּ איך האָב נאָך ייִנגלווײַז געאַרבעט, איז צווישן די, וואָס וועלן אַרײַן אין דער געשיכטע פון זאַוואָדן. ער האָט דאָס פאַרדינט. ליסווע האָט געהערט צו די גרעסטע צענטרען פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אָפן אוראַל. אין 1905 איז דאָ פאָרגעקומען דער ערשטער אין דער געגנט פּאָליטישער שטרײַק. אין די שלאַכטן

פאר דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ליסווער זאוואָד געשעמט אלס דער „אוראלער קראָנשטאדט". די ארבעטער פונעם זאוואָד האָבן ניט ווייניק העלדישע מייַסים באוויזן, שלאָגנדיק זיך קעגן דער קאָלטשאקישער קאָנטררעוואָליוציע. שפּעטער האָבן זיי ארויסגעוויזן א סאך מעסירעסנעפעש באַם אופשטעלן און רעקאָנסטרויִרן דעם זאוואָד.

מיך האָט אויך דערפרייט, וואָס א שרייַבער פון מאָסקווע האָט מיך אָפּגעזוכט אזש אין ענגלאנד און מיך גלייַך „גענומען אין דער ארבעט". זייַן בריוו איז געווען א כאוועריש־הארציקע און א שטרענג־מאָנענדיקע — אזא, אז אָפּזאָגן זיך איז ניט מעגלעך געווען, מעגסט אפילע זייַן פארנומען פון פרי ביז נאכט. איך האָב דערפילט, אז פּערסאָוו איז בלוטיק פארינטערעסירט אין דעם איניען.

ארבעטנדיק איבער דער ליסווע־טעמע, האָט סאמויִל דאווידאָוויטש ניט געקארגט זייַן מי און צייַט. ער האָט געפונען אַן א שיר אקטיווע אָנטיילנעמער פון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן, מענטשן, וועלכע האָבן געווינט אין מאָסקווע און אין אנדערע שטעט. איניינעם מיס זיי האָט ער אופגעשטעלט לעבעדיקע, היסטאָריש־ריכטיקע בילדער פון דער עפּאָכע. פאר אים האָבן ניט עקזיסטירט קיין דריבנע פאקטן, אין דער דעטאל האָט ער געזוכט דאָס כאראקטעריסטישע פון דער צייַט. נישט איין מאָל איז ער ארויסגעפאָרן קיין ליסווע, זיך געטראָפן דאָרט מיט צענדליקער מענטשן. דערבייַ האָט ער געהאט א גרויסע מייַלע: ער האָט געקאָנט אויסהערן א מענטשן. און אויב יענער איז בעטעווע געווען א שווייַגער, האָט פּערסאָוו באזיצט די קונסט פון ארויסרופן אים אף רייד. ער האָט געקאָנט אוועק אין א זייַט, פארפירן א שמועס אף אן אנדער טעמע, גלייַך ווי ער זאָל האָבן פארגעסן אין וויכטיקסטן, צוליב וואָס ער איז געקומען, נאָר דערווייַל האָט זיך געשאפן אן אינטימע, פארטרוילעכע אטמאָספער, און באַם שווייַגנדיקן האָט זיך עפּעס ווי א קוואל געעפנט... נייַע שטריכן זייַנען צוגעקומען, פארשיידענע פאקטן זייַנען פארפינקטלעכט געוואָרן, און אָט אזוי, אין שווערער שפּעדישער האָרעוואניע, זייַנען אנטשטאנען די „בלעטלעך פון רומפּולן אָוואר" — די געשיכטע פונעם ליסווער מעטאלורגישן זאוואָד.

אין פּערסאָווס ארבעטס־מאניר, אין זייַן ארט זאמלען מאטעריאל האָט מען געזען, ווי שטארק ער האָט ליב דאָס נייַע סאָוועטישע לעבן, ווי ער גארט ארויסצוברענגען אלץ, וואָס איז בעעמעס ווערטפול. איך האָב אים בעשאס איינער אונדזערער א באגעגעניש דערציילט וועגן דעם ארבעטער טאטשובאיעוון, מיט וועמעס הילף מיר האָבן געפּרוווט פעסטשטעלן דעם פּינקטלעכן כימישן באשטאנד פון די עמאלן, וואָס דער זאוואָד פלעגט אויסארבעטן, קעדיי נאָכן בירגערקריג לאָזן אין גאנג דעם גרויסן עמאל־צעך. טראָט נאָך טראָט האָט פּערסאָוו אופגעשטעלט אין ווערק דעם כאראקטער פון אָט דעם ארבעטער, זייַן טרייַשאפט און ערלעכקייַט. קעדיי בעסער צו שילדערן טאטשובאיעוון, האָט סאמויִל דאווידאָוויטש גענומען זיך ארייַנטראכטן אין דער פיגור פונעם צעךשעף. יענער האָט געוווסט אלע טעכנישע סעקרעטן, נאָר מיט קיינעם זיך ניט געטיילט, געהיט די געהיימניסן. ער איז געווען א טיפּישער ספּעציאַליסט, אופגעוואקסן אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. דער ארבעטער דארף ניט וויסן פון די פּראָדוציר־סוידעס — דאָס איז געווען זייַן קלאל. פּערסאָוו האָט ניט געהאלטן, אז דאָס איז א שעדיקער, א באוווסטזיניקער סוינע, ניין, ער איז פּאָשעט גייַסטיק אָפּגעסאמט. דער שרייַבער האָט ריכטיק אָנגעטאפּט דעם עמעסן פּסיכאָלאָגישן קאָנפליקט. און איך מוז זאָגן, אז פאר מיר אליין איז נאָך די געשפּרעכן מיט פּערסאָוון פיל בוילעטער געוואָרן די דעמלטיקע סיטואציע אפן זאוואָד.

פּערסאָוו האָט זיך פון מיר דערוווסט, אז די קאָמיוגיסטן פונעם זאוואָד האָבן הארציק ליב געהאט דעם סעקרעטאר פונעם ראיאָנישן פארטיי־קאָמיטעט, האָט ער מיך ניט אָפּגעלאָזט און געהאלטן אין איין מאָנען: „אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט די ליבע? עפּשער איז באַ אייַך אין זיקאָרן געבליבן עפּעס א צופאל, וואָס האָט אייַך דעמלט פארכידעשט, וואָס לאָזט זיך ניט אויסדריקן מיט קיין אלגעמיינע ווערטער, אזוינע, ווי „ליב געהאט", „גרייט געווען פאר אים אין פייַער און וואסער" און דעסגלייַכן... איר פארשטייט מיך?". און איך האָב זיך דערמאָנט: דעם סעקרעטאר האָט מען גערופן רינדין קוזמא וואסיליעוויטש, און די יאטן פלעגן אף אזא אופן לייענען די אויסיעס אפן קאָמיוגישן צייכן PKCM (רוסישער קאָמוניסטישער יוגנט־פארבאנד): רינדין קוזמא סאמי מאלענקי[1]. מע האָט געדארפט זען, ווי פּערסאָוו איז אופגעשפרונגען, מיט א מין פרייד ער האָט אויסגעשריגן: „אָט דאָס איז אינטערעסאנט! איר פארשטייט? זיי האָבן געוואָלט זייַן געראָטן אין אים. דערווייַל וויל מען זייַן קוזמא מאלענקי, און אויסוואקסן זאָל מען עמעסע קעמפערס, אזעלכע, ווי רינדין. אָט דאָס איז ליבע!"

געווען באַ פּערסאָוון ניט ווייניק טרויעריקע איבערלעבונגען. זייַן בוך וועגן ליסווע האָט ער געשריבן אין יענעם ביטערן פּעריִאָד פונעם פּערזאָנען־קולט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומזיניקע, ניט קיין בארעכטיקטע רעפּרעסיעס קעגן ערלעכע סאָוועטישע בירגער. ער פלעגט זיך קלאָגן: „שרייַבסט וועגן א וווילן, טייַערן מענטשן, און פּלוצעם ווערט ער גאָר א „סוינע פון פאָלק". קומט אויס, אז פאר דער געשיכטע בלייַבן די, וועלכע האָבן באוויזן באצייַטנס פארלאָזן די וועלט"... וויפל ווייטעק איז געווען אין זייַנע ווערטער!

און דאָך איז ער בייַגעקומען אלע שוועריקייַטן און פארעפנטלעכט די „בלעטלעך פון רומפּולן אָוואר". ער האָט זיך דערמיט ניט באנוגנט און אָנגעשריבן א גרויסן בוך (באַ 20 דרוקבויגן) „די געשיכטע פון ליסווע"[2], דאָס ווערק איז אָנגענומען געוואָרן צום דרוק אין פּערמער ביכער־פארלאג. נאָר דאָ איז געשען דער אומגליק: מע האָט ארעסטירט דעם אווטאָר. פּערסאָוו איז אויך געפאלן א קאָרבן.

ערשט די לעצטע צייַט, אדאנק די באמיִונגען פון ליסווער ארבעטער, האָט מען דעם מאנוסקריפּט געפונען אין איינעם פון די ארכיוון. איצט ווערן אָנגענומען שריט צו פארעפנטלעכן אים אינגאנצן. דער קאָלעקטיוו פונעם ליסווער מעטאלורגישן זאוואָד איז זייער פארינטערעסירט אין דעם.

אין ש. פּערסאָווס 75־טן געבורטסטאָג זאָגן מיר איניינעם מיט זייַנע פרייַנט, לייענער און פארערער: ערע זייַן ליכטיקן אָנדענק!

ס. י. פּאָדאָיניצין.

---

1 דער סאמע קלענסטער קוזמא רינדין.

2 פראגמענטן פונעם בוך זייַנען פארעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 6 פארן 1962 יאָר.

# בריוו און ענטפערס

כאשעווער כאווער רעדאקטאר!

איך האב איינִיקע באמערקונגען צום איווריט־רוסישן ווערטערבוך, וועלכער איז דערשינען אין פאריקן יאר.

ע ר ש ט נ ס. העברעיִש, ווי באוווּסט, לייענט זיך פון רעכטס אף לינקס, פונקט אזוי ווי ייִדיש און אנדערע סעמיטישע שפראכן. פארוואס זשע האבן דער צונויפשטעלער פונעם ווערטערבוך פ. ל. שאפירא און דער רעדאקטאר ב. גראנדע דערלאזט, אז מ׳זאל אים דארפן לייענען פונקט פארקערט, פון לינקס אף רעכטס? דאס מאכט שווער צו ניצן זיך מיט אים.

צ ו ו יי ט נ ס. דאס, וואס עס ווערט ניט אנגעוויזן די באטאנונג פון די ווערטער, איז אויך א פארדריסלעכער פארזען. באם רוסישן ווארט ווערט די באטאנונג יא אנגעוויזן. איז ניט פארשטענדלעך, פארוואס זי איז ניטא באם העברעיִשן ווארט. אין דעם גראמאטישן צוגאב צום ווערטערבוך ווערט אפילע יא אנגעוויזן, וויִאזוי די באטאנונג ווערט אנגעווענדט אין העברעיִש, אבער דאס איז פארן לייענער גאנץ ווייניק.

ניט פארשטענדלעך איז אויך, פארוואס דער רעדאקטאר פונעם ווערטערבוך גיט ניט אן אין ערגעץ דעם מין פון די סובסטאנטיוון.

אין ווערטערבוך זײַנען אײַנגעשלאסן פיל אינטערנאציִאנאלע ווערטער, כאטש עס זײַנען פאראן פאר די באגריפן ווערטער אין העברעיִש. קיין העברעיִסט וועט ניט זאגן „אבסורד״, ווען ער קאן זאגן „בלתי הגיוני״, אדג.

פאראן א סאך ניט פינקטלעכע איבערזעצונגען. (דא ברענגט דער אווטאר פון בריוו א לאנגע רעשימע ווערטער, וואס זייער באטײַט איז, לויט זײַן מיינונג, אין ווערטערבוך ניט ריכטיק געגעבן. — ר ע ד.)

גאר פארדריסלעך איז דאס קימאט שטענדיקע פארבײַטן דעם „ה״ מיטן „ח״. דאס קאן ארײַנברענגען יעדן, וואס ניצט זיך מיטן בוך, אין א טאעס, שוין ניט ריידנדיק וועגן די, וואס זײַנען ניט שטארק באהאוונט אין דער שפראך.

אזא ברייטער ווערטערבוך פון דעם מין איז דער ערשטער בא אונדז אין לאנד. און ס׳איז דעריבער קיין כידעש ניט, וואס אין אים האבן זיך ארײַנגעגאנוועט ניט־פינקטלעכקײַטן און פעלערן. ס׳האט זיך ניט מער ווי געוואלט, אז דער געערטער רעדאקטאר זאל אין דער צווייטער אופלאגע נעמען אין אכט די באמערקונגען (פארשטייט זיך, אויב ער איז מאסקים מיט זיי), און דערווײַל קומט אים גאר א גרויסער יאשער־קויעך און א דאנק פאר דער מי, וואס ער האט אין ווערטערבוך ארײַנגעלייגט צוזאמען מיטן פארשטארבענעם לינגוויסט פ. שאפירא.

**נ. קולפע,** ווילנע.

**די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד״ האָט מיך געבעטן זיך ארויסזאָגן בענעגייע נ. קולפעס באמערקונגען וועגן דעם „איווריט־רוסישן ווערטערבוך״. אזעלכע בריוו באקום איך גאנץ אָפט. געוויינלעך זײַנען זייערע אווטאָרן ווייניק באהאוונט אין דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור אף העברעיִש. דעריבער האלט איך פאר נייטיק צו געבן אייניקע אלגעמיינע דערקלערונגען.**

1. דער ווערטערבוך שפיגלט אָפּ דעם צושטאנד פון דער העברעיִשער שפראך אין איר הײַנטצײַטיקער פאָרם, דה. די לעקסיק פון דער מאָדערנער קינסטלערישער און וויסנשאפטלעכער ליטעראטור און פון דער רייד־שפראך. דעריבער זײַנען אין אים אײַנגעשלאָסן בלויז יענע ווערטער און באטײַטן פון ווערטער, וואָס זײַנען אָנגענומען אין מאָדערנעם העברעיִש.

די גאנצע אוראלטע און מיטלאלטערלעכע לעקסיק איז אין הײַנטצײַטיקן העברעיִש ניט ארײַן. אין די אלטע טעקסטן זײַנען פאראן ניט ווייניק ווערטער, וואָס ווערן איצט ניט געברויכט. אויך אייניקע אלטע באטײַטן פון באזונדערע ווערטער, וואָס ווערן יאָ געניצט, זײַנען אין דער ליטעראַרישער שפראך ניט ארײַן. אין דער ביבל איז אויך פאראן א געוויסע צאָל ווערטער און ווערטערבאהעפטן, וואָס דער אורשפרינגלעכער זין זייערער איז אין מענטשן פון דורירעס פארגעסן געוואָרן; פארשיידענע קאָמענטאטאָרן און לינגוויסטן טײַטשן זיי אויס יעדערער אף זײַן אויפן. טיילווײַז ווערט עס דערקלערט מיט די פארקריפלונגען, וואָס זײַנען פאראן אין די אוראלטע טעקסטן. אזעלכע מינים ווערטער און באטײַטן ווערן געבראכט אין ספּעציִעלע ווערטערביכער צו דער ביבל אָדער טאלמוד, נאָר ניט אין די אלגעמיינע ווערטערביכער פון דער הײַנטצײַטיקער שפראך. באם צונויפשטעלן אונדזער ווערטערבוך האָבן מיר זיך באזירט אף די דערשינענע אין ייִסראָעל ווערטערביכער פון א. עווען־שאָשאן און מ. מעדאן און אף אי. קערענס „רוסיש־ייִדישן ווערטערבוך״.

אין דער גרעסטער צאָל בריוו ווערט אונדז „אונטערגעזאָגט״ גראָד דאָס אָדער יענץ פארעלטערט וואָרט אָדער ניט פינקטלעכער באטײַט, וועלכע זײַנען ניט אָנגענומען אין דער מאָדערנער שפראך.

2. אין אייניקע בריוו ווערן ארויסגעשטעלט פרעטענזיעס, פארוואָס זײַנען געבראכט אינעם ווערטערבוך אינטערנאציִאָנאלע ווערטער אין די פאלן, ווען זיי קאָנען פארביטן ווערן מיט העברעיִשע עקוויוואלענטן. דאָס דערקלערט זיך גאנץ פאַשעט. דער ווערטערבוך האָט ניט געהאט דעם ציל לערנען די העברעיִשע שרײַבער, וויִאזוי זיי דארפן שרײַבן. דאָס איז די זאך פון די שרײַבער גופע. די אופגאבע פונעם ווערטערבוך איז געבן דעם לייענער א מעגלעכקײַט געפינען יעדעס וואָרט, וואָס ער קאָן טרעפן אין טעקסט. העברעיִש האָט אין זיך אײַנגעשלאָסן א גרויסע צאָל אינטערנאציִאָנאלע ווערטער, דערונטער אויך אזעלכע, וואָס האָבן זייער העברעיִשן אדעקוואט. די דאָזיקע אינטערנאציִאָנאליזמען האָבן מיר ארײַנגענומען אין אונדזער ווערטערבוך. עמעס, מיט א געוויסן אָפּקלײַב, נעמלעך, נאָר די, וואָס האָבן באקומען אין העברעיִש אייניקע מאָרפאָלאָגישע ענדערונגען, און די, וואָס האָבן באזונדערקײַטן אין דער אָרטאָגראפיע.

3. עס טרעפן זיך אין די בריוו פראגן בענעגייע דער טעכנישער אויספורעמונג:

א) פארוואָס לייענט זיך דער ווערטערבוך פון לינקס אף רעכטס און ניט פארקערט?

ענטפער. דאָס איז אן אלגעמיינער קלאל פאר אלע אויסלענדיש־רוסישע ווערטערביכער, אומאָפהענגיק פון דער ריכטונג פון דעם שריפט אף דער געגעבענער אויסלענדישער שפראך. דאָס זעלבע ווערט פראקטיקירט אין די אראביש־רוסישע, פערסיש־רוסישע און אנדערע ווערטערביכער. אזא סיידער פון די זײַטן איז אײַנגעשטעלט אין רעזולטאט פון דער פראקטיק פון אונטעריכטן די מיזרעך־שפראכן אין אונדזערע הויכשולן. דער זעלבער סיידער איז אָנגענומען אויך אין אויסלאנד.

ב) פארוואָס איז ניט באצייכנט דער אקצענט פון וואָרט?

ענטפער. די באטאָנונג אין דער העברעיִשער גראמאטיק ווערט אָפגעמערקט מיטן צייכן מעסעג (מתג) אונטערן בוכשטאב באנאנד מיט דער נעקודע (נקודה) אָדער מיטן צייכן מאפאך (מהפך) איבערן בוכשטאב. די מעסאלענע טיפּאָגראפישע ליטערעס, פון וועלכע עס ווערט געדרוקט דער טעקסט, ווערן אויסגעגאָסן אינײנעם מיט די נעקודעס. קעדיי צו ווײַזן דעם באטאָנונגס־צייכן, האָט מען באם אויסזעצן דעם ווערטערבוך געדארפט זיך ניצן מיט נאָך א פולן פאראלעלן קאָמפּלעקט פון אלע ליטערעס. דאָס וואָלט פארשווערט און פארהאלטן די אויסגאבע. מיר זײַנען ניט אײַנגעגאנגען דערוף, ווײַל די באטאָנונג אין העברעיִש איז א „געבונדענע“, זי האָט מערסטנטייל א באשטענדיק אָרט אינעם וואָרט, און די קלאָלים ווערן געבראכט אין דער גראמאטיק.

ג) פארוואָס איז ניט באצייכנט דער מין פון די סובסטאנטיוון?

ענטפער. ס׳איז ניט פאראן קיין נויטווענדיקײַט צו באצייכענען דעם גראמאטישן מין פון די סובסטאנטיוון, ווײַל דעם צווייטן מין דערקענט מען לויט דער פלעקסיע. פאראן עטלעכע סובסטאנטיוון פון צווייטן מין, וואָס האָבן ניט קיין אנטשפּרעכנדיקע פלעקסיע, נאָר זיי ווערן אויסגערעכנט אין די לערנביכער.

א ווירקלעכער בלויז אינעם ווערטערבוך איז דער ניט דײַטלעכער אונטערשייד פונעם בוכשטאב „ה“ און „ח“, אף וועלכן עס ווײַזן אָן מיט רעכט אלע אווטאָרן פון די בריוו. דער דאָזיקער דעפעקט, ווי אויך די דרוקפעלערן, וואָס זײַנען, צום באדויערן, פאראן, וועלן באזײַטיקט ווערן אין דער קומענדיקער אופלאגע.

איך באניץ זיך מיט דער געלעגנהײַט צו באדאנקען אלע כאווערים, וואָס האָבן צוגעשיקט זייערע באמערקונגען. די רעדאקציע פונעם ווערטערבוך וועט זיי נעמען אין באטראכט.

## בענציִען גראנדע.

טײַערער כאווער אלעקסאנדער פען!

מיר האָבן באשלאָסן שרײַבן צו אײַך נאָך דעם, ווי מיר האָבן דורכגעלייענט די זאמלונג „דיכטער פון ייִסראָעל“, וואָס איז דערשינען מיט א צײַט צוריק און האָט פיל בײַגעשטײַערט צו פארשטארקן די קעגנזײַטיקע פארשטענדעניש און פרײַנטשאפט צווישן די פעלקער פון פססר און ייִסראָעל. וועגן איר גרויסן דערפאָלג זאָגט אײדעס דער פאקט, אז זי איז פארקויפט געוואָרן אין געציילטע טעג און זיך שוין פארוואנדלט אין א ווערטפולער ביבליִאָגראפישער אויסגאבע.

דעם שטארקסטן אײַנדרוק האָבן אף אונדז געמאכט אײַערע לידער. נאָך פארן דערשײַנען פון דער זאמלונג האָבן מיר געוווּסט, אז איר זעצט איבער אף איווריט א סאך לידער פון רוסישע און סאָוועטישע דיכטער. מיר דאנקען אײַך פון גאנצן הארצן פאר אײַער ליבע צו אונדזער לאנד און קולטור. אײַער ליד „לעבן דער מאיאקאָווסקי־סטאטוע“ רופט בא אונדז ארויס אופריכטיקע אָנערקענונג. די דאָזיקע ליד איז נאָך איין באשטעטיקונג פון דער קרעפטיקײַט פון אינטערנאציִאָנאליזם אין די לידער פון אונדזער גרויסן דיכטער.

באזונדערס האָט בא אונדז אויסגענומען דער שטארקער בירגערלעכער טאָן און די פארטיפנדיקע דיכטערישקײַט פון אײַערע לידער. ווי אָפט טרעפן מיר זיך הײַנט אָן מיט דער מיינונג, אז דאָס בירגערלעכע קינסטלערישע וואָרט און ליריק זײַנען פארשיידענע באגריפן, וואָס קאָנען זיך נישט צונויפטרעפן. אײַערע לידער (און באזונדערס „צו אײַך“ און „די ליבע אין שאָטן פון מילכאָמע“) באווײַזן, אויסער יעדן צווייפל, ווי טאָעסדיק ס׳איז די דאָזיקע מיינונג.

אונדזער פאָלק און אײַער פאָלק ווייסן, וואָס די מילכאָמע איז אזוינס, וואָס פארא אומגליקן זי ברענגט, און דעריבער זײַנען אונדז נאָענט צום הארצן אײַערע אנטימיליטאריסטישע לידער.

אופריכטיקע פארערונג רופט ארויס אײַער ליד „ו־טער מײַ אין נאצערעט“, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט געפילן פון פארברידערונג און אינטערנאציִאָנאליזם. אונדזער פאָלק, צוזאמען מיט אלע אופריכטיקע מענטשן אף דער וועלט, האָפט, אז די פּראָבלעם פון ערעץ־ייִסראָעל וועט געפינען א לייזונג און אז עס וועט געמאכט ווערן א סאָף צו דער פײַנטשאפט צווישן ביידע ברידערלעכע פעלקער. די שטים פון די ייִסראָעלדיקע קאָמוניסטן און זייער מוטיקער קאמף העלפן שטארק מיט צו פארזיכערן די רעכט פון די פעלקער פאר א פרײַער אנטוויקלונג.

טײַערער כאווער פען!

מיר וווינען אין לענינגראד, מיר האָבן זייער ליב אונדזער שטאָט, וואָס האָט אזויפיל בײַגעשטײַערט פאר דער אנטוויקלונג פון דער וועלט־קולטור. מיר וואָלטן זייער געוואָלט, אז איר זאָלט קומען באזוכן לענינגראד, אז איר זאָלט שפאצירן אף אונדזערע וווּנדערלעכע גאסן, אז איר זאָלט באזוכן אונדזערע מוזייען און טעאטערס, אז איר זאָלט זיך טרעפן מיט מענטשן פון לענינגראד.

מיר האָבן זיך לעצטנס דערוווּסט, אז ס׳ווערט געגרייט צום דרוק א זאמלונג פון אײַערע לידער אין דער רוסישער שפראך. מיר ווארטן אף דער זאמלונג מיט אן אײַנגעהאלטענעם אָטעם.

און ווידער זייער א גרויסן דאנק אײַך.

צום ווידערזען!

מיט גרוסן פון גאנצן הארצן:

**א. דרוזינא, לעקטאָר; א. ראבינסקי, סטודענט; וו. סמירנאָוו, אסיסטענט פון דער קאטעדרע פאר פּאָליטישער עקאָנאָמיע; דוקאלסקי, מיטארבעטער פון עקאָנאָמישן פאקולטעט; לאקינא, סטודענטן.**

**לענינגראד.**

**מײַנע יונגע לענינגראדער כאווײרים!**

**אײַער בריוו האָב איך באקומען, ווען איך בין געלעגן אין שפּיטאָל מיט א הארץ־קרענק. דער בריוו האָט זייער**

דערפרייט מײַן האַרץ. דער פאַקט, וואָס מיר זײַנען פערזענלעך ניט באַקאַנט, פאַרטאָפּלט די פרייד פון דער שריפטלעכער באַגעגעניש מיט די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער אינטעליגענץ. אין אײַערע ווערטער זײַנען אַזוי פּאָשעט און וואַרעם אויסגעדריקט די געדאַנקען און געפילן פון סאָוועטישע מענטשן צו אַ דיכטער אַ קאָמוניסט פון ייִשׂראָעל, וועלכער האָט אַרײַנגעטראָגן זײַן באַשיידענעם כײַלעק אין דער סאָוועטישער אויסגאַבע פון דער „זאַמלונג פון ייִשׂראָעל־דיכטער".

פּאָעזיע איז אַ מעכטיקע קונסט. עמעסע פּאָעזיע איז שטענדיק פּראָגרעסיוו, ווײַל זי איז אַ קאָנדענסירטער אויסדרוק פון דעם מענטשנס פאַרבאָרגנסטע באַגערן און שטרעבונגען. אַפילו די טיף־סוביעקטיווע ליריק מיט איר אַזויגערופענער „פאַרשמעלערטער טעמאַטיק" דינט אָביעקטיוו די פאָרגעשריטענע אידייען פון דער געזעלשאַפט, אויב אין דער דאָזיקער ליריק ווערן אָפּגעשפּיגלט די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער געאָגראַפיע, פּייזאַזש, לעבנס־שטייגער, אויב עס איז פאַראַן אין איר כאָטש אַן אָפּקלאַנג פון דעם מענטשנס צאָרן, גליק און קאַמף. דעריבער דוכט מיר, אַז די עמעסע פּאָעזיע איז פון דויר־דוירעס פּראָגרעסיוו און זי העלפט מיט, פאַרשטייט זיך, דער קעגנזײַטיקער פאַרשטענדעניש צווישן די פעלקער ביכלאַל און, ווי איר שרײַבט אין אײַער בריוו, „ווירקט מיט דערצו, אַז עס זאָל זיך פאַרשטאַרקן די קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש און די פרײַנטשאַפט צווישן די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און פון ייִשׂראָעל" — ביפּראַט. דערין באַשטייט איינער פון אירע נאָבעלסטע צילן. אָן דעם איז די פּאָעזיע אַ פאַרשווענדערן פון ווערטער.

איר זײַט גערעכט, טײַערע כאַווײרים: בירגער־מוט און „אינטימע" ליריק שליסן אין קיין פאַל ניט אויס איינע די אַנדערע, פאַרקערט — זיי באַשטעטיקן, דערנערן איינע די אַנדערע סײַ מאָראַליש, סײַ קינסטלעריש. אַלס בײַשפּיל דינט מאַיאַקאָווסקי — אָט דער פּראָמעטיי פון דער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע, וועמעס שאַפונג עס באַווײַזט און שטרײַכט אונטער די איינהײַט פון די דאָזיקע צוויי באַגריפן. טאַקע דערפאַר איז מאַיאַקאָווסקיס אינטערנאַציאָנאַליזם בעעמעס אַלזײַטיק, טאַקע דערפאַר פאַרהיט מאַיאַקאָווסקי די שיינקײַט און קראַפט פון זײַן נאַציאָנאַלער ספּעציפישקײַט. אַפילו איצט — איך שטרײַך אונטער: אַפילו איצט! — וואָלטן געמעגט אין דעם פּראַט לערנען זיך בא אים אייניקע ליטעראַטן, ניט נאָר אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

עס האָט מיך זייער געפרייט אײַער אינטערנאַציאָנאַליזם אינעם פאַרשטיין די באַדינגונגען, אין וועלכע די קאָמפּאַרטיי פון ייִשׂראָעל קעמפט פאַר שאָלעם און פרײַנטשאַפט צווישן די צוויי פעלקער־ברידער, און אײַער טיפער גלויבן, אַז פריִער אָדער שפּעטער וועט נעמען אַ סאָף צו אָט דער „געפערלעכער ברודער־סינע". איך פאַרזיכער אײַך, טײַערע סאָוועטישע פרײַנט, אַז מיר, די דיכטער קאָמוניסטן פון ייִשׂראָעל, שטעלן אונדזער שאַפונג צו דינסט די אינטערעסן פון אָט דעם נאָבעלן קאַמף.

איך דאַנק אײַך נאָכאַמאָל פון גאַנצן האַרצן פאַר אײַער בריוו. ער וועט צוגעבן נײַע קרעפטן מײַנע קאָלעגן און מיר, קעדיי מיט אונדזער שאַפונג זאָלן מיר דינען דעם קאַמף, וואָס די קאָמפּאַרטיי פון ייִשׂראָעל פירט פאַר שאָלעם און ברידערלעכקײַט צווישן די פעלקער, פאַר דער ליכטיקער צוקונפט פון דער גאַנצער מענטשהײַט.

א גרויסן דאַנק אײַך — אַלעקסאַנדער פּען.

---

# מיכאיל סוועטלאָוו



מיכאיל סוועטלאָוו איז געשטאָרבן... זײַן נאָמען און זײַנע לידער זײַנען נאָענט און אייגן אונדז אַלעמען, סײַ די לייענער, סײַ די שרײַבער.

ווײַל מ. סוועטלאָוו און זײַנע לידער — דאָס איז קאָמיוג, דאָס איז ברויזיקער העלדנמוט און פרייד פון רעוואָליוציאָנערן טאַט. דוירעס סאָוועטישע מענטשן זײַנען דערצויגן געוואָרן אַף זײַן „גרענאַדע", „קאַכאָווקע"... סוועטלאָווס לידער, זייער פריש־קוואַליקע, זויבערע פּאָעטישקײַט, באַלויכטענע פון דעם דיכטערס קלוגן שמייכל, האָבן פאַרקערפּערט דעם שטורעמדיקן אויפקום פון אַ נײַער רעוואָליוציאָנערער וועלט. און ער האָט פאַר איר געקעמפט מיט דער ביקס, מיט זײַן ליד.

מיכאיל סוועטלאָוו איז די זינגעוודיקע סאָוועטישע פעלקער־פרײַנטשאַפט, דער אויסדרוק פון עכטן אינטערנאַציאָנאַליזם. ער איז געווען אַ פרײַנט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַנע הויך טאַלענטירטע איבערזעצונגען האָבן באַצירט די דיכטונג פון פיל נאַציאָנאַליטעטן און פון אונדזער ייִדישער דיכטונג, די ווערק פון אַזעלכע דיכטער, ווי קוויטקאָ, האַלקין, פעפער און נאָך, און נאָך — ביז אונדזערע הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער.

אין טיפן צער פאַרנייגן מיר זיך פאַרן ליכטיקן אָנדענק פון מיכאיל סוועטלאָוון.

# קיִעוו, אָקטיאבער־פּאלאַץ



אין פּרעזידיום

די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד“ צוזאמען מיט דער פארוואלטונג פון אוקראַיִנישן שרײַבער־פאַרבאנד האָבן אײַנגעאָרדנט דעם 8 אָקטיאבער א באגעגעניש מיט די לייענער פונעם זשורנאל אין קיִעוו. דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די שענסטע זאלן פון דער אוקראַיִנישער הויפּטשטאָט — אינעם אָקטיאבער־פּאלאַץ.

צו דער אָנגעמערקטער צײַט איז דער זאַל און די גאַלעריי געווען פול געפּאקט. דער באוווּסטער אוקראַיִנישער ראָמאניסט, פארטרעטער פונעם פאָרזיצער פון שרײַבער־פאַרבאנד פון אוססר יורי קאָרנייע־חיטש סמאָליטש האָט אין זײַן ארײַנפיר־וואָרט גערעדט וועגן די ברידערלעכע פארבינדונגען צווישן דעם אוקראַיִנישן און ייִדישן פאָלק, צווישן דער אוקראַיִנישער און ייִדישער ליטעראטור. ער האָט באטאָנט, אז קיִעוו איז דאָס וויגעלע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

וועגן „סאָוועטיש היימלאנד“, וועגן די נײַע אופגאבן, וואָס שטייען פאר דער ייִדישער ליטעראטור, האָט גערעדט ארן ווערגעליס.

א פרײַנטלעכער שמועס בייסן איבע־רײַס. (פון רעכטס אף לינקס): דער אוק־ראַיִנישער דיכטער מ. אופּעניק, דער ייִדי־שער פּראָזאַיִקער י. פאליקמאן און דער רוסישער דיכטער ל.ווישעסלאווסקי

זייער ווארעם האָט דער זאַל אופגענומען די פאָרלעזונגען פון די שרײַבער ריווע באַליאסנע, יויסעף בוכבינדער, לעאָניד ווישעסלאווסקי (רוסישער דיכטער, הויפּט־רעדאקטאָר פונעם זשורנאל „ראדוגא“), אווראָם גאָנטאר, פיניע קיריטשאנסקי, מיקאָלא אופּעניק און לינא קאָסטענקאָ (אוקראַיִנישע דיכטער), שלוימע טשערניאווסקי, מאָטל טאלאלאיעווסקי, שיקע דריז און דאָרע כײַקינע. דאָס איז געווען א דעמאָנסטראציע פון עכטער פעלקער־פרײַנטשאפט. יעדערער פון די אוקראַיִנישע און רוסישע דיכטער האָט, כוץ זײַנע אייגענע לידער, געלייענט איבערזעצונגען פון ייִדיש; ייִדישע דיכטער האָבן פאָרגעלייענט איבערזעצונגען פון אוקראַיִניש און רוסיש.

די באגעגעניש פון די מאָסקווער און קיִעווער שרײַבער מיט די לייענער און פרײַנט פון „סאָוועטיש היימלאנד“ איז א וויכטיקע געשעעניש פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.



**אין זאַל**




# שרײַבער און ווערק

◆ דעם 29 נאָיאַבער 1879 איז אין ראַוונע, וואָלין, געבוירן געוואָרן דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור־ און שפּראַך־פאָרשער נאָכעם שטיף (באַקאַנט אויך אונטערן פּסעוודאָנים באַל־דימיען).



נאָכעם שטיף האָט אין די יאָרן 1903—1913 פאַרעפנטלעכט אין דער רוסישער און יידישער פּרעסע א סעריע ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען וועגן די מאָדערנע יידישע שרײַבער. א רוישעם האָבן אין יענער צײַט געמאַכט זײַנע אַרויסטרעטונגען קעגן די מיסטיש־דעקאַדענטישע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור. נאָכעם שטיפס גרויסע און אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן ד״ר פּינעסעס „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור" (זאַמלבוך „דער פּינקעס", ווילנע 1913) האָט אים פאַרשאַפן א שעם אלס איינעם פון די בעסטע יידיש־פאָרשער. פאַר די דרײַסיק יאָר פון זײַן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער טעטיקײַט האָט ער פאַרפאַסט א גרויסע צאָל גרינטלעכע אויספאָרשונגען וועגן דער עלטערער און נײַער יידישער ליטעראַטור: „הומאַניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור" (1920), „דער אָנהייב" (1924). אין 1929 איז אין קיִעוו דערשינען זײַן כרעסטאָמאַטיע „די עלטערע יידישע ליטעראַטור" (פון ייִצכאָק־בער לעווינזאָן ביז מענדעלען).

א באַדײַטנדיקער געלערנטער, האָט נאָכעם שטיף ביז דעם סאָוועטישן פּעריאָד פון זײַן שאַפן ניט געהאַט קיין גענוג קלאָרן מעטאָדאָלאָגישן צוגאַנג צו ליטעראַטור־ און שפּראַך־דערשײַנונגען, ער האָט אָבער שטענדיק געשטרעבט אופצודעקן דאָס פּראָגרעסיווע אין זיי.

גרויס איז נאָכעם שטיפס צושטײַער אין דער געשיכטע פון דער יידישער לינגוויסטיק. שטיף איז געווען רעדאַקטאָר פון די זשורנאַלן „די יידישע שפּראַך" און „אַפן שפּראַך־פראָנט", ווו ער האָט אָפּגעדרוקט א גרויסע צאָל אַרטיקלען וועגן לינגוויסטישע פּראָבלעמען. פון זײַנע אַרבעטן אַף דעם געביט איז צו דערמאָנען זײַן בוך „יידישע סטיליסטיק" (1930) און די גרעסערע אָפּהאַנדלונג „צו דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון יידישן אויסלייג" (1928).

אין 1933 איז אין פינפטן נומער פון די „ייוואָ־בלעטער" (ווילנע) פאַרעפנטלעכט געוואָרן א ביבליאָגראַפישע רעשימע פון נ. שטיפס 339 אַרבעטן אַף די געביטן פון שפּראַך־וויסנשאַפט, ליטעראַטור־געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, פּובליציסטיק אאוו.

נאָכעם שטיף איז געשטאָרבן אין קיִעוו דעם 7־טן אַפּרעל 1933.

◆ דעם 20 נאָיאַבער 1889 איז געבוירן געוואָרן דער יידיש־אַמעריקאַנישער דיכטער ל. מילער. אָנגעהויבן (אין 1909) מיט סימבאָלישע און אינזיכיסטישע לידער, האָט ל. מילער, אונטערן אײַנפלוס פון די היסטאָרישע געשעענישן אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, זיך דערנעענטערט צו פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג; זײַנע לידער זײַנען אָנגעזעטיקט געוואָרן מיט א שאַרפן סאָציאַלן אינהאַלט. הײַנט צו טאָג איז ל. מילער איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און מײַרעוו־אייראָפּע.



ל. מילערס ביכער „אַף גאָטס וועלט" (1919), „דאָ איז מײַן היים" (1939), „דאָס לעבן לעבט אייביק" (1941), „שטורעמס און רעגנבויגנס" (1948) אאַ. זײַנען דורכגעדרונגען מיט ליבע צום פּאַשעטן פאָלק, מיטן גײַסט פון סאָציאַלער גערעכטיקײַט.

אן אָפּקלײַב פון ל. מילערס 50 יאָר פּאָעטיש שאַפן „אייביק לעבן" איז אַרויס אין ניו־יאָרק, 1959.

די לעצטע יאָרן לעבט ל. מילער אין פּאַריז, ווו ער איז טעטיק אין דער פּראָגרעסיווער פּרעסע און ליטעראַטור.

◆ דעם 29 אָקטיאַבער וואָלט 70 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער דיכטער, ליטעראַטור־פאָרשער און פּעדאַגאָג אַווראָם וועלעדניצקי.



א. וועלעדניצקי האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין די יאָרן פון בירגערקריג, ווען ער האָט זיך געפונען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי.

אין 1922 איז אַרויס זײַן ערשט ביכל לידער „לײַטערניש". שפּעטער זײַנען דערשינען זײַנע לידער־זאַמלונגען „אָנקום" (1929), „מיט דעם יונגן קלאַס" (1932) און „לידער" (1939). אלס ליטעראַטור־קריטיקער האָט א. וועלעדניצקי אָנגעהויבן אַקטיוו אַרויסטרעטן פון 1928 יאָר. אין 1940 איז דערשינען זײַנע א זאַמלונג אַרטיקלען „צו דער פּראָבלעם פון שאָלעם־אַליכעמס דראַמאַטורגיע", אין 1947 האָט ער פאַרטיידיקט אינעם ליטעראַרישן אינסטיטוט פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע א קאַנדידאַטן־דיסערטאַציע, געווידמעט דער געשיכטע פון דער יידישער רעאַליסטישער דראַמע.

א. וועלעדניצקי איז אָן שולד געווען רעפּרעסירט בײַסן פּערזאָנען־קולט. אין 1955 יאָר איז ער פולשטענדיק רעאַביליטירט געוואָרן. די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט ער ווידער זיך געווידמעט דער דיכטונג.

וועלעדניצקי איז געשטאָרבן דעם 19 אָקטיאַבער 1959.

◆ דעם 30 דעקאַבער 1904 איז געבוירן געוואָרן דער באַדײַטנדיקער דיכטער־ליריקער זעליק אַקסעלראָד.



זעליק אַקסעלראָדס ביכער „צאַפּל" (1922), „לידער" (1932), „און ווידער לידער" (1935), „אויג אָף אויג" (1937), „לידער" (1938), און „רויטאַרמייִשע לי־דער" (1939) זײַנען וויכטיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען אין דער יידיש־סאָוועטישער דיכטונג. זיי האָבן, קוידעמקאָל, פאַרהיט פאַר די קומענדיקע דורות דאָס הערלעכע און זויבערע געשטאַלט פון אַן אייגנאַרטיקן דיכטער, וואָס האָט אין זײַן ליריק אויסגעדריקט אָף א טיף מענטשלעכן אופן און מיט א גרויסער עמאָציאָנאַ־לער אָנלאָדונג דעם „יוגנטלעכן טרוים און ליכטיקן גע־וויסן" פון א דאָר, וועלכער האָט פריידיק אופגענומען די נײַע וועלט און פאַר איר געקעמפט.

זעליק אַקסעלראָדס געזאַנג איז איבערגעריסן געוואָרן אין דער צײַט פון סטאַלין־קולט, דעם 26 יוני 1941.

◆ עס איז געוואָרן 60 יאָר, זינט עס איז געבוירן דער סאָוועטיש־יידישער דיכטער יאַשע גאָלדמאַן (1904—1929). פון דער פריִער יוגנט אָן איז יאַשע גאָלדמאַן פאַרבונדן געווען מיט דער אונ־טערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און דאָס האָט אָרופּ־געלייגט א שטעמפּל אָף זײַן טע־מאַטיק און דיכטערישע אַסאָ־ציִאַציעס. סאַכאַקל איז יאַשע גאָלדמאַן געווען טעטיק אין דער ליטעראַטור 5 יאָר. ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1924, און אין אַפּרעל כוידעש 1929 איז



ער, אונטער דער לאַסט פון א שווערער קראַנקײַט, באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד. זײַן פּאָעטישע יערושע איז דער־שינען אין מינסק, אין 1931.

יאַשע גאָלדמאַנס לידער זײַנען פול מיט באַגײַסטערונג צו דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און צו דעם נײַעם סאָ־וועטישן לעבן, זיי זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אידייען־וועלט פון דעם ערשטן דאָר סאָוועטיש־יידישע דיכטער.

◆ דעם 17 דעקאַבער ווערט 50 יאָר דער אַמעריקאַנער יידישער דיכטערן דאָרע טייטלבוים. דאָרע טייטלבוים האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1940 אין דער „מאָרגן־פרײַ־הײַט". איר ערשטער בוך לידער „אינמיטן וועלט" איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1944. שפּע־טער האָט די דיכטערן אַרויסגע־לאָזט: „הימל און ערד" (1947), „מיט אויגן אָפענע" (1955), „די באַלאַדע פון ליטל־ראָק" (1958) און א בוך רײַזע־אײַנדרוקן



„מיטן פּאָנעם צום לעבן". דער טעמאַטישער קרײַז פון דאָרע טייטלבוימס שאַפן איז זייער א פאַרשיידנאַרטיקער. אין אירע לידער פילט זיך דער הייסער אָטעם פון אונד־זער עפּאָכע.

לעצטנס איז אין פּאַריז אַרויס אין פראַנצויזיש איר זאַמלונג „דער ווינט רעדט צו מיר יידיש".

◆ עס איז אַלט געוואָרן 70 יאָר דער פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון רעספּער דאַניִעל פינקלקרויט.



א שוישפּילער פון א ברייטן דיאַפּאַזאָן, האָט ד. פינקלקרויט געשאַפן אין מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער פיל אויסדריק־לעכע געשטאַלטן: דעם שאַדכן אין שאָלעם־אַלייכעמס „דער לופט־מענטש", קיווע אין פּערעץ מאַרקישעס „ניט געדײַגעט", מענאַשע אין ש. האַלקינס „באַר־קאָכבאַ", קענט אין שעקספּירס „קיניג ליר", פּראָפעסאָר פּאָלעזשײַעוו אין ראַכמאַנאָווס „דעפּוטאַט פון דער באַלטיק". די דאָזיקע ניט פולע רעשימע זאָגט אײדעס סײַ וועגן דער רײַכער סצענישער פּאַליטרע פונעם טאַלאַנטפולן אַרטיסט, סײַ וועגן צושטײַער, וואָס ער האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער סאָווע־טישער טעאַטער־קולטור.

◆ דעם 14 סענטיאַבער איז געוואָרן 50 יאָר דער אַרטיסטין סאָניע ליימאַן.



ס. ליימאַן האָט אָנגעהויבן זייער פרי שפּילן אָף דער פּראָ־פעסיאָנעלער בינע. זי האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דער אַזויגערופענער אַמפּלואַ פון טראַוועסטי — אַן אַרטיסטן, וואָס פּילט אויס יינגלשע ראָלן.

סאָניע ליימאַן האָט געשפּילט יאָסעלען אין גערשענזאָנס אינסצענירונג פון דינעזאָנס ראָמאַן, פּעטיען אין ו. קאַ־טײַעווס „עס זעצט זיך אַן איינזאַמער זעגל" אאַ. איינע פון די בעסטע ראָלן איז רייזעלע אין „בלאָנדזשנדע שטערן".

◆ עס איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר דער שרײַבער לייזער פּאָדריאַדטשיק.



געבוירן אין א בעסאַראַבער שטעטל, האָט ל. פּאָדריאַדטשיק באַקומען א טראַדיציאָנעלע דער־ציִונג. אין די יאָרן 1943—1947 איז ער געווען פּעדאַגאָג אין דער מאָסקווער יידישער טעאַטער־סטודיע.

לעבנדיק נאָך אין דער פאַר־מילכאָמעדיקער רומעניע, האָט פּאָדריאַדטשיק פאַרעפנטלעכט א ריי אַרטיקלען און פאָרשונגען: „דער היסטאָריקער און פאָלקלאָריסט פון די רומענישע יידן" (וועגן מוישע שוואַרצפעלד), „ש. גינזבורג און די היסטאָריאָגראַפיע פון די יידן אין רוסלאַנד", „ליטעראַטור און געשיכטע" אאַ. ל. פּאָדריאַדטשיק האָט געדרוקט אויך לידער און קריטישע אַרטיקלען. אין דער מאָסקווער צײַטונג „אייני־קײַט" האָט פּאָדריאַדטשיק אונטער פאַרשיידענע פּסעוו־דאָנימען (לייזער נעכעס, א בעסאַראַבער, ל. דינעסמאַן אאַ.) געדרוקט ליטעראַרישע מאַטעריאַלן.

ל. פּאָדריאַדטשיק האָט אָפּגעטאָן א וויכטיקע אַרבעט באַם צוגרייטן צום דרוק דעם טעקסט פון ניסטערס ראָ־מאַן „פון פינפטן יאָר" און האָט פאַרעפנטלעכט א קאָ־מענטאַר צו דער פּובליקאַציע. פּאָדריאַדטשיק איז אַן אַק־טיווער מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", באַזונ־דערס אין צונויפשטעלן דעם ליטעראַרישן קאַלענדאַר.



שוץ־באריקאדן אין פעטראָגראד בייסן אָנגריף פון יודעניטשן

קינסטלער שלוימע יודאָווין.





אילוסטראַציעס צו מענדעלע מויכער ספאָרימס „מאַסאָעס בנימין השלישי״

קינסטלער שלוימע יודאָווין.

# אינהאַלט פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן יאָר 1964

## ראָמאַנען, דערציילונגען, נאָוועלן, פּיעסן

מוישע אַלטמאַן. אין דער טיף פונעם שפּיגל (דערציילונג). נומ. 2, ז. 97.

אי. באַבעל. שאַבעס־נאַכמו (פונעם ציקל „הערשעלע"). ייִדיש — ב. קאַטיק. נומ. 4, ז. 24.

שירע גאָרשמאַן. דעם קייסערס פּעטער איז געווען א גוטער... — זיך ניט אויסגערעדט די הערצער. — א פּאַר־פאַלק אין דיוונאָגאָרסק (דערציילונגען). איליוסטרירט פון מ. גאָרשמאַן. נומ. 2, ז. 5.

א. גובניצקי. מײַן ייִכעס. צייכענונגען פון ה. אינגער. נומ. 3, ז. 5.

מוישע גערשענזאָן. כעלמער כאַכאָמים (קאָמעדיע). נומ. 3, ז. 44.

הירש דאָבין. איר שוועסטער (דערציילונג). נומ. 3, ז. 100.

אירמע דרוקער. שטייט אויף צו נעגינע (דערציילונג). נומ. 6, ז. 122.

בלימע יאַקיר. די פאַנאַטיקערן (דערציילונג). נומ. 5, ז. 118.

יאַנקל יאַקיר. אין א ווינטערדיקער נאַכט (דערציילונג). נומ. 3, ז. 96.

מייער יעלין. עס הייבט זיך ערשט אָן... (דערציילונג). נומ. 1, ז. 119.

נאָטע לוריע. הימל און ערד. ראָמאַן (צווייטער טייל). נומ. 1, ז. 79; נומ. 2, ז. 30.

מישע לעוו. קימאַט א לעגענדע. צייכענונג פון אי. סאָלדאַטענקאָוו. נומ. 2, ז. 78.

אָמוס לעווין. וואָס עס טרעפט, אז מע פאַרגעסט (הומאָריסטישע דערציילונג). נומ. 2, ז. 106.

ייִצכאָק מעראַס. אייביקער שאַך (ראָמאַן). פון ליטוויש ב. האַלפּערן, א. זינגער. צייכענונגען פון ד. ליִאָן. נומ. 5, ז. 3.

דער ניסטער. פון פינפטן יאָר (ראָמאַן). איליוסטרירט פון מ. אַקסעלראָד. נומ. 1, ז. 3.

הערשל פּאָליאַנקער. דער בעקער פון קאָלאָמייע (ראָמאַן). צייכענונגען פון ה. אינגער. נומ. 4, ז. 32; נומ. 5, ז. 84.

יעכיִעל פאַליקמאַן. די מישפּאָכע גיטעליס (דערציילונג). נומ. 6, ז. 3.

ליובע קושניראָוו. דער וועג אַהיים. נומ. 6, ז. 72.

העשל ראַבינקאָוו. א פּלעדערמויז (הומאָריסטישע דערציילונג). נומ. 2, ז. 115.

ריווקע רובין. דרײַ דערציילונגען. צייכענונגען פון מ. אַקסעלראָד. נומ. 4, ז. 68.

יעכיִעל שרײַבמאַן. קיינמאָל ניט פאַרגעסן. — דאָס האָרבאַטע מיידל. — דער ערשטער קוש (נאָוועלן). נומ. 1, ז. 107.

## לידער און פּאָעמעס

אף דער ערד פונעם קאָסמאָנאַווט־3. לידער פון די טשוואַשישע דיכטער א. אַלגאַ, ס. שאַוולי, ג. יעפימאָוו. ייִדיש — יוסעף קערלער. נומ. 2, ז. 94.

הירש אָשעראָוויטש. ספּאַרטאַק (פראַגמענטן פון א פּאָעמע). נומ. 5, ז. 109.

ריווע באַליאַסנע. גאָלדענער בלעטערפאַל (לידער). נומ. 5, ז. 126.

איטשע באָרוכאָוויטש. כיבאַגריס דיך מיט פרילינג (לידער). נומ. 4, ז. 64.

יאָסל בוכבינדער. לירישע לידער. נומ. 6, ז. 131.

ראָכל בוימוואָל. א גרויסן דאַנק. — איך שרײַב. — אף מײַן ביכער־פּאָליצע. — צוגעטוליעטערהייט. — א גוטע שטימונג. — אף אָפּרו. — פינף כושים. — האַרבסט. — ווילט איר ויסן... (לידער). נומ. 1, ז. 115.

פּעטרוס בראָווקאַ. ווינט און שטורעם (פון ווײַסרוסיש — ז. טעלעסין). — דעם עכטן אַמעריקאַנער (ייִדיש — כ. מאַלטינסקי). נומ. 1, ז. 77.

אַווראָם גאָנטאַר. צען לידער. נומ. 3, ז. 77.

מאָטל גרוביאַן. באָם ברונעם. — יוגנט. — וואַלד. — ווערטאָליאָטן. — אויך אף יענער־וועלט. — אף דער קאַמע. — א וואַסערפאַל (לידער). נומ. 3, ז. 70.

שיקע דריז. די קלוגע סוועטאָפאָרן. — גיי איך, זע איך... — „געטרונקען, געזשומעט..." — אף דער העלפט. — פון וואָס זײַנען כאַלוימעס געמאַכט. — דעם ווינטעלעס שפּילעכלעך. — ערגעץ ווײַט... — „אך, ווי שיין..." — „מיר האָבן געהוליעט אינדרײַען..." — „כימיין, אז איר ווייסט שוין..." (לידער). נומ. 4, ז. 29.

מאָטל האַרצמאַן. „איך קוק אינעם הימל..." (ליד). נומ. 1, ז. 118.

דאָוויד האָפשטיין. פעלדער. — „מײַן קינדערשע היים דאָרט אין קאָרענעם רעמל!.." (לידער). נומ. 3, ז. 3.

כאָנע ווײַנערמאַן. שטעכיקע לידער. נומ. 2, ז. 113.

ווערק פון אונדזערע פרײַנט. לידער פון צ. בליק, יי.־ע. ראָנטש, ד. טייטלבוים. דערציילונגען פון ק. סעגאַל. נומ. 3, ז. 81.

מוישע טייף. פאַרשיידענע לידער. נומ. 2, ז. 25; נײַע לידער. נומ. 4, ז. 102.

שלוימע טשערניאַווסקי. כיבין ניט געשטאַנען אָן א זײַט. — דער מענטש האָט דעם אַטאָם צעשפּליטערט. — דער גרינער דעמב. — שטענדיק זײַן אין וועג (לידער). נומ. 2, ז. 76; ליבשאַפט (סאָנעטן־קראַנץ). נומ. 6, ז. 65.

דווירע כאָראָל. היים. — קנאָספּן. — דערמאָנונג. — באַגינען. — א מענטש גייט אַוועק (לידער). אַרײַנפירוואָרט פון לעוו קאַסיל: צום 70־טן געבורטסטאָג פון דווירע כאָראָל. נומ. 3, ז. 68.

דאָרע כײַקין. אָן אויסשטעלונג אין באָלאָניע. — בענקלעך — וואַגאָנען. — מיט יעדן יאָר... — קאָנען דען ווינטן ניט ווייען...— ווער קאָן וויסן (לידער). נומ. 4, ז. 21.

יעשוע לאַצמאַן. אין ווילנע באַנאַכט. — סירענעס (לידער). נומ. 5, ז. 131.

מענדל ליפשיץ. דערמאָנונג. — אומענדלעך ליב איז מיר די וועלט. — זײַ מיט דײַן ליד אים ווערט. — אַזוי דאַרף זײַן. — דאָס נײַע וואָרט (לידער). נומ. 1, ז. 129.

כאָנע לעווין. פרילינג. — באָם דענקמאָל (לידער). נומ. 6, ז. 136.

מ.יו. לערמאָנטאָוו (צום 150־טן געבורטסטאָג). פּאָטערלאַנד. — „כיגיי אַרויס אָן איינזאַמער צום וועג הײַנט". — צוויי ריזן (איבערזעצט — מוישע כאַשטשעוואַצקי). — א ייִדישע מעלאָדיע (איבערזעצט — שמועל ראָסין). לידער. נומ. 5, ז. 79.

יאָסל לערנער. אין אַ זומערדיקער נאַכט. — פּייזאַזש־מיניאַטורן (לידער). נומ. 2, ז. 77.

כאַיִם מאַלטינסקי. מיט קינדערשער סימכע.... (לידער). נומ. 5, ז. 81.

נײַע שטימען. לידער פון ג. מיכעלסאָן, וו. דאַנקאָ, י. איצקאָוו, מ. מאָגילעוויטש. נומ. 3, ז. 40.

מאָטל סאַקציִער. פּעוואַל. — מיט מענטשן (לידער). נומ. 6, ז. 135.

פּאָר קליין און גרויס. לידער פון ז. טעלעסין און אַ. קאַצעוו. נומ. 3, ז. 92.

פּיניע קירישאַנסקי. סיקומט דער טאָג מיר הײַנט אַנטקעגן (לידער). נומ. 6, ז. 70.

יוסעף קערלער. זאָגט יאָסעלע באַדכן... (לידער). נומ. 5, ז. 129.

מאָטל שטורמאַן. קאָסמאָנאַווטן (לידער). נומ. 6, ז. 134.

יאַנקעוו שטערנבערג. וואָס ניט געוווּסט האָט אויך דער קליגסטער מאַן (באַלאַדע). נומ. 1, ז. 102.

טאַראַס שעווטשענקאָ (צום 150־טן געבורטסטאָג). צאַוואָע (ייִדיש — דאָווי ד האָפּ שטיין). „כיקוק זיך אײַן אין סטעפּ אין ווײַטן...״ — צו NN (ייִדיש — דאָוויד און וועלי האָפּשטיין). — „סיאיז ליכטיק, העל, מוזיק נעמט שפּילן״ (ייִדיש — דאָוויד האָפּשטיין). — אַ געבעט (ייִדיש — עזראַ פינינבערג). פּאָרטרעט פון ט. ג. שעווטשענקאָ, געצייכנט פון ס. גרוזבערג. נומ. 2, ז. 3.

## טריבונע פון לעבן

„סאָוועטיש היימלאַנד״ צוגאַסט אין ווילנע. נומ. 4, ז. 133.

טעוויע גען. אין ביראָבידזשאַן (רײַזע־נאָטיצן). נומ. 3, ז. 113; נומ. 4, ז. 106.

אַרן וווערגעליס. צוואַנציק טעג אין אַמעריקע. נומ. 2, ז. 119; נומ. 3, ז. 123; נומ. 4, ז. 122; נומ. 5, ז. 132.

כאַיִם מאַלטינסקי. סאָליגאַרסק (דיכטערישער רעפּאָרטאַזש). נומ. 3, ז. 108.

הירש פּלאָסקאָוו. צווי פּרײַוויליקע. נומ. 3, ז. 110.

## ליטעראַרישע פּאָרטרעטן און זיכרוינעס

נאָכעם אויסלענדער. דער פּרײַנט מײַנער, דער דיכטער אָפן פערד (צום 75־טן געבורטסטאָג פון אָשער שוואַרצמאַן). נומ. 5, ז. 142.

מוישע גאָלדבלאַט. קולבאַקס שוואַנען־ליד. נומ. 1, ז. 147.

מאָטל גרוביאַן. מיט זײַן אייגענעם ניגן (צום 75־טן געבורטסטאָג פונעם קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי). נומ. 2, ז. 154.

צום 75־טן געבורטסטאָג פון דאָוויד האָפּשטיין. הערש רעמעניק. אַ דיכטער אַ נאָוואַטאָר. אַכטיאַם איכסאָן. דאָוויד באַבײַ. נומ. 3, ז. 134.

יאַנקעוו לוואָווסקי. אין טאָגטעגלעכן לעבן (צו דעם ניסטערס 80־טן געבורטסטאָג). נומ. 6, ז. 139.

יעשוע ליובאָמירסקי. בינאָמין זוסקין און די ייִדישע סאָוועטישע דראַמאַטורגיע. נומ. 2, ז. 146.

נאָטע לוריע. צוזאַמען מיט גאָרקין (זיכרוינעס פון אַ דעלעגאַט פונעם ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער). נומ. 5, ז. 157.

עסטער מאַרקיש־לאַזעבניקאָוואַ. אַ באַגעגעניש מיט מאַרקישעס קינדהײַט. נומ. 3, ז. 149.

מוישע נאָטאָוויטש. ייִצכאָק־יויעל לינעצקי — מענדעלעס מיטקעמפער. נומ. 5, ז. 152; פון סאַמע האַרצן... (צו מ. טייפס 60־טן געבורטסטאָג). נומ. 6, ז. 144.

יעווגעני סורקאָוו. דער טעאַטער־קריטיקער יעשוע ליובאָמירסקי. פון רוסיש — מ. איטקאָוויטש. נומ. 3, ז. 143.

ייִסראָעל סערעבריאַני. מיט פרילינג אין די אויגן (צו ראָכל בוימוואָלס 50־טן געבורטסטאָג). נומ. 3, ז. 146.

סטעפאַן פּאָדאַיניצין. שמועל פּערסאָוו (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג). נומ. 6, ז. 151.

זאַלמען קאָהאַן. אַ שמועס מיט נאָטאַן אַלטמאַנען (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג). נומ. 6, ז. 149.

יאַנקעוו שטערנבערג. דער גרויסער פּראָזע־מײַסטער (צו דאָוויד בערגעלסאָנס 80־טן געבורטסטאָג). נומ. 4, ז. 3.

## ליטעראַטור און קונסט

דאָוויד בעלקין. לערמאָנטאָוו און זײַן דראַמע „די שפּאַניער״. נומ. 5, ז. 149.

אויזער האָלדעס. שאָלעם־אַלייכעמס אַ בינטל בריוו. נומ. 2, ז. 133.

אַרן וווערגעליס. צו דער פראַגע וועגן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור. נומ. 1, ז. 131.

כאַיִם לויצקער. וואָרט, ריטם, גראַם. נומ. 4, ז. 151.

כאַצקל נאַדעל. די לענין־טעמע אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע. נומ. 2, ז. 127.

ייִסראָעל סערעבריאַני. צו דער פּראָבלעם פון זשאַנער (פון דאָוויד בערגעלסאָנס שעפערישער לאַבאָראַטאָריע). נומ. 4, ז. 145.

ל. פּאָדריאַדטשיק. אַרום דעם ראָמאַן „פון פינפטן יאָר״. נומ. 1, ז. 74.

אַרן ראַסקין. שעקספּירס הומאַניזם. נומ. 2, ז. 130.

הערש רעמעניק. אין דער וועלט פון גרעזאַנגען (וועגן שלוימע רויטמאַן). נומ. 2, ז. 140.

יאַנקעוו שטערנבערג. הונדערט יאָר „דאָס קליינע מענטשעלע״ — הונדערט יאָר מענדעלע. נומ. 6, ז. 137.

## ביבליאָגראַפיע

הירש בלאָשטיין. דער וועג צו זיך (וועגן שאָלעם שטערנס פּאָעמע „אין קאַנאַדע״). נומ. 1, ז. 151.

מענדל גאָרשמאַן. אַ מערקווירדיק בוך (וועגן כיל אַראָנסאָנס בוך „בילדער און געשטאַלטן פון מאָנפּאַרנאַס״). נומ. 4, ז. 156.

איסײַ גורעוויטש. אַן אוצער פון קולטור (צום 150־טן יאָרטאָג פון דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק אָפּן נאָמען פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין). נומ. 1, ז. 154.

אַבע פינקעלשטיין. ווערק פון ייִדישע שרײַבער אין די יאָרן 1962—1963. נומ. 3, ז. 152; ביכער פון דאָוויד בערגעלסאָן. נומ. 4, ז. 148.

לאָמיר זינגען נײַע לידער. דער בוים. מוזיק פון לייב יאַמפּאָלסקי, ווערטער פון שיקע דריז. נומ. 2, ז. 160. פאַלט אַ שטערן. מוזיק פון שאול בלעכעראָוויטש, ווערטער פון יאָסל בוכבינדער. נומ. 4.

כראָניק, מיטיילונגען, רעפּליקעס. נומ. 1, ז. 156; נומ. 2, ז. 96, 126, 153, 155; נומ. 3, ז. 145, 158; נומ. 4, ז. 28, 67, 157; נומ. 5, ז. 117, 151, 160; נומ. 6, ז. 130, 143, 156.



10—3728

ברי וו און ענטפערס. נומ. 1, ז. 159; נומ. 3, ז. 155; נומ. 5, ז. 159; נומ. 6, ז. 153.

נאָטיצן אפֿן קאַלענדאַר. נומ. 1, ז. 160; נומ. 2, ז. 159; נומ. 3, ז. 160; נומ. 4, ז. 159; נומ. 5, דריטע זײַט פֿון הילע; נומ. 6, ז. 157.

## קינסטלערישע בײַלאַגעס

רעפּראָדוקציעס פֿון בילדער פֿון איסאַק לעוויטאַן און פּ. פּיקאַסאָ. נומ. 1.

צום 400־טן געבורטסטאָג פֿון וויליאַם שעקספּיר. בילדער פֿון די קינסטלער: ד. שמאַרינאָוו — ראָמעאָ און דזשוליעטאַ, א. טישלער — מיכאָעלס אין דער ראָל פֿון קיניג ליר. נומ. 2.

פּאָרטרעטן פֿונעם קינסטלער ס. גרוזבערג: שאָלעם־עליכעם און הערשעלע אָסטראָפּאָליער. פּאַסאָ פֿון ג. סאַמסאָנאָוו — מאָסקווע, רויטער פּלאַץ (אין דער אונטערשריפֿט א ליד פֿון מאָטל גרוזמאַן: „כ׳האָב ליב מײַן לאַנד...”). סקולפּטור פֿון י. משײַקאָוו „אין קאָסמאָס”. נומ. 3.

בילדער פֿון אַלעקסאַנדער דײַנעקאַ, מאַרק שאַגאַל, אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, מאָאיִס קיסלינג. נומ. 4.

רעפּראָדוקציעס פֿון די סקולפּטורן פֿון ו. מוכינאַ: „מאַקסים גאָרקי”; „מיר פֿאָדערן שאָלעם”. בילדער פֿון קינסטלער ה. אינגער. נומ. 5.

רעפּראָדוקציעס פֿון די בילדער פֿון ס. לוקין, א. אַבדורײַעוו, ב. אַגאַפּאָוו און ש. יודאָווין. אילוסטראַציעס פֿון ש. יודאָווין צו מענדעלע מוכר־ספֿרימס „מאַסאָעס בנימין השלישי”. נומ. 6.

---


СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Двухмесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания четвертый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.





Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.



Художественный и технический редактор И. Шустер.
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 26/X 1964 г. Формат 70×108[1]/[16]. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 3728

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.
70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

## СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 6

1 9 6 4